# אינהאַלט:

# גלייך און אומגלייך

## קאַניבאַליזם

וועגעטאַרישע רעסטאָראַנען אין אייראָפּע פלעגן אַמאָל נוצן אַן אויפשריפט אויף זייערע טירן: „איך עס ניט קיינעם". דאָס איז נאַטירלעך געווען באַרימעריי, וואָס פאַר אַ שפּייז מיר זאָלן ניט געניסן, עסן מיר שטענדיק עמיצן, ניט עפּעס. די פלאַנץ איז אויך אַן עמיצער, נאָר פון אַ נידעריקערער מדרגה (אָדער פון אַ מדרגה וואָס מיר באַטראַכטן פאַר נידעריקער), אָבער זי איז ניט קיין זאַך. אַן אָרגאַנישע שטאָפן — אָרגאַניזמען — איז ניט פאַראַן קיין נאַרונג. אין דער דאָזיקער אייביקער פאַראורטיילונג טרייסטן מיר זיך בלויז דערמיט (ווען און אויף וויפל מיר זוכן אַ טרייסט בכלל), וואָס מיר עסן ניט אונזער גלייכן. פלאַנצן, בהמות זיינען אונזער „אומגלייכן", באַשעפענישן, אַזוי צו זאָגן, פון אַן אַנדער, „נידעריקערן", קעניגרייך.

אין תנ"ך, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז ניט פאַראַן קיין פאַרבאָט קעגן עסן מענטשן־פלייש. אין אַ ספר, וואָס איינע פון זיינע ערשטע באַהויפּטונגען איז דער „צלם אלהים", אין וועלכן דער מענטש, יעדער מענטש ביזן סוף פון אַלע דורות, איז באַשאַפן געוואָרן, איז אַזאַ איסור אינגאַנצן איבעריק. אויב איין מענטש איז אַ צוועק־פאַר־זיך, איז אויך דער אַנדערער, יעדער אַנדערער, אַ צוועק־פאַר־זיך, און צוועק עסט ניט צוועק: ער עסט בלויז מיטל. סוביעקט עסט ניט סוביעקט, ער עסט בלויז „אָביעקטן". קאַניבאַליזם איז דערפאַר דער עקסטרעמסטער אויסדרוק פון אַ מין „אָביעקטיוואַציע", פון פאַרוואַנדלען סוביעקטן אין אָביעקטן, פון דעגראַדירן פערזאָנען צום צושטאַנד פון זאַכן. קאַניבאַליזם שטיצט זיך אויף אַן אילוזיע, אויף דער פיקציע, אַז מענטש צו מענטש, שבט צו שבט, איז אין שורש ניט גלייך — ניט ענלעך.

כדי דער קאַניבאַל זאָל קענען באַגיין זיין טאַט מוז ער פריער אָפּווישן פונם קרבנ׳ס פּנים דעם „צלם אלהים" — דעם אויסדרוק פון גלייכקייט אָדער גלייכווערטיקייט. מענטש פאַר מענטש איז אין גרונט אַ פאַרצויבערטע וועלט־אין־זיך. קאַניבאַליזם איז דערפאַר מעגלעך נאָר אַדאַנק דער פייאיקייט דאָס צויבערהאַפטע צו אַנטצויבערן און דאָס אין־זיך־ווערטפולע צו אַנטווערטן. דענסמאָל קומט דער פּאַראַדאָקס: דער עקסטרעמסטער אויסדרוק פון ציניזם, וואָס ווערט באַגלייט פון אַ שאַרפן פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישן . . . עקסטאַז.

## „לאַנגער חזיר"

גרופּן אָדער שבטים וואָס האָבן פּראַקטיצירט קאַניבאַליזם האָבן זיך דערמיט ניט געשעמט. דאָס איז געווען אַן אַנגענומענער טייל פון זייער „מאָראַליטעט", פון אַ מין קאָלעקטיווער גרייטקייט אויף אַנטצויבערונג־פּראָצעסן לגבי יענע מענטשלעכע ברואים וואָס מ'האָט זיי פאַרצערט. דער קאַניבאַל איז, אין די אויגן פון זיינע מיט־קאַניבאַלן ווי אין זיינע אייגענע אויגן, געווען ניט קיין פאַרברעכער, נאָר אַ יעגער, אַ קעמפער, אַ סאָלדאַט. כאַראַקטעריסטיש אין דעם צוזאַמענהאַנג איז די עטימאָלאָגיע פון „קאַניבאַל". דאָס גריכישע „אַנטראָפּאָפאַג" איז ניט מער ווי די באַצייכענונג פון אַ באַשטימטער דערשיינונג, אַן וועלכער ניט איז ווערט־באַטאָנונג: אַן עסער פון מענטשן־פלייש. „קאַניבאַל", וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרנומען אין די אייראָפּיאישע שפּראַכן דעם פּלאַץ פון „אַנטראָפּאָפאַג", איז דאָס זעלבע וואָס „קאַריבאַל", אַ וואָרט וואָס די ערשטע שפּאַנישע קאָלאָניסטן האָבן איבערגענומען פון ווילדע אַמעריקאַנער שבטים אין די באַהאַמאַ־אינזלען. „קאַריב" איז אויף דעם אינדיאַנישן דיאַלעקט פון די באַהאַמאַס — אַ גיבור, קאַריבאַליזם (אָדער קאַניבאַליזם), איז, הייסט עס, אַן אַקט פון העלדנטום. באַהאַמאַ־אינוואוינער פלעגן זיך גרופּנווייז אַוועקלאָזן אויף דער יאַגד נאָך שפּייז, נאָך דעם סאַמע באַ'טעמ'טן מין שפּייז, וואָס איז זיי געווען באַקאַנט: מענטשן־פלייש. פאַר אַזעלכע עקספּעדיציעס האָט מען, לויט זייערע פאַרשטעלונגען, געדאַרפט פאַרמאָגן ניט סתם אכזריות, ניט הפקרות, ניט קיין ציניש באַציאונג צו דער אומוועלט, נאָר קראַפט, גבורה. אַן דעם געפיל אָדער דער איינרעדעניש אַז מ'עסט דעם אומגלייכן (מענטשן פון אַן אַנדערן און פרעמדן שבט), וואָלט פאַר אַזאַ קאָלעקטיווער מאָראַליטעט, פאַר אַ פונקציע וואָס איז סאַנקציאָנירט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט (און אויך פון די געטער) קיין פּלאַץ ניט געווען.

אגב, די פּיקציע פון אומגלייכקייט אין דער קאַניבאַלישער וועלט האָט ביי די שבטים פון די פידזשי־אינזלען (אין פּאַסיפישן אָקעאַן) געפונען אַ פּיקאַנטן אויסדרוק. מענטשנפלייש האָט ביי זיי נאָך אין ניינצנטן יאָרהונדערט — איידער וועסליאַנער מיסיאָנערן האָבן זיי באַקערט צום קריסטנטום און זיי אָפּגעוואוינט פון קאַניבאַליזם — געהייסן „לאַנגער חזיר". דער קרבן אָדער דער יאַגד־פּראָדוקט איז, הייסט עס, בלויז אַ באַשעפעניש וואָס איז ענלעך צו אַ מענטשן, אָבער אין גרונט איז עס גאָר אַ באַזונדער מין חזיר, וואָס „מ'מעג" אים עסן.

## מאָרד פונם געבענטשטן

קין שטעלט מיט זיך פאַר אַ סך אַ העכערן טיפּ „ציוויליזאַציע". אין זיינע אייגענע טערמינען איז קין אַ קעמפּער פאַר גלייכקייט — ריכ־טיקער, אַ באַקעמפער פון אומגלייכקייט. הבל האָט נושא־חן געווען ביי גאָט און אויף קין'ס „מנחה" האָט זיך גאָט ניט אומגעקוקט. זיי זיינען צוויי ברידער — פאַרוואָס־זשע מאַכט גאָט אַן אונטערשייד צווישן איינעם און דעם אַנדערן? פאַרוואָס באַהאַנדלט ער זיי ניט ווי גלייכע?

די ערשטע אייפערזוכט. די ערשטע קריוודע פון דעם וואָס פאַרמאָגט ניט קיין גנאָד קעגן דעם וואָס פאַרמאָגט זי יאָ. אין גרונט, איז עס די באַדער־פעניש צו זיין געליבט: אויב הבל וועט אויף דער וועלט ניט זיין, וועט קין אפשר זיין ביי גאָט דער איינציקער אָביעקט פון אומגעטיילטער ליבע. עס איז דער ערשטער דועל, אויף אַן „עראָטיש"־רעליגיעזן שטח. אמת, ס'איז אַ דועל אין וועלכן דער צווייטער צד נעמט ניט קיין אָנטייל און דאָך איז דאָ דער הויפּט־עלעמענט פון אַ דועל־מאָרד זייער קלאָר: אָדער איך, אָדער דו — פאַר ביידע איז אויף דער וועלט קיין פּלאַץ ניט פאַראַן. ניט אומזיסט האָט דער שפּעטערדיקער בעל־אגדה אַריינגעפירט אין דער קין־הבל־דראַמע אַ פרוי. מיט יעדן פון די צוויי ברידער איז געבאָרן געוואָרן אַ שוועסטער, הבל'ס שוועסטער איז געווען די שענערע און קין האָט געוואָלט זי האָבן פאַר זיך (פּרקי דרבי אליעזר). דער זעלביקער מאָטיוו: די באַדערפעניש צו זיין געליבט...

סיי דער קאַניבאַל און סיי קין מאָרדן דעם אומגלייכן. דער קאַניבאַל הרג'עט אָבער דעם „נידעריקערן" פון זיך, בשעת קין באַזייטיקט פון דער וועלט דעם העכערן, דעם מער געבענטשטן. פון אַטען און פון אַנדערע גריכישע שטאָטן פלעגט מען אַמאָל פאַרטרייבן אין גלות ניט דעם פאַרברעכער און ניט דעם בירגער פון אַ נידעריקערער מענטאַליטעט, נאָר, פונקט פאַרקערט, דעם באַגאַבטן, דעם וואָס האָט באַזונדערס נושא־חן געווען ביים פאָלק און האָט דערפאַר געקראָגן צופיל השפּעה. „אָסטראַקיזם" איז דאָרט געווען דער עונש פאַר פירער (און וואָס איז אַ פירער, אויב ניט דער טרעגער פון אמת'ער אָדער סימולירטער „גראַציע"?), פאַר די אומגלייכע אין זינען פון העכער־זיין, ניט פון נידעריקער־זיין. קינ'ס „שטאַט" איז געווען די גאַנצע וועלט. פאַר־טרייבן הבל'ען איז ניט געווען וואוהין. אָסטראַקיזם פון דעם אומגלייכן איז אין דעם „פאַל" — מאָרד.

## „גלייכהייט" און „השארות הנפש"

אין דער תורה איז מענטשנפרעסעריי אַ טייל פון דער תוכחה, אַ שטראָף פאַר ניט גיין אין גאָט'ס וועגן. „ואכלת פרי בטנך, בשר בניך ובנותיך, אשר

נתן לך ה׳ אלהיך (דברים, כ״ח 53) — און דו וועסט עסן די פרוכט פון דיין לייב, דאָס פליש פון דיינע זין און טעכטער, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן. די תוכחה דראָט מיט אַזעלכע אומגליקן, וואָס וועלן פאַרטונקלען אָדער אָפּ־טעמפּן דאָס באַוואוסטזיין פון גוטס און שלעכטס און מאַכן מעגלעך צו באַגיין דאָס סאַמע העסלעכסטע וואָס מ׳קען זיך נאָר פאָרשטעלן: אויפפרעסן ניט נאָר דעם גליכן, נאָר דעם גאָר־גאָר אייגענעם און באַליבטן.

ציוויליזירטע פעלקער זיינען ניט איינמאָל שוין געטראָפן געוואָרן פון אַזאַ עונש. קיין אַבסאָלוטע אימוניטעט קעגן דעם רעצידיוו פון מענטשנפרע־סעריי פאַרמאָגט מן־הסתם ניט קיין שום פאָלק. אין פעריאָדן פון שווערן מאַסן־הונגער האָט מען געגעסן מענטשפליש (און אָפטמאָל פליש פון „גליכע״, פון מיטגלידער פונם אייגענעם שבט אָדער פאָלק) אין מצרים און אין פערסיע, אין דער קלאַסישער גריכנלאַנד און אין רוים, אין אינדיע און אין כינע — אין לענדער מיט גאַנץ הויכע ציוויליזאַציע. וועגן דער צייט פונם צווייטן חורבן, דערציילט די אגדה פון דואג בן יוסף, וואָס זיין מוטער פלעגט אים יעדן טאָג מעסטן און וועגן און שיקן גאָלד פאַרן בית־המקדש, יעדעס מאָל לויט זיין נייער וואָג. און, סוף־כל־סוף ווען די שטאָט איז באַלאַגערט געוואָרן און שפּייז איז אַ לאַנגע צייט ניט געווען בנמצא, האָט זי אים געשאָכטן און אויפגעפרעסן. דאָס איז ניט די איינציקע שפּור פון נויט־קאַניבאַליזם אין אידישן פאָלקלאָר פון יענע צייטן. פראַנצויזישע כראָניקעס דערציילן וועגן אַ פראַנצויז וואָס האָט אין די הונגער־יאָרן 1330—1332 דערמאָרדעט און אויפגעגעסן 48 מענטשן. אין די זעלביקע יאָרן פלעגט מען אין בורגונדיע פאַרקויפן אויפן מאַרק מענטשנפליש בפרהסיא. ענלעכע כראָניקעס ציטירט דער היסטאָריקער ציטאָוויטש וועגן קאַניבאַליזם אין רוסלאַנד, פריער אין 13טן און נאָכדעם אין 17טן יאָרהונדערט. פּיטירים סאָראָקין פאַרזיכערט אונז אויפן גרונט פון דאָקומענטן, אַז צווישן 1918 און 1922 זיינען אין רוס־לאַנד פאָרגעקומען ניט ווייניק פאַלן פון קאַניבאַליזם. מענטשן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון געזונקענע שיפן (ווי „מעדוזאַ״ אָדער „מיניאָנעט״) האָבן נאָכדעם דערציילט, ווי אייניקע פון זיי האָבן געשטילט זייער הונגער מיט מענטשנפליש. אין דער לעצטער וועלט־מלחמה האָבן פון שיף־אונטערגאַנג אַנטרונענע און איזאָלירטע יאַפּאַנער מער ווי איינמאָל געשאָכטן קריגס־געפאַנ־גענע פאַר דער קיך. מען דאַרף אָננעמען, אַז אויך פּרימיטיווע און ווילדע ראַסן האָבן פּראַקטיצירט קאַניבאַליזם דערעיקרשט מחמת נויט, פּערמאַנענטן הונגער אָדער שטענדיקער גרייטקייט צו עסן — אין אַ וועלט וואָס פאַרמאָגט צו ווייניק שפּייז. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז ווי נאָר אַ גרופּע מענטשן, וואָס זיינען אַ לענגערע צייט געווען קאַניבאַלן, האָבן געקראָגן די מעגלעכקייט צו זעטיקן דעם אַפּעטיט מיט אַנדערע שפּייז, האָבן זיי זיך באַלד אָפּגעזאָגט פון מענטשן־

פלייש. ליווינגסטאָן, למשל, האָט געפונען קאַניבאַלן אין אַפריקאַנער געגנטן, וואָס פאַרמאָגן אַ שפע פון בהמות און חיות און כל׳ערליי תבואה. אייניקע עטנאָ־גראַפן האָבן געוואָלט גלויבן, אַז געוויסע שבטים עסן מענטשנפלייש, כאָטש בדרך כלל נויטיקן זיי זיך ניט אין שפייז, בלויז ווייל זייערע אָרגאַניזמען זיינען אויסגעהונגערט נאָך מינעראַלן, ספּעציעל נאָך זאַלץ. אָבער די ווילדע שבטים פון די „סאָאוט סיז״ האָבן געגנוג זאַלץ פאַר זייער דיעטע און דאָך האָבן זיי ביז גאָרניט לאַנג צוריק פּראַקטיצירט קאַניבאַליזם. אין ניי גווינעאַ, וואו די באַפעלקערונג וויסט ניט פון קיין הונגער, איז קאַניבאַליזם פונדעסטוועגן אַן אָפטע דערשיינונג, ווייל „דער ריח און דער טעם פון מענטשנפלייש איז אַ סך אָנגענעמער פון חזיר־פלייש״ (די לוסט נאָך „דעליקאַטעסן״). גענוג שפּייז־פּראָדוקטן איז אַ גאַראַנטיע קעגן קאַניבאַליזם אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן אייגענעם שבט. דער אומגלייכער (פונם פרעמדן אָדער פיינטלעכן שבט) איז „מותר בהנאה״ אַפילו ווען מען ליידט ניט פון הונגער, ווייל דער „אומגלייכער״ איז — אַנטצויבערט און אין משך פון טויזנטער יאָרן האָט מען זיך צוגעוואוינט אים צו באַטראַכטן אין דער קאַטעגאָריע פון נידעריקערע ברואים. געוויסע שבטים, ווי עדווין לעב האָט רעגיסטרירט, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון קאַניבאַליזם אויס מורא: זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אויסמאָלן, אַז היות די גייסטער פון די אויפגעפרעסענע מענטשן בלייבן לעבן אויף יענער וועלט (אָט ווי זייערע אייגענע גייסטער וועלן ניט פאַרניכטעט ווערן דורך פיזישן טויט), וועלן זיי זוכן זיך נוקם צו זיין אין זיי. דער גלויבן אין „השארות הנפש״, אין דער אומשטערבלעכקייט פונם דערמאָרדעטן, האָט דעם „אומגלייכן״ אומגעקערט דעם סטאַטוס פון אַ „גלייכן״, אים צוריקגעגעבן זיין צויבער, זיין ווערט אַלס „צוועק־פאַר־זיך״.

### מענטשן־פלייש און געטער־פלייש

כמעט אין אַלע פאַלן פון נויט־קאַניבאַליזם אין דער מערב־וועלט, אין מיטלאַלטער און אין שפּעטערע צייטן, האָבן „ציוויליזירטע״ מענטשן געגעסן זייער „גלייכן״, ניט זייער „אומגלייכן״. אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד, אין אירלאַנד און אין רוסלאַנד האָבן, אין די קאַטאַסטראָפישע הונגער־יאָרן, יחידים און גרופּן געמאָרדעט און אויפגעפרעסן קרבנות פון זייער אייגענעם פאָלק. עסן „אייגן פלייש און בלוט״ איז אין דער געשיכטע פון דער מענטש־הייט ניט קיין נייס. אָבער דער אונטערשייד צווישן קאַניבאַליזם אויף אייגענע, ביי ציוויליזירטע פעלקער — אין צייטן ווען יחידים אָדער קליינע גרופּן קאָנען ניט ביישטיין דעם נסיון, און ראַטעווען זיך פון הונגער־טויט דורך מענטשנפרעסעריי — פון איין זייט, און פרימיטיווע שבטים וואָס פּראַקטיצירן

אין געוויסע אומשטענדן קאַניבאַליזם אין קרייז פון דער אייגענער בלוט־געזעלשאַפט און אַפילו פון דער אייגענער פאַמיליע, פון דער אַנדערער זייט, איז אַ גאַנץ בולט׳ער. ביי די ציוויליזירטע פעלקער ווערט עס געטאָן באיסור, אַלס אַן אימה׳דיקער פאַרברעכן קעגן געזעץ און געוויסן, בשעת ביי די ווילדע שבטים ווערט עס פּראַקטיצירט בהיתר, אַלס אַ טייל פון זייער מאָראַליטעט און פון זייער רעכט־באַוואוסטזיין, און אַ סך מאָל לויט באַשטימטע טראַדיציאָנעל סאַנקציאָנירטע רעגולאַציעס. ניט אַלע פּרימיטיווע גרופּן זיינען אין דעם פּרט ענלעך איינע צו דער אַנדערער, אָבער ביי אייניקע פון זיי איז, אין געוויסע סביבות און אונטער באַשטימטע באַדינגונגען, אַן עלעמענט פון דעם וואָס איך רוף אָן „אַנטצויבערונג" חל אויך אויף אייגענע, אויף „גלייכע". די אַנטצויבערונג פון די „גלייכע" דערגרייכט אָבער קיינמאָל ניט יענע שטופּע פון ציניזם אָדער פון אַבסאָלוטער פאַראַכטונג און אַנטווערטונג, מיט וועלכער עס ווערט באַגלייט די פּראַקטיק פון קאַניבאַליזם אַנגעווענדט אויף פרעמדע און „אומגלייכע".

ערשטנס, דאָס מאָרדן פון אייגענע האָט ניט שטענדיק דעם ציל אויפ־צופרעסן דעם דערמאָרדעטן. קראַפּאָטקין דערציילט אונז וועגן שבטים וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַן אויסערגעוויינלעך צאַרטער באַציאונג צו זייערע קינדער (לויט זיין באַשרייבונג און לויט דער שילדערונג פון באַקאַנטע פאָר־שער, אויף וועלכע ער איז זיך סומך, קומט אויס, אַז קינדער ווערן ביי זיי באַהאַנדלט אַ סך מילדער און סענטימענטאַלער, ווי אין געוויסע סאָציאַל־נידעריקע שיכטן ביי מאָדערנע אייראָפּייאישע פעלקער), און פונדעסטוועגן איז סיסטעמאַטישער קינדער־מאָרד אַ טייל פון זייער ניט־געשריבענער „לע־גיסלאַציע". „געבורט־קאָנטראָל" — ניט מיט די זעלביקע מיטלען, נאַטירלעך, מיט וועלכע עס באַנוצט זיך די היינטיקע וועלט — איז ביי ניט ווייניק ווילדע שבטים אַ טייל פון זייער שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ: די עקאָ־נאָמישע באַדינגונגען דערלויבן ניט דעם לוקסוס פון האָבן און אויסכאָווען אַזויפיל קינדער, וויפל עס קאָנען ביי זיי נאַרמאַל געבאָרן ווערן. אָבער אויך די צאָל קינדער וואָס ווערן געבאָרן, טראָץ זייער סיסטעם פון געבורט־קאָנט־ראָל, איז אָפּטמאָל צו גרויס, און מ׳מוז אַ טייל פון זיי באַזייטיקן דורך מאָרד, כדי די לעבנגעבליבענע זאָלן האָבן וואָס צו עסן. דאָס זעלבע טוען זיי מיט אַלטע לייט, וואָס קאָנען שוין גאָרנישט ניט ביישטייערן צו דער עקאָנאָמיע פונם שבט אָדער פון דער פאַמיליע. ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען, אָבער גראָד דורך דעם (סאַנקציאָנירטן) מאָרד פון זקנים דריקן יענע שבטים אויס זייער באַגריף פון גלייכקייט און גלייכע רעכט. יעדער אינגערער פונם שבט אָדער פון דער פאַמיליע האָט דאָס נאַטירלעכע רעכט צו לעבן, לכל הפּחות, אַזויפיל יאָרן וויפל עס האָט שוין אויסגעלעבט דער זקן; און אויב ער, דער

„אומזיסט־עסער", וועלכער ווערט אויך אין אַנדערע פּרטים אַ פּיזישער באַלאַסט פאַר דער געזעלשאַפט, וועט ניט באַזייטיקט ווערן, וועט ניט זיין גענוג שפּייז פאַר די אינגערע און פאַר זייער קוואַטע פון אריכות־ימים. קראַפּאַטקין ציטירט אַ פראַזע, וואָס מ'האָט אַמאָל געקאָנט אָפּט הערן פון זקנים צווישן רוסישע מוזשיקעס פון זיין צייט: „טזשווזשאַי וויעק זאַיעדאַיו, פּאָראַ נאַ פּאָקאָי" (איך עס אויף יענעמס יאָרן, ס'איז צייט צו שטאַרבן). דאָס דאַזיקע „עטישע" באַוואוסטזיין איז אַ סך שאַרפער ביי פּרימיטיווע פעלקער, ביי וועלכע דער זקן באַטראַכט קיינמאָל ניט פאַר קיין עבירה דעם פריצייטיקן טויט, צו וועלכן די געזעלשאַפט פאַרמשפּט אים, כדי צו פאַרמיידן אַ נאָך מער פריצייטיקן טויט פון אַ אינגערן. זיין טויט — אַפילו ווען ער געשעט דורך מאָרד פון די אייגענע — באַטראַכט ער אַלס אַ סאָציאַלע פליכט, און, אין געוויסע געזעלשאַפטן פאַר אַ געבאָט פון גאָט. דער פּרינציפּ פון גלייכקייט, פון קאָמוניסטישער גלייכווערטיקייט, וואָס באַהערשט געוויסע פּרימיטיווע שבט־קולטורן, ווערט דערמיט ניט אָנגערירט.

צווייטנס, אויך אין יענע פאַלן ווען דער מאָרד פון אַן אייגענעם ענדיקט זיך מיט פאַרצערן זיין קערפּער, באַטראַכט עס ניט דער פּרימיטיווער מענטש פאַר אַ פאַרשוועכונג פונם בר־מינן. אויב מ'זאָל אַפילו אָננעמען דעם טעזיס פון די מייסטע אַנטראָפּאָלאָגן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ „בל תשחית"־פּרינציפּ — דער בר־מינן איז איצטער פלייש, שפּייז, און אנשטאָט צו לאָזן די שפּייז פאַרפוילט ווערן אָדער מיט דער צייט פאַרניכטעט ווערן, איז גלייכער אַז הונגעריקע זאָלן דערפון האָבן הנאה — אויב מ'זאָל אַפילו מסכים זיין אַז דער אור־מאָטיוו פאַר אַזאַ פּראַקטיק איז געווען אַ ריין אוטיליטאַרער, האָט מיט דער צייט דער פּרימיטיווער מענטש די זאַך „סובלימירט", זי דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה, און און ניט ווייניקע פאַלן, האָט ער פאַרוואַנדלט זיין קאַניבאַלישע סעודה אין אַ רעליגיעזער, אָדער סאַקראַמענטאַלער, אָדער מאַגישער צערעמאָניע. עסן דאָס פלייש ספּעציעל פון זקנים (פון „אבות") און ביי אַ סך שבטים אַן אַקט פון יראת־הכבוד, פון זיך־מתדבק זיין מיט זייער וועזן און גייסט, און ווי עס קלינגט אַרויס פון געוויסע דיאַלעקטן — אַ מין „כיבוד אב". אין די דאָזיקע פאַלן ווערט פאַרצערט דאָס פלייש פון אַ ניט־גלייכן, פון איינעם וואָס איז אַמאָל געווען אַ גלייכער. און איז איצט געוואָרן אומגלייך: ניט אין דער ריכטונג פון נידעריקער־ווערן, נאָר אין דער ריכטונג פון העכער־ווערן — הייליקער.

די דאָזיקע טענדענץ צו מאַגישן קאַניבאַליזם איז ענג פאַרבונדן מיט טעאָפאַגיע — מיט עסן גאָט'ס קערפּער, וואָס פאַרנעמט אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ אין אַזויפיל געצנדינערישע קולטן פונם וויטן מזרח אין אַזיע ביז די אַצטעקישע געגנטן אין אַמעריקע. טעאָפאַגיע האָט שוין גאַרנישט צו טאָן מיט

שטילן הונגער. זי איז שוין כאַראַקטעריסטיש אויף פאַר העכערע קולטורן מיט אַ רעלאַטיוו צופרידנשטעלנדיקן לעבנס־סטאַנדאַרט און מיט אַ רייכן און קינסטלעריש־קאָלירפולן רעליגיעזן צערעמאָניאַל. עס איז גענוג אין דעם פּרט איבערצולייענען בלויז עטלעכע שורות פונם באַריכט, וואָס דער היס־טאָריקער־יעזואיט אַקאָסטאַ האָט אָפּגעגעבן וועגן דער אַצטעקישער רעליגיע, וואָס די שפּאַניער האָבן געפונען אין דער דעראָבערטער מעקסיקאָ.

„זיי האָבן גענומען אַ יונגן מאַן פון אַ פיינעם אויסזען, האָבן אים געגעבן דעם נאָמען פונם גאָט, צו וועמען מ'האָט באַשלאָסן אים מקריב צו זיין, און האָבן אים באַדעקט מיט די זעלביקע אָרנאַמענטן, מיט וועלכע דער גאָט איז געווען דעקאָרירט, דערקלערנדיק דערביי, אַז ער פאַרטרעט יענעם גאָט. אין משך פון דער צייט, וואָס דער יונגערמאַן האָט דעם באַשטימטן גאָט רעפּ־רעזענטירט — אַמאָל אַ יאָר, אַמאָל זעקס חדשים און אַמאָל וויניקער — האָבן זיי אים אַרויסגעוויזן יראת־הכבוד און האָבן פאַר אים אָפּגעריכט די זעלביקע „עבודה" וואָס זיי פלעגן בדרך־כלל אָפּריכטן פאַר דעם „אמת'ן" גאָט. אין דער צווישנצייט האָט ער געגעסן און געטרונקען און זיך משמח געווען. ווען ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן, זיינען מענטשן אַרויסגעגאַנגען פון זייערע וואוינונגען אים אַרויסצואווייזן פאַרערונג. יעדער האָט אים אַרויס־געטראָגן אַ מתנה. מען האָט צו אים געבראַכט קינדער און קראַנקע, אַז ער זאָל זיי בענטשן און אויסהיילן. ער האָט געמעגט טאָן אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט, און ער איז בלויז באַגלייט געוואָרן פון צען אָדער צוועלף מענער, וואָס זאָלן אויף אים השגחה געבן, ער זאָל ניט אַנטלויפן. פון צייט צו צייט פלעגט ער שפּילן אויף אַ קליינער פלייט: דאָס איז געווען אַ מין אָנזאָג, אַז מ'דאַרף זיין גרייט צום גאָטעסדינסט, צו דינען אים. ווען דער טאָג פון דער סאַקראַמענטאַלער סעודה איז אָנגעקומען און דער מענטש־גאָט איז פעט געוואָרן, האָט מען אים געשאָכטן און בציבור אויפגעגעסן, ווי אַ פייער־לעכן קרבן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין די מייסטע פאַלן איז, ביי די אַצטעקן, דער וואָס האָט געדאַרפט פערזאָניפיצירן אַ גאָט און נאָכדעם פאַרצערט ווערן, געווען אַ מלחמה־געפאַנגענער (און דאָס הייסט, אַ שקלאַף). פאַרוואָס דווקא אַ שקלאַף? עס לייגט זיך לייכט אויפן שכל, אַז פאַר די מעקסיקאַנער געצנ־דינער איז פּסיכאָלאָגיש געווען לייכטער מקריב צו זיין אַ פרעמדן (אַן אומ־גלייכן) איידער אַן אייגענעם (אַ גלייכן). פון דער אַנדערער זייט, האָט מען אָבער דעם אומגלייכן אין משך פון זיין גאָט־קאַריערע אַרויסגעוויזן אַזויפיל כבוד און פאַרערונג — פאַרגעטערונג! — צו וועלכער קיין שום אַנדער מעקסיקאַנער האָט ניט זוכה געווען. די אומגלייכקייט פון נידעריקער זיין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אומגלייכקייט פון העכער־זיין: אויף דער פייער־

לעכער סעודה האָט מען געגעסן געטער־פלייש ניט קיין שקלאַפן־פלייש. מען האָט דעם פאַרלאַנג צו גלויבן, אַז דער אַצטעק, ווייזט דאָ אַרויס יענעם דואַליזם (אָדער יענע „טאָפּעלע בוכהאַלטעריע״, אָדער יענע גרייטקייט אַנצונעמען צוויי אַנטקעגנגעזעצטע אמת׳ן און זיי זוכן צו פאַרשמעלצן), פון וועלכן עס זיינען שוין ניט איינמאָל אַרויסגעקומען נייע און זייער פרוכטבאַרע אידייען און לעבנס־אויפפאַסונגען. דורך מאַכן אַ שקלאַף פאַר אַ קרבן האָט די אַצטעקישע רעליגיע באַשטעטיקט זיין נידעריקן סטאַטוס, אָבער אין דער זעלביקער צייט דורך פאַרוואַנדלען אַ שקלאַף אין אַ גאָט האָט זי אים פון זיין סטאַטוס באַפרייט, מעטאַפיזיש עמאַנסיפּירט: יעדער מענטש קאָן ווערן גאָט, אויך אַ שקלאַף. אין לעצטן חשבון, איז אַלץ גלייך און אַלע זיינען גלייך...

(אַן אָפּקלאַנג פון טעאָפאַגיע אין קריסטלעכן, ספּעציעל אין קאַטוילישן ריטואַל: דאָס עסן פון קריסטוס׳ קערפּער און דאָס טרינקען פון זיין בלוט אין דער רוימיש־קאַטוילישער מעסע — מיט געוויסע סטיל־וואַריאַציעס, אויך אין גריכישער אָרטאָדאָקסיע. דער געטלעכער זון ווערט געבראַכט צום פאָטער אַלס „אַ ריינער קרבן, אַן אומבאַפלעקטער קרבן, אַ הייליקער קרבן״. *) דער קערפּער וואָס ווערט ביי דער מעסע געגעסן — דאָס קליינע פּעניצל ברויט — איז, לויט דער קירכלעכער לערע, דער זעלביקער קערפּער וואָס איז אַמאָל געבאָרן געוואָרן פון אַ בתולה און איצטער זיצט ער צו דער רעכטער האַנט פונם פאָטער; דער קרבן פון דער מעסע איז דער זעלביקער וואָס ס׳איז אַמאָל, אין ירושלים, געקרייציקט געוואָרן, און גאָט איז פאַרן קרבן אַזוי דאַנקבאַר, אַז ער איז גרייט דערפאַר מכפר צו זיין זנד און צו „פאַרבייטן זיין גערעכטן נקמה־געפיל אויף דערלייזנדיקן חסד״. **) דער מיסטישער — אָדער מאַגישער — עלעמענט אין דעם קריסטלעכן ריטואַל פון עסן גאָט׳ס־זון׳ס קערפּער איז, לויט זיין פּסיכאָלאָגישן אורשפּרונג, ניט ווייט פון דער געצנדינערישער טעאָפאַגיע און פונם צערעמאָניאַל ביי פּרימיטיווע שבטים, וואָס דריקט זיך אויס אין ערפאָרכטיקן עסן דאָס פלייש פון די דערמאָרדעטע „אבות״).

פרייהייט אָדער גלייכקייט.

אין גרונט איז צווישן די צוויי באַגריפן, פרייהייט און גלייכקייט, נישט פאַראַן קיין קאָנפליקט — אויך ניט קיין וועזנטלעכער אונטערשייד. מיר וואָלטן פאַקטיש געקאָנט אויסקומען אפילו אָן אַ ספּעציעל וואָרט פאַר דעם וואָס מיר פאַרשטייען אונטער פרייהייט. גלייכקייט נעמט אין זיך אַריין

* The Missal: Cannon of the Mass.

** Catechism of the Council of Trent.

אויך דעם באַגריף פון פרייהייט. מען קאָן ניט זיין גלייך, גלייכגעשטעלט, און אין אַ געוויסן זינען גלייכווערטיק, און געניסן ווייניקער פרייהייט ווי עס געניסן אַנדערע.

אין דעם הינטערגרונט פון גלייכקייט שטייט אַ גאַנץ איינפאַכע אידייע: יעדער מענטש איז אַן איינס. קיינער איז, אין לעצטן חשבון, ניט מערער פון איינס און ניט ווייניקער פון איינס. בעסער אפשר איז צו נוצן קאַנט׳ס פאָרמולע: יעדער מענטש איז אַ צוועק פאַר זיך, ניט אַ מיטל פאַר יענעם אָדער פאַר יענע. אָן אַזאַ הנחה, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַן אַקסיאָמע, ווי אַן אמת וואָס איז אַליין „זיין אייגענער עדות" און דאַרף ניט באַשטעטיקט ווערן פון ראיות מחוץ פון אים, פאַרלירט דער באַגריף פון גלייכקייט יעדן באַדן. אויף אַן אַנדער אופן, כאָטש אָן ווערלכן ניט איז תוך־אונטערשייד, האָבן דעם דאָזיקן קאָנטיאַנישן אמת אַרויסגעזאָגט אונזערע קדמונים: „כל המאבד נפש אחת, כאילו איבד עולם מלא", און „כל המקיים נפש אחת כאילו קיים עולם מלא" (ווער עס לאָזט אומקומען איין נפש איז גלייך ווי ער האָט געלאָזט אומקומען אַ גאַנצע וועלט, און ווער עס העלפט אַרויס דעם קיום פון איין נפש איז גלייך ווי ער וואָלט אַרויסגעהאָלפן דעם קיום פון אַ גאַנצער וועלט). דער יחיד איז, לויט דעם, ניט (בלויז) אַ טייל פון דער געזעלשאַפט און ניט (בלויז) אַ פראַגמענט פונם אוניווערסום, נאָר — אין זיין העכערער בחינה — אַליין אין זיך אַן אוניווערסום. די חשיבות פון דעם יחיד, זיין אינעווייניקסטע גאַנצקייט און אומענדלעכקייט, איז אין שפּעטערן רעליגיעזן פאָלקלאָר דערהויבן געוואָרן (אויב יענער יחיד איז אַ צדיק) צו דער מדרגה פון אַ „הערשער" איבער גאַנצע דריי הונדערט און צען וועלטן — „ש"י עולמות". די אויפפאַסונג פונם אינדיווידועלן מענטשן ווי בלויז אַ גליד אינם גוף פון דער געזעלשאַפט, אָדער ווי בלויז אַ פראַגמענט פונם אוניווערסום, אָדער אפילו בלויז ווי אַ קוואַנטיטאַטיווער „ניצוץ" פונם וועלטגייסט, קאָן ניט זיין דער יסוד פאַרן גלייכקייט־באַגריף אָדער פאַר דער גלייכקייט־פאָדערונג. די התחייבותן צו אַזאַ באַשעפעניש — ספק פערזאָן און ספק זאַך — וואָלטן געמוזט זיין באַגרענעצט (אויב מ'זאָל בכלל אין אַזעלכע שייכות'ן קאָנען רעדן וועגן פליכטן), און זיי וואָלטן בכלל ניט געקאָנט נתעלה ווערן צו דער מדרגה פון אַ גלייכקייט־באַגריף. עכטע מאָראַלישע פליכטן קאָנען מיר האָבן צו אויטאָנאָמע פערזאָנען, ניט צו זאַכן; צו גאַנצקייטן, ניט צו שפּליטערן; צו וועזנס וואָס זיינען אין זיך אַליין צוועקן, ניט קיין מיטלען; און אין די פליכטן צו אַזעלכע וועזנס גייט אויך אַריין דער עלעמענט פון פרייהייט ווי אַ בחינה פון גלייכקייט אָדער גלייכווערטיקייט.

דער גאַנצער קאָנפליקט צווישן גלייכקייט און פרייהייט, אָדער דער אונטערשייד צווישן זיי, איז אַריינגעטראָגן געוואָרן, אין אונזער דור, אין פּאָליטישן דענקען, דער עיקר דורכן באָלשעוויזם. דער באָלשעוויזם האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויף גלייכקייט ווי אַן עלעמענט וואָס קומט לאָגיש און כראָנאָלאָגיש פאַר פרייהייט, אָדער גאָר וואָס קאָן און דאַרף פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון פרייהייט. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער „חטא הקדמון" פון מאָדערנעם קאָמוניזם, סיי אינטעלעקטועל און סיי פּאָליטיש־מאָראַליש: די קינסטלעכע און לחלוטין אומבאַרעכטיקטע פונאַנדערשיידונג צווישן גלייכקייט און פרייהייט.

אין אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער (לאָמיר אויף אַ מינוט פאַנטאַזירן) אַלע יחידים, אַריינגערעכנט דעם הערשער אָדער די הערשער, באַקומען איינעם און דעם זעלביקן קוואַנטום שפּייז, קליידער, וואוינונגס־באַדינגונגען, מעדיצינישע באַהאַנדלונג און רעקרעאַציע (און פון דער זעלביקער קוואַליטעט). און נאָר מיינונגען איבערצייגונגען, גלויבנס און געשמאַקן ווערן דעקרעטירט און אַרויפגעצוואונגען פון אַ הערשער אָדער פון אַ הערשנדיקער גרופּע, עקזיסטירט ניט קיין גלייכקייט. אַ גאַנצע ספערע פון לעבן — די אינטימסטע און די וואָס האָט אַ ספּעציפישע שייכות צום יחיד ווי צוועק פאַר זיך — ווערט אין אַזאַ געזעלשאַפט מאַנאָפּאָליזירט אין די הענט פון איינעם אָדער פון אַ גרופּע. אויף אַזאַ געזעלשאַפט קאָן מען ניט זאָגן, אַז קיין פרייהייט איז אין איר בכלל ניט בנמצא, אַז דאָס איז אַן אַרטיקל וואָס קיינער אין איר פאַרמאָגט ניט אָדער פון וועלכער קיינער געניסט ניט. פרייהייט איז אין איר בפירוש יאָ פאַראַן, נאָר זי איז אוזורפּירט ווי אַ פּריווילעגירט פּריוואַט־אייגנטום פון אַ מיוחס אָדער מיוחסים. אָן אַ זייער ברייטן היקף פון פרייהייט פאַר זיך, פון עקסקלוסיווער פרייהייט, וואָלטן די הערשער אין אַזאַ געזעלשאַפט ניט געקאָנט רעגירן און אויפדריקן זייער אינדיווידועלן חותם אויף דער פיזיאָנאָמיע פונם כלל. אין אַ געוויסן זינען דאַרף מען אויך פרייהייט באַטראַכטן ווי אַ „קאָמאָדיטי", וואָס קאָן צעטיילט ווערן צווישן בירגער אָדער לויטן פּרינציפּ פון גלייכקייט (דער אידעאַל פון דעמאָקראַטיע), אָדער לויטן פּרינציפּ פון אומגלייכקייט (דער אידעאַל פון אַריסטאָקראַטישער אָדער אויטאָקראַטישער געזעלשאַפט).

עס איז כדאי, אין דעם צוזאַמענהאַנג, זיך צו דערמאָנען אָן אַ הדרכה וואָס ווערט געגעבן אין תלמוד, ווי אַזוי צו באַהאַנדלען אַ אידישן קנעכט: „עמך במאכל, עמך במשתה", דער קנעכט זאָל עסן און טרינקען דאָס זעלבע וואָס דער האַר, נישט אַז דו זאָלסט עסן ריין ווייצן־ברויט און ער זאָל עסן קלייען־ברויט, נישט אַז דו זאָלסט טרינקען אַלטן וויין און ער זאָל טרינקען נייעם וויין, נישט אַז דו זאָלסט שלאָפן אויף ווייך בעטגעוואַנט און ער זאָל

שלאָפן אויף שטרוי". אויף דעם גרונט פון אַזעלכע פאָדערונגען צום קנעכט־באַזיצער (די דאָזיקע און ענלעכע פאָדערונגען זיינען נאַטירלעך מער אַפּע־לירנדיקע אגדה ווי בינדנדיקע הלכה) איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ שפּריכ־וואָרט, וואָס ווערט געבראַכט אין מסכת „קידושין": „כל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו" (ווער עס קויפט אַ אידישן קנעכט איז גלייך ווי ער קויפט זיך אַ האַר). אייניקע חכמים האָבן געפאָדערט אַ באַהאַנדלונג פונם קנעכט ווי אַ גלייכן צווישן גלייכע, און דאָס האָט געגעבן די געלעגנהייט די (אומ־צופרידענע?) „קלאַסן־באַוואוסטזיניקע" מיטגלידער פון דער העכערער סאָ־ציאַלער שיכט צו שאַפן אַזאַ סאַרקאַסטיש גוזמא־ווערטעל. אָבער וואָס באַדייט דער אויבן געבראַכטער מאמר? עקאָנאָמיש — אין זינען פון פאַר־ברויך — איז לויט יענער הדרכה ניט פאַראַן קיין אונטערשייד צווישן דעם האַר און דעם קנעכט אין דער מאָס אויף וויפיל זייביידע שטעלן מיט זיך פאָר אַ געזעלשאַפט, עקזיסטירט אין איר אַ געוויסע גלייכקייט. די גלייכ־קייט איז אָבער ניט קיין גאַנצע און עס פעלט אין איר דער וויכטיקסטער עלעמענט: סטאַטוס, זעלבסטשטענדיקייט, פרייהייט. דער „געבאַלעבוועטער" קנעכט איז נאָך אַלץ אַ קנעכט — אַ מיטל, ניט קיין צוועק, אַ זאַך, ניט קיין סוביעקט. ער האָט קיין רעכט ניט פונם האַר אַוועקצוגיין, ער איז ניט קיין יורידישע פּערזאָן, און אויב ער, אַן עבד כנעני, וועט שטאַרבן, טאָר מען צום האַר ניט קומען אים מנחם אבל זיין, אַפילו ווען אַלע זאָלן וויסן אַז ער איז צום געשטאָרבענעם קנעכט געווען צוגעבונדן ווי צו אַן אייגענעם און „גלייכן". צו אַן אייגענעם און „גלייכן".

עס קאָן ניט זיין קיין פראַגע: גלייכקייט אָדער פרייהייט, אמת'ע גלייכקייט איז פרייהייט...

לויטן אַמאָליקן אידישן פאָלקלאָר פאַרשטייט דאָס אַפילו אַ פויגל. אין „עירובין" געפינען מיר אַ מעשה פון אַ טויב, וואָס האָט זיך גע־ווענדט צום רבונו של עולם בזה הלשון: זאָל מיין שפּייז זיין ביטער ווי אַן איילבירט און זי זאָל קומען פון דיין האַנט, איידער כ'זאָל קריגן שפּייז אַזוי זיס ווי האָניג און זיין אָפּהענגיק פון אַ בשר־ודם. וואָס די טויב האָט געזוכט, איז געווען גלייכקייט דורך פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט.

ניט קיין נאַטורוויסנשאַפטלעכער באַגריף

אין דער דעקלאַראַציע פון אַמעריקאַנער זעלבסטשטענדיקייט האָט איין זאַץ געקלונגען, גלייך ווי ער איז אַרויסגעקומען מפּי הגבורה: All men are created equal. ווען מ'וואָלט דזשעפערסאָנ'ען, פראַנקלינע'ן אָדער עדעמס'ן געפרעגט, אויף וואָס פאַר אַ סמך זיי האָבן אין דער דעקלאַ־

ראַציע אַריינגעשטעלט אַזאַ זאַץ, וואָלטן זיי געענטפערט מיט די זעלביקע ווערטער, מיט וועלכע זיי האָבן אים „באַגרינדעט" אין דער דעקלאַראַציע גופא: We hold this truth to be self-evident. אין אַנדערע ווערטער: דאָס איז אַזוי קלאָר, פון זיך אַליין, אַז מען דאַרף גאָרניט אָנקומען צו קיין באַווייזן. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דערזעלביקער אמת אַרויסגעקלונגען מיט ניט ווייניקער קאַטעגאָרישקייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנערער קאָנסטיטוציע: Tous les hommes sont egaux par la nature (אַלע מענטשן זיינען גלייך פון דער נאַטור).

ביידע דאָקומענטן זיינען, לויט זייערע פּרעטענזיעס, כאָטש ניט אין דער זעלביקער מאָס, וועלטלעכע, און, אַזוי צו זאָגן, „על־פּי־שכל'דיקע". אָבער דער טעזיס וואָס ווערט אין זיי אויפגעשטעלט און וואָס איז, לויט דער מיינונג פון די מחברים, אַזוי קלאָר, אַז ער דאַרף ניט אָנקומען צו קיין באַווייזן — קאָן ניט באַוויזן ווערן, ניט ראַציאָנאַל און ניט עקספּערימענטאַל. דער טעזיס שטיצט זיך אויף אַן אמונה, ניט אויף אַ קלאָר וויסן. ער איז דערפאַר לחלוטין ניט ניי (ניי אין אים איז נאָר די רעוואָלוציאָנערע דינאַמיק, די גרייטקייט דעם טעזיס טאַקע דורכצופירן אין אַ געוויסער ספערע פון לעבן ווי אַן הלכה למעשה). אין דער אַלט־העברעאישער פאָרשטעלונג, אַז דער מין מענטש (און דערמיט יעדער איינצלנער יחיד) איז באַשאַפן געוואָרן „בצלם אלהים", און אין דער אַלטער קריסטלעכער פאַראַנעקערונג אינם באַגריף פון Imago Dei — בלויז אַ לאַטייניש איבערזעצונג פונם העברעאישן — ליגט דער פסיכאָ־לאָגישער מקור פון אַלץ וואָס האָט אין דער מערב־ציוויליזאַציע צו טאָן מיטן באַגריף און מיט דער פאָדערונג פון גלייכקייט. דער באַגריף איז אַ מעטאַ־פיזישער, כמעט אַ מיסטישער, און דערפאַר לאָזט ער זיך ניט באַגרינדן. די פּי־לאָסאָפיע (ריכטיקער, די אמונה) וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער אַמעריקאַ־נער און אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז אי אַ זייער פשוט'ע, אי אַן אומגעהייער געוואַגטע: אַלע אומגלייכקייטן וואָס מיר געפינען אין דער וועלט פון קאָנקרעטער אָבסערוואַציע, זיינע היסטאָרישע, ניט קיין אָרגאַנישע, ווידערנאַטירלעכע — ניט קיין נאַטירלעכע, און דערפאַר טאַקע אי פסול'ע און אי צייטווייליקע. דאָס איינפירן גלייכקייט — אין יענעם ספּעציפישן זינען, אין וועלכן יענע צוויי רעוואָלוציעס האָבן תופס געווען דעם באַגריף פון גלייכקייט — איז דערפאַר אַ מין „רעסטאַווראַציע", אַן אומקערן זיך צום צושטאַנד פונם סאָציאַלן מעשה־בראשית: מענטשן האָבן קאָרופּטירט די נאַטור — איז דערפון אַרויסגעקומען אומגלייכקייט; מענטשן ווען לאָזן די נאַטור זיין וואָס זי איז — וועט דערפון אַרויסקומען גלייכקייט (זשאַן זשאַק רוסאָ).

פאַר אַ ריין רעליגיעזער אויפפאַסונג האָט מען אין אַמעריקע און, באַ־זונדערס, אין פראַנקרייך געזוכט אַ נאַטור־וויסנשאַפטלעכן לבוש. אין שפּע־

מערדיקע דורות איז קלאָר דעמאָנסטרירט געוואָרן, אַז וויסנשאַפטלעך אָדער עמפּיריש קאָן דער גלייכקייט־באַגריף ניט באַגרינדעט ווערן. אין קיניגרייך פון דער נאַטור איז קיין גלייכקייט נישטאָ; די גלייכוווערטיקייט פון „איך" און „דו" איז אַן עטישער „זאָל", וואָס שעפּט זיין יניקה פון אירראציאָנאַלע, אויסערנאַטירלעכע — אין אַ געוויסן זינען, אַפילו „איבערנאַטירלעכע" — מקורות. אין די אויגן פון דער נאַטור זיינען מיר אַלע אומגלייך — נאַטירלעך אומגלייך — גלייך קאָנען מיר זיין בלויז אין אַ טראַנסצענדענטאַלן קיניגרייך, אין די אויגן פון גאָט. בלויז אויפן סמך פון יענער גלייכקייט קאָן מען אַריינ־טראָגן, מיט געוויסע צופּאַסונגען, דעם באַגריף פון גלייכקייט אין עקאָנאָמיע און אין פּאָליטיק.

## די גלייכקייט פון די אומגלייכע

אין דער חסידישער וועלט ווערט דערציילט „אַ תורה" פונם רבי ר' בונים:

„קיין שום איד, אַלץ איינס ווי פרום און וואָס פאַר אַ גרויסער תלמיד־חכם ער זאָל ניט זיין, טאָר זיך ניט באַטראַכטן אפילו אויף אַ האָר בעסער פון אַן אַנדער אידן, מעג יענער זיין דער גרעסטער עם־הארץ און דער ערגסטער מופקר. אַ סימן האָט איר, אַז אויב אַ איד אַ למדן און אַ ירא־שמים זאָל קריגן אַ באַפעל צו הרג'ענען אַן אַנדער אידן, אַן עם־הארץ און אַ בעל־עבירה, אָדער אַליין גע'הרג'עט ווערן, זאָגט דער דין, אַז ער איז מחוייב זיך צו לאָזן מאָרדן, אַבי ניט צונעמען דאָס לעבן ביי דעם אַנדערן. קיינער קאָן ניט וויסן, ווי עס שטייט אין פּסחים, וועמענס בלוט עס איז רויטער און וועמענס לעבן ס'איז וויכטיקער אין גאָט'ס אויגן. אויב שטייענדיק פאַר אַזאַ נסיון האָט איין מענטש קיין רעכט ניט צו באַטראַכטן זיך פאַר העכער פונם אַנדערן, על אחת כמה וכמה אין וויניקער קריטישע פאַלן".

אַ סך אַ רייפער און טיפער דענקען ווייזט אַרויס דער דאָזיקער חסידישער רבי פון פוילן, אין פאַרגלייך מיט פראַנצויזישע אָדער אַמעריקאַנער דעמאָ־קראַטן. מענטשן זיינען עמפּיריש ניט־גלייך; דער בן־תורה און ירא־שמים איז, אָן ספק, בעסער און העכער פונם עם־הארץ און בעל־עבירה. ר' בונים פאָדערט אָבער אַ געוויסע גלייכקייט פאַר די אומגלייכע. גלייכקייט איז אויף אַ באַ־שטימטן שטח פון לעבן אַ „זאָל", ניט קיין „איז".

די זעלביקע פּראָבלעם איז געשטאַנען פאַר דאָסטאָיעווסקי'ס ראַסקאָלניקאָוו (אין „פאַרברעכן און שטראָף"). זיין מאָראַלישער אומגליק איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געוואָלט זיין אַ וויסנשאַפטלעכער „בעל־חשבון" אין אַ ספערע פון לעבן, וואוהין מ'טאָר מיט אַזעלכע חשבונות ניט אַריינקומען: ער האָט אויסגערעכנט אַז זיין בלוט איז „רויטער" פונם בלוט פון דער אַלטער

פראַצעגטניצע, וואָס האָלט געלט אין אַן אייזערנעם קאַסטן און פאַרגינט זיך אַפילו ניט די קלענסטע הנאה דערפון. האָבן מיר דען אַ ספק, אַז ראַס־קאָלניקאָוו איז „העכער", „ווערטפולער" פון דער אַלטער, פאַר׳חושכ׳טער קמצנ׳טע? און דאָך: ראַסקאָלניקאָוו האָט „פאַרגעסן", אַז זיין קרבן איז ניט וויי־ניקער פון אַן איינס, אַז די אַלטע וואוכערניצע איז — אין לעצטן חשבון, אין טראַנסצענדענטאַלן חשבון — אויך אַן „עולם מלא". פאַר יענעם „פאַרגעסן" האָט אים דאָסטאָיעווסקי געגעבן אַזאַ שווערן עונש, און אַלס באַלוינונג פאַר זיין קאָנוואולסיווער חרטה און יסורים — אַ נייע זעעוודיקייט, די וויזיע פאַר גלייכקייט פון די אומגלייכע.

## מיטן כוח פון טראַגעדיע

אחד העם האָט זיך אַמאָל ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף אַ סיטואַציע, וואָס ווערט קורץ באַשריבן אין תלמוד. „שנים שהיו מהלכין בדרך", צוויי מענטשן זיינען געגאַנגען אין וועג, און איינער פון זיי האָט געהאַט אַ קרוג מיט וואַסער. אויב זיי טרינקען ביידע, וועלן זיי ביידע שטאַרבן, און אויב נאָר איינער פון די צוויי זאָל טרינקען, וועט ער קאָנען דערגרייכן אַ ישוב — האָט בן פּטורא געזאָגט: זאָלן זיי ביידע טרינקען און ביידע שטאַרבן, כדי איינער זאָל ניט דאַרפן צוזען דאָס שטאַרבן פון זיין חבר; ביז ס׳איז געקומען ר׳ עקיבא און האָט גע׳פּסקנ׳ט: „...דיין לעבן קומט פריער פון דיין חבר׳ס לעבן". און דאָס הייסט, אַז איינער פון די צוויי זאָל טרינקען און לאָזן דעם אַנדערן שטאַרבן.

אחד העם האָט גענוצט דעם דאָזיקן טראַגישן ביישפּיל, כדי דורכצופירן אַ שטרענגע אונטערשיידונגס־ליניע צווישן אידנטום און קריסטנטום, אין זיין פּאָלעמיק קעגן דעם עוואַנגעליש געשטימטן קלאָד מאָנטעפיאָרע. רבי עקיבא׳ס אורטייל האָט אין זיך פאַרקערפּערט, לויט זיין מיינונג, די עטיק פון אידנטום, בשעת בן־פּטורא׳ס מיינונג איז מער אין גייסט פון קריסטנטום: מדת הדין, הייסט עס, קעגן מדת הרחמים, אָדער דער פּרינציפּ פון גערעכ־טיקייט, אויף וועלכן אידנטום איז אויפגעבויט, קעגן דעם פּרינציפּ פון ליבע, וואָס איז דער פּאַטאָס פונם אור־קריסטנטום. אחד העם סאָלידאַריזירט זיך, נאַטירלעך, מיט רבי עקיבא.

אָבער וואָס ווייסן מיר פון יענע צוויי מענטשן, פון וועלכע עס ווערט געבראַכט דער תלמוד׳ישער משל? ווער זיינען זיי? צוויי אַנאָנימען. דער דערציילער זאָגט אונז ניט קיין וואָרט וועגן די אייגנשאַפטן, וועגן די מעלות און חסרונות, פון דעם איינעם אָדער דעם צווייטן, וועגן זייער רעלאַטיוון „ווערט", אָדער וועגן די שייכות׳ן צווישן זיי (פאָטער און זון? מאַן און

ווייב? ברודער און שוועסטער?). צוויי איינסן — אין אַ געוויסן זינען, צוויי פּאַראַלעלע „גאַנצע־וועלטן". דאָס איז אַן אינטערעסן־קאָנפליקט אָדער אַ שיקזאַל־צוזאַמענשטויס צווישן צוויי גלייכע, און אחד העם, אינאיינעם מיט רבי עקיבאַ'ן, לייזט דעם קאָנפליקט אויף דער באַזע פון אומגלייכקייט. קעגן דער אויפפאַסונג פון גלייכקייט פאַר די אומגלייכע ווערט דאָ אַוועקגעשטעלט די אידייע פון אומגלייכקייט פאַר די גלייכע. איינער פון די צוויי מוז דאָ אַוועקגעשטעלט ווערן אין דער לאַגע פון אַ פּריווילעגירטן. ווער? וועמענס בלוט איז אין דעם פאַל „רויטער"? דער אורטייל איז: מיין בלוט: „איך" קעגן „דו". סתם „איך" איז בילכער פון סתם „דו": „חייך קודמין לחיי חברך". אָבער ניט רבי עקיבא און ניט אחד העם (ביידע — בעלי הלכה) האָבן אַ טראַכט געטאָן, אַז עס קאָנען זיין סיטואַציעס פאַר וועלכע ס'איז קיין לייזונג נישטאָ. דער סיפּור־המעשה פון בבא מציעא איז גיכער אַ טעמע פאַר אַ קינסטלער ווי פאַר אַ געזעצגעבער, פאַר אַ שרייבער פון שאלות ותשובות, אָדער פאַר אַ סיסטעמאַטישן עטיקער. וואָס דער דין זאָל ניט זיין, זיינען פאַראַן אין דער וועלט צופיל מענטשן וואָס וואָלטן אים אין אַזאַ סיטואַציע ניט אויסגעפאָלגט. פון רבי עקיבאַ'ס אורטייל איז קלאָר, אַז טרינקען דאָס ביסל וואַסער דאַרף ניט סתם איינער פון די צוויי, נאָר דער וואָס דער קרוג וואַסער איז זיינער: די הייליקייט פון פּריוואַטן אייגנטום. דער קינסטלער וואָלט אונז אָבער געקאָנט געבן איינעם פון פאָלגנדיקע עפּילאָגן:

א) דער וואָס דער קרוג איז ניט זיינער איז פיזיש שטאַרקער פון דעם „אייגנטימער", אָדער פאַרמאָגט אַ שטאַרקערע רייך־זאָאָלאָגישע לעבנסלוסט. דערמאָרדעט ער דעם שוואַכערן, נעמט צו ביי אים זיין „רעכט" אויפן קרוג וואַסער, און דערשלאָגט זיך נאָכדעם צו אַ ישוב.

ב) דער אייגנטימער פונם קרוג וואַסער איז עלטער פון זיין חבר. איבער־צייגט ער אים, אַז אַזוי ווי זיי האָבן ביידע גלייכע רעכט אויף אַ געוויסן סכום לעבן, זאָל דער יונגערער טרינקען און ער אַליין זאָל אויסגיין פון דורשט.

ג) די צוויי גוטע פריינט זיינען ווילד געוואָרן, האָבן זיך צעשלאָגן איבער דעם ביסל וואַסער (זיי האָבן גלייכע רעכט אויף לעבן), האָבן זיך איינער דעם אַנדערן דערמאָרדעט; און דער קרוג וואַסער איז געבליבן גאַנץ און ניט גערירט.

ד) די צוויי גוטע פריינט האָבן צווישן זיך באַשלאָסן אַז אַזוי לאַנג דער קוואַנטום וואַסער קאָן ראַטעווען פון טויט, דאַרפן זיי ביידע לעבן (זיי האָבן גלייכע רעכט אויף המשך פון לעבן, אַלץ איינס ווער ס'איז עלטער און ווער ס'איז יונגער), און נאָכדעם וועלן זיי ביידע שטאַרבן.

ה) איינער פון די צוויי באַגייט זעלבסטמאָרד, כדי צו באַפרייען זיך און זיין חבר פון דער טראַגישער דילעמע.

ו) איינער וויל איינרעדן דעם צווייטן, אַז דער אַנדערער זאָל אַליין טרינקען דאָס וואַסער (דו, ניט איך), און אַזוי ווי זיי קאָנען גאָרניט פּועל'ן איינערביים אַנדערן, גיסט מען אויס דאָס ביסל וואַסער אויפן דאָרשטיקן מדבר־באָדן, מען נעמט זיך איינער דעם אַנדערן אַרום און מען לייגט זיךביידע אַוועק שטאַרבן (ראָמעאָ און יוליע וואָלטן אפשר אַזוי געהאַנדלט) — אויפן יסוד פון גלייכקייט: גלייכע רעכט אויף לעבן און גלייכע פליכט צו שטאַרבן.

ז) ביידע לייגן זיך „רואיק" אַוועק שטאַרבן און לאָזן איבער דעם קרוג מיט וואַסער ניט גערירט — אפשר וועט אָנקומען אַ דריטער, איינער אַליין, און דאָס וואַסער וועט זיין געגנוג, אים צו ראַטעווען דאָס לעבן.

דאָס זיינען אַלץ טראַגישע עפּילאָגן, וואָס ליגן אפשר אויף יענער זייט גרענעץ פון אידישער עטיק אָדער עוואַנגעלישער עטיק. אין דער ספערע פון „גלייך" און „אומגלייך" זיינען פאַראַן קאָנפליקטן, וואָס ווערן ניט גע־לייזט, נאָר גיכער „אויפגעלייזט" מיטן כוח פון — טראַגעדיע.

## אַריטמעטיש און געאָמעטריש

אַריסטאָטעל איז געווען דער ערשטער אין דער מערב־פילאָזאָפיע, וואָס האָט אויף אַ גרינטלעכן אופן געפּרואווט צו אונטערזוכן דאָס וועזן פון גערעכטיקייט און די נאָענטע פאַרבינדונג וואָס עקזיסטירט צווישן גערעכ־טיקייט און גלייכקייט. ער האָט אָבער געמאַכט אַ גאַנץ קלאָרן אונטערשייד צווישן דעם, וואָס ער האָט באַצייכנט ווי אַן אַריטמעטישע אָדער איינפאַכע קאָנטראַקט־גערעכטיקייט און אַ גערעכטיקייט, וועלכער ער האָט געגעבן דעם נאָמען „געאָמעטרישע" אָדער „פּראָפּאָרציאָנעלע".

די אַריטמעטישע גערעכטיקייט איז אַבסטראַקט (אין דער זעלביקער צייט אויבערפלעכלעך), און, מען מעג צוגעבן, מעכאַניסטיש. די גלייכקייט וואָס קאָן אויפגעבויט ווערן אויפן יסוד פון אַזאַ גערעכטיקייט איז אַזעלכע, אַז זי איג־נאָרירט די אונטערשיידן וואָס עקזיסטירן צווישן איין יחיד און דעם אַנדערן. זי ווייס ניט פון קיין „משא פּנים". דאָס איז איר גרויסע מעלה, אָבער אויך איר פאַטאַלער חסרון. ניט אומזיסט האָט מען שוין אין אַלטערטום סימבאָלי־זירט גערעכטיקייט (די וואָס אַריסטאָטעל באַצייכנט אַלס אַריטמעטישע) דורך אַ בלינדער געטין מיט צוויי וואָגשאָלן. זי וועגט זאַכן, ניט קיין מענטשן. מענטשן זיינען פאַר איר אַלע גלייך, האָבן איינע און די זעלביקע „וואָג"; די אונטערשיידן אין דער וועלט זיינען בלויז קוואַנטיטאַטיווע, אונ־טערשיידן צווישן „מער" און „ווייניקער", ניט צווישן „אַזוי" און „אַנדערש". פאַר יענער געטין עקזיסטירט ניט, ווי ס'איז שוין באַצייכנט געוואָרן, קיין

„משא פנים״; זי איז „פרינציפיעל״ בלינד און קאָן גאָר קיין פנים ניט זען. זי האָט אַ טענדענץ צו אַ געוויסער גלייכקייט, אָבער דאָס איז אַ גלייכקייט וואָס ווערט לייכט פאַרוואַנדלט אין אומגערעכטיקייט. יענע גלייכקייט איז גראָב אוניווערסאַליסטיש און נעמט ניט אין אַכט דעם אינדיווידועלן מאַ־מענט: אַזוי פיל און אַזוי פיל שכר פאַר גוטע מעשים פון אַ באַשטימטן מין, און אַזויפיל עונש פאַר שלעכטע מעשים פון אַ באַשטימטן מין — זיך ניט רעכנענדיק מיט דעם, ווער און וואָס דער בעל־המעשים איז.

אומצופרידנקייט מיט דער אַריטמעטישער גערעכטיקייט און גלייכקייט האָט, נאַטירלעך, עקזיסטירט נאָך פאַר אַריסטאָטעלעס׳ן. דער גר־יכישער פילאָזאָף איז בלויז דער ערשטער, וואָס האָט אַנגעווענדט אויף דער פראַגע דיסציפּלינירטע און סיסטעמאַטישע מחשבה. אָבער שוין אין אינדישן אַלטערטום זעען מיר, און גראָד אויפן געביט פון געזעצגעבונג, אַ מער אָרגאַנישע שטעלונג צו גלייכקייט. לויט דעם מאַנו־קאָדעקס, קומען פאַרשיידענע שטראָפן פאַר פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס בירגער — פאַר איינער און דער זעלביקער עבירה. דער עונש פאַר אַ וואישיא (אַ סוחר) דאַרף זיין צווייטאָל אַזוי האַרב ווי פאַר אַ שודרא (אַן אַרבעטער); אַ קשאַטריא (אַ הערשער אָדער אַ מלחמה־פירער) דאַרף קריגן אַ צוויי מאָל גרעסערע שטראָף ווי אַ סוחר, און אַ בראַמין (אַ מיטגליד פון דער העכסטער שיכט) — קומט אַן עונש צוויי און אפילו פיר מאָל אַזוי האַרב, ווי אַ קשאַטריא, ווייל ער, דער בראַמין, ווייסט די וויטגרייכנדיקע קאָנסעקווענצן פון זינד און פון מעשים טובים״. די מאַנו־לעגיסלאַציע האָט אין זיך אַן עלעמענט פון „משא־פנים״: איר פרינציפּ איז גלייכקייט, אָבער, ווי אַריסטאָטעל וואָלט זיך אויסגעדריקט, „פּראָפּאָרציאָנעלע״ אָדער „געאָמעטרישע״ גלייכקייט, וועלכע איז פון אויבן־אויף, פון אַ ריין מעכאַניסטישן אָדער קוואַנטיטאַטיוון שטאַנד־פּונקט — אומגלייכקייט. גלייכקייט הייסט אין דעם פאַל די נאָרמאַלע פּראָ־פּאָרציע צווישן שטראָף און ווילן צום פאַרברעכן. די מאַנו־געזעצן באַשטראָפן ניט אַזוי פיל דעם, אַזוי צו זאָגן, „מאַטעריעלן״ אינהאַלט פונם פאַרברעכן, די בייזע האַנדלונג און דעם שאָדן וואָס זי איז גורם, ווי דעם ווילן אָדער די דיספּאָזיציע צו טאָן שלעכטס. אויב אַ בראַמין, לאָמיר זאָגן, האָט גע־הרג׳עט אַ מענטשן, איז ער באַגאַנגען אַ פאַרברעכן זעכצן מאָל האַרבער ווי ווען דאָס וואָלט געטאָן אַן אַרבעטער (אָנגענומען אַז מען קאָן דאָס אַזוי עקזאַקט מעסטן), ווייל זיין מדרגה פון גייסט און קולטור איז זעכצן מאָל העכער פון דער מדרגה, אויף וועלכער עס שטייט דער מענטש פון דער נידעריקסטער שיכט (ווייטער אַמאָל, אויב מדרגות לאָזן זיך אַזוי קלאָר און פּינקטלעך מעסטן), און דאָס הייסט, אַז זיין ווילן צום פאַרברעכן איז זעכצן מאָל אַזוי שטאַרק ווי ביים טשודראַ, וואָס פאַרמאָגט ניט גענוג אינטעליגענץ

און פאַנטאַזיע, כדי זיך אויסצומאָלן די ווייט־גייענדיקע קאָנסעקווענצן פון זיין עבירה. אין דער דאָזיקער אומגלייכקייט פאַרן געזעץ און ריכטער ליגט אַ טיפערע אויפפאַסונג פון גלייכקייט און פון אַ געווויסן שטאַנדפּונקט איז זי מער דעמאָקראַטיש, ווי די גערעכטיקייט וואָס אַ געטין מיט פאַרבונדענע אויגן טיילט אויס אין איר כמעט אויטאָמאַטישער אומפּאַרטייאישקייט: גלייכער עונש פאַר גלייכן יצר־הרע צו באַגיין אַ פאַרברעכן.

אין דעם מעכאַניזם פון אונזערע היינטיקע שטאַטן קאָן מען זען זייער קלאָר דעם אונטערשייד צווישן מעכאַנישער און אָרגאַנישער גלייכקייט. אין שווערע צייטן זיינען מיר געצוואונגען צו באַשרענקען דעם קאָנסומענט — אַלע קאָנסומענטן אין אַ גלייכער מאָס. מיר גיבן אַרויס אַלע איינוואוינער איינע און דיזעלביקע ראַציאָנירונגס־קאַרטן. די דאָזיקע גלייכקייט ווייזט זיך אָבער שנעל אַרויס פאַר אַ גרויסער אומגערעכטיקייט פאַר אומגלייכקייט, און מען מוז זי נאָכדעם קאָרעגירן דורך — „משא פנים". די וואָס טוען שווערע פיזישע אַרבעט הויבן נאָכדעם אָן צו קריגן גרעסערע און העכערע פּאַרציעס ווי די איבעריקע באַפעלקערונג, קינדער, שוואַנגערע פרויען, קראַנקע הויבן אָן צו קריגן געוויסע פּראָדוקטן אין אַ גרעסערער קוואַנטיטעט ווי אַנדערע; אַ טייל פּראָדוקטן ווערן אפילו רעזערווירט בלויז פאַר זיי. מעכאַניש באַטראַכט, הייסט דאָס עובר זיין אויפן גלייכקייט־פּרינציפּ. אָרגאַניש אָדער, ווי אַריסטאָטעל וואָלט געזאָגט, „פּראָפּאָרציאָנעל" באַטראַכט — איז דאָס גראָד די פאַרווירקלעכונג פון עכטער גלייכקייט. קיינער ווערט ביי אַזאַ באַהאַנדלונג ניט אָפּגעשאַצט פאַר מער ווי אָן איינס — אַלע זיינען „איינסן" מיט גלייבע רעכט — אָבער די „איינסן" גופא זיינען פאַרשיידענע, און יעדער קריגט זיין חלק לויטן כאַראַקטער און לויט דער מאָס פון זיין אַנדערשקייט.

הלל הזקן און ניטשע האָבן, אין גרונט, תופס געווען דעם ענין גלייכקייט אין איינע און דיזעלביקע טערמינען, און ביידע וואָלטן געקראָגן אַ קאָמפּלימענט פון אַריסטאָטעלן. הלל האָט בפירוש אַרויסגעוויזן „משא פנים" ביים טיילן צדקה. ער האָט „דיסקרימינירט" צווישן פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס אָרעמע־לייט. ווען ער האָט איינמאָל געטראָפן אָן „עני בן טובים", האָט ער פאַר אים געדונגען אַ פערד צום רייטן און אַ קנעכט וואָס זאָל לויפן פון פאָרנט. איינמאָל האָט ער ניט געקאָנט קריגן קיין קנעכט צו לויפן פאַר אים, איז ער אַליין געלאָפן פאַר אים דריי מייל. ס'איז ניט וויכטיק צי מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ מעשה שהיה אָדער מיט אַ שטיק דיכטונג. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, די מעשה איז פאַר הלל'ן כאַראַקטעריסטיש.

הלל האָט ניט געהאַלטן פון יענער גלייכקייט וואָס הייסט געבן יעדן אָרעמאַן אַ פּרוטה אָדער אַ גלייכע צאָל פּרוטות. אָן „עני בן טובים" דאַרף באַהאַנדלט ווערן אַנדערש ווי סתם אָן אָרעמאַן — ניט ווייל ער זאָל זיין אין זיין עצם

מהות „בעסער״, „העכער״ אָדער „ווערטפולער״ פון סתם אַן אָרעמאַן, נאָר ווייל ער איז סענסיטיווער צו זיין אָרעמקייט און ער ליידט מערער ווי אַן אַנדערער, ווען ער איז געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגן פון געוויסע באַקוועמלעכ־קייטן און געוואוינהייטן: „לפום צערא אגרא״ — דער סכום שכר איז לויטן סכום צער. דאָס איז פאַר הללן ניט קיין מינערונג פון גלייכקייט, נאָר העכערע און עכטערע פאַרווירקלעכונג. ער האָט געוואוסט ניט ווייניקער, נאָר אפשר מערער פון אַנדערע, אַז מעטאַפיזיש איז יעדער מענטש „שקול כנגד כל מעשה בראשית״ (געגליכן אין וואָג, אין ווערט, צו דער גאַנצער מעשה בראשית), אַז ווער עס שלאָגט אין באַק אַ מענטשן — ווער דער מענטש זאָל ניט זיין — איז גלייך ווי ער וואָלט געשלאָגן די שכינה אין באַק אַריין. ער האָט אָבער אין דערזעלביקער צייט ניט געוואָלט פאַרגעסן, אַז עמפּיריש, אין דעם עולם התחתון, מאַניפעסטירן זיך אונטערשיידן וואָס טאָרן ניט פאַרקוקט ווערן, און אַז גראַד גלייכקייט אין ווערט פאָדערט אַ געוויסע אומגלייכקייט אין דער באַהאַנדלונג פון יחידים (אין שייכות צו דער רייפער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט האָבן, לויט דערזעלביקער מעטאָדע פון דענקען, סיי מאַרקס און סיי לענין אָנגענומען די פאָרמולע „פון יעדן לויט זיינע פיאיקייטן, יעדן לויט זיינע באַדערפענישן״, אין קעגנערשאַפט צו דער אידייע פון מעכאַנישער אָדער קוואַנטיטאַטיווער גלייכקייט).

ניטשע האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ שונא פון סאָציאַליזם — אין אַ גע־וויסער מאָס צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז סאָציאַליזם מוז לויט זיין טענדענץ און וועזן, איינפירן „אַריטמעטישע גלייכ־קייט״. וואָס — האָט ער גע׳טענה׳ט — פאַר יעדן דאָסזעלבע און אין דערזעל־ביקער כמות? וואָס פאַר אַ באַרבאַריי! דאָס מיינט קוקן אויף מענטשן ווי אויף „פאַבריק־סחורה פון דער נאַטור״, ווי אויף קאָפּיעס פון איינעם און דעמזעלביקן טעקסט, אויף עקזעמפּלאַרן פון איינעם און דעמזעלביקן אַרטיקל!״ ער האָט געפאָדערט בפירוש אומגלייכקייט — איינעם מערער און דעם אַנדערן ווינציקער — אָבער לויט אַ באַשטימטן קריטעריום: ווער עס ליידט מערער פון עפּעס ניט ניטשע האָט ניט געפילט, אַז ווען ער פּריידיקט אומגלייכקייט — מיינט ער האָבן אָדער עפּעס ניט קריגן, דעם דאַרף עס, אין דער ערשטער ריי, געגעבן ווערן. אונזער טערמינאָלאָגיע איז אַ פאַרפלאָנטערטע און אַ פאַרפירנדיקע. ניטשע האָט ניט געפילט, אַז ווען ער פּריידיקט אומגלייכקייט — מיינט ער גלייכקייט: גלייכע רעכט פאַר די פאַרשיידנאַרטיקע אינדיווידועלע תביעות, גלייכע לעגיטימקייט פאַר די פאַרשיידנאַרטיקע מענטשלעכע שיקזאַלן...

## ישו פון נצרת

ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז אור־קריסטנטום איז סתם דעמאָקראַטיש, אַז ישו פון נצרת האָט געפּרעדיקט גלייכקייט, סתם גלייכקייט?

עוואַנגעליש קריסטנטום איז ערגעץ־וואו גאָר אַן אַריסטאָקראַטישע לערע. מענטשן זיינען ניט גלייך. איינער שלאָגט אין באַק, דער אַנדערער קערט אום (אָדער „דאַרף" אומקערן) די צווייטע באַק: נאַ, שלאָג ווייטער — איך וועל זיך ניט אַנטקעגנשטעלן. פאָרמעל דעמאָקראַטיש און עגאַליטאַריש איז גיכער תורת־משה. שן תחת שן, עין תחת עין — לויט דעם ריטם: אַ שאָף פאַר אַ שאָף, אַ קעמל פאַר אַ קעמל. מיין צאָן איז דער עקזאַקטער עקוויוואַלענט פון דיין צאָן. דער פּרייז פון מיין אויג איז דיין אויג (די חז"ל האָבן, אין אַ געוויסן זינען, אָפּ־געשוואַכט די גלייכקייט־טענדענץ פון תורת משה; „ממון תחת עין" — אָבער געלט פאַר אַן אויג איז ניט קיין אַדעקוואַטער עונש, ווייל אַן אויג קאָן גאָרניט אָפּגעשאַצט ווערן אין טערמינען פון געלט, סיידן פון אַן ענגערן ריין־עקאָנאָ־מישן שטאַנדפּונקט). קומען מיר צו ישו פון נצרת „שטייט אים גאָר ניט אָן" צו פירן אַ חשבון. האָסט מיר אויסגעשטאָכן אַן אויג? נאַ, איך האָב נאָך אַן אויג, קאָנסט עס אויך אויסשטעכן. האָסט מיר אויסגעזעצט אַ צאָן? נאַ, איך האָב נאָך ציינער, דו קענסט זיי אַלע אויסזעצן: איך וועל זיך ניט אַנטקעגנשטעלן. אָבער וואָס איז דאָס? הכנעה? פּאַסיווקייט? דער ישו־מענטש איז גאָר אפשר דער גרעסטער בעל־גאוה אין דער וועלט. מיטן אומקערן די צווייטע באַק צו דעם וואָס האָט אים געשלאָגן אין דער ערשטער, דערקלערט ער אים: איך בין העכער פון דיר, ווערטפולער פון דיר, און דער מאָראַלישער מרחק צווישן אונז צוויי איז אַזאַ גרויסער, אַז מיר האָבן אַפילו ניט קיין געמיינזאַמע „שפּראַך". איך און דו געהערן צו צוויי פאַרשיידענע וועלטן — איך צו אַ העכערער, דו צו אַ נידעריקערער — און וויפל דו זאָלסט מיך ניט פּראָוואָצירן, וועל איך זיך צו דיין „לשון" און צו דיין מעטאָד פון האַנדלען ניט אַראָפּלאָזן. איך וועל זיך ניט מטמא זיין מיט שלאָגן דיך אין דיין באַק. די גרעסטע פאַראַכטונג — אונטער אַ פּסעוודאָנים פון „ליבע", די העכסטע אַגרעסיע — אין לבוש פון פּאַסיווקייט.

אמת, אינאיינעם מיט פאַראַכטונג, ווירקט נאָך אין דעם ישו־מענטשן אַן אַנדער מאָטיוו — האָפענונג: אמונה אַז אין דעם רשע וואָס שלאָגט אין באַק לעבט אַ „ניצוץ" וואָס קאָן דערלייזט ווערן. דורך מיין אונטערשטעלן די אַנדערע באַק, קאָן איך יענעם „ניצוץ" מאַכן אַקטיוו, אויפוועקן צום לעבן. מיט מיין אַריסטאָקראַטישער האַנדלונג, קאָן איך אין רשע אַרויסרופן היילנדיקע קנאה, אַ ווילן צו זיין ווי איך, צוריקקריגן זיין אמת'ן סטאַטוס און יחוס, ווייל — אין לעצטן, מעטאַפיזישן, חשבון — געהערט ער דאָך צום זעלביקן

קיניגרייך וואָס איך: ער איז בלויז אַן אַפּטריניקער, ער קאָן תשובה טאָן און זיך אומקערן „אַהיים", אין „זיין טאַטנ'ס הויז". אָבער אויך אין דער בחינה איז דער ישו־מענטש דער „העכערער": כדי איך און דער רשע זאָל ווערן גלייך, מוז יענער זיך מיט מיר „אויסגלייכן", קריגן מיין שיעור־קומה.

פאַר ישו'ן, מעג מען גלויבן, האָט פאַרגעשוועבט דאָס בילד פון אַן אייגנאַרטיקער אַריסטאָקראַטיע: די „עליט" פון גע'רודפ'טע און דערני־דעריקטע.

הלל הזקן, אונזער קלאַסישער עניו האָט אַרויסגעוויזן אַ טענדענץ צו אַזאַ „עליט": השפלתי היא הגבהתי (מיין דערנידערוקונג איז מיין דערהויבונג).

גלייכקייט מיט זיך גופא

איז פאַראַן בלויז אַ רעכט אויף גלייכקייט? ניין, אויך אַ פליכט — די פליכט צו זיין גלייך מיט זיך אַליין.

ר' מאיר פּרימישליאַנער האָט עס טיף געפילט. ווען ער האָט געטראַכט וועגן טויט און דעם יום־הדין, האָט ער ניט מורא געהאַט, טאָמער וועט מען אים פרעגן: „מאיר פאַרוואָס ביזטו ניט געווען משה רבנו, אָדער פאַרוואָס ביזטו ניט געווען רבי עקיבא?" ער ווייסט וואָס אויף דעם צו ענטפערן: „אויב דער ריבונו של עולם האָט געוואָלט, איך זאָל זיין משה רבנו אָדער רבי עקיבא, האָט ער זיך געדאַרפט מטריח זיין און באַשאַפן מיך אַ משה רבנו אָדער אַ רבי עקיבא" (גאָט, הייסט עס, באַשאַפט אומגלייכע). ער האָט אָבער יאָ מורא געהאַט, טאָמער פרעגט מען אים דאָרט: „מאיר, פאַרוואָס ביזטו ניט געווען ר' מאיר?" אויף דעם, ווייסט ער, איז ניט לייכט צו ענטפערן. דאָס איז אַ חטא: ר' מאיר איז מחויב געווען צו זיין ר' מאיר אין זיין פּוֹלְער מאָס — ר' מאיר בפועל, ניט ווייניקער ווי בכוח, גלייך מיט זיך. אָפּלאָזן אָדער חרוב מאַכן אייגענע פּאָטענצן איז דאָס זעלבע וואָס זיין ניט גלייך מיט זיך אַליין.

גלייכקייט מיט זיך גופא איז אַ פליכט. אָבער ניט נאָר פאַרן יחיד. אויך די געזעלשאַפט האָט אַ פליכט צו געבן יעדן „ר' מאיר" די געלעגנהייטן, אים אַרויסצוהעלפן, צו זיין ר' מאיר בשלמות, אַרויסצוברענגען אַלע ר' מאיר'שע פּאָטענצן. ניט איין ר' מאיר איז ניט דערוואַקסן צו דער מדרגה פון ר' מאיר — צו זיין אייגענער מדרגה — מחמת די געזעלשאַפט האָט אים ניט געהאָלפן אָדער גאָר געשטערט. דאָס איז אפשר דער איינציקער יסוד, אויף וועלכן עס דאַרף באַטראַכט ווערן דאָס פּראָבלעם פון „גלייך" און „אומגלייך", פון „פריי" און „אומפריי".

די געזעלשאַפט ווי דער אַקושער פון אינדיווידועלע שיקזאַלן איז דאָס צענטראַלע פּראָבלעם פון סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע.

1940

# מענטש און — וואָס ווייטער?

דזשעימס ריטשי, אַן ערנסטער נאַטור־וויסנשאַפטלער וואָס דערלויבט זיך פון צייט צו צייט דעם לוקסוס צו פילאָזאָפירן, נעמט זיך איצט צייט — איצטער, אונטער דעם האָגל פון נאַצישע באָמבעס, וואָס שאַנעווען אויך ניט זיין רעזידענץ־שטאָט, עדינבורג — צו טראַכטן וועגן מעשה־בראשית. זיינע געדאַנקען זיינען קאָנצענטרירט אויף מעשה־בראשית און אויף דעם ווייטן, גאָר־גאָר ווייטן ציל, צו וועלכן די נאַטור שטרעבט — אָנגענומען נאַטירלעך, אַז זי שטרעבט בכלל, ד. ה., אַז ניט נאָר ווערט זי געשטופּט פון הינטן דורך שטומע סיבות, נאָר אויך אינספּירירט „פון פאָרנט" דורך עפּעס אַ תכלית אָדער תכליתים. אין דער גאַנצער הויה (זיין) אינטערעסירט אים, פאַרשטייט זיך, מער פון אַלעמען לעבן, אָרגאַניש לעבן. אַלץ איבעריקע איז, אַזוי צו זאָגן, סתם עקזיסטענץ, וואָס מיר נעמען אָן אַז עס פּילט ניט קיין טעם אין זיין עקזיסטירן — וואָס פאַר אַן אינטערעס קאָן אַזאַ „עס" האָבן פאַר אונז? אָבער וואוהין גייט לעבן, אָט יענע מיסטעריעזע קראַפט, וואָס טראָגט אין זיך דעם דראַנג און אימפּעט, הונגער, ווילן, קאַמף, נצחונות, מפּלות, פרייד, טרויער, אומקום?

מיר האָבן זיך אַמאָל איינגערעדט, אַז מיר האָבן זיך דערגרונטעוועט צום סוד פון דער וועלט־אַנטוויקלונג. ניט ריכטיק. מיר האָבן זיך גיכער איינגערעדט אַז ס'איז גאָר קיין סוד ניטאָ און אַז אַלץ ליגט אויף דער דלאָניע: דער תכלית איז מענטש, די קרוין פון דער שאַפונג; דאָס וואָס איז העכער פון אים איז שוין גאָט, און צווישן דעם מענטשן און דעם כביכול זיינען מער קיין מיטל־באַשעפענישן נישטאָ. דער צוזאַמענברוך פון די היסטאָרישע רעליגיעס האָט אין דעם פּרט ווייניק געענדערט. דער וויסנשאַפטלעכער וועלט־באַנעם שטערט אונז מערסטנטייל ניט אין אונזער אַלטער געוואוינהייט אַוועקצושטעלן דעם מין מענטש, ווי ער איז אונז באַקאַנט, אין צענטער פון דער הויה. אַזאַ גייסט ווי אָגיוסט קאָנט האָט ערנסט געוואָלט גלויבן, אַז סאָציאָלאָגיע איז די קעניגין פון אַלע חכמות: האָט זי דאָך צו טאָן מיטן קינגלעכסטן פון אַלע ברואים, מיט זיין מאַיעסטעט דעם מענטשן און מיט זיין אָרגאַניזירט לעבן. אין אונזער פּאַקטישן באַוואוסטזיין פאַלן מיר ווייניק אַראָפּ אין אונזערע אויגן פון דער השערה, אַז די ערד — עפּעס אַ פאַרשטויסן, נישטיק־קליין און „פּראָווינציעל" ווינקעלע אין דער וועלט־אומענדלעכקייט — איז דער איינציקער פּלאַנעט אויף וועלכן לעבן, ווי ס'איז אונז באַקאַנט, האָט אַ קיום.

די ערד איז שוין לאַנג ניט פאַר אונז דער צענטער פון אוניווערס (אָדער פון די אוניווערסן), אָבער דאָס שטערט אונז ניט צו באַטראַכטן דעם ערד־געבונדענעם, צוויי־פוסיקן, רעדעוודיקן חי־וקיים פאַר דער לעצטער, ענד־גילטיקער דערגרייכונג פון אַלץ וואָס איז.

וויל אונז איצט דזשעימס ריטשי דערמאָנען, אַז פון אונזער מעטריקע איז נישטאָ וואָס נתפעל צו ווערן: דער „נזר הבריאה" איז נאָך בסך־הכל אַ שנעק, אַ לפי ערך נייער אורח אין דער וועלט־אכסניא. דער מין מענטש, ווי מיר קענען אים, מיטן ביסעלע הדרת פנים און הדרת פיגור וואָס מיר טייטשן אין אים אַריין, האָט זיך באַוויזן אויף דער זקנה־ערד מיט זיין קנויל נערוון און פעקל געהירן ערשט צום סוף פונם לעצטן אייז־פּעריאָד, צוריק מיט אַ דרייסיק טויזנט יאָר. איז דאָס אַ סך אָדער ווייניק? עס איז ניט לייכט אויסצוגעפינען ווי אַלט אונזער פּלאַנעט איז (כאָטש ס'איז קלאָר, אַז ער איז שטאַרק־שטאַרק „אָנגעשטאָפּט" מיט יאָרן), אָבער לעבן איז אויף אים געווען הונדערטער מיליאָנען יאָרן פאַר דער אַנטשטייאונג פונם מענטשן. אין אַלטע פעלזן געפינען מיר פאַרשטיינערונגען פון לעבעדיקע ברואים, וואָס האָבן באַוואוינט די ערד צוריק מיט אַ פינף הונדערט מיליאָן יאָר. זעלטענער און ווייניקער בולט זיינען נאָך עלטערע פאַרשטיינערונגען מיט אַ יחוס־בריוו פון צוריק מיט אַכט הונדערט מיליאָן יאָר, און עס איז פאַראַן אַ מער אָדער ווייניקער באַגרינדעטע השערה, אַז די גאָר־גאָר עלעמענטאַרע פאָרמען פון אַמאָליקן לעבן, וואָס זיינען ניט פּרעזערווירט געוואָרן אין דער ערד'ס פעלזן, זיינען אַנטשטאַנען צוריק מיט גאַנצע צוועלף הונדערט מיליאָן יאָר. אין דער אַלגעמיינער ביאָגראַפיע פון חי־וקיים'ס איז אַזוי אַרום די געשיכטע פונם מין מענטש בלויז אַ פּינטל מיטן אויג (ווי שטייט עס ערגעץ־וואו אין תלמוד? אָדם איז באַשאַפן געוואָרן גאָר־גאָר שפּעט, ערשט ערב שבת, כדי זיינע קינדער זאָלן זיך ניט קאָנען גרויסן; שטענדיק וועט מען זיי קאָנען דערמאָנען: „יתוש קדמך" — דער קאָמאַר איז געקומען אויף דער וועלט פאַר דיר).

אויב מיר זאָלן נעמען די צוועלף הונדערט מיליאָן יאָר זינט די ערשטע בלאַסע לעבנס־פאָרמען זיינען אַנטשטאַנען אויפן ערד־קוגל און זיי אַוועקשטעלן אויף אַ ציפער־בלאַט, ווי ריטשי טוט עס, ווי צוועלף שעהן (רעכנענדיק הונדערט מיליאָן יאָר פאַר אַ שעה), וועלן די דרייסיק טויזנט יאָר פונם מענטשנס עקזיסטענץ זיין, אין פאַרגלייך, ניט מער ווי אַנדערטהאַלבן סעקונדן — אַ גאַנץ נישטיקער פּעריאָד אין דעם אַלגעמיינעם צייט־שטראָם פון לעבעדיקע ברואים. אָבער אפשר האָט די נאַטור אַ באַשטימטע טענדענץ אין איר אַנטוויקלונג און מיר זיינען עס דער סוף, דער רעאַליזירונגס־פּונקט פון יענער טענדענץ, דער תכלית צו וועלכן זי האָט געשטרעבט?

מ׳קאָן די נאַטור ניט אינטערוויואירן וועגן אירע ענדצילן, אָבער דער איינדרוק איז, אַז זי האַלט אין איין מאַכן עקספּערימענטן מיט זיך אַליין און... בלייבט שטענדיק אַן אומצופרידענע. קיין ענטגילטיקן „כי טוב״ קאָן מען פון איר ניט הערן. גאַנצע אַכט הונדערט מיליאָן יאָר — צוויי דריטל פונם גאַנצן לעבנס־פּעריאָד אויפן ערד־קוגל — האָבן עקזיסטירט בלויז נידעריקע לעבנס־פאָרמען, די אַזוי גערופענע אינוועטעבראַטן (באַשעפענישן אָן אַ רוקן־ביין), ביז די נאַטור האָט זיך „דערטראַכט״ צו עפּעס פיינערס — צו דעם חוט־השדרה. מיליאָנען און מיליאָנען יאָרן איז אונזער יבשה געווען אינגאַנצן אומבאַפעל־קערט און אין די וואַסערן האָבן געלעבט די העכסטע ברואים, וואָס די נאַטור האָט פון זיך געקאָנט אַרויסברענגען (דער „תכלית״, ווי מען וואָלט דענסטמאָל געקאָנט אָננעמען, צו וועלכן זי האָט געשטרעבט און דערגרייכט), די פּרימי־טיווע פיש. ערשט שפּעט, גאָר שפּעט, האָט זיך די נאַטור דערטראַכט צו די אַמפיביעס — צו די רוקן־ביין־ברואים וואָס זיינען נאָך האַלב־פיש און האַלב־שרץ — וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען פילן אַביסל היימיש אויף דער יבשה. און אַ פופציק מיליאָן יאָר, איז זיך ריטשי משער, האָבן געמוזט ערשט נאָכ־דעם אוועקגיין אויפסניי, ביז די נאַטור האָט אָפּגעהאַלטן אַ נייעם שעפערישן זיג און עס זיינען אַנשטאַנען די רעפּטילן, די שטאָלץ־קריכנדיקע, גדלות׳דיק־פילפּיסיקע „שרצים ורמשים״. די באַוואוינטע וועלט, הייסט עס, האָט אין פאַרשיידענע פּעריאָדן געהאַט פאַרשיידענע מיוחסים און ליבלינגען, און ווען עס וואָלט געווען צוריק מיט אַ פּאָר הונדערט מיליאָן יאָר ווער עס זאָל פילאָזאָפירן אָדער שאַפן טעאָלאָגישע סיסטעמען, וואָלט ער מסתמא געזאָגט אַז די קוואַקעדיקע זשאַבע איז דער תכלית הבריאה און איר „לשון״ די העכסטע קולטורעלע דערגרייכונג. אָבער ניט איין מיוחס איז שוין אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד׳ס פּנים און זיין פּלאַץ אָדער ראָלע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ נייעם ליבלינג פון דער נאַטור. ריטשי דערמאָנט אונז, אַז „ערשט״ צוריק מיט אַ 120 אָדער 150 מיליאָן יאָר האָבן איבער די ימים און דער יבשה געוועל־טיקט ריזן־רעפּטילן, פון וועלכע אייניקע, ווי, למשל, דער דינאָסאַר, האָט דער־גרייכט די הויך פון הונדערט פוס און געוואויגן אַרום דרייסיק טאָן (אין ניי־זעלאַנד, אגב, האָט מען אַנטדעקט סימנים פון אַ פויגל, דינאָרניס, וואָס האָט אַמאָל שטאָלצירט מיט זיין הויך פון פערצן פוס). קיין אַנדער באַשע־פעניש האָט זיך מיט זיי ניט געקאָנט, דוכט זיך, פאַרמעסטן אין קאַמף פאַר לעבן, און יענע ברואים זיינען זיכער אַ לאַנגע צייט געווען די דערפאָלגרייכסטע „אימפּעריאַליסטן״ אויפן גאַנצן ערד־קוגל. אָבער אין דער זעלביקער צייט האָבן געלעבט און זיך געמוטשעט אויך קליינינקע און שוואַכע מויז־אַרטיקע ברואים, וואָס האָבן זיך פּחדנות׳דיק געמוזט באַהאַלטן אין אונטערערדישע לעכער, און פון זיי איז עס שפּעטער אַרויסגעקומען די גרויסע גרופּע פון

פעניש האָט זיך מיט זיי ניט געקאָנט, דוכט זיך, פאַרמעסטן אין קאַמף פאַר לעבן, און יענע ברואים זיינען זיכער אַ לאַנגע צייט געווען די דערפאָלגרייכסטע „אימפעריאַליסטן" אויפן גאַנצן ערד־קוגל. אָבער אין דער זעלביקער צייט האָבן געלעבט און זיך געמוטשעט אויך קלייניקע און שוואַכע מויז־אַרטיקע ברואים, וואָס האָבן זיך פּחדנות'דיק געמוזט באַהאַלטן אין אונטערערדישע לעכער, און פון זיי איז עס שפּעטער אַרויסגעקומען די גרויסע גרופּע פון די מאַמאַלס (די זויג־חיות). און וואָס איז געווען דער סוף? די הערשער־ראַסע פון די דינאָסאַרן איז מיט דער צייט אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען און פון די מויז־אַרטיקע באַשעפענישן האָט דער לעבנס־אימפּעט און דער נאַטור'ס „קינסטלערישע פאַנטאַזיע" אַרויסגעבראַכט אַלץ העכערע און העכערע ביאָ־לאָגישע טיפּן מיטן מענטשן אַלס זייער דערפאָלגרייכסטע רעפּרעזענטאַנץ.

אָבער וואָס קומט ווייטער? איז עמעצער פאַראַן וואָס קאָן זאָגן דער נאַטור: „עד כאן" — אין מענטשן האָסטו שוין דערגרייכט דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, איצטער האָסטו שוין מער ניט וואָס צו וועלן און ס'איז שוין צייט, דו זאָלסט אַרויפלייגן אַ שלאָס אויף דיין לאַבאָראַטאָריע?

ריטשי נעמט אָן, אַז די באַלעבטע וועלט האָט נאָך צו לעבן אַן ערך אַזוי פיל וויפיל זי האָט שוין געלעבט ביז אַהער — אַן ערך אַ צוועלף הונדערט מיליאָן יאָר. אויף וואָס זיין חשבון שטיצט זיך, איז ניט קלאָר. לויט דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם אָליווער לאָדזש'ס קאַלקולאַציעס איז דעם קעניגרייך פון לעבן באַשערט אַ סך מער אריכות ימים. די זון פאַרברויכט טאָקע יעדע סעקונדע אַ קיימא־לן פון פיר מיליאָן טאָן פון איר אייגענעם שטאָף, אָבער זי איז אַזוי ריזיק־גרויס, אַז כדי זי זאָל פאַרלירן בלויז איין פּראָצענט פון דער שטאָף־מאַסע, פון וועלכער זי באַשטייט היינט, דאַרף זי נאָך שיינען און וואַרעמען אַן ערך הונדערט און פופציק טויזנט מיליאָן יאָר. אָבער וואָס איז דער אונטערשיד, ווען דער לעצטער פונק לעבן אין אונזער אוניווערס, אָדער אינם איצטיקן גילגול פון אונזער אוניווערס, וועט אויסגעלאָשן ווערן? פּראָפעסאָר מיליקאַן, למשל, איז אין דעם פונקט אַ גרויסער אָפּטימיסט: זיין השערה איז אַז די זון האַלט זיך אין איין קאָמפּענסירן פאַר אירע פאַר־לוסטן פון שטאָף און ענערגיע, אַז, ווי אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, ווערט זי אויך אָן אַן אויפהער (לאָמיר ניט פרעגן, פון וואַנען) „געשפּייזט", אָדער אַז זי מאַכט זיך חרוב בלויז אויף אַזויפיל אויף וויפיל זי האָט אַ מעגלעכקייט זיך ווידער־אויפצובויען. אָבער אַלץ־איינס, וואָס פאַר אַ השערות מען זאָל ניט אָננעמען און ווי אַזוי מיר זאָלן ניט קאַלקולירן, איז פאַראַן אַ גרונט צו דענקען, אַז לעבן אויף אונזער פּלאַנעט האָט נאָך אַ צוקונפט, וואָס איז יעדנפאַלס ניט קלענער, אין זין פון צייט, ווי די פאַרגאַנגענהייט. מיט וואָס זשע וועלן אויסגעפילט ווערן יענע הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען יאָרן, וואָס

אונז (אָדער עמעצן אַנדערש) שטייט נאָך פאַר צו לעבן ? עס איז נישטאָ קיין יסוד צו טראַכטן, אַז די נאַטור האָט שוין געזאָגט איר לעצט וואָרט און אַז זי קאָן איצט צוגעגליכן ווערן צו איינעם וואָס איז פאַרנומען נאָר מיט קוקן אויף צוריק און „שניידן קופאָנעס״ פון זיינע אַמאָליקע דערגרייכונגען. עפּעס וועט זי נאָך טאָן און אויפטאָן, און ריטשי׳ן לייגט זיך אויפן שכל, אַז אין דעם גאַנצן ראָמאַן פון ביאָלאָגישן שטורם־און־דראַנג זיינען נאָך די וויכטיקסטע און די צומיינסט אינטערעסאַנטע קאַפּיטלען ניט אָנגעשריבן. עס קאָן זיין, אַז אויך דער מין מענטש איז בלויז איינער פון די אומצייליקע עקספּערימענטן פון דער נאַטור מיט איר שטענדיקן שעפערישן אומרו און איר רייכער פאַנ־טאַזיע, אַז זי איז ווייט ניט גליקלעך מיט די רעזולטאַטן אויך פון דעם דאָזיקן עקספּערימענט, און אַז נאָך דעם „מדבר״ פון די לעצטע דרייסיק טויזנט יאָר, וואָס די נאַטור באַטראַכט אפשר פאַר אַ ניט גאַנץ געלונגענער קאָמפּאָזיציע, וועט אַנטשטיין אַן אַנדער, אַ העכער באַשעפעניש, אַ נייער מיוחס און ערדקוגל־באַהערשער. וואָס, ס׳איז אוממעגלעך ? ווייל מענטש פאַרמאָגט אַזאַ קאָמפּלי־צירטן אָרגאַניזם ווי מאַרך, און מאַרך, כידוע, גענערירט אינטעלעקט און העכער פון אינטעלעקט קאָן שוין ניט זיין ? אויב די נאַטור האָט אויך אַ חוש פאַר הומאָר און איראָניע, אַמוזירט זי זיך זייער פון אַזאַ טענה. זי פילט, אַז זי קאָן נאָך שאַפן גאָר אַן אַנדער מאַרך, וואָס אין פאַרגלייך מיט אים זאָל אונזער איצטיקער מאַרך אויסקוקן ווי אַ שטיק פּאַרטאַטשנע מלאכה, אָדער גאָר — דענקנדיקע, פילנדיקע און מיט ווילן באַשאָנקענע ברואים אָן אַ מאַרך אינגאַנצן. די איין־צעליקע אָרגאַניזמען, ווען זיי וואָלטן פאַרמאָגט די פעאיקייט צו דענקען, וואָלטן אַמאָל מסתמא באַהויפּטעט אַז פיל־צעליקייט איז אַ משוגה׳דיקע פאַנטאַזיע, אַן אוממעגלעכקייט.



עס איז אַפילו ניט פאַראַן קיין גאַראַנטיע אַז באַשעפענישן וואָס גייען ניט אונטער אין קאַמף פאַר לעבן מוזן שטענדיק פּראָגרעסירן, זיך פאַרפיינערן, דער־גרייכן אין זייער אַנטוויקלונג העכערע מדרגות און ווערן גייסטיק רייכער. עוואָ־לוציע איז ניט דאָס זעלביקע וואָס פּראָגרעס. זי קאָן זיין אויך רעגרעס און אַפילו דעגענעראַציע. פּ. ד. אוספּענסקי (אין זיין „איי ניו מאָדעל אָוו דהי יוני־ווערס״) ווייזט אונז אָן אויף די אינסעקטן, וואָס ווייזן אַרויס אין זייער געבוי און אינם געבוי פון זייערע איינצלנע חלקים און אָרגאַנען פאָרמען, וואָס זיינען אָפּט פּערפעקטער ווי די, וואָס מיר באַגעגענען אין דער סטרוקטור פון אַזוי גע־רופענע העכערע חיות און פונם מענטשן. ער איז דערפאַר געניגט צו דענקען, אַז אינסעקטן האָבן הינטער זיך אַן אומגעהייער רייכע פאַרגאַנגענהייט („אַ קולטור״) און אַז זיי האָבן מיט דער צייט דעגענערירט. די שטוינענדיקע אָרדע־

נונג אין דער אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַלן לעבן ביי בינען און מוראַשקעס און זייער אידעאַלער קאָמוניסטישער רעזשים זיינען באַווייזן פון זייער אַמאָליקן רייכן אינטעלעקטועלן לעבן. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, מיינט אוספּענסקי, אַז סיי בינען און סיי מוראַשקעס האָבן אַמאָל דערגרייכט אַ הויכע, כאָטש אַ זייער איינזייטיקע קולטור, וואָס איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון „פּראָפּיט־און־ניצלעכקייט״־ווערטן און פון ראַציאָנאַלע אויסרעכענונגען, ניט לאָזנדיק קיין פּלאַץ פאַר פאַנטאַזיע און, ווי דער רוסיש־ענגלישער דענקער וויל זיך אויסדריקן, פאַר „מיסטיציזם״. זיי האָבן אָרגאַניזירט זייער גאַנץ לעבן אויף פּרינציפּן פון זייערן אַ „מאַרקסיזם״, ווערלכן זיי האָבן באַטראַכט פאַר עקזאַקט און וויסנשאַפטלעך. זיי האָבן פאַרווירקלעכט כמעט ביז די לעצטע קאָנסעק־ווענצן אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, וואָס האָט אינגאַנצן אונטערגע־אָרדנט דעם יחיד צו די אינטערעסן פונם „שטאַט״, און האָבן דערמיט אָפּגע־שאַפט פאַרן יחיד וועלכע ניט איז מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיינע אידיווי־דועלע פעאיקייטן און אַספּיראַציעס. און באמת, ווען מיר באַטראַכטן אַ בינ־שטאָק אָדער אַ מוראַשקע־בערגל, זיינען מיר דערשטוינט איבער אַן אומגע־הייערער סתירה אין לעבן פון זייער באַפעלקערונג. פון איין זייט, באַוואונדערן מיר דעם גרויסן סכום אינטעליגענץ און פּינקטלעכקייט אין קאַלקולאַציע, וואָס ליגן אין יסוד פון זייער אָרגאַניזאַציע; פון דער אַנדערער זייט (אויף וויפל מיר מעגן גלויבן, אַז אונזער באַאָבאַכטונג פאַרפירט אונז ניט), זיינען מיר איבערראַשט צו זען, אַז אין די אַקטיוויטעטן אָדער פונקציעס פון יעדן יחיד באַזונדער איז כמעט ניט פאַראַן קיין זכר פון אינטעליגענץ. די מדינה איז פול מיט חכמה, נאָר יעדער איינצלנער בירגער איז אַ גולם. די גרויסע אינטעליגענץ, וואָס מיר זעען, למשל, אין די פּראָדוקציע־מעטאָדן ביי בינען, אין דעם פּרינציפּ פון אַרבעטס־טיילונג וואָס זיי ווענדן אָן, אין זייער דיסציפּלין און סאָציאַלע שייכות׳ן, שטייט בלויז אין הינטערגרונט פון זייער ווירקלעכקייט אָבער ניט אין דער טאָג־טעגלעכער אויספירונג. אַמאָל, אין אַ זייער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, האָבן זיי פאַרמאָגט אינטעלעקט און חכמה, וואָס איז שפּע־טער פאַרגליווערט געוואָרן אין אינסטינקטן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סכום געוואוינהייטן און אויטאָמאַטישקייטן. אוספּענסקי איז אפשר גע־רעכט, ווען ער האַלט, אַז אין אַ בינשטאָק אָדער אין אַ מוראַשקע־רעפּובליק וואָלט „אינטעליגענץ״ איצטער ניט נאָר געווען נוצלאָז, נאָר אפילו שעדלעך. אינטעליגענץ איז אומפּעאיק איבערצוגעבן פון דור צו דור געזעצן, רעגולאַציעס און אַרבעטס־מעטאָדן מיט דער זעלביקער עק־זאַקטקייט. אינטעליגענץ קאָן לייכט עפּעס פאַרגעסן אָדער פאַדרייען, אָדער גאָר צוגעבן עפּעס נייס, וואָס איז עלול צו דעבאַלאַנסירן דעם אָנגענומענעם נוסח. בינען און מוראַשקעס האָבן דערפאַר אינגאַנצן פאַרטריבן אינטעליגענץ

פון זייערע קעניגרייכן, כדי ניט געשטערט צו ווערן אין זייער איינמאָל פאַר אַלעמאָל איינגעשטעלטער ראַציאָנאַלער טעכנאָלאָגיע און סאָציאַליסטישער לעבנסאַרט. די אינטעליגענץ איז קריסטאַליזירט געוואָרן אין סאָציאַלע געוואוינ־הייטן און מיט דער צייט האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי זיי אַן אַבסאָלוט טאָטאַלי־טאַרער לעבנס־שטייגער, אין וועלכן דאָס ביאָלאָגיש־שעפערישע איז ווי פאַר־ניכטעט געוואָרן כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַרן סאָציאָלאָגישן פּרינציפּ פון פליסיקער, רעגימענטירטער אַרבעט אונטערן צייכן פון גייסטיקער סטאַגנאַציע. אין דעם צוזאַמענהאַנג איז אינטערעסאַנט זיך צוצוהערן צו מאָריס מעטערלינק׳ן אין זיין בוך וועגן די טערמיטן (די אַזוי גערופענע ווייסע מוראַשקעס):

„זייער ציוויליזאַציע איז די צומיינסט אינטריגירנדיקע, קאָמפּליצירטע, אינטעליגענטע און, אין אַ געוויסן זינען, אויך די צומיינסט לאָגישע און צוגעפּאַסטע צו די לעבנס־שוועריקייטן, וואָס איז ווען עס איז אַנטשטאַנען אויפן ערדקוגל. אין געוויסע פּרטים איז די דאָזיקע ציוויליזאַציע, כאָטש זי איז אכזריות׳דיק מאוימ׳דיק־שטרענג און אָפּט אָפּשטויסנדיק, העכער פון אַלץ וואָס מיר זעען ביי בינען, ביי (געוויינלעכע) מוראַשקעס און אפילו ביים מענטש גופא... אין די טערמיטן־מלוכות זיינען די „געטער פון קאָמוניזם" מולך׳ס, וואָס זעטיקן זיך קיינמאָל ניט אָן. וואָס מער מ׳גיט זיי, אַלץ מער פאָדערן זיי. זיי באַשטייען אַזוי שטאַרק אויף זייערע פאָדערונגען, אַז דער יחיד ווערט ווי פאַר־ניכטעט. די דאָזיקע שרעקלעכע טיראַניי האָט ניט איר ביישפּיל אין אָרגאַניזירטן לעבן פון מענטשן. פון אונזער טיראַניי פּראָפּיטירט, לכל הפחות, אַ קליינע צאָל מענטשן, בשעת אין דער טערמיטן־מלוכה פּראָפּיטירט קיינער ניט... דאָס פרייוויליקע זיך־אונטערוואַרפן די געזעצן און רעגולאַציעס, וואָס מען ווייסט ניט פון וואַנען זיי קומען, האָט ניט קיין גלייכן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט... קראַנקהייט איז ניט טאָלערירט (דער קראַנקער קאָן דאָך ניט אַרבעטן) און שוואַכקייט טראָגט מיט זיך אויטאָמאַטיש אַ טויט־אורטייל... די דאָזיקע אינ־סעקטן־שטעט קאָנען באַטראַכט ווערן אין אַ געוויסער מאָס ווי אַ שאַרזש אויף מענטשן, ווי אַ מין קאַריקאַטור אויפן ערדישן גן־עדן, צו וועלכן די מיינסטע ציוויליזירטע מענטשן שטרעבן". מעטערלינק גייט אַזוי ווייט ווי אַרויסצוזאָגן אַ מעלאַנכאָלישע השערה, אַז די טערמיטן זיינען די אָנזאָגער אָדער די פאַר־גייער פון מענטשלעכן שיקזאַל — אַז מיט דער הילף פון אונזער אינטעלעקט און טעכנאָלאָגישער וויסנשאַפט זאָלן מיר אַזוי שטאַרק ראַציאָנאַליזירן דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן און רעגימענטירן דעם יחיד, אַז אינטעליגענץ זאָל אין אונז מיט דער צייט אויסגעלאָשן אָדער אַטראָפירט ווערן, ווייל מען וועט זיך קאָנען באַגיין בלויז מיט אינסטינקט־געוואָרענע האַנדלונגס־געוואוינהייטן. (דאָס טעילאָר־סיסטעם און פאָרדיזם אין אינדוסטריע, סאָוועטיזם און נאַציזם אין פּאָליטיק און קולטור, זיינען אפשר, אויב מ׳זאָל אָננעמען מעטערלינק׳ס

פּראָגנאָז־רמזים, די ערשטע סימנים פון אַזאַ רעגימענטאַציע, וואָס דאַרף מיט דער צייט אויסלעשן אין אונז שעפערישן גייסט און אינדיווידועלע אייגנ־שאַפטן). אויב דאָס זאָל פּאַסירן — כאָטש ס'איז לחלוטין נישטאָ קיין גרונט אָנצונעמען אַז אַזאַ טענדענץ פון געברויכן גייסט פאַר זיין אייגענער פאַרניכטונג איז אַ פאַטאַלע גזירה — וועט די נאַטור האָבן נאָך ווייניקער גרונט צו זיין צופרידן מיט איר עקספּערימענט, און איר „אומצופרידנקייט" קאָן זי נאָך מער סטימולירן אַרויסצוברענגען נייע לעבנס־אַרטן, וואָס זאָלן פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין אונזער פּלאַנעט־אכסניא...

⁂

דאָס זיינען נאַטירלעך — ספּעקולאַציעס, בלויז ספּעקולאַציעס. קיינער קאָן ניט באַווייזן אַז ס'איז טאַקע פאַראַן אַזאַ ווען ווי „נאַטור" אַלס אַן איינהייט אין זיך און אַז דאָס דאָזיקע, וועזן וויל עפּעס, זוכט עפּעס, זאָגט איינמאָל „כי טוב", אַן אַנדער מאָל „כי רע", כדי נאָכאַמאָל און אָבעראַמאָל זיך אַריינצולאָזן אין נייע עקספּערימענטן. דאָס זיינען אַלץ „פּראָיעקציעס", אין וועלכע אונזער פאַרשטעלונגס־קראַפט שפּילט די הויפּט־ראָלע, אָבער אָן די דאָזיקע „פּראָ־יעקציעס" קאָנען מיר זיך ניט באַגיין אַפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונזערע אַזוי גערופענע עקזאַקטע וויסנשאַפטן. די לערע פון עוואָלוציע, יעדנפאַלס ביי אינטענסיוו דענקנדיקע מענטשן פון אונזער צייט, האָט אַרויסגערופן די פראַגע פון „וואָס ווייטער?" אָדער „וואָס איז דער נאָענטסטער שטאַפּל?" — און אַלץ איינס צי מען קאָן אויף אַזאַ פראַגע ענטפערן אָדער ניט, זיך באַפרייען פון איר ווערט אַלץ שווערער. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס ביי ניטשע'ן, למשל, איז זיין גרויסע באַגייסטערונג פאַרן דאַרוויניזם געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט זיין זאַראַטוסטראַ־טרוים, מיט זיין וויזיע פונם „איבערמענטשן" — און איבערמענטש האָט דאָך ביי אים געהייסן ניט אַזוי פיל אַ פאַרפולקאָמונג און אַ פאַרפיינערונג פונם איצטיקן מענטשן, ווי אַ ניי באַשעפעניש וואָס וועט שטיין איבער דעם מענטשן, העכער פון אים און וועט זיין פריי פון זיין באַ־גרענעצונג:

„איך לערן אייך דעם איבערמענטשן. מענטש איז עפּעס וואָס מע דאַרף גובר זיין... וואָס איז די מאַלפּע פאַרן מענטשן? אַ שטיק שפּאָט און אַ וואונד־חרפה. אָבער דאָס זעלביקע וועט זיין דער מענטש פאַרן איבער־מענטשן — אַ שטיק שפּאָט און אַ וואונד־חרפה... אַפילו די פון אייך וואָס פאַרמאָגן צומיינסט וויזהייט זיינען בלויז צעריסנקייט, אַ מין כלאים פון פלאַנץ און מיראַזש... דער מענטש איז אַ שטריק איבער א תהום... דאָס גרויסע אינם מענטשן איז גראָד דאָס, וואָס ער איז אַ בריק און ניט קיין ציל".

ניטשע איז לויט זיין טעמפּעראַמענט ניט געווען קיין וויסנשאַפטלער און קיין סיסטעמאַטיקער. ער האָט אָבער געטראָגן אין זיך געניאַלע וויזיעס, און דער איבערמענטש איז פאַר אים געווען אַ ליידנשאַפטלעכע אינטואיציע און אַ... פּאַראַדיז-געפיל. אָבער גראָד ווייל ער האָט דאָס, וואָס עס קומט נאָך דעם מענטשן און איבער דעם מענטשן אַזוי פיבערדיק פאַראויסגעפילט, וואָלט ער מסתמא היינט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן די ספּעקולאַציעס פון אַ ריטשי אָדער אַ מעטערלינק, וואָס שטעלן זיך פאָר די ירידה און דעגענעראַציע פונם מענטשן און די אַנטשטייאונג פון אַ נייער בריאה אָנשטאָט דעם מענטשן. ני־טשע׳ס איבערמענטש דאַרף געשאַפן ווערן ניט אנשטאט און אָן דעם מענטשן, נאָר פון און דורך דעם מענטשן. די ערשטע, כאָטש שוואַכע און בלאַסע, סימנים פונם איבערמענטשן זיינען שוין פאַראַן — אינם מענטשן גופא: אין זיין גייסטיקן געראַנגל אַרויסצוגיין פון זיינע גרענעצן און באַגרעניצטקייטן, פון די ד׳ אמות מענטש און צופיל מענטש; אין זיין קונסט און רעליגיע; אין זיין טראַגישער צעריסנקייט און אפשר מער פון אַלעמען אין די כוואַליעס פון מוזיק וואָס ברויזן אַריבער די ברעגעס פון זיין בלויז־מענטש־זיין.

***

איך געדענק ניט ווער עס האָט דאָס געזאָגט (און אפשר ווילט זיך מיר בלויז, אַז עמעצער זאָל דאָס האָבן געזאָגט):

אין באַלעט, אין אָפּערע, אין מוזיקאַלישער דראַמע זע איך אָפּטמאָל אַ קלייניקן חלק פון אַן אחד משישים פון אַ באַשעפעניש וואָס דאַרף ערשט אַנטשטיין, וועגן וועלכן דער קינסטלערישער מענטש האָט אַ פאַרנעפּלטע, נאָבל־קרענקלעכע, נביאיש־נאָגנדיקע אַנונג. דאָס אומגעווייינלעכע, דאָס משונה׳דיק־פייערלעכע, דער ריטם און דאָס עצם אָטעמען פון מחוץ לדרך ה„שטייגער" — דאָס זיינען אפשר בלויז אויסגעהאַקטע פונקען פון אומבאַקאַנטע טיפּעבישן, רמזים אויף אַ לעבנס־נוסח פון אַ באַשעפעניש, וואָס די נאַטור חלומ׳ט שוין אויס אין און דורך דעם מענטשן.

1940

# אַ רוף צו וויסנשאַפטלער

וו אַלטער ראַטענאַו האָט אַמאָל, אין אַ געמיטלעכן שמועס, כאַראַקטעריזירט די ראָלע פון וויסנשאַפט.

„וויסנשאַפט", האָט ער זיך אויסגעדריקט, „ווייסט שוין היינט זייער אַ סך, און מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועט זי וויסן אָן אַן ערך מער. זי ווייסט ׳בלויז׳ ניט די פּאָר וויכטיקסטע זאַכן, וואָס מיר, בידנע מענטשלעכע ברואים, דאַרפן וויסן, און פון יענע זאַכן, גלויב איך, וועט זי שוין קיינמאָל קיין באַגריף ניט קריגן. אייגנטלעך איז עס גאָר ניט איר אויפגאַבע יענע זאַכן צו וויסן, ווייל אין גרונט איז זי געגליכן צו אַ געאָגראַפישער מאַפּע. וואָס איז אַ מאַפּע? אויב איר האָט אַ באַשטימטן פּונקט אויפן ערדקוגל, וועלכן איר ווילט דער־גרייכן, קאָן זי אייך געבן אַ גוטע עצה, וועלכער וועג צו יענעם פּונקט איז קירצער אָדער באַקוועמער. די מאַפּע קאָן אייך אָבער קיינמאָל ניט זאָגן, וועלכן פּונקט איר דאַרפט וועלן דערגרייכן. איר איז אַלץ איינס, צי איר ווילט זיך אַוועקלאָזן צום עקוואַטאָר אָדער צום נאָרד־פּאָל. זאָלט איר בטבע זיין אַ פּוילער און בכלל ניט האָבן קיין חשק זיך צו רירן פון אָרט, נעמט זי זיך ניט אונטער אַזאַ חשק אין אייך אַרויסצורופן. ניט זי וויל עס, ניט זי איז דערצו מסוגל".

ראַטענאַו האָט זיכער דערמיט ניט פּרעטענדירט אַרויסצוזאָגן אַ נייעם געדאַנק. אין גרונט, וויפל לחלוטין נייע געדאַנקען קאָן מען עס בכלל אַרויסזאָגן אין אַזאַ קורצער צייט ווי אַ יאָר־טויזנט? אַז דער אינטעלעקט, אָט דער רירעוודיקער און, ווי מיר ווילן גלויבן, אויך געוויסנהאַפטיקער אינ־זשענער פון אַלע אונזערע וויסנשאַפטלעכע בנינים, איז ניט דער איינציקער, אַפילו ניט דער וויכטיקסטער בעל־הבית אין דעם ווירוואַר פון אונזערע לעבנס־פּראָצעסן, האָבן אונז פאַר ראַטענאַו אָנגעזאָגט גרעסערע און קרעפּ־טיקערע דענקער פון אים. אַז דער אינטעלעקט און צוזאַמען מיט אים זיין „פּראָדוקציע", די וויסנשאַפט, איז מער שמש ווי גבאי, איז אַ טעזיס וואָס בערגסאָן האָט אים געמאַכט כמעט פאַרן פונדאַמענט פון זיין גאַנצער פילאָ־סאָפיע. אויף אַן ענלעכער הנחה איז, אין לעצטן חשבון, אויפגעבויט אויך פרויד׳ס גאַנצע שיטה אין פּסיכאָלאָגיע, און צענדליקער יאָרן פאַר זיי האָט שאָפּענהאַוער, אויף זיין אופן, פונאַנדערגעוויקלט פאַר אונז אַ וועלט (אָדער, ווי ער האָט געמיינט, די וועלט), וואָס איר יסוד איז ווילן און פאָרשטעלונג, ניט דענקען און וויסן. איך ציטיר דאָ ראַטענאַו בלויז דערפאַר, וואָס ער

האָט געפונען אַ פּאָפּולערע, בילדלעכע פאָרם פאַר דעם דאָזיקן ניט־נייעם געדאַנק.

איך האָב דערפאַר געלייענט מיט אַ שמייכל אַן אַרטיקל — אין גרונט, אַ מין אויפרוף צו די וויסנשאַפטלער, אַז זיי זאָלן זיך מרחם זיין אויף דער וועלט און זי ראַטעווען פון אַ מעגלעכן אונטערגאַנג. ריכאַרד שלעגעל (פון דער פיזיקאַלישער לאַבאָראַטאָריע ביי דער פּרינסטאָן אוניווערסיטעט) פילט, אַז מיר האָבן זיך נעבעך אַלע אַריינגעפּאַקט אין אַ גרויסער צרה מיט דער דערפינדונג פון דער אַטאָמישער באָמבע. ער איז מיט זיין שרעק, ווי מיר ווייסן, ווייט ניט קיין בן־יחיד. די אַטאָם־ענערגיע־פּאַניק וואַקסט פון טאָג צו טאָג אַלץ מערער, און שטאַטסלייט ווייסן ניט, וואָס פאַר אַן עצה מ׳קאָן זיך דאָ געבן. קומט אַרויס דער דערמאָנטער שלעגעל מיט אַן אויפרוף „וויסנשאַפטלער פון דער וועלט, פאַראייניקט אייך״. איר (אָדער ווי שלעגעל מעג זאָגן — מיר), וויסנשאַפטלער, האָט די באָמבע דערפונדן, איז עס אייער חוב איצטער די וועלט צו ראַטעווען פון דער קאַטאַסטראָפע, צו וועלכער אייער דערפינדונג קאָן ברענגען.

דער משקל איז אַ באַקאַנטער. ווי לאַנג צוריק האָט עס געקלונגען אין די אויערן אין אַזוי פיל לענדער? „פּראָלעטאַריער פון דער וועלט, פאַראייניקט אייך״. די ישועה האָט געזאָלט קומען פונם יגיע־כפּים׳ניק, פונם אָרעמען האָרעפּאַשניק. אַמאָל — גאָר ניט לאַנג צוריק — איז געווען קלאָר פאַר יעדן סאָציאַליסטישן מאמין, אַז זאָלן נאָר פּראָלעטאַריער וועלן, וועט קיין מלחמה ניט קאָנען פאָרקומען: פּשוט בתכלית הפּשטות, אויב זיי זאָלן זיך איינשפּאַרן און זיך אָפּזאָגן פּראָדוצירן געווער און אַמוניציע, וועט ניט זיין מיט וואָס זיך איינער דעם אַנדערן צו ממית׳ן. ווער קאָן אפילו היינט זאָגן, אַז דער חשבון איז אַ פאַלשער? אָבער פּראָלעטאַריער האָבן זיך ניט איינגעשפּאַרט און האָבן, אומעטום וואו מ׳האָט זיי געהייסן, געווער און אַמוניציע בפירוש יאָ פּראָדוצירט, און אַז ס׳איז געקומען די קריטישע שעה און מ׳האָט זיי באַפוילן אָנטאָן מונדירן און גיין אין די אַרמייען, האָבן זיי זיך זייער ווייניק געקווענקלט און — געגאַנגען: אין אַלע אַרמייען, אין אַלע לענדער, אונטער אַלע רעזשימען. אין לעצטן פערטל יאָרהונדערט איז שווער אָנצואווייזן אפילו אויף איין עבודה־זרה, צו וועלכער אויך פּראָלעטאַריער האָבן מיליאָנען־וויז ניט געדינט. דאַרף, הייסט עס, איצטער דעם פּלאַץ פונם באַנקראָטירטן האָרעפּאַשניק פאַרנעמען דער וויסנשאַפטלער? אַזוי, ווייזט אויס גלויבט שלעגל. די וויסנשאַפטלער, זאָגט ער, זיינען מער אינטערנאַציאָנאַליסטיש געשטימט ווי מענטשן פון אַנדערע פּראָפעסיעס, און זיי זיינען עס די, וואָס זיינען מסוגל צו שטעלן די לאָיאַליטעט צו מענטשהייט און מענטשלעכקייט העכער פון ענגע נאַציאָנאַליסטישע אינטערעסן. זאָל מען איבערגעבן די אַטאָמישע באָמבע אין

רשות פון וויסנשאַפטלער, (אין דעם פאַל — אין רשות פון פיזיקער און כעמיקער), זאָל מען שאַפן אַ מין אַלוועלטלעכן וויסנשאַפטלעכן ראַט צו קאָנטראָלירן אומעטום די אַטאָם־ענערגיע — וועלן זיי שוין וויסן וואָס צו טאָן, אַז דער שלום פון דער וועלט זאָל ניט געבראָכן ווערן.

שלעגעל איז ניט דער איינציקער, וואָס זוכט די ישועה אין וויסנשאַפט און אין אירע טרעגער. די וועלט באָדט זיך נאָך אַלץ אין אַ תוהו־ובוהו פון בלוט און אייטער; אַלטע מלוכות זיינען חרוב געוואָרן פאַר אונזערע אויגן; ראַסן, פעלקער, שבטים זיינען נאָך אַלץ גרייט דורס צו זיין, צו פאַרניכטן איינע די אַנדערע; איבער אונזער גאַנץ שטיקל ציוויליזאַציע פאָכען די פליגל פונם מלאך־המות; און דער סתם־מענטש איז אומעטום צעשראָקן (אָפטמאָל לאָזט ער זיך אַריין פאַר שרעק אין אַ פאַרדעכטיקער פריילעכקייט), אומעטום טעראָריזירט, צעמישט אין זיינע געדאַנקען און געפילן, צעריסן אין זיינע גלוסטעניש. אפשר קאָן וויסנשאַפט העלפן? מ׳זאָגט אויף איר, אַז זי קאָן אַלץ. וויל מען זיך איינשמועסן, אַז זי איז מסוגל אַנצואווייזן אַ וועג, אונז צו אַנט־פלעקן אונזערע אייגענע צילן, אויפצוהאַקן פאַר אונז לוחות פון ווערטן, ברענגען די גאולה. אַלע טיפּן פון פירערשאַפט און ממשלה, אַלע „קראַטיעס" האָבן שוין באַנקראָטירט, האָבן דעם מענטשן קיין גליק און קיין מקום־מנוחה ניט געגעבן. מיר האָבן פּרובירט טעאָקראַטיע, די כלומר׳שטע „ממשלה פון גאָט" — האָט זי פאַרפלייצט די וועלט מיט אָקעאַנען בלוט; מיר האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אַריסטאָקראַטיע, פון דעמאָקראַטיע און פון עטלעכע מינים דיקטאַטוראָקראַטיע, און די וועלט איז נאָך דעם אַלעמען נאָך מער צעבלוטיקט און פאַרוואונדיקט, אומזיכער און טעראָריזירט פון חשד און מורא. איז ניט געקומען די צייט פאַר אינטעלעקטאָ־קראַטיע, פאַר דער ממשלה פון וויסנ־שאַפט און אירע טרעגער (לאָמיר זיך דערמאָנען — ערשט נעכטן, דוכט זיך, האָבן מיר אים געהערט — אָט דעם פאָפּולערן פּזמון פון טעכנאָ־קראַטיע)?

אָבער, במחילת כבוד ה׳וויסנשאַפט — וואָס איז איר כוח? וואָס וויל זי? קאָן זי בכלל עפּעס וועלן? אָט איז אַרכיטעקטור אַ וויסנשאַפט (אויך אַ קונסט). וויל זי עפּעס? זי איז אייך גרייט צו בויען אַלץ וואָס איר ווילט. איר אַרט ניט, צי ווילט איר אויפבויען אַ טעמפּל אָדער אַ תפיסה, אַ שפּיטאָל אָדער אַ קאַבאַרע, אַן אַפּערע־הויז אָדער אַ גאַז־קאַמער,אומצוברענגען מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן. זי איז אַזוי גלייכגילטיק ווי אַ בריוו־טרעגער: וואָס גייט עס אים אָן (פּראָפעסיאָנעל, מיין איך), וואָס אין בריוו שטייט — אַ מזל־טוב אָדער אַ ברוך־דיין־אמת? וואָס גייט עס אָן די אַוויאַציע, צי מען בויט אַן עראָפּלאַן פאַר ערגעץ־וואו פאַר אַ פאַרליבט פּאָרל, אָדער פאַר סאָלדאַטן, וואָס וועלן פונם עראָפּלאַן וואַרפן באָמבעס אויף קינדער, אויף פרויען, אויף זקנים, אויף שפּיטאָלן? די עובדה פון וויסנשאַפט איז צו דערגיין, וואָס עס

„איז", וואָס עס „מוז זיין" (היינט לייגט מען נאָך צו: וואָס עס „קאָן זיין") — ניט וואָס עס „זאָל זיין". „זאָל" איז פאַר איר אַן אַבסאָלוט פרעמדער באַגריף. זי האָט מסתמא קיינמאָל דאָס וואָרט ניט געהערט. זי האָט גאָר קיין אויערן ניט אַזאַ וואָרט צו דערהערן.

איך ווייס פון אַ גוטן מאַטעמאַטיקער, אַ ישוב׳ניקס אַ זון. האָט אַמאָל זיין דאָרפישער פאָטער אַ פרעג געטאָן ביים זון, ווען ער איז געקומען צו אים אויף יום־טוב, צי מעג מען על פי מאַטעמאַטיק עסן חמץ אום פסח. דער אַלטער, תמימות׳דיקער איד האָט זיך געהאַט זיינע באַגריפן פון „לומדות", און ער האָט בושם אופן ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן אַ „תורה" — נו, אפילו אַ גואישע תורה — וואָס האָט ניט צו טאָן מיט „מ׳מעג" און „מ׳טאָר ניט", מיט „מ׳זאָל" און „מ׳זאָל ניט". גאַנצע אַוונטן האָט זיך דער מאַטעמאַטיקער געמוטשעט מסביר צו זיין דעם פאָטער, אַז מאַטעמאַטיק קאָן האָבן, לאָמיר זאָגן, אַן אינטערעס פאַר דער קוואַדראַט־פאָרם פון אַ מצה און פאַר דער קיילעכדיקייט פון אַ לעבל חמץ, אָבער וועגן אַזעלכע זאַכן ווי „אסור" און „מותר" ווייסט זי לחלוטין ניט. דער ישוב׳ניק האָט עס אַלץ ניט געקאָנט תופס זיין. אָבער — פאַלן ניט אַרייַן אייניקע בכבודיקע, טיטולירטע וויסנשאַפטלער אין דער „תמימות" פון יענעם דאָרפס־אידן, ווען זיי פאַרמעסטן זיך אַלס וויסנשאַפטלער צו לייזן סאָציאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען?

פּלאַטאָן האָט, אין זיין „רעפּובליק", געטרוימט וועגן אַ ממשלה פון פילאָזאָפן (פילאָזאָפיאָ־קראַטיע) — האָט עס ערגעץ־וואו, ריין־לאָגיש, געהאַט אַ זין. פילאָזאָפן זיינען ניט קיין (איינזייטיקע, פּיקסירטע) „ספּעציאַליסטן". פילאָזאָפן, לויט זייער עצם פונקציע, לעבן אין קעניגרייך פון ווערטן און צילן, ניט בלויז אין קעניגרייך פון פאַקטן, און אויך די פאַקטן גופא האָבן פאַר זיי אַן אַנדער באַדייטונג ווי פאַר וויסנשאַפטלער. פאַקטן, ווי זיי זעען זיי, פירן (אַזוי יעדנפאַלס דוכט זיך זיי) צום שורש פון דער וועלט, צום אור־שטאָף און צום אור־ווילן, צו מעשה־בראשית און צו דער כוונה פון מעשה־בראשית. פילאָסאָפיע איז ניט וויסנשאַפט. זי איז, אָדער זי וויל זיין, עפּעס וואָס איז העכער און מער „ממשות׳דיק" ווי וויסנשאַפט. איר אַמביציע, יעדנפאַלס, איז צו ווערן — חכמה. פאַר פּלאַטאָנ׳ען זיינען פילאָזאָפן געווען ניט סתם געלערנטע, ניט קיין תלמידי־חכמים, נאָר חכמים ממש, די טרעגער פון וויזהייט. איז נאַטירלעך, וואָס אַן דער שפּיץ פון זיין אידעאַלער רעפּובליק האָט ער געוואָלט זען פילאָזאָפן, מענער פון ברייטע סינטעזן, באַשאַנקען מיט זעעוודיקייט. אמת, פּלאַטאָן האָט זיך „ניט גענומען די טירחה" אָנצואווייזן, ווי אַזוי, מיט וועלכע מיטלען, די פילאָזאָפן וועלן ווען עס איז קריגן די ממשלה. דורך אַלגעמיינע וואַלן? דעמאָלט דאַרף דאָס פאָלק גופא פאַרמאָגן אַזוי פיל חכמה, אַז עס זאָל וויסן, ווער עס זיינען די עטלעכע געציילטע

אמת'ע חכמים פונם לאַנד. אָבער „מבינות" אויף חכמה איז שוין אַליין אַ גאַר־גאַר הויכע מדרגה — טאַקע פון חכמה גופא. ווען די פילאָזאָפן זיין דיק־טאַטאָרן? ווי אַזוי? מיט וואָסער וואָפן אָדער מיטלען וועלן זיי אַרייַנקריגן אין די הענט דיקטאַטאָרישע מאַכט? אויף דעם איז קיין ענטפער ניט געגעבן געוואָרן. אָבער דער עצם געדאַנק, ריין־אַבסטראַקט, איז פאַר פּלאַטאָנ'ען געווען אַ קלאָרער. ס'איז פאַראַן אַן אידייע פונם העכסט־גוטן, פון אַ „כי טוב", וואָס קאָן ניט אָפּגעפרעגט ווערן, און נאָר די וואָס האָבן יענע אידייע תופס געווען אין איר גאַנצער קראַפט און אין דעם ליכט, וואָס זי קאָן אויסשטראַלן אויף אונזער עולם התחתון — פילאָזאָפן — זיינען ראוי צו פירן אַ מלוכה, די וועלט בכלל.

אָבער וויסנשאַפטלער זיינען ניט קיין פילאָזאָפן. אין גרונט טאָרן זיי גאָר קיין פילאָזאָפן ניט זיין. זיי האָבן ניט קיין רעכט אַנצוואוועגדן (אין דער ספּערע פון זייער ספּעציעלער אַרבעט) דאָס, וואָס מיר באַצייכענען אַלס „ווערט־מאַסשטאַבן". און בלייבן זיי אין די גרענעצן פון פאַקטן און געזעצן, אין תחום־המושב פון „איז" און „קאָן זיין" און „מוז זיין", פון וואַנען קאָן זיך ביי זיי נעמען אַ „זאָל זיין" — צילן, ווערטן, אידעאַלן? „יהי" (עס זאָל זיין) שטייט גאָר ניט אין ווערטערבוך פון דער וויסנשאַפט.

נאַטירלעך, אויך אַ וויסנשאַפטלער (אַלס פּערזאָן, ניט אַלס פאַכמאַן) קאָן זיין אַ טרעגער פון צילן, אַ טרוימער, אַן עסטעטיקער, אַ בעל־מוסר, אַ מוכיח. אָבער דאָס האָט ווייניק צו טאָן מיט זיין „בראַנזשע". אַ וויסנשאַפטלער, למשל, קאָן אויך זיין אַ קעמפער פאַר עקאָנאָמישער און פּאָליטישער גלייכ־קייט, און ווערט ער מיט אַזעלכע אידעאַלן דורכגעדרונגען, קאָן ער אַמאָל וויסן בעסער פון אַנדערע — ווייל ער איז אַ וויסנשאַפטלער — ווי אַזוי זיי צו פאַרווירקלעכן אין לעבן. אָבער דעם עצם אידעאַל פון גלייכקייט קאָן ער פון דער וויסנשאַפט ניט אַרויסקריגן. יענער אידעאַל מוז קומען גאָר פון אַנדערע מקורות — פון זיך אַליין, פון אינעווייניק, פונם „חלל העולם", פון „הפקר". מאַרקס האָט אַלס וויסנשאַפטלער געקאָנט באַווייזן דעם ענין „מער־ווערט", וואָס דער קאַפּיטאַליסט קריגט אַריין אין זיינע הענט אין אונזער מאָדערנערווירטשאַפט. אָבער דער ווילן אָפּצושאַפן אַ סיסטעם, אין וועלכער איינער שאַפט דעם „מערווערט" און דער אַנדערער נעמט אים צו פאַר זיך, האָט מיט וויסנשאַפט ניט צו טאָן. ווייל יענער ווילן שפּייזט זיך פונם געפיל און פון דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז אַן עוולה און וואָס ווייסט וויסנשאַפט וועגן עוולות אָדער מעשים טובים?

אויב מיר האָבן היינט אַזוי מורא פאַר אַטאָמישער ענערגיע, דאַרפן מיר וויסן וואָס מיט איר צו טאָן און מיט וועלכע פּאָליטישע מיטלען זי צו קאָנטראָ־לירן, כדי זי זאָל אונז אַלעמען ניט חרוב מאַכן. אָבער איבערגעבן דעם ענין

צו וויסנשאַפטלער, זיך פאַרלאָזן אויף זיי בלויז ווייל זיי זיינען וויסנשאַפטלער? אויך זיי דאַרפן אין אַ סך פאַלן קאָנטראָלירט ווערן, און זייער אַ סך ווענדט זיך אָן דעם, אין רשות פון וואָס פאַר אַ רעגירונג זיי ווערן אַוועקגעשטעלט, און וואָס זיינען זייערע אַלגעמיינע פּאָליטישע אני־מאמינ׳ס, און אין וועלכער מאָס זיינען זיי ווי אַ וועלט־בירגער גרייט צו דערפילן זייערע פליכטן. לאָמיר ניט פאַרגעסן, וואָס פאַר אַ ראָלע גרויסע צאָלן דייטשע וויסנשאַפטלער האָבן געשפּילט אין צוגרייטן די מיליטערישע נאַצי־מאַשין פאַר דער לעצטער מלחמה...

⁂

אַראָפּ דאָס היטל פאַר יעדן כהן פון יעדער וויסנשאַפט: אָבער כהונה איז „עבודה״ נאָר ווען הינטער איר און איבער איר שטייט נבואה. אָן נבואה קאָנען כהנים לייכט ווערן משרתים ביי דער עבודה־זרה. זיי זיינען עס שוין ניט איינמאָל געווען...

1938

# וויליאַם דזשעימס

די אַקאַדעמישע וועלט אין אַמעריקע האָט די טעג געפייערט דעם הונ־דערטסטן געבורטסטאָג פון וויליאַם דזשעימס. ווען די צייטן וואָלטן געווען רואיקער און מענטשלעכער, וואָלט די געלעגנהייט פון אַזאַ יאָרצייט זיכער אויסגענוצט געוואָרן פאַר אַ ריין־פילאָסאָפישן חשבון־הנפש: מען וואָלט געזוכט אַ סך טיפער צו גראָבן אין דער ליטעראַרישער ירושה פונם אַמע־ריקאַנער פילאָזאָף, אָפּצושאַצן זיין באַדייטונג פאַר דער מאָדערנער פסיכאָ־לאָגיע און צו ענטפערן אויף דער פראַגע, אויף וויפיל מיר קאָנען נאָך היינט — העכער דרייסיק יאָר נאָך זיין טויט — זיך שפּייזן מיט זיינע מעטאַ־פיזישע ספּעקולאַציעס. אָבער אויך מענטשן וואָס געהערן צום „פאַך" זיינען איצטער ניט מסוגל זיך צו קאָנצענטרירן אויף אַזעלכע ענינים, און ווי איך זע פון די באַריכטן, האָט מען אין אַ צאָל אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן אויס־גענוצט די פייערונגען פאַר אַ מיינונג־אויסטויש וועגן דער פּראָבלעם מלחמה און פרידן. זיכער, האָבן זיי פאַר דעם געהאַט אַ פאָרמעלן גרונט. כאָטש דזשעימס האָט זיך, אַלס שרייבער און געלערנטער, וויניק פאַרנומען מיט פּאָלי־טישע און סאָציאַלע פראַגן, האָט ער אָבער אַלס בירגער ביי פאַרשידענע געלע־גנהייטן אַרויסגעזאָגט מיינונגען סיי וועגן סאָציאַלע חולאת׳ן און סיי וועגן מעג־לעכע קור־רעצעפּטן פאַר די דאָזיקע חולאת׳ן. מען קאָן נאָך היינט לייענען מיט אינטערעס (ווי כמעט אַלץ וואָס איז אַרויסגעקומען פון דזשעימס פעדער) זיין רעדע וועגן מלחמה און פּאַסיפיזם, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער צייט פון אַמעריקאַנער מיליטערישע פּלאָנטערנישן מיט די פיליפּינען־אינזלען און קובאַ. ער האָט געגלויבט, אַז כאָטש יעדע מלחמה, ווי שפיכת־דמים בכלל, איז אַ פאַרברעך, קאָן מען אָבער ניט זאָגן אויף יענע פּסיכישע אָדער ביאָ־לאָגישע כוחות, וואָס סטימולירן מענטשן צו מלחמות, אַז זיי זיינען אָן און פאַר זיך — טמא. פאַרקערט: אין דער גרייטקייט פון יונגע מענטשן צו גיין אויפן שלאַכט־פעלד, דריקט זיך אויס אַ פּאָזיטיווע שטרעבונג דורכצוברעכן די ענגע קליפּה פונם פשוט־און־טאָג־טעגלעך־פּערזענלעכן, אַ גלויבן אין דעם רעאַלן ווערט פון איבערפּערזענלעכע צילן און אַ געזונטע אַוואַנטוריס־טישע גלוסטעניש גובר צו זיין אין זיך דאָס „באַלעבעסל" (דעם פיליסטער), זיך אַרויסצורייסן פונם מאָנאָטאָנעם ריטם, וואָס איז כמעט שטענדיק דער פּרייז פאַר אונזער רעלאַטיווער באַקוועמלעכקייט און זיכערקייט. זאָלן מיר, צוליב פּאַסיפיזם, דערשטיקן אין זיך אָט די אַלע אָרגאַנישע עלעמענטן פון אונזער נאַטור?

דזשעימס האָט אין דעם געזען אַ געפאַר — די געפאַר פון ביאָלאָגישער און ממילא שוין אויך פון גייסטיקער ירידה. ער האָט דערפאַר געזוכט פאַר דעם אַוואַנטורע־גייסט אין אונז אַן אַנדער תיקון. אָפּשאַפן אַרמייען, פלאָטן, דעם מיליטערישן קלאַס ? בשום אופן ניט. זיי זיינען וויכטיק ניט בלויז פאַר מלחמה־אָפּעראַציעס, נאָר ווי אַ שטענדיקע דערמאָנונג, אַז מלחמה איז אין פרינציפ יעדע מינוט מעגלעך, ווי אַ לעבעדיקער סימבאָל פון געפאַרן וואָס לויערן אויף אונז און פון כוחות וואָס זיינען מסוגל אונז צו פאַרטיידיקן פון יענע געפאַרן, און אויך ווי אַ „נחמה", אַז דער וועג צו ריזיקע און קרבן איז ניט אינגאַנצן פאַרשפאַרט. רעדנדיק אין היינטיקע טערמינען, קאָן מען זאָגן, אַז דזשעימס האָט זיך פאָרגעשטעלט אין איינער און דער זעלביקער צייט אי די עקזיסטענץ פון קאָמפּסלוסטיקע און גוט־באַוואָפנטע אַרמייען, אי די פונקציע פון אַ פעלקערבונד, וואָס גלייכט אויס פון צייט צו צייט אינטער־נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן און לאָזט ניט די אַרמייען „קומען צום וואָרט". אין דער צוקונפט האָט ער געוואָלט זען אַ מין „האַרמאָניע" אָדער, ריכטיקער, אַ גלייכגעוויכט צווישן שטענדיקער סטאַביליטעט און שטענדיקער וואַקל־דיקייט. קיין פולע צופרידנשטעלונג פאַרן אַוואַנטורע־אינסטינקט קאָן אָבער אויך אַזאַ גלייכגעוויכט ניט געבן. דזשעימס האָט דערפאַר געזוכט דאָס, וואָס ער האָט אָנגערופן „אַ מאָראַלישער עקוויוואַלענט פאַר מלחמה", אַ מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן „קריגסלוסטיק", ניט פאַרגיסנדיק דערביי קיין מענטשלעך בלוט. אין דעם צוזאַמענהאַנג האָט ער געראָטן איינצופירן פאַר דער יוגנט אַ מין פּאַסיפיסטישן מיליטער־דינסט, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן. יעדער יונגערמאַן זאָל אַ געוויסע צאָל יאָרן פאַרברענגען אין אַ רעגימענט, וואָס זיין ציל זאָל זיין דורכצופירן ווירטשאַפטלעכע, סאַניטאַרע אָדער ציווי־ליזאַטאָרישע אויפגאַבן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט האַרטקייטן, מיט קרבנות, מיט געוויסע געפאַרן, מיט ניט זיין אין דער היים — ווי, למשל, אויסטריקענען זומפּן, דורכלייגן וועגן דורך מדבריות אָפּרייניקן אַ געגנט פון ווילדע חיות אָדער שעדלעכע אינסעקטן און אַזוי ווייטער. אין אונזערע טערמינען, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט חלוציות ווי אַ פּערמאַנענטע דערשיינונג פאַר אַלע פעל־קער, און ער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז שטענדיק וועלן זיין וויכטיקע און אויך האַרטע אָדער מיט־געפאַרן־פאַרבונדענע אַרבעטן, וואָס אַ מין „גדוד העבודה" וועט זיי דאַרפן דורכפירן. די ענערגיע וואָס ווירקט זיך אויס אין מלחמות (און יענע ענערגיע איז דאָך, לויט דזשעימס' מיינונג, ניט נאָר אַ ביאָלאָגישע, נאָר אויך אַ מאָראַלישע) וועט אויף אַזאַ אופן ניט געליימט אָדער אַטראָפּירט ווערן: זי וועט בלויז געשטעלט ווערן אין דינסט פון הומאַניסטישע און ציוויליזאַטאָרישע צוועקן.

איך דערמאָן דאָ דידאַזיקע „נעבן־געדאַנקען", וואָס דער אַמעריקאַנער פילאָזאָף האָט אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון זיין לעבן אַריינגעוואָרפן אין זיין סביבה, ניט ווייל זיי זיינען אַזוי אָריגינעל אָדער ביי, נאָר ווייל זיי זיינען דאָס ביסל „מעניגא דיומא", וואָס האָט די טעג אויף די מיינסטע יאָרצייט־פייערונגען פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אין מלחמה־טעג האָט מען געזוכט אַ פאַרבינדונג צווישן דזשעימס'עס געדאַנקען־גאַנג און די פּראָבלעמען פון מלחמה און פּאַסיפיזם. אָבער ניט דידאַזיקע אָדער ענלעכע מחשבות זיינען, סוף־כל־סוף, כאַראַקטעריסטיש פאַר דזשעימס'עס צושטייער צום פילאָזאָפישן דענקען. ווייל דאָס וואָס דזשעימס האָט אַ גאַנץ לעבן געזוכט, איז ניט קיין איינצל־סגולה פאַר דער אָדער אַן אַנדערער פון אונזערע אומצאָליקע חולאת'ן, נאָר אַן ענטפער אויף אַ מער פונדאַמענטאַלער פראַגע, אויף דעם פּראָבלעם פון זין אָדער זינלאָזיקייט פון אונזער גאַנצער עקזיסטענץ. און אין דער שייכות איז ניט וויכטיק, צי דזשעימס איז געווען אַ סיסטעמאַטיקער אין זיין פילאָזאָפירן, אָדער ער האָט זיך דערלויבט „זיך צו לאָזן וואויל גיין" מיט סתירות, אמאָל מיט אמת'ן און מאָל מיט כמו־אמת'ן, אָדער גאָר מיט אַזעלכע „פאַררעטערישע" אינסטרומענטן ווי משלים, מיט יענער „לאָגיק" פון למה הדבר דומה, מיט וועלכער אונזער אגדה האָט אַזוי באַפרוכפּערנדיק געזינדיקט. דאָס עיקר'דיקע אין דזשעימס'ן איז ניט, צי ער האָט אונז איבערגעלאָזן בירושה אַ פאַרענדיקטן פילאָזאָפישן בנין, אין וועלכן מיר זאָלן היינט זיך קאָנען אַריינקלייבן און זיך פילן דאָרט באַקוועם און געשיצט — זויפל אַזעלכע בנינים זיינען דען בכלל אויפגעבויט געוואָרן, און צי איז דען פאַראַן צווישן זיי כאָטש איינער, וואָס די צייט האָט אויף אים קיין שליטה ניט געהאַט? דאָס וואָס מאַכט אים פאַר אונז אינטערעסאַנט און אָנרעגעריש־באַלערנדיק זיינען ניט זיינע דערגרייכונגען, נאָר זיין צילשטעוען און יענער גייסטיקער קוראַזש און פרייהייט, וואָס ער האָט אין זיין צילשטעוען אַרויסגעוויזן. דאָס, וואָס עס ווילט זיך היינט לערנען פון דזשעימס'ן איז אפשר ניט אַזוי תורה, אַ באַשטימטע תורה, ווי — אַ מין קונסט: די קונסט פון שווימען, ריזיקירנדיק דערביי ניט צו דערשווימען צו קיין באַ־שטימטן ברעג, אָדער גאָר אָנצוקומען צו אַ יבשה, וועגן וועלכער מיר האָבן ניט געטראַכט, זיך אַרויסלאָזנדיק אין אָפענעם אָקעאַן. און אָט גראָד דאָס האָט מען אין די פייערונגען זייער ווייניק דערמאָנט.

***

וויליאַם דזשעימס איז געווען אַן אייגנאַרטיקע קאָמבינאַציע פון מידקייט און יוגנטלעכן קוראַזש. מיד איז ער געווען פון אַלץ וואָס האָט געשמעקט מיט סכאָלאַסטיק, פון אַבסטראַקציעס וואָס נאָכדעם ווי מיר האָבן זיי פראָ־

דוצירט, הויבן מיר ניט אָן צו וויסן, וואָס מיט זיי צו טאָן; פון דער מאַטע־מאַטישער מעטאָדע אין דער פילאָזאָפיע, וואָס דערפירט טאַקע אַמאָל אויף גאַר־גאַר הויכע באַרג־שפּיצן, אָבער אַז מען קומט שוין צו, דערפילט מען מיט־אַמאָל, אַז דאָס „פאַרשפּראָכענע לאַנד" איז אַ מין אייז־קאַלטע סאַהאַראַ, אָן אַ טראָפּן וואַסער צו דערקוויקן די נשמה. מיד איז ער געווען אויך פון יענע פילאָזאָפישע גענעראַליזאַציעס וואָס וויסנשאַפטלער מאַכן פון זייערע וויסנ־שאַפטן, אַט פון יענע מעכאַניסטישע סך־הכל׳ס, וואָס אַז מען נעמט זיי ערנסט און מען „פאַרגאַפט" זיך אויף זיי, טוט מען זיך פּלוצים אַ טרייסל־אויף און מען זאָגט זיך: דאָס אַלץ איז אפשר אמת שבאמת, אָבער ווי קום איך אין אַזאַ „איכלאָזער" וועלט און וואָס טו איך אין איר? און אפשר פון דערדאָזיקער מידקייט האָט זיך ביי אים גענומען זיין קוראַזש — די „חוצפה" פונם אַמערי־קאַנער פּראָנטיר־מען, וואָס גלויבט אין זיך, אין זיין וויזיע און ענערגיע, און ווייסט, אַז אויב מען לאָזט זיך גיין געגנוג ווייט און מען שרעקט זיך ניט פאַר געפאַרן, געפינט מען יונגפרוילעכן און גוטן באָדן, וואָס וואַרט מען זאָל אים באַצווינגען.

דער וויכטיקסטער אָביעקט פאַר פילאָזאָפיע אָדער פילאָזאָפירן איז פאַר אים געווען ניט די אור־מאַטעריע אָדער דער אור־גייסט, נאָר דער מענטש — און ניט עפּעס אַן אַבסטראַקטע מענטשהייט, און ניט אַפילו דער קאָנקרעט־היסטאָרישער מענטשן־קאָלעקטיוו, נאָר טאַקע דער מענטש „פּראָסט און פּשוט", דאָס רעטעניש פון בשר־ודם וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז אַ סך מער ווי סתם בשר־ודם, און וויל וויסן, „וואו" איז זיין פּלאַץ אַלס אַן „ער" אין אַ וועלט פון „וואָס׳ן". ניט אומזיסט האָט ער זיך גערופן אין זיינע באָסטאָן־קעמברידזשער יאָרן „אַן איירישמען צווישן בראַמינען". דער „איריש־מען" אין אים האָט, רעדנדיק אין אידישע טערמינען, אויף אַלץ געוואָלט פרעגן אַ מין „מאַי קאַ משמע לן": אָנגענומען, אַז דאָס וועלט־בילד וואָס דו גיסט מיר, איז אַ ריכטיקע „פאָטאָגראַפיע", אָבער וואָס און ווי אַזוי איז דערפון געדרונגען, אָדער (נאָך „וואולגאַרער"!) — וואָס האָב איך דערפון? ווי אויף צו להכעיס — האָט ער די בלויז־תלמידי־חכמים און די שפּינוועב־פילאָזאָפן („יענקיש") געפרעגט: וואָס זיינען די מזומנים (טהי קעש וואַליו) פון דיין אמת? ער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז ווען מיר, „זינדיקע עגאָאיסטן" וואָס מיר זיינען, וואָלטן ניט געליטן, זיך ניט געראַנגלט מיט זיך און מיט אונזערע שיקזאַלן, ווען עס וואָלטן אויף דער וועלט ניט געווען קיין יסורים, וואָלטן מיר קיינמאָל ניט געקאָנט און ניט געהאַט קיין באַ־דערפעניש צו פילאָזאָפירן, צי טרייבן וויסנשאַפט אָדער צו שאַפן קונסט־ווערק: אַלע מעגלעכע אמת׳ן וואָלטן פאַר אונז געווען לחלוטין אומאינטערע־סאַנט.

דזשעימס׳ פילאָזאָפישע מענטאַליטעט וואָלט איך באַשריבן נאָך אַנדערש, אין די ווערטער פון אונזערע קדמונים: אם אני כאן, הכל כאן. ווייל אַנגענומען, אַז די ערד איז, ווי מיר ווייסן טאַקע היינט, ניט די צענטראַל־פּלאַנעטע פון דער וועלט, אַז, פאַרקערט, זי מיט אַלע אירע באַוואוינער איז אַ קליין, קוים־קוים אַנזעעוודיק פינטעלע, אין אַ פּיצינקער פּראָווינץ פון דער זונען־סיסטעם (ניין, בלויז פון איין זונען־סיסטעם), איז אויב אויף אַלע אַנדערע פּלאַנעטן און אַלע אַנדערע זון־סיסטעמען איז טאַקע ניט פאַראַן דער מין מענטש אָדער באַשעפענישן וואָס זיינען העכער פונם מענטשן, איז די ערד פאָרט דער צענטער פונם אוניווערסום — ניט דער „טאָפּאָגראַפישער״ צענטער (וועגן דעם זאָלן זיך זאָרגן די קאָסמישע בעלי־עגלות, אויב אַזעלכע זאָלן זיין), נאָר דער גייסט־און־תוך צענטער. און צוליב אַ גאַנץ פשוט׳ן טעם: ווייל די ערד איז אין אַזאַ פאַל דער איינציקער פונקט אין דעם אוניווערסום, וואו עס איז פאַראַן אַן עמעצער, וואָס ווייסט אַז אַרום און אַרום איז קיינער ניט פאַראַן (זיינען דאָך דאָרט פאַראַן בלויז „עפּעס׳ן״), און יענער עמעצער... פרעגט קשיות. דער עגאָאיזם אָדער עגאָ־צענטריזם פונם מענטשלעכן מין איז דערפאַר אַפילו אַן עטיש־באַרעכטיקטער: וואָס וואָלט געהייסן אַלטרואיזם אין אַ וועלט, אין וועלכער מען איז איינער אַליין?

דער אויסגאַנג־פונקט פאַר דזשעימס׳עס פילאָזאָפישע אינטערעסן איז דערפאַר געווען — טאַקע ער אַליין, וויליאַם דזשעימס בעצמו ובכבודו אָדער „בדמו ובבשרו״, דזשעימס גע׳כפל׳ט אויף אַזוי פיל איינצלנע מענטשן, וויפל עס זיינען געווען, עס זיינען פאַראַן און וועלן זיין אין דער וועלט — אויף זיי און זייער שיקזאַל. איבערגעזעצט אויף שפינאָזאַ־לשון, איז דזשעימס צענטראַלע לעבנס־פראַגע די פאָלגנדיקע: וואָס בין איך? אַ מין סובסטאַנץ אָדער בלויז אַ מאָדוס? נאָך ריכטיקער וואָלט געווען זיין פראַגע צו איבערזעצן אויף דער שפּראַך פון וויליאַם שטערן: וואָס בין איך? אַ „פּערזאָן״, אָדער אַ „זאַך״? אויב איך בין ניט מער ווי אַ זאַך, „אָט ווי אַלע זאַכן״, דאַרף מען ראַדיקאַל רעווידירן אונזער באַגריף פון „זאַך־לעכקייט״; דענסטמאָל איז „זאַך״ אַליין איבער־זאַכלעך (אויב מאַטעריע, טענה׳ט דזשעימס אין זיינע לעקציעס וועגן פּראַגמאַטיזם, איז מסוגל צו פּראָדוצירן געדאַנק, באַוואוסטזיין, ווילן, געזאַנג, איז ער גרייט צו פאַלן פאַר איר כורעים און דאַוונען צו איר מיסטישער קראַפט, ווייל דענסטמאָל איז מאַטעריע אומגעהייער אויסער־מאַטעריאַל אָדער איבער־מאַטעריאַל).

דזשעימס׳עס הויפּט־טעזיס, אָדער „לעבנס־ניגון״ איז, אַז דער איינצלנער מענטש איז ניט קיין זאַך, נאָר אַ פּערזאָן, נעענטער צו אַ סובסטאַנץ ווי צו אַ מאָדוס, און ניט קיין אַקצידענט אָדער יוצא־דופן נאָר אַ נאַטירלעכער, „היימישער״ טייל אין דער וועלט־רעאַליטעט. אויף אַזויפיל וויפיל וויסנשאַפט

ווייל פילאָזאָפירן מיט אירע אייגענע מיטלען, פון זיך אַליין, מוז זי, ווילנדיק ניט־ווילנדיק, געבן דעם מענטשן דעם סטאַטוס פון אַ מין „אויסלענ־דער" אינם מאַטעמאַטיש־פיזיקאַלישן „קעניגרייך" פונם אוניווערסום. אין אַ פערזאָנלאָזן אוניווערסום קוקט ער אויס ווי פאַרבלאָנדזשעטער אורח (פון וואַנען? פון יענער זייט וועלט־אַל?). דזשעימס וויל זיך און יעדן אַנדערן מענטשן אומקערן זיינע „בירגער־פּאַפּירן" — אָט יענע „בירגער־פּאַפּירן", וואָס היסטאָרישע רעליגיעס האָבן אים אַמאָל אַרויסגעגעבן, ווען זיי האָבן אים „נאַטוראַליזירט", און וואָס זיינען ביי אים ווי צוגענומען געוואָרן, ווען עס איז אָנגעקומען די פילאָזאָפישע ממשלה פון דער זאַך־וויסנשאַפט. דזשעימס האָט ווי געהאַט דאָס געפיל, אַז אונטערן נייעם „רעזשים" גייט דער מענטש אַרום מיט אַ צעטל אין קעשענע, און אויף יענער זייט איז אָנגעשריבן: „סאָבדזשעקט טו דעפּאָרטעישאָן". זיין גאַנצער פילאָזאָפישער וועג איז דער פּאַר געווען אַ ראַנגלען זיך פאַר אַ לעגיטימען פּלאַץ, קעגן אַן אורטייל דעפּאָרטירט צו ווערן אינם רשות פון „גאָרנישט". און אין זיינע ראַנגלענישן האָט ער דערפאַר ניט איינמאָל געהאַט דעם מוט צו באַהויפּטן: כאָטש פּסיכאָ־לאָגיע אַלס אַ וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלין איז אין פאַרגלייך מיט אַנדערע וויסנשאַפטן נאָך אין אירע קינדערשע וויקעלעך, ווייסן מיר פונדעסטוועגן (און האָבן שטענדיק געוואוסט) וועגן דעם מענטשלעך־פּסיכישן אַ סך מער, ווי מיר ווייסן וועגן דעם גאַנצן אַרום. קיינמאָל, האָט ער געגלויבט, קומען מיר ניט אין אַזאַ נאָענטער באַרירונג מיט דער רעאַליטעט, ווי ווען מיר האָבן אַן איבערלעבעניש, אַ דיאַלאָג מיט זיך אַליין, אָדער ווען מיר באַהעפטן זיך מיט אַ צווייטן „איך", אָדער ווען מיר ווילן עפּעס, אָדער ווען מיר דער־מאָנען זיך אָן עפּעס. אין אַלע אונזערע לאַבאָראַטאָריעס, ווי דערפאָלגרייך מיר זאָלן אין זיי ניט זיין פון שטאַנדפּונקט פון פּראַקטישע רעזולטאַטן, קומען מיר אין קאָנטאַקט ניט מיט דער אוממיטלבאַרער רעאַליטעט, נאָר מיט אירע סימבאָלן און סיגנאַלן. בלויז ווען מיר האָבן צו טאָן מיט זיך אַליין און מיט אַזעלכע ווי מיר — אין פּסיכישער איבערלעבעניש אָדער, ווי בערגסאָן פלעגט זיך אויסדריקן, אין דעם שטראָם פון „דויער" — טרעטן מיר אַריין אין עכטער רעאַליטעט. ווי אָרעם און וואַקלדיק אונזער וויסן זאָל ניט זיין, ווייסן מיר (אויף אַ געוויסן אופן) וועגן מענטשן און וועגן דעם, וואָס מיר האָבן זיך צוגעוואוינט אָנצורופן „מענטשלעכע נשמה" אַ סך מער, ווי וועגן דעם אויסער־מענטשלעכן אַרום. פּסיכאָלאָגיע, מעג מען זאָגן אין דזשעימס' נאָמען, איז ווייניקער עקזאַקט איידער פיזיק, זי איז אָבער עכטער און האָט מער צו טאָן מיט די מהות־ספערן פון רעאַליטעט, ווי אַלע נאַטור־וויסנשאַפטן. נעמען, למשל, די פיזיקאַלישע פאַרקערפערונג פון דאַנטעס געטלעכע קאָמעדיע, און זי אָפּוועגן און אויסמעסטן, און איבערציילן אין איר די צאָל בלעטלעך

און שורות, ווערטער און אותיות, און כעמיש אַנאַליזירן דאָס פּאַפּיר און די טיפּאָגראַפּישע פאַרב, קאָן זיך זיין אַ זייער וויכטיקע און עקזאַקטע „וויסנ־שאַפטלעכע" אַרבעט. דאָס הייסט נאָך אָבער בשום אופן ניט — זיין באַקאַנט מיטן ווערק. באַקאַנט מיט אים איז בלויז דער לייענער, דער וואָס קומט מיטן דיכטער און מיט זיין פּסיכישער וועלט אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט, אין קאָנטאַקט מיט — רעאַליטעט.

דער מעטאַפיזישער דרך־ארץ פאַר פּסיכישע רעאַליטעטן, אויף וויפל זיי זיינען אונז באַקאַנט פון דערפאַרונגען מיט זיך אַליין און מיט אונזערע מיט־מענטשן, איז אייגנטלעך געווען דער גרונט־טאָן אין דזשעימס' דענקען. ווי אַ מאָטאָ פאַר אַלע זיינע ווערק ווילט זיך דערפאַר אַוועקשטעלן פּאַסקאַלס וואָרט: „דער פעלזן־באַרג, וואָס פאַלט אַרויף אויף אַן אייזאַמען מענטשן און פאַרניכטעט אים אין איין אויגנבליק, מעג זיין מיליאָנען מאָל גרעסער פון זיין קרבן, אָבער דער קרבן איז דאָך גרעסער (און מעג מען צוגעבן אין דזשעימס' נוסח — „רעאַלער") פון זיין באַוואוסטלאָזן מערדער, ווייל דער מענטש האָט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ באַרג, און דער באַרג האָט ניט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ מענטש, ניט געוואוסט און ניט געהאַט קיין כוונה אים צו פאַרניכטן".

און פון מעטאַפיזישן דרך־ארץ איז שוין בלויז איין שריט ביי דזשעימס'ן צו זיין מעטאַפיזישער פאַראינטערעסירטקייט מיט דעם שיקזאַל פונם פּסיכישן, און מיט דעם פּלאַץ וואָס דער מענטשלעכער יחיד פאַרנעמט אָדער מעג אויף אים פּרעטענדירן אין דער קאָסמישער עקזיסטענץ. אַ פעסטן און, דער עיקר, בכבוד׳יקן פּלאַץ קאָן אים פאַרזיכערן בלויז רעליגיע, אַ לעבעדיקע רעליגיע, וואָס אַנערקענט זיין ווערט און גיט אים די מעגלעכקייט צו קומען אין באַ־רירונג מיט אַ גאָט, וועלכער האַלט ניט, אַז עס איז פאַר אים אַ פּחיתת הכבוד צו טראָגן מאַיעסטעטישע אחריות פאַר זיינס אַ באַשעפעניש. גלויבן איז דערפאַר געווען דזשעימס' צענטראַלע טעמע, און געוואָלט האָט ער וויסנ־שאַפטלעך פריי מאַכן דעם וועג, אויף וועלכן עס וועט מעגלעך זיין צו זוכן אַ „דעמאָקראַטישן" גאָט מיט אַ דעצענטראַליזירטער אחריות — אַ גאָט וואָס (אַ ברכה אויף דזשעימס' „וואולגאַריטעט") האַנדלט אויך לאחדים, ניט נאָר אין הורט, אַזעלכן וואָס עס האָט אַ זין תפילה טאָן צו אים, ניט דערפאַר וואָס מען וועט ביי אים פּועל׳ן וואָס מען וויל, נאָר ווייל ער וועט זיך צו דער תפילה — „צוהערן".

דזשעימס איז געווען וועיט פון באַרימען זיך, אַז ער האָט אַזאַ גאָט געפונען. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ טיפן סימפּאַטישן געפיל פאַר יענע, וואָס האָבן געגלויבט, אַז זיי האָבן אים געפונען און האָבן לויט זייער אמונה געפורעמט זייער פּערזענלעכקייט און לעבן. אָביעקטיווע רעליגיעזן אמת האָט

ער געזוכט דורך דער באַשרייבונג און אויסטייטשונג פון סוביעקטיווע רע־ליגיעזע אמת׳ן ביי איינצלנע פרומע אָדער עקזאַלטירטע נאַטורן. ער איז ניט געווען גרייט אָנצונעמען זייערע אמת׳ן פאַר זיינע, אָדער מאַכן זיי אָבליגאַ־טאָריש פאַר אַנדערע, פאַר אַזעלכע וואָס האָבן אַזאַ וועג ניט דורכגעמאַכט. ער האָט אָבער געוואָלט זיך אויף זיי אָנשפּאַרן, מאַכן זייערע קאָנקרעטע רעלי־גיעזע איבערלעבענישן פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט פון זיין פאָרשונג. וואָס פאַר אַן עלעמענט פון אַבסאָלוטן אמת שפּיגלט זיך אָפּ אין די הונדערטער רעלאַטיווע, „פּריוואַטע״ אמת׳ן פון שעפּריש־פרומע יחידים? דאָס איז געווען די פראַגע וואָס האָט אים צום טיפסטן אינטריגירט. פאַר די רעליגיעזע טיפּן, וואָס דזשעימס האָט באַשריבן, איז גאָט, קודם כל, „דער פּראָדוצענט פון אומ־שטערבלעכקייט״, ווייל אַן אומשטערבלעכקייט מוזן זיי זיך באַטראַכטן גיכער פאַר זאַכן ווי פאַר פּערזאָנען, און קעגן דעם וואָלט רעוואָלטירט זייער „רעאַלי־טעט״־געפיל. אויף וויפיל, בכן, האָבן זיי צו טאָן מיט אַן אילוזיע, מיט אַ ביאָלאָגיש באַרעכטיקטער פיקציע, און אויף וויפיל שטראַלט פון זיי אַרויס אַ רמז־פּונק פון אמת אַליין פאַר זיך? דזשעימס האָט ניט געצווייפלט, אַז אָנפאַנגען דעם פּראָצעס פון פילאָזאָפירן דאַרף מען ניט לויטן נוסח פון די פאַר־סאָקראַטיקער. אין דעם פּרט איז ער סאָקראַטעס׳ אַ תּלמיד פאַר וועמען עס איז קלאָר, אַז דער פּרוזדור צו יענעם היכל, וואו עס וואַרט אויף אונז אַ וועלט־אָנשויאונג, האָט צו טאָן אַ סך מער מיט פּסיכאָלאָגיע און עטיק, ווי מיט פיזיק. אָבער כדי צו שטיין אויף אַ סאָ־לידן גרונט, האָט דזשעימס (אַ לאַנגע צייט נאָך קאַנט׳ן) געדאַרפט אויס־אַרבעטן זיינע אַ טעאָריע פון דערקענטעניש. אַז ער האָט געזוכט אַזאַ טעאָ־ריע אויסצואַרבעטן, קאָן מען זען ביי אים אין מער ווי איין שריפט. אָבער צי אים איז טאַקע עפּעס ממשות׳דיקס געלונגען אויף דעם געביט, איז אַן אַנדער פראַגע, און ניט קיין זייער דערמוטיקנדיקע.

ער האָט זיך זייער ברייט באַנוצט מיט דער אַזוי גערופענער אינסטרו־מענטאַלער מעטאָדע — געבראַכט צענדליקער באַווייזן, אַז אמת איז פּראַג־מאַטיש, ניט נאָר אַ רעזולטאַט, נאָר אויך אין אַ געוויסן זינען לכתחילה „צו־געשניטן״ צו אונזערע באַדערפעניש. אויף וויפל דאָס איז ריכטיק, איז עס, ווי דזשעימס אַליין האָט עטלעכע מאָל באַמערקט, אַן אַלטער אמת, וועלכן פּלאַטאָן האָט שוין געפונען אין אַ גאַנץ בולט׳ער פאָרם ביי זיינע גריכישע פאָרגייער. אָבער מיטמאַכן מיט פּלאַטאָנ׳ען זיין וועג צו מעטאָדע פון דער־קענטעניש פאַרן אמת אַן־און־פאַר־זיך, שוין ניט רעדנדיק וועגן דורכברעכן פאַר זיך אַן אייגענעם וועג, האָט דזשעימס קיין כח ניט געהאַט. ער האָט דערפאַר געגעבן אַ סך געלעגנהייטן אים צו באַשולדיקן, אַז ער וויל גאָרניט פרעגן וועגן די אונטערשיידן צווישן אמת און איינבילדונג, אויב די איינבילדונג

איז נאָר אַ „פּראָדוקטיווע״, אויב זי באַרויִקט, טרייסט, סטימולירט, מאַכט רייַ־
כער און גיט אַ זיכערקייט־ און באַלאַנס־געפיל דעם „איינגעבילדעטן״. אין דעם
פּרט איז דזשעימס ניט איינמאָל אַריינגעפאַלן אין דערזעלביקער פּאַסטקע,
אין וועלכער עס איז, אין זיין צייט, מיט אומבאַגרינדעטן ענטוזיאַזם, אַרייַנ־
געשפּרונגען וויהיינגער מיט זיין „גלייך־ווי״ פילאָזאָפיע: דער גאָט־באַגריף
איז מסתמא אַ פיקציע, און אַזוי איז דער באַגריף פון נשמה, פון ווילנס־
פרייהייט און פון אומשטערבלעכקייט, אָבער עס איז בעסער צו לעבן און צו
האַנדלען גלייך־ווי גאָט וואָלט געווען אַ רעאַליטעט, און די נשמה אַ וועזן
פאַר זיך, און דער ווילן פריי, און טויט אַן אויסגעטראַכטע זאַך. אין אַ געוויסער
צייט פון זיין לעבן, האָט דזשעימס אַרויסגעוויזן אַזוי פיל יוגנטלעכן ברען
אין זיין באַגרינדונג פון פּראַגמאַטיזם, אין זיין באַווייזן, אַז „אמת איז
דאָס וואָס ס׳ווירקט״, וואָס עס פּירט צו אַ פּראָדוקטיוון פּועל־יוצא, אַז ער
האָט גאָרניט באַמערקט צו וועלכע אינטעלעקטועלע געפאַרן ער זעצט זיך
דערמיט אויס. מען האָט לייכט פון זיינע באַהויפּטונגען געקאָנט אַרויסדרינגען,
אַז דער כלל „צוויי מאָל צוויי איז פיר״, און די אַקסיאָמע „אַ גלייכע ליניע
איז דער קורטצסטער וועג צווישן צוויי פּונקטן״, זיינען אמת׳ן אַן ערך
פון דערזעלביקער קאַטעגאָריע ווי דער „געזעץ״, לויט וועלכן ברויט ווערט
פאַרוואַנדלט אין קריסטוסעס פליייש, און וויין אין קריסטוסעס בלוט, אָדער
דער „פאַקט״, אַז אין מעקא ליגט באַהאַלטן מאַהאָמעט׳ס פאַן, וואָס זאָל זי
נאָר אָנהויבן פלאַטערן, וועלן מוסולמענער קאָנען באַזיגן יעדעס אַנדערע
פאָלק אין אַ מלחמה (ווייל אויך אַזעלכע „אמת׳ן״ ברענגען אָדער זיינען
עלול צו ברענגען, פאַר גלויביקע, צו פּאָזיטיווע רעזולטאַטן). אין דער פראַגע
פון „וואָס איז אמת״ אָדער וואָס איז דער פּרוביר־שטיין פאַר אמת, האָט זיך
דזשעימס — און ניט נאָר ער אַליין — האָפּענונגסלאָז, כאָטש „גראַציעז״ פאַר־
פּלאָנטערט. אין אַ טעמפּן ווינקל איז ער אָבער אַריין ניט מחמת לייכטזיניקייט,
נאָר צוליב זיין פילאָסאָפישן טעמפּעראַמענט, צוליב זיין פונדאַמענטאַלער
הנחה, אַז דעם אור־גרונט פון אַלעמען דאַרף מען זוכן ניט אין דעם דומם
אָדער אין דעם צומח, אויך ניט אין דעם סתם חי, נאָר אין דעם מדבר —
צוליב זיין אומבאַגרענעצטן רעליגיעזן דרך־ארץ, וואָס ער האָט געפילט
פאַר די תביעות, גלוסטעניש און טראַגישע שפּאַנונגען פונם מענטשן. אפשר
קיינער פון די מאָדערנע דענקער האָט ניט אַזוי פאַרשטאַנען די תפילה:
„זאָל זיין גיהנום, אַ סך שרעקלעכער ווי דער וועלכן מען מאָלט, און אויף
טויזנטער און טויזנטער יאָרן, אַבי איך זאָל וויסן, אַז עס איז דאָ אַ שופט
און אַ משפט, און אַז דער משפט האָט דאָ צו טאָן דירעקט מיט מיר, אַבי עס זאָל
זיין אַ פאַרוואָס און אַ צוליב וואָס, אבי איך זאָל וויסן, אַז איך בין איך און ניט
קיין אינצידענט״. דזשעימס אַליין וואָלט אַזאַ גיהנום געבענטש מיט אַלע

ברכות, אויף וועלכע ער איז געווען פּעאיק, און וואָלט זיינע עינויים באַגלייט מיט אַן אויפריכטיקן הללויה. און אָט די טיפע סימפּאַטיע פאַר ליידנדיקע און פרעגנדיקע מענטשן, דאָס מיטליידן מיט זיי (און מיט זיך צווישן זיי) האָט אים לייכט געקאָנט פירן אויף גליטשיקע מעטאַדאָלאָגישע וועגן.

אָבער אפשר זיינען גאָר די וועגן ניט וויכטיק. דאָס ווערטפולע אין דזשעימס'ן איז ניט וואָס ער איז געווען אַ וועג־ווייזער, נאָר דאָס וואָס ער איז אין די פרוכטבאַרע פעריאָדן פון זיין לעבן געווען אַ צילוויזער, אַ צילדער־מאָנער. ער האָט אונז באַוויזן און דערמאָנט, אַז פילאָזאָפיע קאָן ניט האָבן קיין אַנדערן און קיין העכערן ציל, ווי אויפצודעקן אַ זין אין מענטשלעכער עקזיסטענץ און קאָסמישע סימפּאַטיע צו יענעם זין.

און עס ווילט זיך גלויבן, אַז אַ נייער קרעפטיקער סטימול פאַר זוכן אַזאַ זין, איז אַ גרעסערער קולטור־אויפטו ווי אַ סך סיסטעמאַטיזירטע און „פאַר־ענדיקטע" פילאָזאָפישע בנינים, וואָס זייערע אַרכיטעקטן אַליין ווייסן ניט, צי האָבן זיי אַ תכלית.

1941

# גאָט׳ס נעמען

אין אַ פאַך־זשורנאַל איז מיר די טעג אויסגעקומען צו לייענען אַן אָפּהאַנדלונג וועגן גאָט׳ס נעמען *). פרידריך שפּיגעלבערג האַלט אַז „מיר פילן היינט אַ באַדערפעניש צו ענדערן דעם ריבונו של עולם׳ס נעמען, ווי אויך די באַצייכענונגען פון אַ סך רעליגיעזע און פילאָזאָפישע באַגריפן. די אַלטע נעמען זיינען שוין אָפּגעריבן און אָן אַ תוכן, אפשר דערפאַר וואָס זייער איינהאַלט האָט זיך אין משך פון דער צייט געענדערט, אָדער דערפאַר וואָס מיר האָבן באַקומען אַ נייעם ווירקלעכקייטס־געפיל". זיך האַלטן ביי די אַלטע, קאָנווענציאָנעלע נעמען, וואָלט פאַקטיש, גלויבט ער, געהייסן זיך ניט צו רעכענען מיטן פאַקט, אַז דאָס לעבן באַוועגט זיך, עס וואָלט געהייסן, ניט וועלן זיך צופּאַסן צו אַ נייער ווירקלעכקייט אָדער צו אַ באַנייטער וועלט. דער פאַקט וואָס גאָט האָט ־אַזוי פיל פאַרשידענע נעמען אין די פאַרשידענע רעליגיעס, איז דאָך ניט קיין צופאַל: דאָס וואָרט, מיט וועלכן מענטשן באַצייכענען גאָט, איז דאָך ניט סתם אַ נאָמען פאַר טעכנישער באַקוועמלעכקייט, נאָר דער אויסדרוק פון אַ באַגריף, פון אַ פאָרשטעלונג אָדער פון אַן איבערלעבעניש. הינטער יעדן נאָמען, וואָס מענטשן האָבן ווען עס איז געגעבן דעם „העכסטן וועזן", שטייט דאָך אַ גאַנצע וועלטאַנשויאונג, אַ רייכע צי אַן אָרעמע, אַ „ריכטיקע" אָדער אַ „פאַלשע". און ניט צופעליק האָבן זיך דאָך געביטן גאָט׳ס נעמען אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון איינער און דערזעלביקער רעליגיע: יעדער נייער נאָמען האָט דאָך שטענדיק אויסגעדריקט אַן „אַנטדעקונג", אַ נייע אויפפאַסונג פון אַ נייער אייגנשאַפט אין גאָט׳ס „נאַטור". פילט פרידריך שפּיגעלבערג, אַז די מערב־וועלט (און דאָס הייסט כמעט דאָס זעלביקע וואָס די קריסטלעכע אָדער די פון קריסטנטום אַרויסגעוואַקסענע וועלט) דאַרף איצטער מאַכן אַ גרינטלעכע רעוויזיע פון די באַוואוסטע גאָט־נעמען, זיך שטעלן אויפסניי די פראַגע, וואָס איז איר היינטיקע אויפפאַסונג פון גאָט׳ס וועזן, און לויט דער נייער אויפפאַסונג אים געבן אַ נייעם נאָמען.

האָב איך איבערגעלייענט פּראָפעסאָר שפּיגעלבערג׳ס למדנ׳ישע חקירה איינמאָל און צוויי מאָל, כ׳האָב הנאה געהאַט פון אַ פּאָר שיינע, גייסטרייכע איינפאַלן וועגן אָריענטאַלישער מיטאָלאָגיע, אָבער עס איז מיר נישט קלאָר געוואָרן, וואָס גאַרט ער אַזוי נאָך נייע נעמען אָדער נאָך אַ נייעם נאָמען. איך

*) "New Names of God" by Friedrich Spiegelberg. The Review of Religion, Volume II, Number 3. Columbia University Press.

האָב די העזה צו צווייפלען, צי דאָס איז אים אַליין קלאָר, און צי פּילט ער טאַ־קע גופא אַן אמת׳ע (ניט קיין אינטעלעקטועל־צוגעטראַכטע) באַדערפעניש דורכ־צופירן אַ נעמען־רעוויזיע.

איך האָב דאָ ניט אין זין דעם שטאַנדפּונקט פונם ניט־גלויביקן, פונם אויסגעשפּראָכענעם אַטעאיסט. פאַר יענעם זיינען דאָך זיכער אַלע חקירות פון דעם כאַראַקטער ניט מער ווי „שטויסן וואַסער״, אַ מין „פלעכטן שטריק פון קלייען״, ווי אונזערע קדמונים פלעגן זיך אַמאָל אויסדריקן. אָבער אויף וואָס, פרעג איך, דאַרף האָבן שפּיגעלבערג׳ס פאַרזוך פון אַ רעוויזיע — דער רע־ליגיעזער מענטש ? אויף וואָס דאַרף ער האָבן נייע נעמען? מיט וואָס זיינען פאַר־אים שלעכט די אַלטע נעמען ? יאָ, באַטירלעך, ווען גלויבן וואָלט געווען אָפּ־הענגיק פון וויסנשאַפטלעכע אמת׳ן, ווען עס וואָלט געווען אַ וויסנשאַפט פון גאָט, וואָלט דער דענקנדיקער רעליגיעזער מענטש ניט געהאַט קיין רעכט זיך אַרומ־צוטראָגן מיט גאָט׳ס אַ נאָמען (און דאָס הייסט אויך מיט אַ גאָט־באַגריף), וואָס איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון אַן אַלטן און איצט שוין דיסקרעדי־טירטן וויסנשאַפטלעכן אמת. אָבער ניט נאָר די פראַגע פון גאָט׳ס וועזן, פון זיינע אַטריבוטן אָדער אייגנשאַפטן, נאָר אויך אפילו די גרונט־פראַגע פון גאָט־עקזיסטענץ קאָן היינט פונקט אַזוי וויניק פאַרענטפערט ווערן אויף אַ וויסנ־שאַפטלעכן אופן ווי צוריק מיט טויזנטער יאָרן. און — פון דער אַנדערער זייט — מיט וואָס פאַר אַ נייעם נאָמען איינער זאָל היינט ניט באַצייכענען אַ גאָט, אין וועלכן ער גלויבט , קאָן ער שוין ניט זיין ביי: אַלע מעגלעכע נעמען־באַגריפן זיי־נען שוין אָנגערופן אָדער פאָראויסגעזען אין דער געשיכטע פון רעליגיע און פון פילאָזאָפישן דענקען.

דער גרעסטער טייל פון די נעמען, מיט וועלכע מענטשן האָבן אין משך פון טויזנטער יאָרן געקרוינט דעם רבונו של עולם, זיינען געווען פרואוון אים צו באַגרייפן, אינטעלעקטועל תופס צו זיין און צו כאַראַקטעריזירן. איך ווייס ניט, צום ביישפּיל, דעם אונטערשייד צווישן ביבלישן „אלהים״ און „אדני״, אָבער פילאָן איז געווען זיכער, אַז אלהים איז אַ רמז אויף דעם באַשאַפער און „אדני״ אויפן פירער פון דער וועלט. דער באַשאַפער קאָן זיין אויך דער פי־רער, אָבער ער מוז עס ניט זיין. ער האָט געקאָנט באַשאַפן די וועלט און נאָכ־דעם זיך „צוריקציען״ פון איר — לאָזן זי אָן זיין השגחה, מער ניט טראָגן קיין אחריות פאַר איר. אויב פילאָן זאָל זיין גערעכט מיט זיין באַצייכענונג פון די צוויי טערמינען, איז אדני אַ פולערער און רייכערער גאָט־באַגריף איידער אלהים : צו אלהים האָט ניט קיין זין צו דאַוונען, בשעתאדני ווי דער פירער פון דער וועלט קאָן זיך צוהערן אויך צו תפילה. אויב מ׳זאָל אָננעמען ווי די באַצייי־כענונג פון גאָט אַן אויסדרוק, וואָס איז געווען אַזוי פאָפולער אין אידישן מיטל־אַלטער — „העילה הראשונה״ אָדער „הסיבה הראשונה״ (דער ערשטער גרונט

אָדער די ערשטע אורזאַך) — און קיין שום אַנדערע באַצייכענונג ניט דערלאָזן, קאָן מען אי גלויבן אין גאָט אי ניט זיין רעליגיעז. ווייל אַ גאָט וואָס איז בלויז די ערשטע סיבה און פירט ניט באַוואוסטזיניק און צוועקמעסיק צו קיין באַשטימטן תכלית, האָט ניט קיין באַציאונגען צום מענטשן און דער מענטש קאָן אויך צו אים קיין שום באַציאונגען ניט האָבן. גאָט איז דענסטמאָל ניט מער ווי דער ערשטער „שטויס" אין דער וועלט־מעכאַניק, ניט מער ווי אַ מאַטעמאַטישער אָדער פיזיקאַלישער באַגריף. ווען דער רמב"ם וואָלט זיך באַגרעניצט בלויז מיט די באַגריפן „פועל" (דער וואָס ווירקט) אָדער „מצוי ראשון" (די אור־עקזיסטענץ), וואָלט עס געווען אַ ריכטיקע אָדער אַ פאַלשע הנחה וועגן גאָט'ס וועזן, אָבער קיין רעליגיעזע הנחה וואָלט עס נאָך ניט געווען. ערשט די באַצייכענונג „תכלית התכליות" מאַכט דעם רמב"ם'ס גאָט פאַר אַן עכטן רעליגיעזן באַגריף. ווייל אַן „תכלית", אַן ציל־באַוואוסטזיין און אַן פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן שיקזאַל פון דער וועלט, איז נישטאָ קיין גאָט אין רעליגיעזן זין.

איך ווייס ניט, אויף וויפיל עס איז אמת דער געדאַנק, אַז עס קאָן זיין רעליגיע אָן אַ גאָט־באַגריף אָדער אָן אַ גאָט־איבערלעבעניש; עס איז אָבער ניט אויסגעשלאָסן אַז מענטשן זאָלן האָבן אַ גאָט־באַגריף אָן רעליגיע. ווען געוויסע יאַפּאַנישע סעקטאַנטן באַצייכענען גאָט ווי „אומבאַגרעניצט ליכט", ווען אַמאָליקע כינעזער האָבן אָנגערופן גאָט שאַנג־טי (דער העכסטער הערשער), אָדער ווען אין אינדיע האָט מען אים כאַראַקטעריזירט ווי „דער ניט־באַשאַפענער, דער־פון־זיך־אַליין־געבוירענער" — קאָן מען די דאָזיקע נעמען־באַגריפן משיג זיין אויך אין אַ ניט־רעליגיעזן זין. דאָס זיינען, ריכטיקע אָדער פאַלשע, מעטאַפיזישע הנחות (ווי די עסקימאָסישע פאָרשטעלונג פון „אומגעזעענע הערשער"); כדי זיי זאָלן אָבער זיין רעליגיעזע באַגריפן, מוז דאָס „אומבאַגרעניצטע ליכט" האָבן אַ ווילן צו שיינען, דער „העכסטער הערשער" — אַ ווילן צו גערעכטיקייט און „דער־פון־זיך־אַליין־געבוירענער" — אַ צילבאַוואוסטע באַציאונג צו אַלע פאַרגעקומענע און קומענדיקע געבורטן אין דער וועלט. רעליגיע מוז זיין מעטאַפיזיש, בשעת מעטאַפיזיק קאָן אויספירן ניט צו זיין רעליגיעז, צו זיין אפילו אַנטי־רעליגיעז. דער רעליגיעזער מענטש האָט דערפאַר שטענדיק געזוכט תופס צו זיין ניט בלויז גאָט'ס וועזן „אין זיך", אומאָפּהענגיק פון דער וועלט, נאָר אויך — און דאָס איז דער עיקר! — זיינע לעבעדיקע שייכות'ן צו דער וועלט. דער מלך מלכי המלכים קאָן זיין אויך אַ גלייכגילטיקער אָדער אַ בייזוויליקער מלך; דער שדי (אויב שדי זאָל הייסן דער אַלמעכטיקער) קאָן פאַרמאָגן אומבאַגרעניצטע מאַכט און זי ניט אויסנוצן, אָדער גאָר מיסברויכן מיט איר, און „מפי הגבורה" (אויב גאָט זאָל זיין בלויז גבורה)

קאָן מען דאָך הערן דאָס זעלביקע וואָס מיר הערן פון ערדישע, אכזריות׳דיקע גבורים. אַ רעליגיעזער באַגריף ווערט גאָט ערשט דענסטמאָל, ווען מ׳הויבט אים אָן צו פילן ווי אַן „אָבינו שבשמים" (אונזער פאָטער אין הימל), ווען דאָס מעטאַפיזישע ווערט געבראַכט אין פאַרבינדונג מיטן עטישן און עסטעטישן, אָדער ווען דער מענטש קריגט דעם אַוואַנטוריסטישן מוט אים צו באַצייכענען ווי „המקום" (דער רוים). יענע אידן, וואָס האָבן זיך דערלויבט אָנצורופן גאָט מיטן נאָמען „המקום", זיינען דערמיט ניט אויסן געווען איינצופירן אַ קאַלטן און בלויז מאַטעמאַטישן גאָט־באַגריף אין דעם זין, אַז גאָט׳ס הויפּט־כאַראַקטע־ריסטיק אָדער איינציקע כאַראַקטעריסטיק זאָל זיין אויסגעשפּרייטקייט, אומבאַ־גרענעצטע רוימלעכקייט. וועגן בלויז אַ געאָמעטרישן אין־סוף קאָן מען ניט זאָגן „המקום ימלא חסרונך" (גאָט זאָל ממלא זיין וואָס דיר פעלט) אָדער „המקום ירחם עליך" (גאָט זאָל זיך דערבאַרימען איבער דיר). אין דעם באַגריף פון רוים קאָן קיין מיטלייד ניט אַריינגענומען ווערן. אין בראשית רבא געפינען מיר אַ כאַראַקטעריסטישע דערקלערונג פונם „המקום"־באַגריף: „קוראין אותו מקום שהוא מקומו של עולם" (מ׳רופט אים רוים, ווייל ער איז דער רוים פון דער וועלט), ווייל די וועלט, הייסט עס, געפינט זיך ניט בלויז אַדאַנק אים און זיין שאַפונגס־אַקט, נאָר אויך ניט אונטער אים און ניט אויסער אים, נאָר אין אים. די וועלט איז אַנטהאַלטן אין גאָט, קאָן פון אים ניט אָפּגעטיילט ווערן, קאָן פון אים ניט אַרויס, ווייל — קיין „דרויסן פון גאָט" איז בכלל ניט פאַראַן. דאָס איז אַ טיפער רמז ניט נאָר אויף די אייביקע און נישט־אָפּטיילנדיקע שייכות׳ן צווישן גאָט און וועלט, נאָר אויך אויף זיין אַחריות פאַר דעם וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, ווייל אַלץ וואָס עס געשעט אין איר געשעט דאָך אויך אין אים. דער מענטש לעבט אין גאָט, ליידט אין גאָט, האָפט אין גאָט און שטאַרבט אין גאָט, אָבער טויט אין גאָט איז אפשר בכלל ניט קיין טויט. אַזאַ רוים אַנטהאַלט אין זיך אויך צייט, ווייל אַלע צייט־איבערלעבענישן פון דער וועלט שפּילן זיך דאָך אָפּ אין דעם איין־איינציקן און אַן אומענדלעכן גאָט־רוים.

וואָס איך וויל דאָ אייגנטלעך אַרויסברענגען איז בלויז אַ מין גאַנץ אַלגע־מיינע קלאַסיפיקאַציע פון גאָט׳ס נעמען. מיר דוכט, אַז מ׳קאָן זיי פאַנאַנדערטיילן אין דריי קאַטעגאָריעס: נעמען, וואָס באַצייכענען איינע פון אַ סך אָדער פון די אומצאָליקע גאָט־אייגנשאַפטן; נעמען, וואָס באַצייכענען גאָט׳ס אַן אייגנשאַפט ווי די וויכטיקסטע, די צענטראַלע, די צומיינסט כאַראַקטעריסטישע; און נע־מען, וואָס זייער ציל איז צו געבן אַן אַלגעמיינע דעפיניציע פון גאָט, וואָס זאָל אין זיך לאָגיש אַנטהאַלטן אַלע אַנדערע מעגלעכע דעפיניציעס און פון וועלכער אַלע אַנדערע דעפיניציעס זאָלן אַרויסשטראָמען מיט אינווייניקסטער בויטוועג־קייט. ווען ספּינאָזאַ שטעלט פעסט צוויי אַטריבוטן פון גאָט — אויסגעשפּרייט־קייט און דענקען — וויס ער, אַז צוזאַמען מיט זיי „פאַרמאָגט" גאָט נאָך אַן

אומבאַגרעניצטע צאָל אַטריבוטן; אויסגעשפּרייטקייט און דענקען ווייזן אים אויס צו זיין אָדער די וויכטיקסטע אַטריבוטן אָדער יענע צוויי פון זיינע אייגנ־שאַפטן, וואָס מאַנפיסטירן זיך אין דער וועלט פאַרן מענטשלעכן באַ־וואוסטזיין. ווען רב לוי יצחק בערדיטשעווער בוצט ניט פאַר גאָט קיין אַנדער נאָמען ווי „דערבאַרמדיקער", וויל ער דערמיט ניט זאָגן, אַז רחמנות איז זיין איין־און־איינציקע אייגנשאַפט. ער האָט געקאָנט דענקען (און זיכער געטראַכט) וועגן גאָט אויך ווי דער „פּועל" און „מצוי ראשון" (ווי דער רמב"ם), אויך ווי דער טרעגער פון גערעכטיקייט און דין, און ווי דער טרעגער פון אמת און אַל־מעכטיקייט. ער האָט זיך אָבער „איינגעשפּאַרט", אַז רחמנות איז זיין הויפּט־כאַראַקטעריסטיק, און אויב אַ טייל פון אונזערע קדמונים האָבן געוואָלט גלויבן, אַז „חותמו של הקדוש ברוך הוא אמת" (גאָט'ס שטעמפּל איז אמת), וואָלט רב לוי־יצחק געקאָנט אַנטקעגנשטעלן זייער גלויבן זיינע אַ פאָרמולע: „חותמו של הקדוש ברוך הוא רחמים" (גאָט'ס שטעמפּל איז מיטלייד). אויף טאָלסטאָיען האָט אין אַ געוויסן מאָמענט פון זיין לעבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אַ וואַנדערנדיקער בעטלער, וואָס האָט זיך געשאַפן זיינע אייגענע נעמען פאַר גאָט. זיינע תפילות זיינען באַשטאַנען מיינסטנס פון איין פראַזע: „טי מאָי לעקאַר, טי מאָי אַפּטעקאַר" (דו ביזט מיין דאָקטאָר, דו ביזט מיין אַפּטייקער). ווען יענער בעטלער וואָלט זיך אַריינגעלאָזן אין אַ טעאָלאָגישן שמועס, וואָלט ער זיכער ניט געווען געזאָגט, אַז מער קיין אייגנשאַפטן קאָן מען גאָט ניט צושרייבן. אוודאי, וואָלט ער געווען צוגעגעבן, איז גאָט אויך דער באַשאַפער פון דער וועלט און איר אַלמעכטיקער פירער, אָבער פון אַלע גאָט'ס אייגנשאַפטן איז ער פּערזענלעך „פיקסירט" בלויז אויף זיין פונקציע אַלס „דאָקטאָר און אַפּטייקער". די מיינסטע נעמען, מיט וועלכע גאָט איז באַ־צייכנט געוואָרן, זיינען געווען ניט אויסשעפּונגען פונם גאָט־באַגריף, נאָר באַגרעניצונגען, צוגאַנגען פון אַ באַשטימטן זע־ווינקל (איז דאָך יעדע דעפי־ניציע בכלל, לויט איר עצם וועזן, אַ באַגרעניצונג). רעליגיעזע מענטשן האָבן אָבער שטענדיק געפילט אַ באַדערפעניש אין אַן אַל־אומפאַסנדיקן נאָמען. האָט דאָך שוין עסכילאָס געהאַט דעם באַוואוסטזיין, אַז ווען מענטשן רופן אָן גאָט אינדראַ, מיטראַ, וואַרונאַ און אגני, שעפּט קיין איינער פון די נעמען ניט אויס זיין וועזן: „פאָעטן רופן־אָן פאַרשיידנאַרטיק דאָס, וואָס ס'איז בלויז איינס". און אין דער אַלטער אינדיע האָט מען אַמאָל דערפאַר געשאַפן אַ נאָמען וואָס איז אפשר בכלל קיין נאָמען ניט: „דער איין־און־איינציקער מיט די פילע נעמען". דערמיט איז באַטאָנט געוואָרן די מענטשלעכע הילפלאָזיקייט צו באַ־צייכענען גאָט מיט וועלכן ניט איז אַלץ־אומפאַסנדיקן נאָמען. דאָס געפיל פון דער דאָזיקער הילפלאָזיקייט און אינטעלעקטועלער צניעות האָט, גלויב איך, ביי

אידן געפונען זיין אויסדרוק אין דעם פרום־סקעפּטישן „כביכול״, וואָס איז, אין גרונט, אַניט־וואָגן צו מאַכן וועלכע ניט איז דעפיניציעס.

⁂

אויב עס האַנדלט זיך וועגן נעמען, וואָס זייער צוועק איז צו באַצייכענען בלויז איינצלנע אייגנשאַפטן פונם גאָט־וועזן, ווייס איך ניט ווער עס פּילט אָן עכטע באַדערפעניש אין נייע נעמען. די אַלטע נעמען האָבן אויסגעשעפּט כמעט אַלע אייגנשאַפטן און פונקציעס, וואָס מענטשלעך באַוואוסטזיין איז מסוגל צוצושרייבן גאָט. און וויל מען האָבן אַן אַל־אומפאַסנדיקן נאָמען און דער־צו נאָך אַ נייעם — פון וואַנען זאָל מען אים נעמען? אויב גאָט איז אַ רעאַלי־טעט, איז מיט וואָס אונזער וויסן פון דער דאָזיקער רעאַליטעט — אין איר גאַנצקייט, ניט אין אירע איינצלנע מאַניפעסטאַציעס — היינט רייכער, זיכע־רער, קלאָרער אָדער „וויסנשאַפטלעכער״ ווי אַמאָל? אונזער גייסטיקע אַנט־וויקלונג פון די לעצטע עטלעכע דורות, אויף וויפיל זי האָט ניט „דערמאָר־דעט״ גאָט (ווי אייניקע ווילן מיינען), האָט זי אים געמאַכט — ווייטער, אומ־פאַרשטענדלעכער, מיסטעריעזער און דאָס הייסט שוין אויך נאָך שווערער צו דעפינירן ווי ער איז ווען ס׳איז געווען. קאַרל באַרט׳ס (איך נעם איינעם פון די באַגאַבסטע פּראָטעסטאַנטישע טעאָלאָגן פון אונזער צייט) דעפיניציע איז אין תוך אַן אָפּלייקענונג פון אַלע מעגלעכע דעפיניציעס: „גאָט, די ריינע גרעניץ און דער ריינער אָנפאַנג פון אַלץ וואָס מיר זיינען און טוען... גאָט, וואָס איז קיינמאָל ניט אידענטיש מיט דעם וואָס מיר רופן גאָט... גאָט, דער אַב־סאָלוטער אָפּשטעל פאַר יעדן מענטשלעכן אומרו און דער אַבסאָלוטער פאַר־אויס פאַר יעדן מענטשלעכן אָפּשטעל, דער יאָ אין אונזער ניין און דער ניין אין אונזער יאָ, דער ערשטער און דער לעצטער און אַזוי אַרום דער אומבאַקאַנטער״. אָדער וואָס איז די נייקייט ביי עמיל ברונער, ווען ער מיידט אויס אַלע איבעריקע נעמען און רעדט נאָר וועגן דעם „וואונדער״, אָדער ביי פּאַאול טיליך, וואָס וויל תפילה טאָן צום „אומבאַדינגטן״? און אין וואָס באַשטייט די אַנטדעקונג — אין באַגריף אָדער אין שפּאַנונג פון דער רעלי־גיעזער נשמה — ווען רודאָלף אָטאָ רופט אָן גאָט אַמאָל „דאָס אינגאַנצן אַנ־דערשדיקע״, אַמאָל „טרעמענדום״ אָדער „פאַסצינאַסום״? לאַטיינישע נעמען מאַכן די זאַך נישט קלאָרער, ניט זיכערער און ניט רייכער מיט איבערלעבענישן און דער עיקר — ניט „נייער״. צענדליקער יאָרן פאַר קאַרל באַרט׳ן האָט אַ ניט־טעאָלאָג (הערבערט ספּענסער) געגעבן אַ סך אַן עקזאַקטערע „דעפיני־ציע״ פון גאָט: „דהי אַננאָאועבל״ ניט „דהי אַננאָון״, ניט „דער, וואָס מיר

ווייסן אים ניט״, נאָר דער „וואָס מיר זיינען ניט מסוגל אים צו וויסן״. פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן איז גאָט, אויף וויפל ער עקזיסטירט פאַר אים בכלל, אַ סך מער מיסטעריעז ווי פאַר מענטשן פון פריערדיקע דורות.

אויב אַ נאָמען דאַרף עפּעס דערקלערן, איז דאָס זוכן פון נייע נעמען — פּרוכטלאָזע אַרבעט. דער רעליגיעזער מענטש פון אונזער דור ווערט אַלץ מער און מער „אַגנאָסטיקער״ (אין דירעקטן עטימאָלאָגישן זין פון וואָרט) — אַלץ מער און מער ניט־ווייסער, ניט־פאַרשטייער, ניט באַגרייפער. ער וועט זיך דער־פאַר צופרידנשטעלן מיט די אַלטע נעמען, נייך, מיט איין אַלטן נאָמען — מיטן איינפאַכסטן און אומפאַרשטענדלעכסטן, מיטן לעפּישסטן און פּאַראַדאָק־סאַלסטן, מיטן קינדישסטן און געניאַלסטן וואָרט וואָס די מענטשלעכע ראַסע האָט ווען עס איז געשאַפן: גאָט.

1938

# איינשטיינ׳ס רעליגיע

עס ווערט דערציילט וועגן וויקטאָר הוגאָ, אַז ער האָט זיך איינמאָל „דיסקרעדיטירט" מיט אַ פראַגע, וואָס ער האָט געשטעלט אין אַ געזעלשאַפט פון פאַכלייט־נאַטורוויסנשאַפטלער. דער פראַנצויזישער אַסטראָנאָם אַראַגאָ האָט פאַר אַ גרופּע קאָלעגן אַנטוויקלט זיין בליק אויף דער נאַטור פון קאָמעטן. ווען ער האָט געענדיקט, האָט דער דיכטער קיין סך ניט געטראַכט און אַ פרעג געטאָן: „אָבער זאָגט מיר נאָר, ליבער אַראַגאָ, וואָס איז די נשמה פון אַ קאָמעט?" אַלע אַרום האָבן זיך געפילט טיף־שאָקירט פון אַזאַ אומגעלומפּערטער פראַגע. עס איז זינלאָז צו פרעגן אַ פיזיקער און אַן אַסטראָנאָם וועגן דער נשמה פון וואָס עס זאָל ניט זיין, ווייל זיין וויסנשאַפט האָט לחלוטין ניט צו טאָן מיט וועלכע ניט איז פּסיכישע פּראָצעסן אָדער עקזיסטענצן.

אַלבערט איינשטיין דאַרף זיך אָבער ניט פילן שאָקירט, אויב מ׳זאָל אים שטעלן די זעלביקע אָדער אַן ענלעכע פראַגע. אַ פאַך־געלערנטער איז ניט מחויב צו ענטפערן אויף אַ פראַגע, וואָס גייט ניט אַריין אין רשות פון זיין וויסנשאַפט, אַזוי לאַנג ווי ער בלייבט שטיין אין די פעסטע גרענעצן פון זיין אייגענער דיסציפּלין. פּרובירט אָבער אַ מאַטעמאַטיקער אָדער אַ נאַטור־וויסנשאַפטלער צו פילאָזאָפירן און דריקט אויס מיינונגען אָדער איבערצייגונגען פון אַן אַלגעמיין־וועלטאַנשוינלעכן כאַראַקטער, מעג אים יעדער פרעגן די פראַגע וואָס וויקטאָר הוגאָ האָט אַמאָל געשטעלט דעם אַסטראָנאָם. אין דעם איינשטיין־פאַל איז בכן לעגיטים די פראַגע: וואָס איז די נשמה פונם גאַנצן אוניווערסום און צי האָט ער בכלל א נשמה?

אינם רעפעראַט, וואָס אַלבערט איינשטיין האָט צוגעשיקט דער „קאָנפערענץ פאַר וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע און רעליגיע", האָט ער אויפסניי אָוועקגעשטעלט די אַלטע פראַגע וועגן דער קעגנזייטיקער באַציאונג פון וויסנשאַפט און רעליגיע. די וואָס האָבן דערוואַרט, אַז ער וועט דיסקוטירן דעם ענין אין ליכט פון דער רעלאַטיוויטעטס־טעאָריע, פון דער מאָדערנער פיזיק בכלל, זיינען געבליבן אַנטוישט. איינשטיין האָט זיין אייגענע שיטה אין מאַטעמאַטיק און פיזיק מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט — טראָצדעם וואָס אין משך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפּשע ליטעראַטור וועגן די פילאָזאָפישע אויספירן, וואָס לאָזן זיך מאַכן פון דער רעלאַטיוויטעטס־לערע. ער האָט זיך אין דעם דערמאָנטן רעפעראַט ווי ניט ווייסנדיק געמאַכט פון זיין אייגענער דאָקטרין און, ברענגענדיק צום אויסדרוק זיין בליק אויף

רעליגיע און איר פּלאַץ אין דעם סך־הכל פון אונזער ציוויליזאַציע, האָט ער ניט אָנגעווענדעט קיין ספּעציעלע דערקענטעניש־מעטאָדע און איז געבליבן שטיין אויפן באַקאַנטן באָדן פון קאָנווענציאָנעלער לאָגיק און פון סתם שכל־הישר. דאָס מאַכט נאַטירלעך לייכטער פאַר די, וועמען ס׳איז ניט געלונגען אַרײַנ־צודרינגען אינם היכל פון איינשטיינ׳ס מאַטעמאַטישער „מחשבה ערטילאית״, זיך צו אָריענטירן אין זיין פילאָזאָפישן געדאַנקנגאַנג.

קיין אינעווייניקסטן, אָרגאַנישן קאָנפליקט צווישן וויסן און אמונה וויל נאַטירלעך אויך איינשטיין ניט אָנערקענען. די אומצייליקע מלחמות צווישן וויסנשאַפטלעכע אמת׳ן און דעם רעליגיעזן וועלט־באַנעם זיינען, אויך לויט זיין מיינונג, אַנשטאַנען בלויז דעמאָלט, ווען וויסנשאַפט האָט זיך פאַרמאָסטן, קעגן איר אייגענעם וועזן און קעגן אירע לעגיטימע פונקציעס, צו זיין אַן אָפּשאַ־צערין פון גייסטיקע און מאָראַלישע ווערטן, אָדער רעליגיע האָט פּרעטענדירט צו זיין דער מקור און דערפאַר שוין אויך דער איינציקער בר־סמכא אין ענינים, וואָס קאָנען געפאָרשט ווערן בלויז אויף אַ וויסנשאַפטלעכן אופן. צווישן דאַרווינ׳ען — פון איין זייט — און בישאָף ליאַטפוט, וועלכער האָט אין אָנפאַנג פון זיבעצעטן יאָרהונדערט דערקלערט פאַר אַ פאַקט אין וועלכן קיין בר־דעת טאָר ניט צווייפלען, אַז גאָט (אָדער די טריניטעט) האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין יאָר 4004 פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, אין אַ פּרייטיק, אַרום ניין אַ זייגער אין דער פרי — פון דער אַנדערער זייט — קאָן קיין שלום ניט הערשן. דיסהאַרמאָניע מוז אַנטשטיין אויך אין יעדן פון יענע פאַלן, ווען וויסנשאַפט, וואָס איר הויפּט־עובדה איז צו פאָרשן פאַקטן און דעם געזעצמעסיקן צוזאַמענהאַנג צווישן פאַקטן און דערשיינונגען, וויל, אָדער בכלל לייקענען די עקזיסטענץ פון אַ וועלט פון ווערטן, אָדער גאָר אַרויס־פּראָדוצירן פון זיך אַליין אַן אייגענע סיסטעם פון ווערט־אורטיילן און אָפּשאַצונגען. אין דעם פּרט האָט איינשטיין נאַטירלעך גאָרנישט נישט מחדש געווען. די פאַרשיידענע רשות׳ן פון וויסנשאַפט און רעליגיע זיינען שוין צוריק מיט גוטע עטלעכע דורות מער אָדער ווייניקער קלאָר אָנגעצ־ייכנט געוואָרן.

דער וויסנשאַפטלעך־אָריענטירטער מענטש קאָן בכן זיין אויך עכט־רעלי־גיעז, און איינשטיין האָט אַ וואָרט פון טאַדלונג פאַר די וואָס ווילן זיך איינרעדן, אַז וויסנשאַפט נעמט מיט זיך אַרום דעם גאַנצן סכום פון גייסטיקן לעבן און איז אין זיך כולל אַלע טיפּענישן פון אונזער קולטור־פּראָצעס: „פאַרטרעטער פון וויסנשאַפט האָבן אָפטמאָל געמאַכט פּרואוון צו דערגרייכן פונדאַמענטאַלע אורטיילן בנוגע ווערטן און צילן אויף דער באַזע פון דער וויסנשאַפטלעכער מעטאָדע און האָבן זיך דערמיט געשטעלט אין אָפּאָזיציע צו רעליגיע״, אָבער „אַזעלכע קאָנפליקטן זיינען שטענדיק אַרויסגעקומען פון פאַטאַלע טעות׳ן״.

נאָך אַזאַ אַריינפיר האָט מען געמעגט דערוואַרטן, אַז איינשטיין וועט מאַכן זיינעם אַ פּרואוו צוצוגיין צו די פונדאַמענטאַלע רעליגיעזע באַגריפן און פאַרשטעלונגען, פריי פון דאָגמאַטישער געבונדנקייט צו דער וויסנשאַפט־לעכער דענק־מעטאָדע און מיט סימפּאַטישער פאַרשטענדעניש פאַר אַזעלכע אַספּעקטן פון גייסטיקן לעבן, וואָס דעקן זיך ניט מיט מאַטעמאַטיש־פיזיקאַלישע דענק־מעטאָדן. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אויך דאָס מאָל (ווי צוריק מיט עטלעכע יאָר, ווען ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין אָפּהאַנדלונג וועגן קאָסמישער רעליגיע) האַלט ער זיך גאַנץ עקשנות׳דיק ביי דער אַלטער, שוין לאַנג „קלאַ־סיש“ געוואָרענער אָפּאָזיציע צום אינהאַלט פון די אַזוי גערופענע טעאיסטישע רעליגיעזע אויפפאַסונגען, צו די פאַרשטעלונגען פון אַ פּערזענלעכן גאָט. אין דעם פּרט חזר׳ט ער איבער אויף זיין אייגענעם אויפן די אָפּנייגונג פון אַ סך בלויז־וויסנשאַפטלעכע אָדער דאָמינירנדיק־וויסנשאַפטלעכע דענקער פון דער אמונה אין אַ לעבעדיקן אָדער אין אַן אין־זיך־און־פאַר־זיך־עקזיס־טענציעלן גאָט — מיט אַנדערע ווערטער, די אָפּגעקערטשאַפט פון דער אמונה אין אַ גאָט, וואָס קאָן ניט באַנומען ווערן אין דער ספּעציפישער שפּראַך פון מאַטעמאַטישע און נאַטור־וויסנשאַפטלעכע טערמינען.

דער אומגליק פון די מיינסטע היסטאָרישע רעליגיעס (און פון אַ ריי, דערלויבן מיר זיך צוצוגעבן פאַר איינשטיינען, פילאָזאָפישע סיסטעמען) באַ־שטייט, לויט זיין מיינונג, אין דעם, וואָס אַלס יסוד פאַרן רעליגיעזן דענקען שטעלן זיי אַוועק דעם באַגריף פון אַ פּערזענלעכן גאָט. אָבער אַ פּערזענלעכער גאָט, מיינט איינשטיין, איז ניט מער ווי אַ פיקציע פון אונזער ניט־וויסנשאַפט־לעכן אָדער פאַר־וויסנשאַפטלעכן דענקען, אין אַ גרויסער מאָס אויך אַ סובלי־מאַציע פון דער אַמאָליקער פּרימיטיוועור אמונה אין אָפּגעטער. ער האַלט ניט אַז דער גלויבן אין אַ געטלעך וועזן איז אַ פאָראויס־באַדינג פאַר אַן עכט רע־ליגיעז לעבן, וואָס דריקט זיך אויס, לויט זיין כאַראַקטעריסטיק, אינם „פאַר־נומען־זיין מיט געדאַנקען, געפילן און שטרעבונגען, צו וועלכע מ׳איז זיך מתדבק צוליב זייער איבער־פּערזענלעכן ווערט“.

ווען עס וואָלט טאַקע עקזיסטירט אַזאַ אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן טעאיזם און אַ שפע׳דיק רעליגיעז לעבן, וואָלט געווען, דריקט זיך איינשטיין אויס, „אוממעגלעך צו באַטראַכטן בודאַ און ספּינאָזאַ פאַר רעליגיעזע פּער־זענלעכקייטן“.

ווועלן מיר בודאַ, ווי אַ ביישפּיל, מוזן אַרויסלאָזן — ניט כדי זיך צו מאַכן דעם ענין באַקוועמער, נאָר ווייל אין בודיזם האָבן מיר פאַר זיך אַן אופן פון רעליגיעזן דענקען, וואָס מענטשן פון דער מערב־וועלט האָבן נאָך ניט גענוג תופס געווען, יעדנפאַלס ניט גענוג אַסימילירט אין זיך. ספּינאָזאַ׳ס לאַטיין איז אונז דאָך נעענטער און פאַרשטענדלעכער פון בודאַ׳ס סאַנסקריט.

און אַפילו יענע אייראָפּעאישע געלערנטע, וואָס האָבן דעם צוגאַנג צו בודיס־טישער ליטעראַטור אין איר אָריגינאַל, האָבן נאָך ביז היינט גרויסע שוועריי־קייטן מיט זייערע פּרואוון אַריינצודרינגען אין דעם אייגנאַרטיקן תוך פון אירע טערמינען און דעפיניציעס. עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען, ווי וואַקל־דיק עס איז נאָך ביז איצטער אונזער פאַרשטענדעניש פון אַזאַ גרונט־באַגריף אין בודיזם ווי נירוואַנאַ (דער ענדגילטיקער צושטאַנד פון אַ מענטשן נאָכן טויט). עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס אַ טייל ענגלישע און אַמעריקאַנער פאָרשער זוילן אויסדריקן דעם נירוואַנאַ־צושטאַנד דורכן וואָרט „נאָטהינג״ (גאָרנישט, אַבסאָלוטע ניט־עקזיסטענץ), בשעת אַנדערע פאַרשטייען אים אַלס „נאָ־טהינג״ (אַ צושטאַנד דווקא פון עקזיסטענץ, אָבער פון אַזאַ עקזיס־טענץ, וואָס איז ניט ענלעך צו קיין שום זאַך אין דער עמפּירישער וועלט). דאָס, וואָס בודאַ נוצט ניט דעם טערמין „גאָט״, איז אפשר בכלל ניט קיין באַווייז פון „גאָטלאָזיקייט״. אַ וועלט, אין וועלכער אַ מענטש ווערט באַ־שטראָפט פאַר זיין זינדיק לעבן דורך אַ סעריע פון גילגול־געבורטן (רעאינ־קאַרנאַציעס) און ווערט באַלוינט פאַר זיין רייניקונגס־פּראָצעס דורך אַן אייביקן נירוואַנאַ־צושטאַנד, איז אויף איר אופן אַ „קעניגרייך פון צילן״ און איז אויך דיריגירט פון אַ באַוואוסטזיניקן ווילן. דאָס אַליין איז שוין עלול, אין אַ זייער גרויסער מאָס, אָפּצושאַפן די מחיצה, וואָס ווייזט אויס פאַר אַ סך צו עקזיסטירן צווישן בודיזם און טעאיזם.

ווען מיר גייען אָבער איבער פון בודאַ צו ספּינאָזאַ, איז פאַראַן גענוג גרונט אָנצונעמען, אַז טראָצדעם וואָס דער לעצטער איז אַ סך פאַרשטענדלעכער פאַר מענטשן פונם מערב'דיקן קולטור־קרייז איידער דער אינדישער וויזיאָנער, עקזיסטירן נאָך אַלץ צווישן אונז גרויסע מיספאַרשטענדענישן אין פאַר־בינדונג מיט זיין לערע און אַפילו מיט זיין טערמינאָלאָגיע. די אויפפאַסונג פון ספּינאָזאַ אַלס אַ כופר־בעיקר, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּער־זענלעכן גאָט, איז — טראָצדעם וואָס זי איז זייער פּאָפּולער און כמעט „קאַנאָ־ניזירט״ — ווייט פון צו זיין באַגרינדעט. ווייל פאַר ספּינאָזאַ'ן עקזיסטירט „פון אייביקייט ביז אייביקייט״ בלויז איין פּערזענלעכקייט אָדער איין אינדיווידואַ־ליטעט, און דאָס איז טאַקע גאָט אַליין, די סובסטאַנץ, בשעת אַלע אַנדערע עקזיסטענצן, וואָס מאַניפעסטירן זיך פאַר אונז ווי פּערזענלעכקייטן, זיינען ניט מער ווי מאָדוסן אָדער אינדיווידואום־ענלעכע צושטאַנדן פונם, אויב מ'מעג זיך אַזוי אויסדריקן, איין־און־איינציקן „וועלט־איך״. אַנדערש וואָלטן מיר געדאַרפט אָננעמען ווי סתם אַ מליצה ספּינאָזאַ'ס באַהויפּטונג (דער 35טער און דער 36טער לערזאַץ אינם פינפטן חלק פון זיין „עטיק״), אַז „גאָט האָט זיך אַליין ליב מיט אַן אומבאַגרענעצטער אינטעלעקטועלער ליבע״ און אַז „ווייל גאָט האָט זיך אַליין ליב, האָט ער אויך ליב די מענטשן״ די מאָדוסן פון

זיין ניט־געטיילטן וועזן. כאַראַקטעריזירן אַ ליבנדיקן גאָט, וואָס דעם מענטשנ׳ס אינטעלעקטועלע ליבע צו אים איז אפילו, ווי ספינאָזא מיינט אין זיין לעצטן לערזאַץ (דער 42טער), אַ געוויסע גאַראַנטיע פאַר אַ מין אומשטערבלעכקייט פונם מענטשנ׳ס נשמה, ווי אַ ניט־פּערזענלעכן, איז דערפאַר אפשר מער אַ פראַגע פון נאָמענקלאַטור, פון באַצייכענונג מיט נעמען, איידער פון תוך־דעפיניציע. דעם טיטל „איך״, אין שטרענגען זינען פונם וואָרט, וואָלט מען, לויט ספינאָזאַ׳ס וועלט־באַנעם, געמעגט אָנווענדן בלויז אויף דער סובסטאַנץ, אָדער זיך אינגאַנצן מיט אים ניט באַנוצן. אין דעם פונקט איז כאַראַקטעריס־טיש די באַהויפּטונג פון אַזאַ ספינאָזיסטיש שטאַרק באַאיינפלוסטן פילאָזאָף ווי הערמאַן לאָטצע. אומבאַגרענעצטקייט, אין סוף׳דיקייט (דאָס וואָס ספינאָזאַ שרייבט צו צו זיין סובסטאַנץ) איז, לויט לאָטצע׳ן, ניט נאָר ניט אין סתירה צו פּערזענלעך־זיין, נאָר פונקט פאַרקערט: זאַך איז לויט איר באַגריף דער פולשטענדיקער היפּוך פון פּערזענלעכקייט; זאַך איז לויט איר עצם וועזן אין זיך באַגרענעצט און פון אַלע אַנדערע זאַכן ווי אָפּגעגרענעצט, בשעת דער אידעאַלער באַגריף פון פּערזענלעכקייט איז — אומענדלעכקייט און זעלבסט־שטענדיקייט. מ׳מעג זאָגן, אַז דער ספינאָזיסטיש געשטימטער לאָטצע איז גרייט צו באַטראַכטן מענטשן בלויז פאַר כמו־פּערזענלעכקייטן, בלויז, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן, פאַר ברואים וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן „בצלם ה׳פּערזענלעכקייט״, בשעת די איינציקע עכטע פּערזענלעכקייט איז גאָט (אָדער די סובסטאַנץ) גופא. אויף אַן אַנדער, ניט וויינקער אַנטשיידענעם אופן האָט עס לאָטצע פאָרמולירט מיט זיין אויסטייטשונג פון קאַנט׳ס „דינג אַן זיך״: „די איינציקע באַדייטונג וואָס מיר קענען צושרייבן צום באַגריף פון אַ זאַך ווי זי איז „אַן און פאַר זיך״, איז זי תופס צו זיין ווי זי איז פאַר זיך גופא״ — דאָס הייסט פאַר איר אייגענעם באַוואוסטזיין דענקען אָדער פילן. מיט אַנדערע ווערטער: אַן זעלבסט־באַוואוסטזיין (דער וויכטיקסטער סימן פון דעם וואָס מיר רופן אַן פּערזענלעכקייט אָדער אינדיווידואַליטעט) זיינען פאַראַן בלויז „דינגען״, סתם זאַכן, אָבער ניט דאָס וואָס קאַנט פאַרשטייט אונטער זיין „דינג אַן זיך״ אָדער וואָס ספינאָזאַ באַצייכנט ווי די איין־און־איינציקע אומענדלעכע „סובסטאַנץ״. מען וואָלט דאָס אפילו געקאָנט אויסדריקן — לויט ספינאָזאַ׳ס גוסט — מאַטעמאַטיש: אונטערן באַגריף פּערזענלעכקייט פאַרשטייען מיר מער אָדער אַ העכערע מדרגה פון ממשות׳דיקייט אָדער רעאַליטעט, ווי אונטערן באַגריף זאַך; די סובסטאַנץ איז דאָסזעלביקע וואָס אַבסאָלוטע רעאַליטעט; דער אויספיר מוז זיין, אַז די סובסטאַנץ איז — אַבסאָלוטע פּערזענלעכקייט. לאָטצע, אויף וועמען מיר באַרופן זיך דאָ, איז, אגב, ניט דער איינציקער דענקער, פאַר וועמען ספינאָזאַ׳ס פּאַנטעאיזם איז ניט מער ווי אַ געוויסע אויסטייטשונג פון טעאיזם בכלל (אין דעם צוזאַמענהאַנג לוינט נאָך אויך היינט אַריינצוקוקן

אין משה מענדעלסאָנ׳ס „מאָרגענשטונדען״ און אין דעם ויכוח פון זיין צייט וועגן לעסינג׳ס אויפפאַסונג פון ספּינאָזאַ׳ן). ספּינאָזאַ׳ס לערע איז ניט אַן אַנט־פּערזענלעכונג פון גאָט, נאָר גיכער גאָר אַ פּאַר־פּערזענלעכונג פונם אוניווערסום...

אָבער אַלץ איינס, ווי אַזוי מיר זאָלן ניט אויפפאַסן די גרונט־באַגריפן פון ספּינאָזאַ׳ס מעטאַפיזישער לערע, וואָס האָט פאַר אונדז אויך איצטער, נאָך קרוב דריי יאָרהונדערטן פון איר עקזיסטענץ, ניט ווייניק אומקלאָרקייטן, קלינגט איינשטיינ׳ס אַרגומענטאַציע קעגן טעאיזם ווייט ניט איבערצייגנדיק. אין אַ געוויסן זינען מעג מען זאָגן, אַז יעדע רעליגיעזע אָדער כמו־רעליגיעזע לערע, אין אונזער צייט, וואָס לייקנט די עקזיסטענץ פון אַ פּערזענלעכן גאָט און אָנערקענט אַ מין אַנאָנימע, אומפּערזענלעכע „גאָטהייט״, איז אַ מין אומ־קער צו אַמאָליקע פּאַר־מאָנאָטעאיסטישע פאָרשטעלונגען און טרעט אַריין אין אַ געוויסער קרובה׳שאַפט מיט געצנדינערישע רעליגיעס. סימנים פון אַזאַ רעלי־גיעזער מעטאַפיזיק געפינען מיר ביי איראָפּעאישע פעלקער אין די פּאַר־קריסטלעכע פּעריאָדן פון זייערע ציוויליזאַציעס. עס איז ניט קיין צופאַל, צום ביישפּיל, וואָס דאָס אַלטע טעווטאָנישע וואָרט „גאָט״ איז, אַזוי צו זאָגן געשלעכטלאָז, ניט קיין ער און ניט קיין זי, נאָר אַ מין עס, דאָס הייסט אומ־פּערזענלעך, זאַכ׳עדיק; וואָס די דאָזיקע פאָרם עקזיסטירט אויך אינם גאָטישן לשון און אין אַלט־נאָרוועגיש. אויך דאָס לאַטייניש „נומען״, וואָס ווערט גענוצט אין זין פון גאָטהייט, איז גראַמאַטיקאַליש — זאַכלעך, נייטראַל. אין די עלטערע שיכטן פון אַ גאַנצער ריי איראָפּעאישע שפּראַכן, ווערט די העכסטע קראַפט באַצייכנט ווי עפּעס אומפּערזענלעכס. עס איז אינטערעסאַנט זיך צו דערמאָנען, אַז די פּרימיטיווע שבטים פון מעלאַנעזיע און יענע פון די אַמעריי־קאַנער אינדיאַנער, צו וועלכע דאָס מאָנאָטעאיסטישע קריסטנטום איז נאָך ניט דערגאַנגען, האַלטן זיך נאָך ביז היינט ביי אַן אוראַלטער פאָרשטעלונג וועגן „מאַנאַ״ — אַ מין אַלקעגנוווערטיקע, אַן אַן אויפהער שטראָמנדיקע, ניט־אינדיווידואַליזירטע קראַפט, וואָס פאַרנעמט אין זייער רעליגיעזן לעבן אַן ערך דעם זעלביקן פּלאַץ, וואָס אַ פּערזענלעכער גאָט פאַרנעמט אין די העכערע היסטאָרישע רעליגיעס.

נאַטירלעך, בלויז דער פאַקט, וואָס איינשטיינ׳ס בליק אויף דער וועלט האָט זיינעם אַ רויען פּאַראַלעל אין דעם דענקען פון פּרימיטיווע פעלקער, איז נאָך ניט קיין אַרגומענט קעגן אים. מיר ווייזן בלויז אָן אויף אַ געוויסער מדרגה אין דער אַנטוויקלונג פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון וועלכער דער גרעסטער טייל פון דער רעליגיעזער מענטשהייט האָט זיך שוין לאַנג באַפרייט, און עס איז מסתמא ניט קיין צופאַל, וואָס אויך (און אפשר גראָד) יענע פעלקער וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע דערגרייכונגען אין נאַטורוויסנשאַפט־

לעכער קולטור זיינען איבערגעגאַנגען צו דער תפיסה פון אַ פּערזענלעכן גאָט.

עס וואָלט אונז צו וויט פאַרפירט, ווען מיר וואָלטן איצט זיך געוואָלט אָפּשטעלן אויף דער פראַגע, פאַרוואָס אַזעלכע גרויסע טיילן פון דער מענטש־הייט זיינען גראָד אין די פּראָגרעסיווע פּעריאָדן פון זייער אַנטוויקלונג איבער־געגאַנגען פון אמונה אין גאָט־זאַך אָדער אין גאָטהייט ווי אַ סומע פון אומ־פּערזענלעכע כוחות — צו דער אמונה אין גאָט ווי אַ פּערזענלעך וועזן. עס קאָן יעדנפאַלס קיין ספק ניט זיין, אַז אַזאַ איבערגאַנג וואָלט ניט פאָרגע־קומען, ווען די פאַר־טעאיסטישע רעליגיעס וואָלטן געווען בכח צו שטילן זייער רעליגיעזן דאָרשט, געבן אַ דויערנדיק־צופרידנשטעלנדיקן ענטפער אויף זייערע מעטאַפיזישע שפּאַנונגען. אָבער קיין לייזונג פאַר די דאָזיקע שפּאַנונגען גיט היינט אויך איינשטיין ניט, און די צוויי עלעמענטן פון זיין רעליגיעזן אויסבליק — די שטרענגע, שכל׳דיקע געזעצמעסיקייט פונם נאַטור־געשען (אַנשטאָט אַ פּערזענלעכן גאָט) און דאָס אַבסאָרבירט־ווערן פונם מענטשן אין דער דריי־איניקייט פון איבערפּערזענלעכע ווערטן (דאָס אמת׳ע, דאָס גוטע און דאָס שיינע) קאָנען קיינעם ניט „טרייסטן" אָדער מאַכן פאַר אים די וועלט און זיין פּלאַץ אין דער וועלט „אַננעמבאַר".

מיר נוצן דאָ בכיוון אַזעלכע „קאָמפּראָמעטירטע" אויסדרוקן ווי טרייסטן און אַננעמבאַר, ווייל וויפל מ׳זאָל ניט טייטשן און איבערטייטשן רעליגיע, האָט זי ניט, אין לעצטן חשבון, קיין שום באַדייטונג, אויב זי איז ניט, פאַר אַלעמען און נאָך אַלעמען, אַ קאָסמאָדיציייע, אַ מין צידוק־הדין פאַר דעם אוניווערסום; אויב זי גיט ניט דעם מענטשן די זיכערקייט (אָדער, ווי פילאָזאָ־פישע „מינימאַליסטן" ווילן היינט זאָגן, די וואַרשיינלעכקייט), אַז די ווערטן וואָס דער מענטשלעכער גייסט האָט פון זיך פּראָדוצירט אָדער וואָס האָבן זיך דורך אים אַנטפּלעקט, זיינען ניט קיין אילוזיעס; אַז זיי טראָגן אין זיך ענדגילטיקע רעאַליטעט און זיינען אויף דעם אָדער אַנדערן אופן פאַראַנקערט אין דעם עצם וועזן פון דער וועלט. אין זיין רעפעראַט רעדט איינשטיין מיט כמעט ניט פאַרמאַסקירטער פאַראַכטונג וועגן מורא און האָפענונג, ווי די צוויי אומ־לעגיטימע מקורות פון די טעאיסטישע רעליגיעס און פילאָזאָפיעס. אָבער מיט וואָס זיינען מורא און האָפענונג ניט קיין כשר׳ע סטימולן, און פאַר וואָס איז אַ פּערזענלעכער גאָט, וואָס ווערט באַטראַכט ווי דער אייביקער היטער און טרעגער פון ווערטן און איז ניט גלייכגילטיק צום שיקזאַל פון מענטשן, אַ פאַלשער באַגריף? ווייל אַזאַ גאָט איז צו פּראַגמאַטיש, צופיל צו־געשניטן צו אונזערע באַדערפעגישן אָדער פאַרלאַנגען — „טו גוד טו בי טריו"? האָבן מיר מער גרונט זיך צו האַלטן ביי דער פאָרמולע — „טו בעד טו בי אַנטריו"? און אויב עס איז גענוג אַז הינטער אַ באַגריף אָדער אַן אידייע זאָל שטיין ווי אַ מאָטיוו מענטשלעכע פאַראינטערעסירטקייט, „וואונטש־דער־

פילונג", כדי דורך דעם אַליין זאָל יענע אידייע ווערן דיסקרעדיטירט, האָבן מיר דען ניט קיין גרונט צו דיסקרעדיטירן אויך די וויסנשאַפט? איז דען וויסנשאַפט, סיי אַנגעווענדטע פאַר אונזער פּראַקטישן געברויך און סיי די סאַמע אַבסטראַקטע און טעכניש־נוצלאָזע, ניט אַן ענטפער אויף מענטשלעכע עמאָציעס און פאַראינטערעסירטקייטן, ניט קיין רעזולטאַט פון מורא פאַר נאַטור־כוחות און האָפענונג זיי צו צוימען און צו באַהערשן, אָדער פון אונזער אייביקער מורא פאַר פינסטערקייט, אומבאַגרייפלעכקייט, געזעצלאָזיקייט און כאַאָטישקייט? וואָלטן מיר דען אַנטוויקלט די וויסנשאַפטן צו דער מדרגה, צו וועלכער זיי האָבן שוין דערגרייכט, ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט קיין „אינטערעס" צו לעבן אין אַ געאָרדנטער, געזעצמעסיקער, מער־באַגרייפלעכער און דערפאַר שוין אַליין אויך מער אָנגענעמער וועלט? אַוודאי און אַוודאי איז רעליגיע, און באַזונדערס טעאיסטישע רעליגיע, אין אַ אומגעהייער גרויסער מאָס סטימולירט פון שרעק — פון דער באַדערפעניש בייצוקומען דאָס דאָזיקע געפיל און איינצושטעלן אַ האַרמאָנישע באַציאונג צווישן מענטש און דער וועלט־גאַנצקייט. און וואָלט יענער שרעק געווען אַ גרונטלאָזער, בלויז אַ רעזול־טאַט פון אַבערגלויבן און פאַלשע פאָרשטעלונגען, וואָלט מסתמא אין דער וועלט ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר די רעליגיעזע מענטאַליטעטן, מיט וועלכע מיר לעבן שוין טויזנטער יאָרן. אָבער דער פחד וואָס שטייט הינטער די מיינסטע פּראָצעסן פון רעליגיעזער שאַפונג באַציט זיך דאָך ניט בלויז אויף אַ טריקע־ניש, אָדער אַ פאַרפלייצונג, אָדער גאָר אויף שדים און אַנדערע אימאַגינערע סכנות, נאָר אויך, און אפשר דער עיקר, אויפן שיקזאַל פונם ווערטפולן אין דער וועלט בכלל. די מורא פאַרן טויט, למשל, איז אַ וויכטיקער, אויב ניט דער הויפּט־עלעמענט, אין יענע שפּאַנונגען, וואָס אַ דאַנק זיי איז רעליגיעזע מענטאַליטעט היסטאָריש געוואָרן דאָס וואָס זי איז. די דאָזיקע מורא איז אָבער ניט קיין גרונטלאָזע און, סיידן מיר נאַרן זיך אָפּ אָדער „פאַררעדן זיך אַליין די ציינער", ווערט דאָס דאָזיקע געפיל ניט באַזייטיקט דורך אַ טעאָריע, אַז טויט איז אַ נאַטירלעכע, געזעצמעסיקע דערשיינונג אינם גאַנצן קאָסמישן געשעען. אַ מענטש קאָן אַזאַ טעאָריע אינטעלעקטועל אָננעמען, אָבער די „על־פּי־טבע׳דיקייט" פון טויט ווערט נאָך ביי אים ניט פאַרוואַנדלט אין קאָסמאָדיצייע, אין אַ באַרעכטיקונג פונם סדר־העולם און זי קריגט נאָך ניט פון אים קיין מאָ־ראַלישע „הסכמה". איינשטיין איז גרייט צו באַטראַכטן די אמונה אין השארות־הנפש ווי אַ מין פחדנות (פאַרוואָס אייגנטלעך פחדנות? פחדנות איז בלויז דאָס מורא האָבן פאַר זאַכן און דערשיינונגען, וואָס מיר זיינען אימשטאַנד גובר צו זיין, אָדער פאַר וועלכע עס איז „אומווירדיק" מורא צו האָבן), און ער וויל ניט זען אין די פאַרשיידענע וואַריאַציעס פונם אומשטערבלעכקייטס־

גלויבן דעם אייביקן מאָראַלישן פּראָטעסט קעגן דער פאַרניכטונג פון לעבן, פונם ווערטפולסטן אין דעם וועלט־זיין.

אַ פילאָזאָף קאָן פאָדערן — ווי עס פאָדערט, צום ביישפּיל, דער דורך און דורך פּעסימיסטישער בערטראַנד ראַסעל — אַז דער מענטש זאָל שלום מאַכן מיט דער אַזוי גערופענער גערופענער גלייכגילטיקייט פון טויט, ווייל... סיי־ווי־סיי האָבן מיר דאָך קיין ברירה ניט, און עס האָט ניט קיין זינען צו באַגערן דאָס אַבסאָלוט־אוממעגלעכע אָדער האָבן טענות צו אַ טויב־שטומען, גולמ׳דיק־ווילדן אוניווערסום. דער אַנטי־רעליגיעזער זיגמונד פרויד האָט, פון זיין שטאַנדפּונקט, אויך געהאַט אַ רעכט צו פאָדערן פון אונז דאָס, וואָס ער האָט גערופן „די דערציאונג צו רעאַליטעט״, די פעיִקייט צו באַגעגענען דאָס קאָסמיש־גרויזאַמע — באַלאַנסירט און אָן שרעק, ווייל סיי ווי סיי זיינען מיר אויף דעם קיין בעלי־בתים ניט. אָבער סיי פאַר ראַסעל׳ן און סיי פאַר פרויד׳ן איז ניט פאַראַן אַזעלכס ווי „איבערפערזענלעכע ווערטן״ אינם זינען פון העכער־פון־מענטשלעכע אָדער אויסער־מענטשלעכע, וואָס עקזיסטירן פאַר זיך אַליין (ווי, צום ביישפּיל, אמת, וואָס האָט פאַר איינשטיינ׳ען אַ זעלבסטשטענ־דיקע עקזיסטענץ). ספּעציעל פאַר ראַסעל׳ן איז די גייסטיקע וועלט פונם מענטשן ניט מער ווי אַן אַקצידענט, אַ צופעליקער עפּיזאָד אין אַ גייסטלאָזן וועלט־געשעען, און דערפאַר פריידיקט ער אַ מין „פאַרצווייפלטע נאָבעליטעט״, דאָס קולטיווירן פון גייסטיקע, מאָראַלישע און עסטעטישע ווערטן אויב ניט אויף־צו־להכעיס, איז אין פולשטענדיקער דיסהאַרמאָניע מיטן אוניווערסום. אָבער איינשטיין איז אין זיין וועלט־באַנעם ניט קיין פּעסימיסט און לויט זיין נאַטור רעליגיעז. האָט מען פון אים געמעגט דערוואַרטן, אַז אין אונזערע אומ־שטערבלעכקייט־קאָנסטרוקציעס זאָל ער דערזען עפּעס מער ווי סתם ביאָלאָגיש גלוסטן נאָך המשך אָדער „עגאָאיזם״ — ער זאָל אין זיי באַמערקן אויך די מאָראַלישע באַדערפעניש צו שאַפן אַ האַרמאָנישע שייכות צווישן שיקזאַל און וועלט־טאָטאַליטעט.

און דאָ קומען מיר צו, ווי מיר דוכט זיך, צום וויכטיקסטן מאָמענט אינם וועזן פון רעליגיעזן שאַפן.

איך נעם זיך ניט אונטער צוצוגעבן צו די צענדליקער גענעראַליזירנדיקע דעפיניציעס פון רעליגיע נאָך אַ דעפיניציע. עס וועט אָבער זיין שווער עפּעס אויסצוזעצן קעגן אַ באַהויפּטונג אַז, באַטראַכט פון אַ באַשטימטן געזיכטס־פּונקט, איז רעליגיע אַ פּרואוו — אפשר דער סאַמע „אַוואַנטוריסטישער״ פּרואוו אין אונזער גאַנץ לעבן — אויפצופאַסן די טאָטאַלע עקזיסטענץ אין עטישע טערמינען. מורא אינאיינעם מיט אַ פּראַמעטעאיש עטישער „פאָדע־רונג״ צום גאַנצן קאָסמישן געשעען, וואָס, אויב זי ווערט באַפרידיקט, הערט די מורא אויף צו האָבן פלאַץ, בויט אויף רעליגיע (ווען בלויז מורא וואָלט

געוועזן דער מקור פון טעאיסטישער רעליגיע, וואָלט מען אפשר געדאַרפט וויניקער לאַכן פון אַמאָליקן בערלינער שפּאַס, אַז על פּי שכל דאַרף שליי־ערמאַכער׳ס הונט זיין פרומער פון זיין מייסטער). איינשטיין איגנאָרירט אָבער אינגאַנצן דעם דאָזיקן טיפן אמת פון קאַנט׳ס „פּראַקטישער פאַרנונפט״ — דעם טעזיס, אַז אַלץ איינס וואָס פאַראַ באַציאונגען עס זאָלן ניט עקזיס־טירן צווישן רעליגיע און עטיק, איז רעליגיע, פון אַ באַשטימטן שטאַנדפּונקט אַ פּראָדוקט פון דער אוממעגלעכקייט פאַרן מענטשן שלום־צו־מאַכן מיט אַן אוממאָראַלישער אָדער אַן אַ־מאָראַלישער טאָטאַליטעט. איינשטיין אָנער־קענט די גילטיקייט פון אונזערע מאָראַלישע ווערטן, אין און פאַר דעם מענטשלעכן לעבן; ער זעט אַפילו אין „דינען״ צו די דאָזיקע ווערטן די קווינטעסענץ פון רעליגיעזן לעבן, אָבער אין דער זעלביקער צייט זוכט ער ניט פאַר זיי, ווייזט אויס, קיין פאַראַנקערונג אין דעם וועלט־אַל. די שפּערי־שע באַדייטונג פון טעאיסטישער רעליגיאָזיטעט באַשטייט אָבער גראָד אין דעם, וואָס זי פּראָיעצירט אַריין אין קאָסמאָס די העכערע מענטשלעכע ווערטן, און נעמט אָן אַז דאָס, וואָס זי פּראָיעצירט אין אים אַריין עקזיסטירט אויך אין זיין שורש, אין זיין עצם וועזן. אומשטערבלעכקייט־גלויבן דאַרף דערפאַר באַטראַכט ווערן ניט בלויז ווי אַ וואונטש־דערפילונג אָדער ווי סתם אַ האָפע־נונג וואָס דאַרף אונז קאָמפּענסירן פאַר אונזער מורא, נאָר אויך ווי אַ פאָ־דערונג פון מענטשלעכן געוויסן און אַ הנחה, אַז אין קאָסמאָס ווי אַ גאַנצן איז פאַראַן ניט וויניקער, נאָר מערער און אַ העכער געוויסן ווי ביים מין מענטש, און אַז עס איז דערפאַר „אוממעגלעך״, אַז טאָטאַלע פאַרניכטונג זאָל זיין דער עפּילאָג אין דעם מענטשלעכן שיקזאַל. און דערפאַר טאַקע גראַוויטירט רע־ליגיע צו דער אָדער אַן אַנדערער פאָרם פון טעאיזם; אין דער אומפּערזענלעכער נאַטור געפינט זי ניט קיין סימפּאַטיע (אויך ניט קיין אַנטיפּאַטיע, אָבער דאָס ענדערט ניט די לאַגע) פאַר מענטשלעכע ווערטן, בשעת אינם באַגריף פון אַ פּערזענלעכן גאָט גייט אַריין אַ געוויסע קעגנזייטיקייט אין די באַציאונגען צווישן מענטש און דער „העכסטער מאַכט״, אחריות פון גאָט פאַר מענטשלעכע ווערטן, וואָס זיינען, אויף אַן אַנדער שטח, אויך זיינע ווערטן. איינשטיין וויל אָבער ניט איינזען, אַז אויב אים זאָל געלינגען וויסנשאַפטלעך צו באַווייזן די אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַ פּערזענלעכן גאָט — עפּעס וואָס קאָן וויסנשאַפטלעך בשום אופן ניט באַוויזן ווערן און וואָס איינשטיין אַליין האַלט פאַר נויטיק אין זיין רעפעראַט צו באַטאָנען — וואָלט ער דערמיט בלויז געעפנט דעם וועג פאַר אַ פּעסימיסטישן וועלט־באַנעם, אָבער ניט פאַר רעליגיע, ניט פאַר אַ קאָסמאָדיצייע. ווייל אויך די ווערטן וואָס איינשטיין אָנערקענט פאַר די הויפּט־עלעמענטן אין רעליגיע — אמת, גוטסקייט און שיינקייט — זיינען רעאַל און האָבן אַן אָביעקטיווע באַדייטונג

בלויז אונטער אײן באַדינג: אויב זײ זײנען די „אָנערקענטע״ װערטן, ניט נאָר פֿאַרן מענטשלעכן באַװאוסטזײן, נאָר אויך פֿאַר נאָך עמעצן אָדער פֿאַר נאָך אַן „עפּעס״ (ניט אומזיסט געפֿינען מיר אין דער תּלמוד׳ישער ליטעראַטור אַ פֿאָרשטעלונג, אַז מקיים צו זײן די תּורה איז אַ חוב אויך פֿאַר גאָט, אַז דער רבונו של עולם גופא איז מעיין אין דער תּורה אײדער ער אַנטשליסט זיך עפּעס צו טאָן. דאָס איז זײער אָן זײער אַנטראָפּאָמאָרפֿיש און אפשר נאָך מער שאָקירנדיקער אַנטראָפּאָמאָרפֿיזם איז אַן אַנדער פֿאָלקס־פֿאָרשטעלונג, װאָס מיר געפֿינען אויך אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, לויט װעלכער דער הקדוש ברוך הוא אַלײן לײגט תּפֿילין. דאָס צאַרטערע אויער כאַפּט אָבער אויף, דורך די דאָזיקע פֿאָרשטעלונגען, דאָס װיברירן פֿון אַ שעפֿעריש־רעליגיעזער קראַפֿט, דאָס שטרעבן צו קריגן די ענדגילטיקע זיכערקײט, אַז תּורה איז ניט עפּעס „מענטשלעכעס, אַלצו מענטשלעכעס״, װאָס איז ניט גילטיק אין אויסער־מענטשלעכער עקזיסטענץ און דערמיט אַלײן ניט־רעאַל). װײל פֿאַרן רעליגיעזן באַװאוסטזײן און געװיסן איז ניט גענוג אָנצונעמען, װי אײנשטײן װיל, דעם אײביקן ריטם פֿון שטרענגער אָרדענונג און געזעצלעכקײט אין דעם װעלט־אַל, כּדי זיך צו פֿילן אין אים „הײמיש״, און עס איז אפֿילו ניט גענוג די הנחה פֿונם אַמעריקאַנער טעאָלאָג שײלער מאַטיוס, אַז אין דער נאַטור זײנען פֿאַראַן פּערזענלעכקײט־בילדנדיקע כּוחות („פּערסאָנאַליטי־פּראָדיוסינג אַקטיװיטיס״), אַז די װעלט זאָל װערן פֿאַרן מענטשן באַדײטונגס־פֿול און „אַקצעפּטאַבל״. רעליגיע פֿאָדערט נאָך עפּעס — אַז יענע כּוחות אָדער אַקטיװיטעטן זאָלן אַלײן װיסן אַז זײ זײנען און װאָס זײ זײנען, װײל אַן אַזאַ װיסן מוזן זײ זײן גלײכגילטיק און אומפֿאַראַנטװאָרטלעך, אַ־מאָראַליש. מיט אומבאַװאוסטזיניקע כּוחות און אַקטיװיטעטן, װאָס פּראָדוצירן אַרויס פֿון זיך אויטאָמאַטיש (לויט װעלכער מעכאַניק, לויט װעלכע געזעצן פֿון סיבה ומסובב?) דאָס העכסטע װאָס איז אונז באַקאַנט אין דער װעלט פֿון עקזיסטענץ, גײסט און פּערזענלעכקײט, קאָן מען קײן קעגנזײטיקײט־באַציאונגען ניט פֿאַרקניפּן, און כּדי עס זאָל יאָ קאָנען זײן מיט זײ אַ גײסטיק־מאָראַלישע פֿאַרבינדונג, מוזן זײ אַנטהאַלטן אין זיך עפּעס פֿון דעם, װאָס מיר באַצײכענען מיטן װאָרט „פּערזענלעכס״. אין דעם צוזאַמענהאַנג קאָן מען פֿאַרשטײן דעם שפּאַס פֿון דעם ראַפֿינירטסטן איראָניקער פֿון אונזער צײט, אַנאַטאָל פֿראַנס, װעלכער, רעדנדיק װעגן דער השערה, אַז אונזער גאַנצער אוניװערסום איז פֿאַרמשפּט אונטערצוגײן און אײנאײנעם מיט אים, הײסט עס, מוזן אונטער־גײן אויך אַלע גײסטיקע װערטן װאָס אײן טיפּ באַשעפֿעניש האָט געשאַפֿן אויף אײנער פֿון די קלענערע פּלאַנעטן, האָט מעלאַנכאָליש אַ זאָג געטאָן: „ניט דאָס איז װיכטיק, צי דער אוניװערסום װעט טאַקע אונטערגײן צי ניט, צי דאָס װעט פּאַסירן מאָרגן אָדער שפּעטער מיט עטלעכע טויזנט ביליאָנען

יאָרן; וויכטיק איז, אויב ער וועט פאַרניכטעט ווערן, אָדער, „דיסאינטעגרירן" ווי ספענסער האָט געוואָלט זיך אויסדריקן, צי איז פאַראַן אַ גאָט וואָס זאָל אויף די חורבות פון זיין מעשה־בראשית „אַדרעסירן" זיינע „הויף־דינער": דאָס איז געווען אַ פּראַקטפּולער שפּיל, לאָמיר עס נאָכאַמאָל אָנהויבן פון־דאָסניי". די גרונט־פראַגע איז דאָ אייגנטלעך אַ גאַנץ „איינפאַכע": צי איז די אַנטשטייאונג פון פערזענלעכקייט אַ צופאַל אָדער עפּעס על פּי געזעץ, קאָס־מיש־לעגיטים און כאַראַקטעריסטיש פאַר דער ווירקלעכקייט? בערט־ראַנד ראָסעל, למשל, האַלט, אַז באַוואוסטזיין, גייסט, ווילן, פערזענלעכקייט, זיי־נען לויט זייער ווען עפּעס וועלט־פרעמדע, צופעליקע. ווען מיר אים ניט פרעגן קיין קשיות וועגן דעם וואָס הייסט אַן „אַקצידענט" אין אַ געשלאָסענער וועלט־טאָטאַליטעט, און צי אַזאַ צופאַל איז ניט מער נס, ניט מער אומראַציאָנאַל, ווי אַ יש מאין באַשאַפן פון אַ פערזענלעכן גאָט. אָבער נעמט מען אָן ראָסעל'ס מעטאַפיזיק, איז קלאָר, אַז אַלע אונזערע ווערטן זיינען אויך „אַקצידענטאַלע" און דאָס הייסט, אין לעצטן חשבון, אומרעאַלע.

איינשטיין וויל אָבער די מענטשלעכע ווערטן פאַר קיין צופעליקע אָדער אילוזאָרישע ניט באַטראַכטן. פאַרקערט, ער איז גענויגט זיי צוצושרייבן עכטע רעאַליטעט. אָבער פון וואַנען קריגן זיי זייער רעאַליטעט (און דאָס מוז דאָך הייסן אויך קאָסמישע פאַראַנקערונג), אויב זיי זאָלן עקזיסטירן בלויז פאַרן מענטשלעכן גייסט? עס קאָן זיין, אַז אין זיין לייקענען דעם עלעמענט פון פערזענלעכקייט אין עצם יסוד פונם קאָסמאָס, איז איינשטיין שטאַרק באַאיינפלוסט פון זיין פיזיקאַלישער דענק־מעטאָדע, אַז די דאָזיקע מעטאָדע האָט געשאַפן אין אים אַ מין „אינהיביציע" קעגן אַזאַ ניט־פיזיקאַלישן באַגריף ווי פערזענלעכקייט, אַז ער דענקט — מעג מען זיך אַזוי אויסדריקן? — „פיזיקאָמאָרפיש". אַ ביאָלאָג קאָן נאַטירלעך וויניקער ליידן פון אַזעלכע אינטעלעקטועלע „אינהיביציעס", און אַנרי בערגסאָן, למשל, וואָס איז אין זיין פילאָזאָפישן דענקען אָריענטירט דער עיקר אין דער ריכטונג פון ביאָלאָגיע, האָט לייכטער געקאָנט אַסימילירן אין זיך דעם באַגריף פון פערזענלעכקייט אין אַ קאָסמישן מאַסשטאַב. „עס לייגט זיך אויפן שכל", האָבן מיר פון אים געהערט נאָך צוריק מיט אַ פערטל יאָרהונדערט, „אַז פערזענ־לעכקייט איז די עכטע כוונה אין דער אַנטוויקלונג פון לעבן, און אַז מענטש־לעכע פערזענלעכקייט איז בלויז איינער פון די אופנים, וואָס דורך זיי ווערט יע־נע כוונה רעאַליזירט. עס איז דערפאַר זייער וואַרשיינלעך, אַז דער גייס־טיקער לעבנס־מקור, פון וועלכן פערזענלעכקייט קומט אַרויס, איז אַליין פער־זענלעך. אמת, ער איז פערזענלעך אויף אַן אַנדער אופן, אַן יענע צופעליקע אייגנשאַפטן אָדער שטריכן, אין וועלכע אונזער באַוואוסטזיין זעט אַ טייל פון אונזער (מענטשלעכער) פערזענלעכקייט, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט

דער עקזיסטענץ פון קערפער. ער איז פערזענלעך אין אַ ברייטערן זינען פון וואָרט — אַ גייסטיקע איינהייט, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם שעפערישן פראָצעס פון אַנטוויקלונג״... מיט דעם לאָמטערן פון אַ ביאָלאָג איז דערפאַר אפשר בערסאָנ׳ען געווען ניט שווער צו באַטראַכטן מיט אינטעלעקטועלער סימפּאַטיע אפילו אַזאַ עלעמענט פון אידיש־קריסטלעכער רעליגיאָזיטעט, ווי די פּאַטערשאַפט פון אַ פּערזענלעכן גאָט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט איינשטיינ׳ס לעצטן רעפעראַט איז דערלויבט, גלויב איך, צו ציטירן אַ שמועס צווישן אים און ראַבינדראַנאַט טאַגאָר, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ יאָר צען צוריק אין בערלין (טאַגאָר האָט דעם שמועס פאַרנאָטירט און אים פאַרעפנטלעכט אין זיין Religon of Man). איך וועל דאָ ברענגען בלויז עטלעכע שורות פון דעם דאָזיקן דיאַלאָג צווישן דעם אייראָפּעאישן וויסנשאַפטלער און דעם אַזיאַטישן דיכטער:

איינשטיין: „אמת און שיינקייט הענגען ניט אָפּ פונם מענטשן?״

טאַגאָר: „ניין״.

איינשטיין: „ווען עס זאָלן אויף דער וועלט מער קיין מענטשן ניט זיין, וואָלט אַפּאָלאָ פון בעלוועדער שוין מער ניט געווען שיין?״

טאַגאָר: „ניין״.

איינשטיין: „איך בין מסכים אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן דער אויפ־פאַסונג פון שיינקייט, אָבער ניט אין דער באַציאונג צו אמת״.

טאַגאָר: „פאַרוואָס ניט? אמת ווערט רעאַליזירט דורכן מענטשן״.

איינשטיין: „איך קאָן ניט באַווייזן, אַז מיין אויפפאַסונג איז ריכטיק, אָבער דאָס איז מיין רעליגיע. איך קאָן ניט באַווייזן וויסנשאַפטלעך, אַז אמת דאַרף אויפגעפאַסט ווערן ווי עפּעס וואָס איז גילטיק אומאָפּהענגיק פון דער מענטשהייט; אָבער איך האָב אין דעם פעסטע אמונה. איך גלויב, למשל, אַז די פּיטאַגאָר־טעאָרעמע אין געאָמעטריע באַהויפּטעט עפּעס אַזוינס, וואָס איז אומגעפער אמת, אומאָפּהענגיק פונם מענטשנס עקזיסטענץ. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, אויב ס׳איז פאַראַן אַווירקלעכקייט וואָס איז אומאָפּהענגיק פונם מענטשן, מוז אויך זיין אַן אמת וואָס האָט אַ שייכות צו יענער ווירקלעכקייט״.

אויב ס׳איז נישטאָ קיין פּערזענלעכער גאָט, איז אין דעם שמועס טאַגאָר געווען לחלוטין גערעכט: כדי אמת און שיינקייט זאָלן האָבן אויסערמענטש־לעכע גילטיקייט, מוז זיין אויסער דעם מענטשן עמעצער, וואָס ווייס דעם אמת און „געניסט״ שיינקייט. מיט דער באַהויפּטונג, אַז פּיטאַגאָר׳ס טעאָרעמע איז אמת אויך אָן מענטשן (ער האָט, אגב, מיט דעמזעלביקן רעכט אָדער אומ־רעכט געמעגט באַהויפּטן, אַז אויך דער אַפּאָלאָ פון בעלוועדער איז שיין אַפילו אָן דער עקזיסטענץ פון מענטשן, ווייל אויב ס׳איז פאַראַן „אַן עמיצער״ וואָס איז פייאיק תופס צו זיין געאָמעטרישע פאָרמולעס, פאַר וואָס זאָל ער ניט

זיין מסוגל, ווי איינשטיין און זיינע מיט־ברואים זיינען, אויך אויף אַן עסטעטישן ווערט־אורטייל ?), האָט ער דענסטמאָל פּאַקטיש געמאַכט אַ הנחה, אויפן יסוד פון וועלכער עס לאָזט זיך אויפבויען דעם באַגריף פון אַ פּערזענלעכן גאָט. אמת׳ן און געזעצן ווייסן ניט אַז זיי זיינען אמת׳ן און געזעצן, ווייסן ניט פון דעם גייסט וואָס ליגט אין זייער יסוד, און אויב זיי ווייסן דאָס יאָ, זיינען זיי אויך זייערע אייגענע געזעץ־ווייסער און געזעץ־געבער. אין יענעם שמועס, ווי מ׳קאָן זען, איז איינשטיין געווען אַ סך נענטער צום טעאיזם, איידער ער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אין זיין לעצטן רעפעראַט און זאָל ער זיך היינט אומקערן צו זיין דעמאָלטדיקער אויפפאַסונג פון אַן אמת וואָס איז „אָנער־קענט" (אָדער „גילטיק") אויך אויסערן תחום פון מענטשלעכן דענקען, דאַרף אים ניט זיין שווער צו מאַכן נאָך אַ צווייטן שריט — אָנצונעמען אַז אויך דאָס גוטע און דאָס שיינע האָבן זייערן אַן אַל־קאָסמישן טרעגער. ער מוז דענסטמאָל ניט אָנערקענען דווקא די עקזיסטענץ פון אַן אויסערוועלטלעכן און איבער־נאַטירלעכן גאָט, דעם נאָר־טראַנסצענדענטאַלן גאָט פון אונזערע היסטאָרישע רעליגיעס. אויך אַן אימאַנענטער גאָט, אַ גאָט וואָס ווערט אָפּט אויסגעטייטשט פון פּאַנטעאיסטן ווי „קאָעקסטענסיוו" מיט דער נאַטור, קאָן זיין אַ לעבע־דיקער, אַ פּערזענלעכער, אַ ווייסנדיקער און אַ ווילנדיקער, אויך אַן אחריות־פולער פאַר די שיקזאַלן פון זיינע ברואים, אָדער (נוצנדיק ספּינאָזאַ׳ס שפּראַך) פון זיינע מאָדוסן, אָדער (טראַכטנדיק אין ביאָלאָגישע טערמינען) פון זיינע „קינדער". איז אַראַגאָ, ווען מיר האָבן אין אָנפאַנג דערמאָנט, בלויז אַן אַסטראָנאָם און האָט ער זיך פולשטענדיק איינגעשלאָסן אין די ד׳ אמות פון זיין וויסנשאַפט, איז ער ניט מחוייב ניט נאָר צו פאַרענטפערן וויקטאָר הוגאָ׳ס קשיא — „וואָס איז די נשמה פון אַ קאָמעט?" — און אפילו זי צו פאַרשטיין. אויב אַראַגאָ זאָל אָבער אויך זיין אַ פילאָזאָפישער דענקער און דערצו נאָך אַ רעליגיעז איינגעשטעלטער דענקער, דאַרף אים דעם דיכטער׳ס פראַגע זיין נאָענט און פאַרשטענדלעך, און כאָטש ער קאָן ניט צופיל וויסן וואָס עס איז די נשמה פון אַ קאָמעט, קאָן ער אָבער, אַן וועלכן ניט איז שאָדן פאַר זיין פאַך־וויסנשאַפט, אָננעמען אַז „אַ קאָמעט האָט אויך אַ נשמה", אַז דער וועלט־אַל „האָט" אַ נשמה, וואָס איז, לכל הפחות, ניט שוואַכער אין אירע קאַפּאַ־ציטעטן ווי דעם מענטשנס נשמה...

מיר האָבן דאָ אונטערגעשטראָכן „לכל הפחות". דאָס האָט אַ שייכות צו איינשטיינ׳ס שאַרפער אָפּנויגונג קעגן אַנטראָפּאָמאָרפישע באַגריפן און פאָרשטעלונגען. ס׳איז אמת, אַז געוויסע גראַדן פון אַנטראָפּאָמאָרפיזם זיינען דער חטא הקדמון פון אַלע טעאיסטישע רעליגיעס, אויך פון ניט ווייניק פילאָ־זאָפישע סיסטעמען (כאָטש פון דעם דאָזיקן חטא איז ווייט ניט אינגאַנצן ריין אויך דאָס וויסנשאַפטלעכע דענקען: עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען,

אַז, למשל, דער באַגריף „געזעץ״, אָן וועלכן מיר קאָנען זיך ניט אַ ריר טאָן
אין די נאַטורוויסנשאַפטן, איז, יעדנפאַלס לויט זיין יחוס, אַ מענטשלעך־
סאָציאַלער, אַז מיר האָבן אים לכתחילה אָנגעווענדט אויף אָרגאַניזירטער
געזעלשאַפט און נאָכדעם ערשט אים, אַזוי צו זאָגן, „אַריינפּראָיעצירט״ אין דער
נאַטור געשעעניש. אָבער אַבסאָלוט זיך באַפרייען פון אונזער אַנטראָפּאָמאָר־
פישן אופן פון טראַכטן איז, ווייזט אויס, פאַר אונז אוממעגלעך — סיידן מיר
זאָלן ווערן אויס מענטשן און פאַרוואַנדלט ווערן אין לחלוטין אַנדערע ברואים.

אין דער געשיכטע פון די מאָנאָטעאיסטישע רעליגיעס זעען מיר גענוג ראַנג־
לענישן קעגן דעם אַנטראָפּאָמאָרפישן דענק־צוואַנג, קעגן דעם וואָס אידן
רופן אָן „מיעוט הדמות״ פון דער העכסטער קראַפט, ווען עס קומט אויס צו
דעפינירן אָדער „באַשרייבן״ גאָט אָדער די גאָטהייט — קעגן דעם פּראָצעס
פון „נעשה אלהים בצלמנו״. אַדאַנק די דאָזיקע ראַנגלענישן איז אַנטשטאַנען
אין מער ווי איין רעליגיע אַפילו אַ מין „נעגאַטיווער דאָגמאַטיזם״, אַ נייגונג
צו דעפינירן (ווי אין דעם רמב״ם׳ס שלשה עשר עיקרים) דאָס, וואָס גאָט
איז ניט, כדי אים ניט אויפצופּאַסן צו מענטשן־ענלעך. ווען עס קומט אָבער
צו פּאָזיטיווע דעפיניציעס, זיינען אַלע טעאיסטישע רעליגיעס פאַטאַל־אַנטראָ־
פּאָמאָרפיש, און קיין אויסוועג פון דעם דאָזיקן צושטאַנד איז, ווייזט אויס,
נישטאָ: עס קאָן נאָר זיין אַ פראַגע פון רעדוצירטן אָדער געלייטערטן אַנטראָ־
פּאָמאָרפיזם. אַ צו שטרענגע אָפּאָזיציע צום אַנטראָפּאָמאָרפישן דענקען מוז
פירן, ווי זי האָט אין אַ גרויסער מאָס געפירט אויך איינשטיינ׳ען אין זיין לעצ־
טער אָפּהאַנדלונג, בלויז צו „הילאָמאָרפיזם״ — צו אַ וועלט־באַטראַכטונג אין די
טערמינען פון עפּעס וואָס איז נידעריקער פונם מענטשן — פון שטאָף, פון
זאַך־לעכקייט, אָנשטאָט פּערזאָן־לעכקייט. אָבער דענסטמאָל קאָן קיינער ניט
ענטפערן אויף דער פראַגע, ווי אַזוי פון אַן אומפּערזענלעכער שטאָף־ און־
קראַפט־וועלט אַנטשטייט גייסט און פּערזענלעכקייט, ווי אַזוי אַ טראָפּן פונם
אָקעאַן אַנטהאַלט אין זיך עלעמענטן, וואָס זיינען אין דער גאַנצקייט פונם
אָקעאַן ניט פאַראַן. מיר געפינען זיך אין אַ קרייז, פון וועלכן עס עפנט זיך
אין ערגעץ ניט קיין אַרויסגאַנג. אַלע עקזיסטענצן, פאַראַנענע, מעגלעכע, דענק־
באַרע קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן בלויז ווי סוב־פּערזענלעכע (דוממים און
אפשר פלאַנצן), אָדער פּערזענלעכע, אָדער איבער־פּערזענלעכע — קיין פערטע
פאָרשטעלונג פאַרמאָגן מיר ניט. און איז איינער ניט גענויגט אָנצונעמען
דעם פּאַראַדאָקס, אַז דער וועלט־אַל, פון וועלכן פּערזענלעכקייט איז אַ טייל,
איז אַליין און אין־זיך סוב־פּערזענלעך, מוז ער אים באַטראַכטן אָדער אין
די טערמינען פון פּערזענלעכקייט אָדער פון איבער־פּערזענלעכקייט. אין אַנ־
דערע ווערטער, גאָט מוז זיין „לכל הפחות״ פּערזענלעך, און איז ער מער ווי
פּערזענלעך, איבער־פּערזענלעך, הייסט עס ניט אַז ער איז אום־פּערזענלעך,

נאָר אַז ער אַנטהאַלט אין זיך אויך פּערזענלעכקייט, אינדיווידואַליטעט, ווי אײנעם פון זײנע אַספּעקטן.

איך בין ניט גענוג נאַאיוו צו מיינען, אַז כ׳האָב דאָ עפּעס „באַוויזן״. קיין איין און איינציקע מעטאַפיזיש אָריענטירטע דענק־מעטאָדע טראָגט אין זיך ניט קיין אינטעלעקטועלע איבערצייגונגס־קראַפט אינם אָנגענומענעם זינען פון וואָרט. עס איז ניט פאַראַן קיין אַבסאָלוט־לאָגישער צוואַנג, אונטער וועלכן איינשטיין זאָל מוזן אָננעמען דעם טעזיס, אַז דער אוניווערסום אין זיין גאַנצקייט מוז אַנטהאַלטן אין זיך „לכל הפחות״ דעם פּערזענלעכקייטס־עלעמענט, וואָס האָט זיך מאַניפעסטירט אין דעם מין מענטש. אָבער אַ „הילאָמאָרפישע״ וועלט קאָן ניט ענטפערן אויף אונזערע רעליגיעזע באַדערפענישן, און אין אַזאַ וועלט קאָנען ניט האָבן קיין ענדגילטיקע רעאַליטעט יענע ווערטן — דאָס אמת׳ע, דאָס גוטע און דאָס שיינע — אין וועלכע איינשטיין וויל זען דעם אָביעקט פון רעליגיעזער „עבודה״.

1940

# אַ „הסכמה״ אויף דער וועלט

די פראַגע פון אַלע פראַגן, די ערשטע, די לעצטע, די קינדעריש־נאַאיווע און די געניאַל־חוצפה׳דיקע — האָט נאָך אַלץ אַ זין זי צו פרעגן? האָט וועמען עס איז געהאַט אַ זין מיט איר זיך צו באַשעפטיקן? זיינען מיר ניט מיד פון איר, האָפנונגסלאָז־מיד? ביליאָנען מענטשן האָבן זיך די פראַגע געשטעלט, אויך די פון זיי, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי פרעגן גאָרניט, אַז ס׳איז גאָר אַזאַ שאלה נישטאָ; טויזנטער און טויזנטער האָבן אויף איר גע־ענטפערט; הונדערטער האָבן געמיינט, אָדער, אפשר ריכטיקער, זיך באַרימט, אַז זיי האָבן זי פאַרענטפערט, און כדי זי צו פאַרענטפערן, האָט מען אויפגע־בויט בנינים גאַנצע, אַמאָל רעליגיעזע און אַמאָל וויסנשאַפטלעכע, אַמאָל פילאָסאָפישע און אַמאָל קינסטלערישע — איז זי נאָך אַלץ ניט קלאָר? און אויב נאָך אַלץ ניט, צי וועט זי, צי קאָן זי, צי מוז זי ווען עס איז קלאָרער ווערן?

די פראַגע פון ווערט. ניט פון ווערטן, נאָר פון ווערט. פונם איין־און־איינציקן, צענטראַלן, וויכטיקסטן און אַלץ אַרומנעמענדיקן ווערט, וואָס אויב ער איז פאַראַן, זיינען פאַראַן אויך אַנדערע לעבנס־ווערטן, האָבן זיי אויף וואָס זיך אָנצושפאַרן, פון וואַנען צו שעפן יניקה. נאָך אַלע דערפאַרונגען, וואָס מענטשן האָבן געהאַט פון זינט זיי געדענקען זייער דענקען, וואָלט מען זיך אייגנטלעך געדאַרפט שוין שעמען — פאַר זיך אַליין און פאַר יענעם — די פראַגע נאָכאַמאָל צו פאָרמולירן. איין קלייניקייט: די פראַגע, צי וועלט, צי עקזיסטענץ, צי לעבן איז ווערטפול. און דאָך — פרעגט מען. און וויפל נדרים מ׳זאָל זיך ניט געבן מער צו אַזאַ אויסזיכטלאָזן, פּאַראַדאָקסאַלן, גאוניש־לעפּישן ענין זיך ניט אומצוקערן, וועלן זיך מן הסתם אין יעדן דור געפינען מענטשן, וואָס וועלן דעם נדר ברעכן. דער כביכול מוז אַלע־מאָל געשטעלט ווערן פאַר אַן עקזאַמען: צי האָט ער גוט באַשאַפן די וועלט אָדער שלעכט. איז עס אַ געלונגען שטיקל אַרבעט, זיינען גערעכט די אָפּטי־מיסטן; איז דער אוניווערסום טאַנדעט־סחורה, זיינען גערעכט די פעסימיסטן. מיר מוזן אָבער וויסן, ווער ס׳איז — גערעכט...

אין שטיפערישע מינוטן פלעגט זיך דער יונגער ניטשע וויצלען אויפן חשבון פון אָפּטימיזם־פּעסימיזם־פּלפּול, מיט וועלכן דייטשע פילאָזאָפיע־פראָ־פעסאָרן פון זיין צייט האָבן ליב געהאַט זיך צו באַשעפטיקן. דער רבונו־של־עולם, פלעגט ער דעמאָלט זאָגן, איז באַגאַנגען אַ לייכטזיניקייט ניט צום מוחל

זיין. ער האָט געדאַרפט וויסן, אַז באַשאַפן אַ וועלט איז אַן אומגעהייער פאַראַנטוואָרטלעכער ענין, און איידער ער האָט זיך גענומען צו אַזאַ קאָמפּליצירטער אַרבעט ווי מעשה בראשית, איז זיין חוב געוועזן זיך אַן עצה צו האַלטן מיט עקספּערטן. ער האָט געדאַרפט צונויפרופן אַ קאָנפערענץ פון דייטשע פּראָפעסאָרן און דערציילן זיי פון זיין פּראָיעקט — וואָלטן זיי שוין, ווי פּאַכלייט, אויסגעאַרבעט פאַר אים אַן ערשטקלאַסיקן פּלאַן, און די וועלט וואָלט היינט געווען שיין, באַקוועם און אָנגענעם, ווי... פּראָפעסאָרן האָבן געבאָטן. אָבער ניטשע, גלויב איך, האָט אויף דייטשע פילאָזאָפישע פּראָפעסאָרן פון זיין צייט אויסגעטראַכט אַ בלבול. בלויז יחידים צווישן זיי האָבן ווען עס איז געוואָגט זיך צו טשעפּן צום סדר־העולם, אויפדעקן אין אים חסרונות. מערסטנטייל זיינען זיי געווען פּראָפעסיאָנעלע אָפּטימיסטן, האָבן באַטראַכט אָפּטימיזם ווי זייער „סחורה", און דער יונגער דור האָט פון זיי געדאַרפט לערנען, אַז ניט נאָר איז גאָט'ס וועלט די אידעאַלסטע פון אַלע מעגלעכע וועלטן, נאָר אַפילו דאָס ביסמאַרק־ווילהעלם־קעניגרייך איז די בעסטע פון אַלע פּאָליטישע וועלטן. דער „סאָלידער" דענקער, דער דענקער מיט עפּאָלעטן, איז שטענדיק געווען אַן אָפּטימיסט: גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט, און אויב איר ווילט, קאָן איך אייך זיין גערעכטיקייט באַגרינדן לאָגיש און עקספּערימענטאַל.

און ווי אַ „מבין אויף וועלטן" שטעלט זיך איצט פאַר אונז פאָר לאָרד הערבערט סעמיועל. ניט אַלע לייענער וויסן אפשר, אַז דער געוועזענער ענגלישער מיניסטער און דערנאָך אויבער־קאָמיסאַר פון ארץ־ישראל, האָט, חוץ פּאָליטישע, אויך נאָך ליטעראַרישע און ספּעציעל פילאָזאָפישע אינטערעסן. ער איז דער פּרעזידענט פונם בריטישן אינסטיטוט פאַר פילאָסאָפיע, און ווי איך זע פון זיין ניי־דערשינענעם בוך, האָט ער אין איינער פון זיינע פּרעזידענץ־לעקציעס געגעבן זיין „הסכמה" אויף דער וועלט. ער האָט זי גרינטלעך עקזאַמינירט און איז געקומען צום אויספיר, אַז, זי איז גוט און שכל'דיק געמאַכט און בעסער וואָלט זי קיינער ניט געקאָנט מאַכן. „איבער אונזער היינטיקן דענקען", זאָגט סעמיועל, „טראָגט זיך אַ כוואַליע פון פּעסימיזם; לעבן ווערט פון אַ סך באַטראַכט ווי עפּעס אַזוינס, מיט וואָס מען מוז בעל כרחו שלום מאַכן, וואָס מ'מוז בלויז איבערטראָגן און אָפּקומען. איז עס בפירוש אַ פאַלשער באַלאַנס". און אויב פאַלש, האָלט ער עס נאַטירלעך פאַר זיין חוב אַרויסצוקומען מיטן ריכטיקן באַלאַנס און באַווייזן דעם פּעסימיסטישן אַפּיקורס, ווי אומבאַגרינדעט זיינע טענות זיינען.

סעמיועל ווייסט און פילט, אַז דער שווער־פּונקט פון דער גאַנצער סוגיא ליגט אין דער פראַגע פונם דרך־כל־בשר, פון טויט. אַזוי לאַנג דער מלאך־המות באַלעבאָטעוועט אין דער וועלט, קאָן מען זי ניט באַרעכטיקן. —

אַן אַלטער, באַנאַלער און נאָך אַלץ ניט ליקווידירטער פּעסימיסטישער מאָטיוו. אין יענע יאָרן, ווען טאָלסטאָי האָט זיך אַריינגעלאָזן אין פּעסימיסטישע דרכים, ווען ער פלעגט יעדע נאַכט אַרויסטראָגן פונם שלאָפצימער דעם גאַרטל, כדי צו זיין זיכער, אַז ער וועט אין זיינע שלאָפלאָזע שעהן ניט שטיין פאַרן נסיון פון זעלבסטמאָרד, איז טויט געווען אויב ניט די איינציקע, דאָך יעדנפאַלס זיין הויפּט טענה קעגן גאַנצן סדר־העולם. גיי גיב אַ הסכמה אויף לעבן, ווען אין גרונט איז גאָר לעבן אַ פּיקציע, אַ חלום און אַ קורצע הפסקה צווישן צוויי גאָרנישטן. אין יענע צייטן האָט ער ניט געזען קיין מער־טרעפלעכערע כאַ־ראַקטעריסטיק פונם מענטשלעכן לעבן, ווי די, וואָס איז אַמאָל געגעבן גע־וואָרן אין אַן אָריענטאַלישן משל. אַ מענטש אַנטלויפט פון אַ ווילדער חיה, וואָס וויל אים צערייסן אויף שטיקלעך; דערזעט ער פאַר זיך אַ טיפן ברונעם און וויל זיך אין אים ראַטעווען, אָבער אויפן דנאָ פונם ברונעם דערזעט ער א בייזע שלאַנג. לאָזט ער זיך ניט אַראָפּ ביזן סוף און ער האַלט זיך דערווייל אויף אַ פּאָר קוסטעס, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אין ברונעם, צווישן דער עפענונג און דעם דנאָ. ער ווייסט, אַז די קוסטעס זיינען דין און שוואַך, און מער ווי עטלעכע געציילטע סעקונדעס וועט ער זיך אויף זיי ניט קאָנען האַלטן, אָבער לפי שעה, ביז זיי וועלן זיך צעברעכן און ער וועט אַראָפּפאַלן צום דראַקאָן אין שלונג אַריין, נאַשט ער עטלעכע זיסע יאַגאָדעס פון די אַזוי אומזיכערע צווייגלעך. די דאָזיקע נאַשעריי, האָט טאָלסטאָי אין יענעם קריזיס־פּעריאָד גע׳טענה׳ט מיט זיך, איז דער גאַנצער אינהאַלט פון לעבן, און אויב דאָס איז עס און ניט מער, איז לעבן אינהאַלטלאָז און וועלט ווערטלאָז. עס איז ניט וויכטיק, וואָס טאָלסטאָי איז אויך נאָך יענע מחשבות געבליבן צענדליקער יאָרן לעבן ווי אַ „נאַרישער נאַשער“ — ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער. ניט וויכטיק, ווי אַזוי ער האָט נאָכדעם ניט נאָר פּאַקטיש, נאָר אויך „טעאָרעטיש“ שלום געמאַכט מיט דער וועלט. ער האָט שפּעטער געפונען — אָדער לאָמיר זאָגן, אַז ער האָט זיך איינגעשמועסט — אַ רעליגיעזן, אַ כמעט־מיסטישן ענטפער אויף דער פראַגע פון לעבן און טויט; קיין ראַציאָנאַלן ענטפער אויף דעם פּראָבלעם פון יענעם אָריענטאַלישן משל האָט ער ניט געפונען. הערבערט סעמיועל מיינט אָבער, אַז ער האָט וואָס צו ענטפערן אויף דער פראַגע, ניט אַרויס־גייענדיק פון די גרענעצן פונם „שכל התחתון“. און ניט נאָר מיינט ער, נאָר ער ענטפערט.

ער פּאָלעמיזירט מיט דעם פּערסישן קעניג קסערקסעס. ווען קסערקסעס האָט דערזען, דערציילט אונז הערָאָדאָט, בשעת דער מלחמה מיט גריכנלאַנד, ווי דער גאַנצער העלעספּאָנט־האַפן איז פאַרפלייצט מיט זיינע שיפן און ווי אַלע ברעגעס און סטעפּעס פון אבידאָס זיינען פול מיט זיינע מענטשן, האָט

ער אויסגעשריען פון גליק־עקסטאַז. אָבער באַלד האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער. „איך האָב פּלוצים אַ טראַכט געטאָן", האָט ער נאָכדעם דערקלערט זיינע מקורבים, „ווי נישטיק מענטשלעך לעבן איז, ווי אין הונדערט יאָר אַרום וועט קיין איינער פון דער אומצייליקער מאַסע סאָלדאַטן שוין ניט זיין אויף דער וועלט". וויל סעמיועל געבן צו פאַרשטיין קסערקסעס'ן, אַז ניט ווייגען האָט ער דעמאָלט געדאַרפט, נאָר זיך פרייען, און בענטשן דעם סדר־העולם ווי ער איז. ס'אַ פּשוט'ער שכל, טענה'ט ער צום פּערסישן פּעסימיסט: ווען דו און דיינע מענטשן פון יענער צייט וואָלטן געבליבן לעבן נאָך הונדערט, נאָך טויזנט יאָר, אייביק (דאָס אייגנטלעך ווילסטו דאָך), וואָלטן איבער אייך ניט געקאָנט געבוירן ווערן טויזנטער און מיליאָנען אַנדערע מענטשלעכע באַשעפענישן, ווייל די אומשטערבלעכע וואָלטן מיט דער צייט פאַרנומען דעם גאַנצן ערד־קוגל און עס וואָלט שוין פאַר קיין נייע מענטשן קיין פּלאַץ ניט געווען. קסערקסעס, הייסט עס, האָט ניט געוואוסט, אַז דער בורא עולם איז אַ מאַלטוזיאַנער און אַז ער פירט די וועלט על פּי חכמת ה'סטאַטיסטיק. לעבן, הייסט עס, איז אַ מין גרויסער וואָקזאַל. כדי פּאַסאַזשירן זאָלן קאָנען און האָבן וואוהין אָנצוקומען, מוזן אַנדערע אַוועקפאָרן און מאַכן פּלאַץ פאַר די נייע, ווייל דער וואָקזאַל האָט אַ באַשטימטן און באַגרענעצטן שטח. די וועלט, זאָל עס הייסן, ווערט געפירט לויט אַ „טאַים־טעיבל", און אָנשטאָט רחמנות צו האָבן אויף די, וואָס ווילן ניט שטאַרבן, איז לאָרד סעמיועל דורכגע־דרונגען מיט אַ געפיל פון העכערן מיטלייד — פאַר די, וואָס ווילן געבוירן ווערן און וואָלטן עס ניט געקאָנט טאָן, ווען מען ראַמט פאַר זיי ניט אָפּ קיין פּלאַץ.

ווייס איך ניט, וואָס קסערקסעס וואָלט אויף דער דאָזיקער „אָפּטימיס־טישער" טעאָריע געענטפערט. סעמיועל מאַכט זיך אָבער ניט־וויסנדיק וועגן פראַגן, וואָס יעדער מאָדערנער מענטש וואָלט אים געקאָנט אַ פרעג טאָן: פאַרוואָס מוז זיין אַזאַ ריטם פון לעבן און טויט? פאַרוואָס מוז די וועלט זיין אַ וואָקזאַל און ניט אַ שטענדיקע היים? זי איז באַגרענעצט אין שטח? אָבער ווער און צוליב וואָס האָט זי באַגרענעצט? זי האָט דאָך געקאָנט זיין אומבאַגרענעצט, אומענדלעך, אַבסאָלוט אין־סוף'דיק. וואָס, דאָס איז אוממעג־לעך? ווער איז עס „איבער די כוחות", און מיט וואָס, שטרענג גערעדט, איז עס לייכטער צו באַשאַפן אַן ענדלעכע וועלט איידער אַן אומענדלעכע? איז די וועלט אַ צופאַל, אַן „אַקצידענט", זיך אויפגעכאַפּט „אין אַ שיינעם פרימאָרגן" פון ניט־זיין און פּלוצים דערזען, אַז זי איז דאָ, ניט־וויסנדיק פון וואַנען זי האָט זיך גענומען און ניט זעענדיק קיינעם וואָס זאָל איר אָנשרייבן איר מעטריקע — פון וואַנען נעמט זיך צו איר אַזאַ שכל'דיקער ריטם, אַזאַ אויסגערעכנטע „באַלעבאַטישקייט", און וואו אייגנטלעך געפינען

זיך יענע נאָך ניט געבוירענע, דאָס הייסט, יענע נאָך אין דער וועלט ניט עקזיסטירנדיקע, דערוויילי „נאָך־ניט־באַשאַפענע באַשעפענישן", וואָס לויט לאָרד סעמיועל'ס בילד, ווילט זיך זיי אַזוי שטאַרק געבוירן ווערן נאָך איידער זיי האָבן ווילן? און ווער אייגנטלעך האָט עס פאָרמולירט „געזעצן" פאַר „צופאַלן", באַזונדערס פאַר אַזאַ טשיקאַוון „צופאַל", ווי די וועלט? פאַרוואָס איז דער רעזולטאַט פון צופאַל אַזאַ ענדלעכע וועלט? מיט דערזעלביקער „טירחה" און פאַר דיזעלביקע „הוצאות" האָט זי דאָך געקאָנט ווערן אַן אומ־ענדלעכע, און דאָס וואָלט דאָך ניט געווען אַפילו אויף אַ האָר ווייניקער פאַר־שטענדלעך, ווי אַ וועלט באַגרענעצט אין רוים און וואוין־פּלאַץ. אָבער נעמט נאָר אָן אויף איין מינוט אַן אַנדער הנחה — אַז די וועלט האָט יאָ אַ געבורט־שיין און איז זי, אַזוי צו זאָגן, אַ טאַטנס אַ קינד, איז ווער איז יענער, וואָס האָט געהאַט געננוג כוח צו באַשאַפן אַ פּלאַנעט מיט כך וכך קוואַדראַט־קילאָמעטערן און האָט ניט געהאַט קיין קראַפט צו הייסן יענעם פּלאַנעט זיך אויסצושפּרייטן אין דער אומענדלעכקייט? אויף יענער זייט גרענעץ פון אונזערע, מענטשלעכע, מעגלעכקייטן — מוז לאָרד סעמיועל מודה זיין — איז דאָך דאָס מעגלעכע אַפילו מיט דעם קלענסטן שמץ ניט מעגלעכער פונם אוממעגלעכן, און דער פאַקט, וואָס בוימל ברענט און עסיג קאָן ניט ברענען איז, אַזוי צו זאָגן, פון אַ פאַר־וועלטלעכן אָדער איבער־וועלטלעכן שטאַנדפּונקט בלויז אַ „צופאַל". „מעגלעך־אוממעגלעך" — מיט וועלכן מעטאַפיזישן רעכט שטעלט סעמיועל אַריין די דאָזיקע ווערטער און באַגריפן אין אַ ווערטער־בוך, וואָס אָדער ער האָט בכלל ניט קיין לייענער אָדער... דער לייענער דאַרף צו אים ניט אָנקומען, ווייל זיינע באַגריפן און טערמינען זיינען לחלוטין אַנדערע?

אַ סך „אויסגעהאַלטענער" זיינען שוין געווען אַמאָליקע אָריענטאַלישע רעליגיעס, וואָס האָבן געמוזט געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע פון ווערט, פון גוטס און שלעכטס. זיי האָבן אַריינגעטראָגן אין דער וועלט דעם עלעמענט פון דראַמע: לעבן קומט פון איין גאָט, טויט פון אַן אַנדערן; דאָס גוטע קומט פון אַ מאָראַלישן גאָט, דאָס בייזע — פון אַ ברוטאַלן און פינסטערן ימח־שמו־גאָט, וואָס דערגייט די יאָרן דעם ערשטן. אם ירצה השם, ווען דער גאָט פון פינסטערניש וועט איינגעמען אַ מיתה משונה און דער גאָט פון ליכט און גוטסקייט וועט ווערן דער איינציקער האַר איבער דער וועלט, וועט זיך ערשט אָנפאַנגען דאָס אמת'ע לעבן. אַפילו אין אונזערע יאָרן, ערשט אין 1916, האָט וויגינגטאָן־אינגראַם, דער בישאָף פון לאָנדאָן, אין אַ פייערלעכער דרשה וועגן דער וועלט־מלחמה זיך אָוועקגעלאָזן אויף דעם דאָזיקן ספּעק־טאַקלדיקן וועג פון די אַמאָליקע פערסן: „איר האָט ניט קיין רעכט צו באַ־שולדיקן גאָט; די מלחמה קומט פונם שטן. דער שטן מיט זיינע מעשים תּעְתועִים „סאָבאָטירט" דעם רבוֹנוֹ שֶׁל עוֹלם אוֹיף יעֶדן טרִיט און שרִיט;

איר טאָרט דערפֿאַר ניט האָבן קיין טענות צו אונזער גרויסן און דערהויבענעם גאָט, אויב זיינע כוונות ווערן ניט פֿאַרווירקלעכט". ווי אַזוי מיר זאָלן היינט ניט אָפּשאַצן די דאָזיקע אמונה אין „שתי רשויות", טראָגט זי אין זיך מער זין און אינהאַלט, איידער סעמיועל'ס טעאָריע פֿון באַגרענעצטע „אימיגראַציע־מעגלעכקייטן" אין אונזער ענגער וועלט. די אַלט־פּערסישע רעליגיע באַרעכטיקט ניט דעם איצטיקן אָדער דעם ביזאַהעריקן סדר־העולם; פֿאַר איר עקזיסטירט נאָך בכלל קיין „סדר" ניט, ווייל צוויי געטער קעמפֿן צווישן זיך פֿאַר ממשלה און די וועלט איז דערפֿאַר נאָך ניט קיין געוואָרענע, נאָך ניט קיין ענדגילטיק־אויסגעפֿורעמטע. סעמיועל'ס וועלט איז אָבער שוין אַ פֿאַרטיקע, אַן אויסגעפֿורעמטע, אַ „געזעצמעסיקע", און קיין פֿונדאַמענטאַלע ענדערונגען קאָנען שוין אין איר ניט פֿאַרקומען. ער מוז זי אָננעמען ווי זי שטייט און גייט, און ניט נאָר אָננעמען, נאָר אויך באַרעכטיקן, דעמאָנסטרירן די אַבסאָלוטע מעלות פֿון איר מעכאַניזם. לאָזט ער זיך אַוועק אויף דעם אַלטן, אויסגעטרעטענעם וועג פֿון לייבניצ'ס צדוק־הדין־סיסטעם, לויט וועלכן עס קומט אויס, אַז „דאָס בייזע און דאָס ליידן זיינען באַשאַפֿן געוואָרן בלויז צוליב דעם, אַז דאָס גוטע זאָל זיין בולט'ער"; אַז אַן ליידן וואָלטן מיר ניט געקאָנט האָבן די אמת'ע הנאה פֿון פֿרייד; און אַז ליידן אַליין איז גאָר אָפֿטמאָל די סיבה אָדער דער מקור פֿון גליק און פֿון גרויסע קולטור־דערגרייכונגען. אָבער די דאָזיקע חכמה וועגן „צוועקמעסיקייט" פֿון ליידן האָבן מיר שוין זיך גענוג אָנגעהערט נאָך פֿאַר סעמיועל'ן און פֿאַר, להבדיל, לייבניצ'ן. נאָך איוב'ס פֿריינט, וואָס זיינען אים געקומען „טרייסטן", האָבן טעג און נעכט אַרגומענטירט און אים אַלץ געוואָלט באַווייזן, אַז דאָס פֿאַרלירן פֿון זיין אייגנטום, פֿון זיינע זין און טעכטער, און די קרעץ, וואָס ער האָט געקראָגן אויפֿן גאַנצן קערפּער, זיינען גאָר אָדער פֿון זיין אייגענער טובה וועגן, אָדער „צוועקמעסיק" פֿאַרן סדר העולם. האָט עס איוב'ן געטרייסט, האָט עס אים איבערצייגט, האָט עס אים איבערגעבעטן מיט דער וועלט? אָבער יעדער דור מוז מן הסתם האָבן זיינע אייגענע אליפֿז התימני'ס, זיינע סאָלידע, רואיק־זאַטע, זעלבסטצופֿרידענע אָפּטימיסטישע „פֿילאָזאָפֿן", וואָס זיינען מסוגל אַלץ צו דערקלערן. און ווען סעמיועל קומט היינט „טרייסטן" דעם מאָדערנעם איוב־מענטשן, מוז ער איבערקייען אַלע פֿלאַכע וויזהייטן, מיט וועלכע אַלע אליפֿז'עס פֿון אַלע פֿעלקער האָבן שוין אַזוי פֿיל מאָל און מיט אַזוי וויניק חן מזכה געווען די וועלט. קראַנקהייטן, עפּידעמיעס? סעמיועל האָט זיך, ווייזט אויס, אָנגעלייענט מיט דעם אַמאָליקן ווינער אליפֿז התימני, פּראָפֿעסאָר פֿאַאולסען. האָט יענער דען ניט באַוויזן, אַז אָן קראַנקהייטן וואָלט די מעדיצין ניט געקאָנט פּראָגרעסירן, און אַז די מעדיציניש־אַנטדעקונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין פּראָצעס פֿון מלחמות, האָבן נאָכדעם אָפּגע־

ראַטעוועט מער מענטשן, ווי עס זיינען אומגעקומען אויף די שלאַכט־פעלדער? בלינדקייט? האָט אונז דען פּאַאולסען ניט דערמאָנט, אַז דער גריכישער דיכ־טער האָמער וואָלט אפשר ניט געווען דאָס, וואָס ער איז געווען, ווען ניט זיין בלינדקייט, וואָס האָט אין אים אַרויסגערופן פּאָעטישע זעעוודיקייט? טויט פון יונגע מענטשן? אויך פאַר זיי האָט פּאַאולסען געהאַט אַ ראַציאָנאַלע טרייסט: פון וואַנען ווייסט מען, וואָס פאַראַ עינויים עס זיינען געווען פאַר זיי אָנגעגרייט, ווען זיי וואָלטן מאריך־ימים געווען? אויך לויט סעמיועל׳ן קומט אויס, אַז מען דאַרף מאַכן אַ ברכה, ווען מען ברעכט זיך אויס אַ פוס: עס קען דאָך זיין, אַז ווען מען גייט אויף אַן אַנדער וועג, וואָלט מען זיך דאָרט אויסגע־בראָכעביידע פיס. „עס וואָלט געווען זייער נוצלעך", לייענען מיר ביי אים, „ווען עמעצער וואָלט דערפונדן אַ סיסטעם פון נעגאַטיווער סטאַטיסטיק, לויט וועלכער מען וואָלט געקאָנט איבערציילן די אָן אַן ערך גרויסע צאָל אומגליקן, וואָס פּאַסירן ניט". ערשט דעמאָלט, גלויבט ער, וואָלטן מיר זיך געקאָנט באַ־שיינפערלעך איבערצייגן, אין וואָס פאַר אַ שכל׳דיקער און גוטער וועלט מיר לעבן...

אָבער וועמען וויל דאָ סעמיועל איבערצייגן? וועמען ווילן אַלע ראַציאָ־נאַליסטישע אָפּטימיסטן איבערצייגן? ווער עס פרעגט ניט די פראַגע, דאַרף דאָך קיין ענטפער ניט. ביי דעם אָבער וואָס האָט זיך יאָ געשטעלט יענע פראַגע פאַר זיין באַוואוסטזיין און פאַר זיין געוויסן, און דאָס איז די צענטראַלע פראַגע פון זיין עקזיסטענץ און פון דער וועלט׳ס עקזיסטענץ, וועלן סעמיועל׳ס משכילישע דערקלערונגען און בעל־הבית׳ישע נחמות ניט אויסנעמען — ניט סעמיועל׳ס און ניט די, וואָס זיינען אונז געבליבן פון לייבניץ׳ן און פון אַנדערע לאַנגווייליקע אָדער גייסטרייכע, אליפז התימני׳ס. אַזאַ איינער האָט געווּג פאַנ־טאַזיע זיך פאָרצושטעלן די מעגלעכקייט פון אַלע אוממעגלעכקייטן, אויך דעם קיום פון אַ וועלט אָן שמערץ, אָן ליידן ווי אַ באַדינג פאַר פרייד. און וויל יענער בלייבן אויפן שטח פון בלויז ראַציאָנאַלן דענקען אָדער פון בלויז דערפאַרונגען, און וואַגט יענער ניט אַרויסצוגיין פונם תחום פון זעעוודיקן, פיזישן לעבן, מוז ער — לכל הפחות, טעאָרעטיש — בלייבן אַ פעסימיסט.

פאַר אים האָט סעמיועל קיין טרייסט־וואָרט ניט. ניט נאָר האָט ער ניט קיין נחמה פאַר אים, נאָר ער האָט פאַר אים גאָר קיין פאַרשטענדעניש ניט. ווייל דער אמת׳ער, ערנסטער פעסימיסט לייגט גאָר ניט אַזוי פיל געוויכט אויף ליידן און פריידן — יעדנפאַלס ניט אין דעם זין אין וועלכן סעמיועל חקירה׳ט וועגן זיי. וואָס אים אינטערעסירט איז — זין, ווערט, תכלית. דער פעסימיסט וואָלט געקאָנט שלום מאַכן מיט נאָך מער ליידן, ווי עס איז פאַקטיש פאַראַן אין דער וועלט, אויך מיט יענע אומגליקן, וואָס פּאַסירן ניט און וואָס סעמיועל וואָלט וועלן האָבן פאַר זיי אַ „נעגאַטיווע סטאַטיסטיק" —

ווען זיי זאָלן יאָ פּאַסירן. מיט וואָס ער קאָן ניט שלום־מאַכן, איז מיט זינלאָ־זיקייט פוןליידן, אויב זיי זאָלן טאַקע זיין זינלאָז. אַ וועלט לחלוטין אָן וועלכע ניט איז ליידן, וואָס ענדיקט זיך פאַר יעדן איינצלנעם מענטשן מיט אַן אַבסאָלוט פיינלאָזן טויט — לאָמיר זיך אויף אַ מינוט פאָרשטעלן די מעגלעכקייט פון אַזאַ וועלט — וואָלט פאַר אים געהאַט ניט מער ווערט ווי די איצטיקע וועלט, פול מיט ליידן, וואָס פאַרענדיקן זיך אַזוי אָפּט מיט לאַנגע ערב־טויט־עינויים. זי וואָלט אפשר, אין אַ געוויסן זינען, געווען נאָך ערגער פון דער וועלט, וואָס מיר קענען — מער מיראַזש, מער אָפּנאַרעריי און באַליידיקונג. פון דער אַנדערער זייט: אַ וועלט פול מיט ווייטאָג, מיט טויזנטער מאָל מער ווייטאָג ווי אונזער וועלט טראָגט אין זיך, וואָס זאָל זיך ענדיקן פאַר יעדן מענטשן מיט אַ מאַרטירער־טויט — אויב דער טויט זאָל זיין ניט דער סוף, נאָר דער אָנהויב פון אַ העכערער און פרייערער עקזיסטענץ — וואָלט פון יעדן פּעסימיסט געדאַרפט מאַכן אַן ענטוזיאַסטישן אָפּטימיסט. המשך — איז זין, דאָס פעלן פון המשך — איז זינלאָזיקייט, און דער אמת'ער פּעסימיסט באַקלאָגט זיך ניט אַזוי פיל אויף ליידן ווי אויף זינלאָזיקייט. ווען סעמיועל וואָלט געהאַט אין זיך די פילאָזאָפישע אָדער רעליגיעזע קראַפט אַריינצו־צובריינגען אין זיין סדר־העולם די מיסטעריע פון אומשטערבלעכקייט, וואָלט ער ניט געדאַרפט אָנקומען צו יענער, קיינעם ניט איבערצייגנדיקער משכילי־שער אַרגומענטאַציע, מיט וועלכער ער באַנוצט זיך אַזוי לאַנגווייליק־נאַאיוו. דאָס הייסט ניט, אַז ווער עס איז אַ מאמין אין אומשטערבלעכקייט, קאָן געבן אַ ראַציאָנאַלן ענטפער אויף דער פראַגע פון ליידן אין אונזער איצטיקן „ערדישן" לעבן. יענער איז אָבער ניט מחויב צו האָבן אויף דעם אַ תשובה. ער האָט „צייט" — אויב ניט אין דער סטאַדיע פון זיין עקזיסטענץ, וועט ער ד תשובה קריגן אין אַן אַנדער סטאַדיע. אַזוי לאַנג ווי עס איז פאַראַן המשך, אויב דער טויט זאָל זיין ניט קיין אָפּשלוס, נאָר אַן איבערגאַנג אין אַן אַנדער ספערע, איז ניטאָ קיין פלאַץ פאַר פאַרצווייפלונג. קאָן אַלץ קריגן טעם, תיקון, באַרעכטיקונג, באַלויכטונג. און האָט אַ מענטש הומאָר, קאָן ער זיך אפילו וויצלען איבערן טויט, אויך אין די לעצטע מינוטן — ווי סאָקראַט האָט עס געטאָן — אויב ער גלויבט אין המשך פון זיין עקזיסטענץ. עטלעכע מינוט איידער ער האָט געדאַרפט אויסטרינקען דעם בעכער מיט גיפט, האָט אים קריטאָ אַ פרעג געטאָן: „אויף וועלכן אופן זאָלן מיר דיך בריינגען צו קבורה?" און דער פאַרמשפּטער פילאָזאָף האָט געענטפערט:

„אויף וועלכן אופן איר ווילט נאָר, אָבער אויב עס האַנדלט זיך וועגן מיין איך, מוזט איר מיך פריער כאַפּן און זען, אַז איך זאָל (נאָכן טויט) ניט אַנטלויפן".

פאַר סאָקראַט׳ן האָט די וועלט ניט פאַרלוירן איר זין. און דאָס לעבן האָט ניט אָנגעוואוירן זיין ווערט אויך אין דער מינוט, ווען ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון טויט. סאָקראַט איז „אויך" געווען אַ ראַציאָנאַליסט, אָבער זיין ראַציאָנאַליזם האָט געהאַט צו טאָן מיט אַנדערע האָריזאָנטן, און זיין על־פּי־שׂכל׳דיקייט האָט זיך ערגעץ־וואו באַגעגנט מיט מיסטיק — מיט דעם סוד פון אייביקן זיין.

אָבער — צו וואָס אַזעלכע פאַרגלייכן? איז דען סעמיועל אַ ראַציאָנאַליסט אין עכטן, אמת־פילאָזאָפישן זינען פון וואָרט? לויט זיין מענטאַליטעט איז ער גאָר אַן אינזשענער. ער האָט פון אַן אינזשענערישן שטאַנדפּונקט באַטראַכט די וועלט און איז געקומען צו אַן אָפּטימיסטישן אויספיר: איך וואָלט קיין בע־סערע וועלט ניט געקאָנט באַשאַפן; „אונטער די אומשטענדן", הייסט עס, איז זי די בעסטע, די אידעאַלסטע וועלט.

אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן וועלט און אייביקייט, וואָס הייסט — „אונטער די אומשטענדן"?

1937

# ווילהעלם שטעקעל

איז שוין ווילהעלם שטעקעל אויך מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. ניט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם שיקזאַל פון אַ געצוואונגענעם עמי־גראַנט, פון אַ פּליכטלינג? זיך ניט געקאָנט איינלעבן אין לאָנדאָן און צו שטאַרק געבענקט נאָך ווין, נאָך זיין ווין — נאָך איר געזעליקייט, נאָך די אַמאָ־ליקע גייסטרייכע שמועסן און סטימולירנדיקע באַגעגענישן מיט געלערנטע שאַרמאַנטע כמו־געלערנטע דילעטאַנטן, קינסטלער? האָט ער אין דער פרעמד ניט געקאָנט פאָרטזעצן זיין פּראַקטיק, זיין שאַרפזיניקע פאָרשונגס־אַרבעט? ווער וויים? וויכטיק איז, אַז דער נשמה־היילער האָט ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, ווען ס'האָט אים אַליין „געטראָפן". אַזוי פיל פּאַציענטן געראַטעוועט פון אונטערגאַנג, נאָר זיך אַליין ניט געקאָנט אָפּראַטעווען. ווען זיין אייגענע נשמה איז צו שטאַרק פאַרקלעמט געוואָרן, האָט ער פאַר איר קיין סגולה ניט געפונען. האָט ער אָנגעשריבן אַן אָפּטימיסטישע צוואה וועגן דער צוקונפט פון דער וועלט און האָט דער איצטיקער וועלט געזאָרפן דעם גט. שטעקעל אַ זעלבסטמערדער — ווער פון די, וואָס האָבן אים געקענט אָדער נאָכגע־פאָלגט זיינע פאָרשונגען, האָט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלן?

***

איך נעם זיך ניט אונטער אָפּצושאַצן, ווי גרויס עס איז געווען שטעקעל'ס טעאָרעטישער צושטייער צו דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע. זיין אָפּהאַנדלונג וועגן חלומות פון קינסטלער האָט אַמאָל אַרויסגערופן אין דער פאַך־וועלט אַ באַזונדערס שטאַרקן אינטערעס, און ווען פרויד האָט געשריבן זיין מאָנומענ־טאַל ווערק וועגן דער אויסטייטשונג פון חלומות, האָט ער זיך מיט שטעקעל'ס פאָרשונג געמוזט רעכענען און צום טייל אויך באַנוצן. פּסיכאָאַנאַליטיקער דאַרפן אים אָבער זיין באַזונדערס דאַנקבאַר, ווי מיר דוכט זיך, פאַר זיינע פּאָר אָפּהאַנדלונגען וועגן דער סטראַטעגיק פונם פּאַציענט. קיינער האָט, דוכט זיך מיר, ניט אַרויסגעבראַכט אַזוי בולט די „שאַרלאַטאַנעריי" וואָס דער חולה ווייזט אָפּטמאָל אַרויס בשעת ער ווערט באַהאַנדלט פונם פּסיכאָאַנאַליטיקער, ווי דאָס האָט געטאָן שטעקעל. „שאַרלאַטאַנעריי" איז אפשר אין דעם פאַל אַ צו שאַרף אָדער גראָב וואָרט, און דער צאַרטער און טיף־מיטפילנדיקער שטעקעל וואָלט אפשר פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ כאַראַקטעריסטיק. אויף פאָלקס־טימלעכן אידיש וואָלט מען אפשר געדאַרפט זאָגן, אַז אַ געוויסער טיפּ פּאַציענט נוצט אָפּט, סײַ אין זיינע באַציאונגען מיט אייגענע און סײַ בנוגע זיין דאָקטאָר — „ממזר'ישע" שטיק. אין אַן אומגעהייער גרויסער צאָל פאַלן, ווייל גאָר דער

פּאַציענט ניט אויסקורירט ווערן און ער גיט זיך אַליין ניט אָפּ קיין חשבון, ווי דערפינדעריש ער איז אין זיינע מיטלען, אַראָפּצופירן דעם דאָקטאָר פונם וועג, אים צו „באַשווינדלען".

אויף דעם ווידערשטאַנד פונם פּאַציענט האָט אַ־בז אויפמערקזאַם געמאַכט נאָך פּאַר שטעקעל'ען פרויד. פרויד איז, באַטירלעך, געווען דער ערשטער וואָס האָט אַנטדעקט אין די באַציאונגען צווישן פּאַציענט און פּסיכאָאַנאַליטיקער דעם עלעמענט פון „ראָמאַן", פון פאַרליבטקייט אדער כמו־פאַרליבטקייט. דער פּסי־כאָאַנאַליטיקער, האָט ער געגלויבט, וואָלט גאָר ניט געקאָנט היילן דעם חולה, ווען דער לעצטער וואָלט ניט איבערגעטראָגן אויף אים („טראַנספּערירט") אַ טייל אָדער אַ מין ווידערשיין פון זיין „ליבידאָ", פון זיינע אַמאָליקע, פאַרגע־סענע אדער דערשטיקטע, ליבע־שפּאַנונגען. דער שאַפער פון דער פּסיכאָ־אַנאַליטישער לערע האָט דערפאַר געהאַלטן, אַז די „נאַרציסטישע" נאַטורן, די וואָס זיינען, אַזוי צו זאָגן, פאַרליבט אין זיך אַליין, זיינען אין געוויסע פאַלן אינגאַנצן אומקורירבאַר. פּסיכאָאַנאַליזע, האָט ער ניט איינמאָל באַטאָנט, איז ווירקזאַם בלויז אין יענע פאַלן, ווען דער חולה איז פייאיק אַריבערצוטראָגן אויפן דאָקטאָר עפּעס פון יענע עמאָציאָנעלע שייכות'ן וואָס האָבן אים אַמאָל פאַרבונדן מיט טאַטע־מאַמע, מיט אַ מאַן — אָדער אַ פרוי, מיט אַ געליבטער אָדער געליבטן: אָן אמונה קאָן קיין נשמה־היילונג נישט פאָרקומען, און פרויד האָט אונז געלערנט, אַז אמונה חזר'ט איבער די געשיכטע פון איר אייגענעם אורשפּרונג, אַז „אמונה שטאַמט פון ליבע". אַ געוויסער טיפּ פּאַציענט, קאָן אונז באַשטעטיקן יעדער פּסיכאָאַנאַ־ליטיקער, לאָזט זיך קורירן און ווערט געזונט ווייל ער וויל טאָן „אַ טובה" דעם דאָקטאָר. אָבער גראָד דערפאַר וואָס צווישן חולה און דאָקטאָר אַנטוויקלט זיך אָפּט אַן אומבאַוואוסטזיניקע „עראָטישע" שפּאַנונג (אויך אין יענע פאַלן ווען ביידע געהערן צו איין געשלעכט), אַנטשטייען אין זייערע באַציאונגען אויך געפאַרן — ווי אין יעדער „ליבע": די צוגעבונדנקייט און צאַרטקייט קאָן לייכט איבערגיין אין אייפערזוכט, אין האַס, אין ווידערשטאַנד און ענערגישן צו־להכעיס. דער פּראָצעס פון היילן ווערט דענסטמאָל געוואַלדיק שווער, אַמאָל אפילו לחלוטין אוממעגלעך.

דאָס אַלץ האָבן מיר געוואוסט פון פרויד'ן. אָבער אויף זיין אייגענעם אופן און מיט זיינע אייגענע מיטלען, האָט דעם פּאַציענט שפּעטער כאַראַקטע־ריזירט שטעקעל. ער האָט אַ סך געלערנט פון פרויד'ן, אָבער ניט ווייניק אויך פון אַלפרעד אַדלער'ן, און אין דעם פּאַציענט'ס אויפפירונג, האָט ער ניט צו־פעליק באַטאָנט אויך דאָס, וואָס אַדלער האָט באַצייכנט ווי דעם „ווילן צו מאַכט". דער חולה ווערט גאָר לכתחילה קראַנק, ווייל ער וויל באַווייזן „מאַכט" איבער זיין סביבה — איבער! פאַמיליע, קרובים, פריינט —

ווייל ער האָט ניט קיין אַנדער מעגלעכקייט צו ווערן דער צענטער פון זייער אויפמערקזאַמקייט און פון זייערע זאָרגן, דער אָביעקט פון זייער צאַרטקייט (יעדער לערער מיט אָפענע אויגן ווייס, אַז ניט ווייניק „קראַנקהייטן" פון זיינע שילער שטאַמען פון אַן ענלעכן מקור). ווען ער וואָלט לייכט געפונען אַנדערע, נאָרמאַלערע און מער לעגאַלע, וועגן פאַר באַשטעטיקן זיין „איך", פאַר צוקריגן „חשיבות", וואָלט זיך אַ געוויסער טיפּ חולה גאָר ניט אַריינגעכיטרעוועט אין זיין קראַנקהייט. אָבער דעמזעלביקן „ווילן צו מאַכט" טראָגט דער פּאַציענט אָפּטמאָל איבער, ווי שטעקעל האָט אונז געוויזן, פון זיין היימישער אָדער אינטימער סביבה אויף זיין דאָקטאָר, וואָס איז פאַר אים, אין די מיינסטע פאַלן, אַ ווילד־פרעמדער מענטש. די „באַדינגונג" וואָס דער פּסיכאָאַנאַליטיקער שטעלט אים — זיך צו דערמאָנען אָן לאַנג־פאַרגעסענע, אָן בכיוון פאַרגעסענע זאַכן, און זיי „אויספּלוידערן" דורך דעם וואָס ער רופט אָן פרייע אַסאָציאַציעס (אַ מין ריידן פאַר פייער און פאַר וואַסער), איז פאַר אים אָפּטמאָל ניט צום איבערטראָגן, אין גרונט אַ מין דערנידערונג. ערגעץ־וואו, אין אַ פאַרחתמ'עטן קאַסטן, האַלט ער זיינע טונקעלע סודות וואָס ער טרויט זיך ניט „אויסצוזאָגן זיך אַליין", און דאָ קומט אַ מענטש און שליסט דעם קאַסטן אויף מיט עפּעס אַ צויבער־שליסל, און נעמט פון דאָרט אַרויס איין סוד נאָכן אַנדערן, און רוקט עס אים אין פּנים אַריין: נאַ, תכשיט מיינער, זע נאָר וואָס פאַר אַ קאָנטראַבאַנדע־סחורה דו האָסט געטראָגן אין זיך כמה וכמה יאָרן. אויפן פּסיכאָאַנאַליטיקער איז ניט חל דער חרם דרבנו גרשום; ניין, ער דערלויבט זיך צו לייענען אפילו ניט־געשריבענע בריוו — בריוו בלויז פאַרטראַכטע און געפלאָנעוועטע, דערנאָך „פאַרגעסענע". דער חולה קומט דערפאַר אַמאָל צום „שלוס", אַז ער האָט געזוכט ביים פּסיכאָאַנאַליטיקער חשיבות און האָט געקראָגן — בזיון. ווער איז ער, דער פּסיכאָאַנאַליטיקער, נאָך אַלעמען, וואָס נעמט זיך דאָס רעכט זיך צו פאָרען מיט זיינע אומזיכטבאַרע פינגער אין מיינע אינטימסטע שופלאָדן? און פאַרוואָס דאַרף איך עס זיין אין זיינע הענט כחומר ביד היוצר? דער פּאַציענט הויבט זיך אָן צו בונטעווען קעגן דער „דעספּאָטישער" מאַכט פון זיין דאָקטאָר, קעגן דער אומפאַרמיידלעכער דיסטאַנץ אין זייערע באַציאונגען. מ'קאָן זיך ניט פאָרשטעלן אַזאַ בונט קעגן אַ געוויינטלעכן דאָקטאָר, וואָס דאַרף, לאָמיר זאָגן, היילן דעם מאָגן אָדער שטילן דעם ווייטיק פון אַ וואונד אויף אַ האַנט אָדער אַ פוס; דערזעלביקער פּאַציענט וועט ניט פילן קיין פּחיתות־הכבוד, ווען ער וועט זיך דאַרפן איבערגעבן אין די הענט פון אַ כירורג — דער סתם־דאָקטאָר און דער כירורג האָבן צו טאָן מיט זיין „חומר", ניט מיט אים „גופא", און ער קוקט אויף זיי ווי אויף געלערנטע בעל־מלאכה'ס וואָס זיינען מסוגל צו פאַרריכטן זיין „מאַשין". דער פּסיכאָאַנאַליטיקער האָט אָבער צו טאָן מיט זיין גאַנצן וועזן. (דער חולה גייט צו אים ווייל „ער אַליין טוט זיך ווי־"

און ניט אַ וועלכער ס'איז אבער אָדער טייל פון קערפּער „טוט אים" ווי). דאָ ווערט שוין אָנגערירט דאָס פּינטעלע איד, דאָסזעלביקע פּינטעלע, איבער וועלכן ער איז קראַנק געוואָרן.

דעם פּאַציענט פון אַ געוויסער קאָנסטיטוציע „שטייט ניט אָן" אויסקורירט צו ווערן, און כאָטש ער איז, דוכט זיך, געקומען צום פּסיכאָאַנאַליטיקער מיט דער בקשה אים צו היילן, „האָפט" ער נאָך אַז יענעמ'ס מי וועט גאָרנישט העלפן, אַז ער וועט מאַכן דעם דאָקטאָר צום נאַר.

איינער פון שטעקעל'ס געבילדעטע פּאַציענטן, האָט אַ געוויסע צייט אַליין שטודירט פּסיכאָאַנאַליזע, איידער ער האָט זיך צו אים געווענדט און אָנגעהויבן זיין היילונג: דאָס האָט אים געזאָלט, ווי ער האָט זיך אַליין איינגעשמועסט, פאַרלייכטערן די „קאָאָפּעראַציע" מיטן דאָקטאָר. נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער האָט זיך פּשוט באַצייטנס באַוואָפנט „מיטן שונא'ס געווער", כדי ער זאָל שטעקעל'ען קאָנען באַקעמפן, זיך „באַשיצן" קעגן אים, זיך ניט צו „פאַר-ראַטן". ווען שטעקעל'ען איז, טראָץ זיין ווידערשטאַנד, דאָך געלונגען אויפ-צודעקן אין אים טיף-פאַרגראָבענע האָמאָסעקסועלע נייגונגען, און דער פּאַ-ציענט גופא האָט זיך איבערצייגט אַז זיי זיינען טאַקע פאַראַן, האָט ער גע-פונען טויזנט און איין תירוצים אָפּצוברעכן די קור און אַוועקצופאָרן פון שטאָט. ער איז נאָך דריי חדשים צוריקגעקומען, נאָך מער מלא וגדוש מיט פּסיכאָאַנאַליטיש וויסן — אַרויסצואווייזן נאָך אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד, זיך ניט אונטערצוגעבן און... באַווייזן, אַז דער דאָקטאָר מיט זיין גאַנצער רע-פּוטאַציע פון אַ „כישוף-מאַכער", איז ניט אימשטאַנד אים אויסצוקורירן.

עס איז נאַאיוו צו באַשולדיקן אַזאַ פּאַציענט אין „אומלאָגישקייט": ווילסטו אויסגעהיילט ווערן, וויז זשע ניט אַרויס קיין ווידערשטאַנד און האַלט ניט מלחמה מיטן דאָקטאָר; ווילסטו בלייבן קראַנק, וואָס זשע דולסטו דעם דאָקטאָר אַ קאָפּ? ער „וויל" ביידע זאַכן מיטאַמאָל: אי זיך אויסקורירן, אי זיך ניט שיידן מיט אַזאַ שטיק אינטימיטעט ווי זיין קראַנקהייט: אי ווערן צוריק אַ מענטש מיט לייטן גלייך, אי „באַזיגן" דעם דאָקטאָר און באַווייזן אַז ער, דער פּאַציענט, איז אַ בעל-הבית אויף זיך אַליין און ער לאָזט קיינעם ניט אויסאיבן אויף אים קיין „מאַכט".

אַן אַנדער פּאַציענט, אַליין אַ דאָקטאָר, האָט זיך געהיילט ביי שטעקעל'ן פיר חדשים צייט — און איז געזונט געוואָרן. ווען ער האָט אָבער אויסגעפונען, אַז זיינער אַ באַקאַנטער אין אַן ענלעכן קראַנקהאַפטיקן צושטאַנד איז באַהאַנדלט געוואָרן פון פרויד'ן אין משך פון אַ גאַנץ יאָר, האָט ער זיך „באַליידיקט" און איז... נאָכאַמאָל קראַנק געוואָרן. ער האָט ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ער איז עפּעס אַן „אַבי-ווער", אַז זיין קראַנקהייט איז אַ „טריוויאַלע", וואָס מען דאַרף אויף איר קיין סך טירחה ניט אַוועקלייגן, אַז ער איז אַ ניט

גענוג „קאָמפּליצירטע נאַטור״, און דער דאָקטאָר האָט זיך לייכט דערגרונטעוועט צו זיין „מיסטעריע״. מיט אַנדערע ווערטער, דער פּאַציענט איז געוואָרן איי־פערזיכטיק אויף דעם אַנדערן פּאַציענט, וואָס האָט, ווי ער האָט געפילט, אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקערן און לענגערן ווידערשטאַנד אינם „געראַנגל״ מיט זיין דאָקטאָר — האָט ער זיך דערפאַר רעהאַבּיליטירט דורך נאָכאַמאָל קראַנק ווערן...

צו אַ יונגן פּאַציענט וואָס האָט ניט נאָר ניט קאָאָפּערירט מיטן דאָקטאָר, נאָר אויך אַרויסגעוויזן קעגן אים אַ באַזונדערס שטאַרקע עקשנות אין זיין ווי־דערשטאַנד, האָט זיך שטעקעל איינמאָל געווענדט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „איר ווילט ניט געזונט ווערן און איך האָב ניט קיין אַנדער וועג, ווי אויפהערן אייך קורירן. אָבער זייט וויסן, איצטער, אַז איך צי זיך צוריק, וועט איר שוין ניט געזונט ווערן״. איז דער יונגערמאַן אין כעס געוואָרן — ווער איז ער אייגנטלעך, דער שטעקעל, וואָס מיינט אַז ער האָט אַזוי פיל מאַכט איבער מיר? — און האָט אים געענטפערט מיט אַ חוצפּה׳דיקן צו־להכעיס: „פּונקט דער היפוך, איך וועל אייך איצטער ווייזן אַז איך קאָן געזונט ווערן אָן אייער הילף״. דער סוף איז געווען, אַז ער איז טאַקע געזונט געוואָרן אָן קיינעמס הילף. דער „ווילן צו מאַכט״, דער באַגער צו באַווייזן, פאַר אַלעמען זיך אַליין, אַז ער איז ניט דעם דאָקטאָר׳ס אָן „אונטערטאַן״ און אַז דער דאָקטאָר איז ניט קיין כל־יכול, האָט אין דעם פּעאיקן און באַגאַבטן בחור גובר געווען זיין „ווילן צו זיין קראַנק״. ער איז פריער קראַנק געוואָרן כדי צו דערפילן און באַטאָנען די „חשיבות״ פון זיין פּערזענלעכקייט; איצטער האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו דערגרייכן דעמזעלביקן צוועק דורך געזונט ווערן — האָט ער גענומען און אַוועקגעוואָרפן זיין קראַנקהייט־כלי־זיין. דורך געזונט ווערן אָן שטעקעל׳ס הילף, האָט ער געצוואונגען דעם דאָקטאָר, דעם וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו זיין אַ געוועלטיקער איבער אים, צו „קאַפּיטולאַציע״. צוליב אַזאַ ניצחון לוינט אפילו אַזאַ קרבן ווי... געזונט צו ווערן.

אגב, איך האָב ניט דעם איינדרוק, אַז שטעקעל האָט זיך גענוג אָפּגעגעבן מיט דעם טעאָרעטישן פּועל־יוצא, וואָס קאָן געצויגן ווערן פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן פאַל. דער פאַל האָט אים געדאַרפט אַרויספירן אויפן געדאַנק, אַז פּסיכאָאַנאַליזע איז אפשר ניט די איינציקע מעטאָדע צו היילן נעוורּאָזן. גלויבט דאָך די פּסיכאָאַנאַליטישע שיטה — און פון אָט דער פונדאַמענטאַלער הנחה האָט זיך אויך שטעקעל קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט — אַז היילן הייסט „אַרויספּראָוואָ־צירן״ עפּעס פונם אונטערבאַוואוסטזיין אויפן טאָג־העלן שטח פון באַוואוסטזיין. ביי דעם פּאַר׳עקשנ׳טן פּאַציענט, וואָס איז געזונט געוואָרן אויף צולהכעיס דעם דאָקטאָר, איז אָבער אַזאַ פּראָצעס ניט פאָרגעקומען. ווי אַזוי זשע איז ער אויסקורירט געוואָרן? פון זיך אַליין. פּונקט ווי ער האָט זיך פריער

„איינגעשמועסט“ אַז ער איז קראַנק, אַזוי האָט ער זיך שפּעטער „אַריינפּאַנטאַ־זירט“ אין אַ געזונטן צושטאַנד. דער חולה האָט אין דעם פֿאַל אָנגעווענדט אַ מעטאָדע, פֿון וואָס שטעקעל, שוין אָפּגערעדט פֿון פֿרוידן, האָט פֿון איר ניט גע־האַלטן: קוע'ס מעטאָדע פֿון אויטאָסוגעסטיע (די פֿאָרמולע וואָס קוע האָט פֿאָרגעשלאָגן פּאַציענטן בשעת זיין באַזוך אין אַמעריקע — "Day by day, in every way, I am getting better and better" — אין גרונט דאָס באַנוצן זיך מיט די רעזערוון פֿון פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט). די דאָזיקע מעטאָדע האָט גאָרנישט ניט צו טאָן מיט פּסיכאָאַנאַליזע, וואָס נעמט זיך ניט אונטער צו היילן וועלכע ניט איז נעוראָזן, סיידן דורך אַרויסברענגען דאָס פֿאַרבאָרגענע, דורך קלאָר מאַכן דעם פּאַציענט גופא, ניט נאָר דעם דאָקטאָר, די סיבות פֿון זיין קראַנק־ווערן.

אַז דער פֿאַרשטאָרבענער „נשמה־היילער“ פֿון נאַנסי (קוע), וואָס האָט אויסגעפֿונען זיין מעטאָדע פֿריער דורך אינטואיציע און נאָכדעם דורך עקספּערימענטן, דאַרף ניט איגנאָרירט ווערן, טראָצדעם וואָס אים איז ניט געלונגען אָנצוקליידן זיין לערע אין אַ פֿאָרמעל וויסנשאַפֿטלעכן לבוש, האָט שטעקעל אפֿשר געדאַרפֿט זען אויך פֿון אַן אַנדער פֿאַל, וועגן וועלכן ער האָט אונדז אַמאָל דערציילט. אים איז אויסגעקומען אַ שטיק צייט צו באַהאַנדלען אַ פֿאַרמעגלעכן פּאַציענט, וואָס האָט געליטן פֿון אַגראָפֿאָביאַ (פּחד פֿאַר עפֿנטלעכע פּלעצער). דער פּאַציענט האָט, ווייזט אויס, אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד און שטעקעלן איז ניט געלונגען אים אויסצוהיילן פֿון זיין נשמה־מיחוש. האָט אים זיין שטענדיקער דאָקטאָר געראָטן, ער זאָל זיך ווענדן צו אַ באַרימטן אָקוליסט: יענער, זאָגט מען, פֿאַרשרייבט ברילן, וואָס נעמען צו די אַגראָפֿאָביאַ ווי מיט דער האַנט. האָט דער אָקוליסט אויך נישט געהאָלפֿן. האָט ער זיך נאָכדעם געווענדט צו אַ מאַסאַזשיסט און גראָד יענער האָט אים געהאָלפֿן אין משך פֿון צוויי־דריי טעג. אויך דער פֿאַל האָט שטעקעל'ן גע־דאַרפֿט אַרויפֿברענגען אויף דער מחשבה, אַז צו קוע'ס מעטאָדע פֿון אויטאָ־סוגעסטיע דאַרף מען זיך אפֿשר באַציען מיט מער ערנסט, ווי מ'איז דאָס געניגט צו טאָן אין געוויסע פֿאַך־קרייזן: נעמט ער דאָך אָן, אַז זיין געוועזענעם פּאַציענט האָט קורירט ניט דאָס ביסל מלאכה'ווען פֿונם מאַסאַזשיסט, נאָר זיין „איינשמועסעניש“, וואָס האָט אים געהאָלפֿן טראָצדעם וואָס די סיבות פֿון זיין קראַנק־ווערן זיינען ניט אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף דער ליכטיקער שיין. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן און איך נעם זיך אונטער צו פֿרעגן שטע־קעל'ן, ספּעציעל נאָך זיין טויט, צי האָט ער געמאַכט אַלע נויטיקע אויספֿירן פֿון זיינע אייגענע עקספּערימענטן. שטעקעל האָט אונז וועגן דעם לעצטן פֿאַל דער־ציילט בלויז מיט דער כוונה, נאָכאַמאָל צו אילוסטרירן דעם געראַנגל, דאָס וואָס

איך האָב אזוי אומפאַרזיכטיק אָנגערופן די „שאַרלאַטאַנעריי" פונם פּאַציענט. ווייל אויך דער פּאַציענט האָט פאַר אַלעמען געוואָלט באַזיגן דעם דאָקטאָר. זיצנ־דיק אין וואַגאָן אויפן וועג צום אָקוליסט, האָט ער פּלוצים אַ זאָג געטאָן צו זיין שטענדיקן דאָקטאָר, וואָס איז מיט אים מיטגעפאָרן: „עס וועט זיין דער גרעסטער טריאומף אין מיין לעבן צו וויסן, אַז ד"ר שטעקעל האָט מיך לחלוטין ניט געהיילט, אַז ער האָט מיך גאָרניט געקאָנט היילן, און אַז פאַר מיין פול־שטענדיקן געזונט־ווערן וועל איך דאַרפן דאַנקען עמעצן אַנדערש". אים גיכער איז „אָנגעשטאַנען" געהאָלפן צו ווערן פון אַן אָקוליסט, נאָך מער, ווי מיר האָבן געזען, פון אַ מאַסאַזשיסט, וואָס האָט זיך מטפל געווען מיט זיין „חומר"; ער האָט אָבער ניט געוואָלט „אַרויסהעלפן" שטעקעל'ן, דעם בוחן־לבבות.

דעם זעלביקן „ווילן צו מאַכט" און באַגער צו „חשיבות" זעען מיר אין דעם אומגעהייער אינטערעסאַנטן אַגראָפּאָביאַ־פּאַל מיט אַ פרוי, וואָס שטעקעל האָט אַ לענגערע צייט באַהאַנדלט. זי האָט אויך געהערט צו דעם „ניצחון"־טיפּ, און שטעקעל האָט איר איינמאָל בכיוונדיק־שטרענג דער־קלערט אַז ער האָט באַשלאָסן אָפּצושטעלן די באַהאַנדלונג. איז זי געוואָרן אויף אים מלא כעס און אים אָנגעוויזן אויף אַנדערע פרויען, וואָס ער האָט באַ־האַנדלט אַ סך לענגער ווי זי. שטעקעל האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין יענע פאַלן איז ער געווען מער דערמוטיקט: „יענע פּאַציענטקעס פלעגן נאָך די ערשטע עטלעכע וואָכן קומען צו מיר אָן באַגלייטער" — זיי האָבן, האָט עס געדאַרפט הייסן, שנעלער גובר געווען אין זיך די מורא פאַר אָפענע אָדער עפנטלעכע פּלעצער. די פרוי האָט זיך נאָך מער באַליידיקט: דאָס זאָל הייסן, אַז אַנדערע פרויען האַנדלען מער מעשה־מענטש פון איר. איז זי דריי טעג שפּעטער געקומען שוין אָן אַ באַגלייטער. וואָלט מען בכן געדאַרפט אָננעמען, לויט דעם, אַז זי האָט אָן ערנסטן ווילן זיך אויסצוקורירן? אי יאָ, אי ניין. אי זי האָט געוואָלט פּטור ווערן פון איר נעווראָז, אי (נאָך וויכטיקער) זי האָט זיך געוואָלט „אָפּרעכענען" מיטן דאָקטאָר. ווי שטאַרק זי האָט געוואָלט „טרי־אומפירן" איבער שטעקעל'ן, קאָן מען זען פון דעם אייגנאַרטיקן חלום, וואָס זי האָט אים דענסמאָל געבראַכט: „איך האָב זיך געבייזערט אויף מיין דינסט־מיידל, ווייל זי האָט ריין־געמאַכט די קיך נאָר אויף אַ העלפט; אין איין העלפט קיך האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אַ הויפן שמוץ, די אַנדערע העלפט איז געווען ריין". שטעקעל'ס אויסטייטשונג פונם חלום איז אַ גאַנץ „איינפאַכע": די קיך איז דער פּאַציענטקע'ס נשמה; דאָס דינסט־מיידל איז דער דאָקטאָר, שטעקעל גופא, וועמען זי האָט געדונגען, ער זאָל איר ריין מאַכן די נשמה; דער געדונגענער דאָקטאָר האָט געטאָן בלויז אַ העלפט פון זיין אַרבעט און מער וויל ער ניט טאָן; עס איז אַ חוצפה פון זיין זייט, ווייל דאָס רעכט אָפּצושטעלן

די אַרבעט געהערט צו איר, דער „בעל־הבית׳טע“, וואָס דינגט און באַצאָלט געלט, און ניט צו דעם „משרת“. זי האָט זיך געפּילט באַליידיקט פון שטע־קעל׳ן, וואָס זאָל האָבן געהאַנדלט מיט איר „פרעך“ — וויל ער, היילט ער, וויל ער ניט, הייסט ער, אַהיימפאָרן — האָט זי אים דערנידעריקט אין חלום.

די בעסטע, דאָס הייסט, די אַממערסטן און אַמלייכטסטן קורירבאַרע פּאַ־ציענטן זיינען דערפאַר, לויט שטעקעל׳ס דערפאַרונגען, די וואָס האָבן ווייניק געלט און ווייניק צייט. די אָרעמערע נעוראָטיקער קאָאָפּערירן מער און בע־סער מיטן דאָקטאָר; זיי ווייזן ניט אַרויס אַזוי פיל פאַר׳עקשנ׳טן און כיטרען ווידערשטאַנד (ווי, למשל, „פּראָדוצירן“ חלומות וואָס זיינען עלול צו פאַרפירן דעם דאָקטאָר), וויפיל עס ווייזן אַרויס די רייכערע און די וואָס האָבן אין זייער רשות מער פריייע צייט. די אָרעמערע און מער באַשעפטיקטע קאָנען זיך ניט דערלויבן אַזאַ לוקסוס, ווי פירן מיטן דאָקטאָר אַ קאָמפּליצירטע שפּיל אין באַהעלטעניש און זוכן צו באַווייזן אים אַז ער איז אַ טויגעניכטס און אַ פוסטער בעל־גאוה. די שווערע באַדינגונגען פון זייער לעבן שאַפן זיי ניט קיין סך געלעגנהייטן זיך צו פאַרנעמען מיט זייער איך, מיט אַזוי פיל פאַרוואָלקנטע שפּאַנונגען צווישן זיך און זייער סביבה, צווישן זיך און דאָקטאָר. יענע זיינען אויך אפשר ווייניקער געבילדעט, און וואָס ווייניקער זיי ווייסן פון די פּרינציפּן און דער טעכניק פון פּסיכאָאַנאַליזע, אַלץ לייכטער איז זיי צו קאָאָפּערירן מיטן דאָקטאָר, וויל אַלץ נאָרמאַלער איז פאַר זיי די דיס־טאַנץ צווישן היילער און געהיילטן. דער טיפּ ווידערשפּעניקער פּאַציענט, וואָס שטעקעל האָט אַרויסגעפירט, איז מערסטנטיילס אַן „איבערגעשפּיצטער“ און אַזאַ וואָס האָט צייט זיך אַרומצוטראָגן מיט זיין „איך“ ווי מיט אַ קאָמפּלי־צירטן פּראָבלעם. ער איז זיך אַליין צו „אינטערעסאַנט“ און ער איז צופיל געניגט צו באַטראַכטן זיין קראַנקהייט ווי זיינס אַ שטיק קונסט, ווי עפּעס וואָס ער האָט באַשאַפן און מיט וועלכן עס ווילט זיך אים ניט שיידן, אפילו ווען ער ווייזט אַרויס, פון דער אַנדערער זייט, אַן אויפריכטיקע כוונה זיך אויסצוהיילן. אגב (איז דאָס „מאַרקסיזם“?), ער געהערט מערסטנטיילס צו דעם זעלביקן אָדער אַן ערך דעם זעלביקן סאָציאַלן קרייז, וואָס דער פּסיכאָאַנאַליטיקער גופא; ער האָט זיין גרונט צו באַטראַכטן דעם דאָקטאָר ווי „זיין גלייכן“, און אים איז אויך דערפאַר באַזונדערס שווער אַריבערצוטראָגן דעם פּסיכאָאַנאַליטי־קער׳ס „מאַכט“ איבער אים.

צו די פּאַראַדאָקסאַלע טיפּענישן פון דעם דאָזיקן טיפּ פּאַציענט האָט מען זיך נאָך ניט דערגרונטעוועט; דער מעכאַניזם פון זיינע סתירות איז נאָך אויך ווייט ניט אויסגעפאָרשט. ווילהעלם שטעקעל איז אָבער, נאָך פרוידן, געווען אַ פּיאָנער אויף דעם געביט. ער האָט אָנגעצייכנט וועגן, אויף וועלכע עס לוינט זיך צו זוכן יענע כוחות, וואָס שטייען הינטערן פּאַציענט׳ס באַנעמונג, פאַר

אַלעמען יענע קראַפט (אָדער גאָר שוואַכקייט ?) וואָס אַדלער האָט באַצייכנט ווי דער „ווילן צו מאַכט״.

***

איך פרעג זיך איצטער, צוליב וואָס האָב איך היינט געמאַכט די עטלעכע באַמערקונגען אַרום שטעקעל׳ס פאַרשונגען. פּסיכאָטעראַפּיע איז אַ פאַך־זאַך, צו וועלכער איך האָב ניט קיין שייכות. שטעקעל איז אָבער אינטערעסאַנט און האָט זיך פאַרדינט געמאַכט ניט נאָר פאַר זיין צעך, נאָר אויך פאַרן קרייז אַלגעמיינע לייענער, צו וועלכע איך געהער, כ׳מיין, אויך פאַר די וואָס האָבן אַ באַרעכטיקטן דילעטאַנטן־אינטערעס פאַר זעלישע פּראָצעסן און פונקציעס. שטעקעל׳ס שילדערונגען פון זיינע פּאַציענטן דערמאָנען מיר אָפּט אָן לעאָניד אַנדרעיעוו׳ס קליינער דערציילונג וועגן דעם מאַן, וואָס פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז אים סטימולירן בלויז נעגער־פּרויען, בשעת אַלע ווייסע פרויען לאָזן אים קאַלט און גלייכגילטיק. אָרעמער פאַרשוין: ער האָט ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו באַרימען, מיט וואָס צו פאַרנעמען אין געזעלשאַפט אַ שטיקל פּלאַץ און קריגן זיין חלק „מאַכט״ איבער דער אויפמערקזאַמקייט פון דער סביבה. איז ליבע צו נעגער־פרויען געוואָרן זיין „טאַלאַנט״, זיין שטיקל „אָריגינאַליטעט״, און אַזוי איז דאָס ביי אים געגאַנגען אַזוי לאַנג ביז ער האָט טאַקע חתונה־געהאַט (קעגן זיין ערלאָטישן ווילן) מיט דער ערשטער נעגער־פרוי, וואָס חברה האָבן פאַר אים דערטאַפּט. ער האָט זיך מיט איר געהאַלטן יאָרן און יאָרן — צוליב „חשיבות״: אָן איר, וואָלט ער נאָכאַמאָל געוואָרן אַ דורכשניטלעכער, באַנאַלער אַבי־ווער.

און עס איז ניט בלויז אַ פראַגע פון „פּאַציענטן״. דער אונטערשיד צווישן „פּאַציענט״ און „נאָרמאַלן״ איז, האָב איך מורא, גאָרניט אַזאַ גרויסער, ווי אונז גלוסט זיך צו גלויבן. ס׳איז אפשר מער אַ פראַגע פון גראַד איידער פון וועזן (נאָך פרויד׳ן, באַליידיקן מיר זיך שוין ניט, ווען מיר הערן, אַז דער שטודיום פון אומנאָרמאַלע גיט אונז אַ שליסל אויך צו דער פאַרשטענדעניש פון די נאָרמאַלע). און האַנדלט עס זיך וועגן „ווילן צו מאַכט״ אָדער באַגער צו „חשיבות״, גיט אַ קראַץ יעדן נאָרמאַלן מענטשן, וועט איר אַנטדעקן, אויב איר ווייסט נאָר ווי „אַ קראַץ צו טאָן״ — אַן אחד משׂשים פון שטעקעל׳ס אַ פּאַציענט. מיר קענען דאָס זען אומעטום, ניט נאָר אין קליניק אָדער אין פּסיכאָאַנאַליטי־קער׳ס קאַבינעט. מיט גוטע אויגן קען מען דאָס אָפּט דערזען אין שול און אין קלוב, אין ליבעס און אין פריינטשאַפטן, אין די צאַרטסטע באַציאונגען צווישן מאַן און ווייב, אין דער סאַמע אידילישער אַטמאָספערע פון פאַמיליען־לעבן. אפשר איז דאָס גאָר די הויפּט־פּראָבלעם פון אונזער גאַנצער ציוויליזאַציע.

1940

# מיתת נשיקה

אַ מעשה פון אַלט־סירישן פֿאָלקלאָר. מאַן און ווייב (אָדער אָדם הראשון און זיין אומפֿאַרמיידלעך געטרייע חוה) זיינען באַשאַפֿן געוואָרן אין פערטן הימל און דאָרט האָבן זיי געוואָלט בלייבן לעבן אויף שטענדיק. ווי אַזוי זשע קומען זיי אויף דער זינדיקער ערד? זיי האָבן איין מאָל ניט געקאָנטביישטיין דעם נסיון און האָבן אויפֿגעגעסן אַ שטיק פֿלאָדן, בשעת ווי אַ שפּייז איז פֿאַר זיי באַשטימט געווען בלויז אַמבראָזיאַ, דאָס מאכל פון די געטער. איז ביי זיי ביידע, במחילת כבודם, קראַנק געוואָרן דער מאָגן (אַמבראָזיאַ, ווי באַקאַנט, שוויצט מען בלויז אַרויס עטלעכע שעה נאָכן עסן דורך די פּאָרן פון קערפּער). האָבן זיי זיך געווענדט צו אַ מלאך און אים אַ פרעג געטאָן, וואו געפינט זיך ערגעץ אַ בית־הכסא. האָט זיי דער מלאך אָנגעוויזן אויף דער ערד: „איר זעט דאָרט אונטן דאָס קליינע פּלאַנעטעלע, דאָס גאָר־גאָר פּיצינקע, אַן ערך אַ זעכציק מיליאָן מייל פון דאַנען? דאָס איז דער בית־הכסא פון׳ם אוניווערסום. לויפט שנעל אַהין". האָבן זיי זיך אויף גיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און טאַקע שוין דאָרט פֿאַרבליבן אויף אייביק. פון דענסמאָל אָן עסן זיי שוין ניט קיין אַמבראָזיאַ, ליידן זיי אויפֿן מאָגן, זיינען געפּייניקט פון קראַנקהייטן, און אַ טייל פון די קראַנקהייטן זיינען פֿאַרשאָלטן אויף שטענדיק צו בלייבן אומקורירבאַר.

די סיריער האָבן עס געמאַכט אַביסעלע וואולגאַר. ביי די פֿעלקער פון אינדיע קומט אַרויס די דערקלערונג פון אומהיילבאַרע קראַנקהייטן עלעגאַנטער, אַרטיסטישער און, טראָץ דער מרה־שחורה׳דיגער ערנסטקייט פון יענע פֿעלקער, אויך הומאָריסטישער. לויט זייערע פֿאָרשטעלונגען, האָט דער ריבונו של עולם געגעבן דעם מענטשן, גלייך נאָך דעם וואָס ער האָט אים באַשאַפֿן, אַ מיטל קעגן אַלע קראַנקהייטן, אַ מין אוניווערסאַלע סגולה, וואָס האָט אים געדאַרפט פֿאַרזיכערן אייביק געזונט. האָט דער מענטש זיך געפּוילט אַרומצוטראָגן מיט זיך טאָג און נאַכט די מעדיצין און ער האָט זי אַרויפֿגעלייגט אויפֿן אייזל׳ס רוקן; איז דער אייזל איינמאָל געוואָרן דורשטיק; האָט די שלאַנג (דער נחש הקדמון) אָנגעוויזן וואו אַ ברונעם איז, און בשעת דער אייזל איז געשטאַנען אָנגעבויגן און געטרונקען, האָט די שלאַנג צוגענומען דאָס מיטל פֿאַר זיך.

אין ביידע מעשה׳ס פון אָריענטאַלישן פֿאָלקלאָר — אין איינער גרעבלעך, אין אַנדערן פֿאַרפיינט און פֿאַראיידלט — דער זעלביקער מאָטיוו: קראַנקהייט

ווי אַ פּאַטאַליטעט, ווי אַן אומפאַרמיידלעכקייט, ווי אַ באַליידיקונג און דער־נידעריקונג פון לעבן. פון קראַנקהייט איז נישטאָ וואוהין צו אַנטלויפן.

***

טאַקע נישטאָ וואוהין צו אַנטלויפן?

די מיינסטעליידנדיקע, די מיט קראַנקהייטן באַלאָדענע, טראָגן איבער די „באַשערטע" מאָס יסורים און גייען פרייוויליק פון לעבן ניט אַוועק. אפילו ווען זיי ווייסן, אַז זייער קראַנקהייט איז אַבסאָלוט אומהיילבאַר און אַז די יסורים מוזן ווערן פון טאָג צו טאָג אומדערטרעגלעכער. כאַפּן זיי זיך אָן אין אַ שטרוי, אין אַ שאָטן פון פּרוכטלאָזער האָפענונג — אין רביים, אין אַ נס, אָדער זיי געוואוינען זיך צו אַרויסצוציען אַ משונה'דיקע מתיקות אין ציגיינערטעס, אין אָפּשפּרעכערס און כישוף־מאַכערס — וואַרטן זיי פון דער פאַרצווייפלונג גופא. אָבער איינצלנע (הערואַישע? פּחדנ'ישע?) נאַטורן זאָגן דעם לעבן אַ „זיי־געזונט" און לייגן אויף זיך די האַנט. זיי טוען עס אָפטמאָל ניכטער, רואיק, מיט צילזיכערקייט — אַט ווי בעיקאָן מאָריס, דער אַלטער ענגלישער אָפיציר, וועגן וועמען וואָלטער האָט אַמאָל דערציילט:

„ער האָט געליטן פון אַ ווייטאָקדיקער און, ווי עס איז אָנגענומען צו טראַכטן, פון אַ קראַנקהייט נישט צום היילן. איין מאָל איז ער צו מיר געקומען מיט אַ בייטל און צוויי פּאַפּירן. איינס פון די פּאַפּירן, האָט ער מיר געגעבן צו וויסן, איז זיין צוואה; דאָס אַנדערע איז אַ טעקסט פאַר אַן אויפשריפט אויף זיין מצבה, און אינם בייטל איז פאַראַן גענוג געלט צו דעקן די קבורה־הוצאות. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אויסצופּרובירן אין משך פון פערצן טעג, וואָס רפואות און דיעטע קאָנען נאָך אויפטאָן, כדי אים צו מאַכן דאָס לעבן אַביסל וויניקער אומדערטרעגלעך. ווען דאָס ניט העלפן, איז ער אַנטשלאָסן זיך צו נעמען דאָס לעבן. באַגראָבן קאָן מען אים וואו מען וויל. די אויפשריפט אויף זיין מצבה איז קורץ. דאָס זיינען בלויז די צוויי לאַטייניש ווערטער, וואָס ווערן צוגעשריבן פּעטראָניוס'ן — אַדיע, זאָרגן."

און דער פראַנצויזישער ציניקער, וואָס האָט אַמאָל סאַרקאַסטיש אַמוזירט דריי לענדער מיט זיין יאַשטשערקעס־געלעכטער, גיט נאָכדעם צו: „איך זאָג קיינעם ניט קיין מוסר און איך האַלט עס פאַר גאַנץ ריכטיק, אַז אַ מענטש זאָל פאַרלאָזן זיין הויז, אויב עס האָט אים אויפגעהערט צו געפעלן" (אייגנטלעך אַ „פּלאַגיאַט", ווייל פרידריך דער גרויסער האָט געזאָגט פאַר וואָלטער'ן, אַז מען טאָר קיין טענות ניט האָבן צו אַ מענטשן, אויב זיין וואוינונג הערט אים אויף צו געפעלן און ער ציט זיך איבער אויף אַ העכערן עטאַזש — אַ רמז אויף פרידריכ'ס גלויבן אין יענער וועלט).

וואוהין צו לויפן, הייסט עס, איז פאַראַן אין פאַל פון קראַנקהייטן, וואָס זענען אומדערטרעגלעך און ניט צו היילן, אָבער די צאָל לויפערס איז לפי ערך

קליין, כאַטש... פון דער אַנדערער זייט, הערן מיר די לעצטע יאָרן פון דאָקטוירים — באַזונדערס פון די וואָס קאָמבינירן אין זייערע פּאַר־שונגען געוויינלעכע מעדיצין מיט פּסיכאָאַנאַליזע — אַז אַ סך פּאַציענטן אין שפּיטאָלן גייען אַוועק פון דער וועלט מיט יאָרן, און פון קראַנקהייטן, וואָס לאָזן זיך גראָד יאָ אויסהיילן. זיי זיינען בכלל לעבנס־מיד, און, אין תוך, אויף יענער זייט גרענעץ פון זייער באַוואוסטזיין ווילן זיי גאָרניט אויסגעהיילט ווערן. „קעמפן" זיי ניט געגנוג מיט דער קראַנקהייט, ווייזן זיי אַרויס דעם נאָך ניט אויסגעלאָשענעם לעבן אַ „זיגרייכן" פּאַסיוון ווידערשטאַנד. אויפן לשון פון יענע דאָקטוירים הייסט עס זעלבסטמאָרד דורך פּאַסיוויטעט, דורך ניט מאָביליזירן די פולע סומע געגנזונגס־כוחות, וואָס דער אָרגאַניזם פאַרמאָגט. די צאָל פון אַזעלכע „זעלבסטמערדער", מיינט מען, איז אומ־געהייער גרויס. און מערקווירדיק: גראָד צווישן די, וואָס זייערע אָרגאַ־ניזמען זיינען שוין אָביעקטיוו פאַרמשפּט אויף אומקום דורך אומהיילבאַרע קראַנקהייטן, איז די צאָל זעלבסטמאָרדן לפי ערך אַ קליינע.

דער זעלבסטמערדער פון פאַרצווייפלונג, פון פּראָטעסט קעגן אומ־דערטרעגלעכעליידן און לאַנגזאַמער גסיסה, איז פונדעסטוועגן אַ באַ־שטימטער פּסיכאָלאָגישער טיפּ, וואָס קאָן — אין אַ געוויסער קולטור־אַטמאָספערע — אַרויסרופן נאָכמאַכונג אויך מצד אַנדערע, נאָרמאַלערע (אָדער אומנאָרמאַלערע ?) טיפּן.

⁂

איך דערמאָן זיך איצט אין דעם אַלעמען צוליב אַ בריוו, וואָס ליגט שוין עטלעכע טעג אויף מיין אַרבעטס־טיש.

איך ווייס ניט פאַר וועלכע פאַרדינסטן, אָבער איך בין די וואָך גע־שטעלט געוואָרן פאַר אַ זייער ערנהאַפטיקער פאַרלעגנהייט. אַ ניי געגרינדעטע געזעלשאַפט האָט זיך געווענדט צו מיר מיט אַ בקשה, אַרויסצוזאָגן מיין מיינונג וועגן אַ מאָוים׳דיק שווערער פראַגע: צי מעג מען מאָרדן לשם מצווה, פון רחמנות וועגן ? — פון וואַנען די גרינדער פון יענער געזעלשאַפט האָבן גענומען, אַז איך בין קאָמפּעטענט אָדער, אַז איך האַלט זיך פאַר קאָמפּעטענט צו פּסק׳ענען אַזעלכע שאלות — ווייס איך ניט. פון זייער בריוו זע איך, אַז זיי האָבן זיך געווענדט מיט דער זעלביקער פראַגע צו גוּ־טע עטלעכע הונדערט מענטשן, און אַז זיי וואָלט געווען זייער אָנגענעם, ווען אַלע אָנגעפרעגטע — גייסטלעכע פון אַלע רעליגיעזע גרופּירונגען, פּסיכאָלאָגן, דאָקטוירים, קינסטלער, מעדיצינער, יוריסטן, זשורנאַליסטן — וואָלטן ענטפערן אַז יאָ, אַז דאָס וואָס זיי רופן „מערסי קילינג" איז ניט נאָר ניט קיין פאַרברעכן, נאָר אַ פּאָזיטיווע מאָראַלישע טאָט. די פירער

פון דער געזעלשאַפט האָבן פאַר דעם ענין ניט בלויז אַ טעאָרעטישן אינ־טערעס. זייער אינטערעס איז שוין היינט אַ פּראַקטישער, אַ סאָציאַל־פּאָליטישער. זיי וואָלטן וועלן דורכפירן, אומעטום וואו עס לאָזט זיך, אַ געזעץ, לויט וועלכן, אין געוויסע פאַלן — ווען אַ מענטש איז באַפאַלן מיט אַ קראַנק־הייט, וואָס איז אַבסאָלוט נישט צום היילן, ווען די ליידן פון דער קראַנקהייט ווערן און מוזן בלייבן „אומדערטרעגלעך" און ווען דער פּאַציענט גופא דריקט אויס זיין „קלאָרן און באַוואוסטזיניקן ווילן" אַוועקצוגיין פון דער וועלט — זאָל אַ קאָנסוליום פון דאָקטוירים, מיטן וויסן און דער הסכמה פון דעם פּאַציענט׳ס פאַמיליע אָדער נאָענטע פריינט, האָבן דאָס רעכט אויסצולעשן אין אים דעם אָטעם פון לעבן. די איצטיקע געזעצן אין שייכות מיט אַזעלכע שווער־ליידנדיקע פּאַציענטן, זיינען, לויט זייער מיינונג, באַרבאַריש: „מיר פאַר־שטייען שוין אַלע", שרייבט מיר איינער פון די גרינדער פון דער נייער געזעלשאַפט, „אַז טויטן אַ מענטשן, אַלץ איינס ווער דאָס זאָל ניט זיין, וואָס וויל לעבן און וואָס די נאַטור דערלויבט אים נאָך צו לעבן, איז אַן אוממענטשלעכע אכזריות. עס איז שוין צייט, מיר זאָלן אָנהויבן צו פאַר־שטיין, אַז ניט ווייניקער באַרבאַריש איז, אין געוויסע פאַלן, צו לאָזן לעבן, צווינגען צום לעבן אַ מענטשן, וואָס פילט שוין אין לעבן קיין טעם נישט, אַ מענטש וואָס ליידט פון אַ נישט היילנדיקער קראַנקהייט, וואָס פאַרשאַפט אים יעדן טאָג אומדערטרעגלעכע און זינלאָזע יסורים. דאָס וואָס אַזאַ מענטש האָט ניט דעם מוט, דעם ריין „טעכנישן מוט", ווי ער ווערט אין בריוו אָנ־גערופן צו באַגיין זעלבסטמאָרד, איז כלל ניט קיין באַווייז, אַז ער וויל ניט שטאַרבן. אָפטמאָל בעט זיך אַזאַ פּאַציענט ביים דאָקטאָר, ביי זיינע אָרומיקע, און אַפילו אין ספּאָנטאַנע תפילה־אויסברוכן ביים ריבונו של עולם, מען זאָל ביי אים וואָס גיכער צונעמען דאָס לעבן און אים באַפרייען פון זיינע יסורים. פאַרוואָס זשע זאָלן מיר זיין בקשה ניט דערפילן? פאַרוואָס פּלאָגט אונדז ניט דאָס געוויסן, ווען מיר באַגייען אַזעלכע הומאַניטאַריש פאַר־שלייערטע ברוטאַליטעטן?"

די מחברים פון דער אַנקעטע פרעגן, ווי מ׳זעט, אַ קשיא דערפאַר, וואָס זיי האָבן שוין דעם תירוץ. זיי איז שוין לחלוטין קלאָר, אַז „מ׳מעג", און ניט נאָר מעג מען, נאָר מען מוז, ווייל ליבע צום מיטמענטש און אמת׳ער רחמנות לייגן אויף אונז אַרויף, אין געוויסע פאַלן, אַ התחייבות צו טויטן. און פון דעם ביסל ליטעראַטור, וואָס ס׳איז מיר צוגעשיקט געוואָרן אינאיינעם מיטן בריוו, זע איך, אַז אין ענגלאַנד איז פאַרנומען מיט פּראָפּאַגאַנדע פאַר לעגאַליזירן דעם ענין „מערסי קילינג" אַזאַ פּערזאָן ווי לאָרד פּאָנסאָנבי — אַ רעליגיעזער סאָציאַליסט, אַ גלויביקער קריסט און אַן אַבסאָלוטער פּאַציפיסט. אויך אים

לייגט זיך אויפן שכל און אויפן געוויסן, אַז מאָרד קאָן אין אַ געוויסער סיטו־אַציע זיין אַ מצוה, ניט קיין חטא, אַז ניט־מאָרד איז אַמאָל אַ שווערע עבירה.

⁂

אַ דערמאָנונג פון די באַזונדערע סענסיטיווע יוגנט־יאָרן.

ס. ז. (אַ באַגאַבטע מיטליעריקע פרוי, מיט אָנפאַלן פון היסטערישן ענטו־זיאַזם און, אין אַנדערע מאָמענטן, פון, ווי זי פלעגט זיך אויסדריקן, „אָקעאַני־שער דעפּרעסיע") שטעלט מיך אָפּ אין אַ שפּעטן ווינטער־אָוונט אויף דער פרידריכשטראַסע, אין בערלין, און בעט מיך, כ׳זאָל איר קריגן די „בויטיקע פּאָרציע" מאָרפיום, וואָס אָן איר קאָן זי שוין ניט לעבן. זי האָט שוין אויס־געגאַרט, זאָגט זי, דורך פאַרשידענע פעלשונגען, מאָרפיום אין אַלע בערלינער אַפּטייקן; איצטער וויל מען איר שוין אין ערגעץ ניט פאַרקויפן, און די דייטשע דאָקטוירים זיינען, כידוע, „פּאַרמאַליסטן", „טעמפּע טשינאָווניקעס", „באַנדיטן", און ווילן מיר קיין דערלויבעניש אויף מאָרפיום ניט געבן. ווען איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון מאַכן אפילו אַ פּרואוו צו טאָן איר די „טובה" און געפּרואווט איר באַווייזן, אַז איך בין איר אַן „אמת׳ער פריינט", האָט זי זיך אין מיטן גאַס ווילד־היסטעריש צעשריען:

„איך קאָן עס מער ניט איבערטראָגן . . . ווייטאָקן און ווייטאָקן אָן אַ שיעור... ניטאָ מיט וואָס צו שטילן די יסורים . . . אַלע, אַלע קעגן מיר . . . איך קאָן מער ניט לעבן . . . טו זשע מיר אַן אַנדער טובה, קויף אַ מעסער, אָבער טאַקע באַלד, די מינוט, און דערשטעך מיך . . . כאָטש אַזאַ טובה, די לעצטע . . . מער וועל איך ביי דיר גאָרנישט ניט בעטן . . . איך וועל דיר עס קיינמאָל ניט פאַר־געסן . . ."

און ווען זי האָט דערהערט, אַז אויך די „טובה" וויל איך איר ניט טאָן, האָט די גאַס אָנגעהויבן הילכן מיט פאַרצווייפלטע קלאַנגען פון אירע זידל־ווערטער:

„טאָטער וואָס דו ביזט . . . מענטש אָן אַ האַרץ, אָן אַ נשמה . . . אַזאַ שנעק און שוין אַזאַ אכזר . . . גזלן, רוצח, סאַדיסט, קין וואָס דו ביזט . . ."

זי איז פונדעסטוועגן נאָך געווען גענוג רעאַליסטיש זיך צו דערשרעקן פאַרן פּרייסישן פּאָליציסט מיט די ווילהעלם־וואָנצעס און מיט דער שטאָלענער קאַסקע אויפ׳ן קאָפּ, און ווען זי האָט אים דערזען אָריבערגיין די גאַס, מסתמא אויסצוגעפינען וואָס פאַר אַ ווילדע סצענע עס קומט דאָ פאָר, האָט זי זיך גע־לאָזט לויפן און זיך אויסגעמישט מיט׳ן עולם, וואָס האָט געשטראָמט פון די דערבייאיקע אַמוזיר־פּלעצער.

מיט פינף חדשים שפּעטער איז זי איינזאַם אויסגעגאַנגען, נאָך אַ לאַנגער סדרה פון אומדערטרעגלעכן פּיין און קאָנוואולסיעס, אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל.

און אפשר, פרעג איך מיך היינט, איז מיין חוב געווען איר צו פאַרשפּאָרן די

פינף חדשים אומגוויטיקע און אומזיניקע יסורים ? און אויב עס איז ניט געווען מיין חוב, ווייל איך בין ניט קיין מעדיצינער און דעמאָלס נאָך אַ שנעק אין יאָרן און דערפאַרונג, איז עס אפשר געווען דער חוב פון אַ דאָקטאָר, פון צוויי דאָק־טוירים, פון אַ מנין מעדיצינער ?

***

אין 1925 איז אין קאָלאָראַדאָ פאָרגעקומען אַ אינטערעסאַנטער פּראָצעס, אין וועלכן דער מאָטיוו פון רחמנות־מאָרדן האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע. הערהאָלד בלעיזער, אַ פּראַקטיצירנדיקער דאָקטאָר פון אַ דאָרפישער געגענט אין יענעם שטאַט, האָט געטויט זיין טאָכטער דורך איינגעבן איר כלאָ־ראָפאָרם. זיין טאָכטער איז געווען איינע פון די אומבאַהאָלפנסטע באַשעפענישן אין דער וועלט. איר אינטעליגענץ איז געווען נידעריקער, ווי דער פאָטער האָט אָפּגעשאַצט, פון וועלכער ניט איז אונז באַקאַנטער היה׳שער אינטעליגענץ; זי איז געווען אָן הענט, אָן פיס; זי האָט ניט געקאָנט רעדן און האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון וועלכע ניט איז דענק־פּראָצעסן; דאָס עסן וואָס זי האָט יעדן טאָג גענומען האָט מען איר פריער געמוזט צעקייען. איר פאָטער האָט יאָרנ־לאַנג אָפּגעגעבן זיין גאַנצע פרייע צייט, כדי צו דערהאַלטן ביים לעבן דעם דאָזיקן ספק־מענטש ספק־זאַך. ווען ער האָט אָבער אויף דער עלטער אַ קלער געטאָן, אַז אין גיכן וועט דאָס לעבן אין אים אויסגעלאָשן ווערן און עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל אַכטונג געבן אויף זיין טאָכטער, האָט ער זיך אָנגענומען מיט האַרץ און האָט זיין אייגן פליייש און בלוט כלאָראָפאָרמירט. אין געריכט האָט זיין אַדוואָקאַט גע׳טענה׳ט, אַז אַזאַ באַשעפעניש, ווי די דער־מאָרדעטע טאָכטער איז געווען, האָט ניט געקאָנט האָבן קיין נשמה, און דער אָנ־געקלאָגטער פאָטער, דאַרף מען דערפאַר רעכנען, איז קיין מאָרד ניט באַגאַנגען; ער האָט בלויז פאַרניכטעט אַ „געגנשטאַנד", וואָס האָט אים צוויי און דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד פאַרשאַפט טירחה און עגמת־נפש. דאָס געריכט האָט דר. בלעי־זער׳ן באַפרייט.

געפין איך אין גאַנדי׳ס שריפטן אַ פּאָר זאַצן וועגן דעם דאָזיקן פאַל. גאַנדי איז נאַטירלעך ניט מסכים מיטן קאָלאָראַדאָ׳ער אַדוואָקאַט. דר. בלעיזער, האַלט ער, האָט דערמאָרדעט אַ מענטשן, ניט פאַרניכטעט אַ זאַך, ווייל אַן אידיאָט האָט אויך אַ נשמה, ווייל יעדע באַשעפעניש וואָס ווייזט אַרויס אפילו אַ „בלויז פיזיאָ־לאָגישן" ווילן צום לעבן, ווי נידעריק יענע באַשעפעניש זאָל ניט זיין און ווי אַפּאַטיש איר ווילן צום לעבן זאָל ניט זיין, איז באַזעלט. וואָס ס׳איז שייך דער מאָראַלישער און יורידישער אָפּשאַצונג פון דר. בלעיזער׳ס האַנדלונג, אונטער־שיידט גאַנדי צווישן לכתחילה און בדיעבד. ווען דער אומגליקלעכער פאָטער וואָלט אים פריער אָנגעפרעגט, צי מעג ער דערמאָרדן זיין טאָכטער פון רחמנות,

וואָלט ער אים בפירוש געזאָגט, אַז מ׳טאָר ניט. מיט זיין טאָט האָט ער אגב אַרויסגעוויזן אומגלויבן אין דער מענטשלעכקייט פון זיין סאָציאַלער סביבה, און ער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו טראַכטן, אַז נאָך זיין טויט וועט זיך אין גאַנץ אַמעריקע ניט געפינען אַן אינסטיטוציע אָדער אַ יחיד, וואָס זאָל נעמען אויף זיך דעם חוב אַכטונג צו געבן אויף זיין פיזיש און גייסטיק דעפעקטיווער טאָכטער. איז ער אָבער דעם מאָרד יאָ באַגאַנגען, איז פאַרפאַלן. קיין יורידישע שטראָף קומט אים נישט און קיין שווערע מאָראַלישע פאַר־דאַמונג האָט ער אויך — ניט פאַרדינט. ער איז ניט קיין רוצח, ווייל דעם מאָרד איז ער באַגאַנגען מחמת ליבע און רחמנות און ניט מחמת עגאָאיזם און טעמפּ־קייט. אַן ערך דיזעלביקע מיינונג האָט דער אינדישער דענקער אַרויסגעזאָגט וועגן אַ מער טיפּישן פאַל פון רחמנות־מאָרד, אין פּאַריז, וואו אַן אַקטריסע האָט דערשאָסן צום טויט איר געליבטן, לויט זיין אייגענער פאָדערונג, ווייל ער האָט געליטן אומדערטרעגלעכע יסורים פון אַ האָפנונגסלאָזער קראַנקהייט. עס איז נישטאָ, גלויבט ער, קיין גרונט פאַר אַ קרימינעלער פאַרפאָלגונג קעגן יע־נער אַקטריסע, אָבער ווען זי וואָלט אַנגעפרעגט פון פריער, צי מעג זי אומברענ־גען אַ נאָענטן מענטשן מחמת ליבע, וואָלט מען עס איר געדאַרפט שטרענג פאַר־באָטן. און ניט נאָר איר איז עס פאַרבאָטן, נאָר אויך דאָקטוירים: דאָס דענישע געזעץ, וואָס דערלויבט דאָקטוירים צו מאַכן דעם מלאך המות פאַרן מלאך הגואל פון זייערע האָפנונגסלאָזע פּאַציענטן, דאַרף מען אָפּשאַפן.



אָבער אַזאַ מיינונג אָדער אַן אַנדערע, גאַנדי׳ס אויפפאַסונג אָדער די אויפ־פאַסונג פון געוויסע מעדיצינער און רעכטס־רעפאָרמער וואָס פּרעדיקן היינט דאָס רעכט אויף רחמנות־מאָרד — וואָס הייסט בכלל אַ „מיינונג" אָדער אַ „איבערצייגונג", ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ ענין פון מעשה־בראשית און... מעשה־סוף? אויף וואָס שטיצט זיך, אויף וואָס קאָן אָדער דאַרף זיך שטיצן אַן ענטפער אויף אַזאַ פראַגע, וואָס איר עצם אינהאַלט איז אַזוי מאוים׳דיק פּאַראַדאָקסאַל? מאָראַלישע (אויך יורידישע) אורטיילן האָבן פאַר אונז אַ ווערט אָדער אַן אומווערט בלויז דענסמאָל, ווען עס איז אונז קלאָר דער אַלגעמיינער פּרינציפּ, דאָס קריטעריום, אויף וועלכן זיי שטיצן זיך. וואָס איז, אין דעם פאַל, דאָס קריטעריום, דער פּראָבירשטיין, דער אויסגאַנג־פּונקט?

איך שטעל די פראַגע דערפאַר, וואָס כדי אפילו בלויז צוויי מענטשן זאָלן זיך קאָנען וועגן אַזאַ ענין צוזאַמענרעדן, דאַרפן זיי פריער האָבן אַ בשותפות׳דיקע אַלגעמיין־פילאָזאָפישע באַזע. האָבן זיי עס ניט, קאָנען זיי אַר־גומענטירן און אַרגומענטירן, איינער מיטן אַנדערן, ביז אין דער אומענדלעכ־קייט, אַן וועלכן ניט איז פּועל־יוצא: עס וועט זיי פעלן אַ בשותפותע שפּראַך.

כדי, למשל, אַ מאַטעריאַליסט און העדאָניסט זאָל זיך וועגן דער פראַגע פון רחמנות־מאָרד קאָנען צוזאַמענרעדן מיט אַ מיסטיקער, מיט סתם אַ רעליגיעזן מענטשן, דאַרפן זיי פריער (און איז דאָס מעגלעך ?) האָבן איינע און די זעלביקע אויפפאַסונג פון אַזאַ „קליינִיקייט" ווי די עצם דערשיינונג פון ליידן. דער העדאָניסטישער מאַטעריאַליסט קאָן מיט ליידן קיינמאָל ניט שלום מאַכן. אויף וויפל ליידן זיינען אומפאַרמיידלעך (אָדער ווי אייניקע ווילן זאָגן, „דערווייל אומפאַרמיידלעך") מאַכט ער נאַטירלעך מיט זיי פּראַקטיש שלום. קיין באַרעכטי־קונג פאַר ליידן זעט ער אָבער ניט און קיין זין אין יסורים קאָן ער קיינמאָל ניט תופס זיין. אין לעצטן חשבון, וועט ער אייך אין געוויסע מאָמענטן צוגעבן, אַז אפשר איז דאָס גאַנצע לעבן פונם אוניווערסום איין אומענדלעכע זינלאָזיקייט, אָבער „אין ראַמען" פון יענעם אומזין־אין־סוף איז פאַראַן אַ געוויסער זין אין מאַכן דאָס לעבן ווי מעגלעך לייכטער, באַקוועמער, שענער און... ליידנס־לאָזער. דער רעליגיעזער מענטש האָט אָבער שטענדיק געזוכט אַ פאַרבאָרגענעם זין — און דאָס הייסט אויך אַ באַרעכטיקונג — אין ליידן. אַ רבי שמעון בן לקיש, למשל, איז מן הסתם געווען געניוגט צו אַ „היגיענישער" אויס־טייטשונג פון פיין: „אַזוי ווי זאַלץ מאַכט באַ׳טעמ׳טער דאָס פליש, אַזוי רייבן אָפּ יסורים אַלע זינד פון דער מענטשלעכער נשמה". און רב הונא, וואָס האָט אין אַ דרייסטער מינוט געזאָגט, אַז וואו עס שטייט „והנה טוב" מיינט מען סתם גוטס, אָבער וואו עס שטייט „והנה טוב מאד" מיינט מען יסורים, ווייל דורך יסורים דערגרייכט מען ניט מער און ניט וויניקער ווי דאָס אייביקע לעבן, האָט אפילו איינמאָל געמאַכט אַ „מעטאָדאָלאָגישן" פּרואוו צו קלאַסיפיצירן ליידן, לויט זייער אינהאַלט און מקור: „ווען אַ מענטש זעט אַז יסורים זיינען געקומען אויף אים, זאָל ער אונטערזוכן זיינע מעשים; האָט ער אונטערזוכט און אויסגעפונען (אַז ער איז באַגאַנגען אַ חטא), זאָל ער טאָן תשובה; האָט ער געפאָרשט און ניט אויסגעפונען, זאָל ער אָנהענגען (זיינע יסורים) אָן ביטול תורה און אויב ער האָט אויך דאָס ניט אויסגעפונען, איז עס אַ סימן, אַז דאָס זיינען יסורים פון (געטלעכער) ליבע צו אים". (רב הונא שטיצט זיך דאָ אויף אַ פּסוק פון משלי „כי את אשר יאהב ה׳ יוכיח" — וועמען גאָט האָט ליב באַשטראָפט ער). דעם זעלביקן רב הונא־מאָטיוו הערן מיר אַרויס פון אַ גאָר גרויסן טייל פון דער קריסטלעכער ליטעראַטור: ביים אַפּאָסטאָל פּאַאולוס אין גאַנצע דריי בריוו — צו די אידן, צו די קאָרינטער און צו די רוימער — ביי אויגוסטינוס, ביי טאָמאַס פון אַקווינא. און מען מוז ניט זיין אָרטאָדאָקסיש אָדער רעליגיעז־דאָגמאַטיש, כדי צו זען אין ליידן ניט קיין צופאַל, ניט בלויז אַ צוטשעפּעניש אָדער אַן אַקצידענטאַלע אָנשיקעניש, נאָר עפּעס וואָס האָט צו טאָן מיט די אור־שרשים פונם וועלט־זיין. אין דער דייטשער

פילאָזאָפישער ליטעראַטור, ווי אויך אין דער ראָמאַנטישער דיכטונג, באַגעגענען מיר שוין אַביסל צו אָפט די גלאָריפיקאַציע פון ליידן. פרידריך פאָן שלעגל איז צווישן די לפי ערך „וועלטלעכע" דייטשן ניט דער איינציקער וואָס איז אַרויסגעקומען מיט אַ הללויה פאַר יסורים: „ברוך הבא! — זאָג איך צו מיין שמערץ. ער איז פאַר מיר געוואָרן דער סימבאָל פונם אַלגעמיינעם לעבן. אַדאַנק דעם שמערץ גלויב איך צו פילן און צו זען די אייביקע סתירה דורך וועלכער אַלץ ווערט און עקזיסטירט אין דער דאָזיקער אומגעהייערער וועלט פון אומענדלעכער קראַפט און אומענדלעכן קאַמף". אַ פּאַסקאַל אין פראַנקרייך, אַ קירקעגאַארד אין סקאַנדינאַוויע האָבן דערקלערט קראַנקהייט פאַר דעם „נאַטירלעכן צושטאַנד" פונם קריסטלעכן מענטשן, און אַזאַ סענסיטיווע און באַגאַבטע נאַטור ווי דער דיכטער נאָוואַליס האָט — אַלץ איינס וואָס מאָדערנע פסיכאָ־פּאַטאָלאָגן זאָלן וועגן אים ניט זאָגן — דערזען אין קראַנקהייט „דאָס העכסטע, דאָס איינציק עכטע לעבן". איך ווייס, איך געדענק אַלע אַנאַטאָמיש־פיזיאָלאָגישע דערקלערונגען וואָס מ׳קאָן ברענגען פאַר נאָוואַליס׳ס געמיטס־צושטאַנד, אָבער ווען מיר הערן פון אים זיין באַקאַנטע באַהויפּטונג — אַז „אין דעם אויגנבליק, אין וועלכן דער מענטש הויבט אָן ליב צו האָבן די קראַנקהייט און דעם שמערץ, ליגט אפשר אין זיינע הענט די רייצנדיקסטע הנאה און עס דרינגט אים דורך די העכסטע פּאָזיטיווע לוסט", אָדער אַז „האַלבע קראַנקהייט איז אַן אומגליק, בשעת גאַנצע קראַנקהייט איז לוסט, די העכסטע לוסט", באַקומען מיר דעם איינדרוק ניט פון סתם מליצה, אימיצן אויף צו להכעיס, נאָר פון אַן עכטער, טיף־איבערגעלעבטער (כאָטש אפשר „אומנאָרמאַלער", אויב אימיצער ווייסט אַבסאָלוט קלאָר וואָס אומנאָרמאַל איז) נשמה־דערפאַרונג.

און אָט מיט אַזעלכע נשמה־דערפאַרונגען, וועגן וועלכע דער מעדיצינער קאָן זיך האָבן זיינע (אפשר גאַנץ ריכטיקע) אורטיילן און די פילאָזאָפישע אָדער רעליגיעזע אינטואיציע אירע (ניט ווייניקער „ריכטיקע") אורטיילן, מוז מען זיך רעכענען ווען מיר גייען צו צו דעם פּראָבלעם פון ליידן, קראַנקהייט, טויט און מאָרד. מענטשן מיט אַזעלכע דערפאַרונגען און אויפפאַסונגען, ווי נעפּלהאַפטיק, אומלאָגיש אָדער מחוץ פון לאָגיק זיי זאָלן ניט זיין, האָבן בטבע אַן אַנדערן אויסגאַנגס־פּונקט, איידער די וואָס זעען אין ליידן זינלאָזיקייט און צופעליקייט. פאַר זיי איז „ביקור־חולים" ניט קיין שכלדיקער עניין, וואָס קאָן אָפּגעוואויגן און אָפּגעמאָסטן ווערן. ביקור־חולים, לייענען מיר ביי אונזערע קדמונים, „אין לו שיעור", און רבי עקיבא מיינט אפילו, אַז ווער עס איז ניט מבקר חולה איז געגליכן צו אַ בלוטפאַרגיסער. פאַר דעם רעליגיעזן מענטשן איז קראַנקהייט און פּיין אַזאַ אינטענסיווע „יש"־איבערלעבעניש, אַז אומעטום וואו זי איז פאַראַן, קומט די שכינה צו־גאַסט, אָט ווי מיר לייענען עס אין מסכתא נדרים: „ווער עס גייט אַריין צו אַ חולה, זאָל זיך ניט זעצן

אויפן בעט, ניט אויף אַ שטול און ניט אויף אַ באַנק, נאָר ער זאָל זיך איינהילן און זיך אַוועקזעצן אויף דער ערד, ווייל איבער דעם חולה׳ס בעט רוט די שכינה״.

ווער עס איז פּייאיק, אפילו איינמאָל אין זיין לעבן, צו דערפילן אַז איבערן חולה׳ס בעט „רוט די שכינה״ — רוט און באַוואַכט אים לויט אירע באַוואַכונגס־„געזעצן״ — ווער עס האָט כאָטש אויף איין מינוט אין זיין לעבן דערפילט אינ־איינעם מיט ניקאָלאַי האַרטמאַן, אַז „דער גרויסער שמערץ אַנטדעקט פאַר אונז אַזעלכע טיפענישן, וועגן וועלכע דער ניט־געפּרוּאוווטער האָט אפילו קיין אַנונג ניט״, וועט ניט לייכט געפינען א בשותפות׳דיקע שפּראַך מיט יענעם, פאַר וועלכן די בוכהאַלטעריע פון לעבן באַשטייט פון אַן אַבסאָלוט קלאָרן קרע־דיט (הנאה) און אַן אַבסאָלוט קלאָרן דעביט (פּיין) מיט אַן „אונטערשטער שורה״ וואָס יעדער קאָן איבערלייענען און אָפּשאַצן.

***

אַלץ הענגט דאָ, הייסט עס, אָפּ פונם אויסגאַנגס־פּונקט — צי מעג לעבן „בוכהאַלטעריזירט״ ווערן.

מען קאָן פאַרשטיין לעבן ווי אַ „געשעפט״, ווי אַן אונטערנעמונג. ווער עס פּאַסט עס אַזוי אויף, פאַרגלייכט „קרעדיט״ מיט „דעביט״, און אין געוויסע קראַנקהייטלעכע און פּיין־צושטאַנדן האָט ער אַ לאָגיש רעכט צו ציען זיין פּועל־יוצא, אַז דאָס געשעפט האָט „באַנקראָטירט״ און מ׳מוז עס „ליקווידירן״. אַזאַ איינער „מעג״ פאַרעדיקן דאָס רעכט אויף זעלבסטמאָרד און אויף רחמנות־מאָרד. פון זיין אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט איז ער אַבסאָלוט גערעכט.

מען קאָן באַנעמען לעבן ווי אַ שליחות: איך בין אַהער געשיקט גע־וואָרן. איך ווייס ניט פאַרוואָס, צוליב וואָס און אויף ווי לאַנג, אָבער אין מיין שיקונג (אָדער, ווי די בודיסטן מיינען, „פאַרשיקונג״) איז פאַראַן אַ זין, דער זין. די לענג פון דער לעבנס־ליניע איז דענסמאָל אַ באַשטימטע, אַ באַשערטע — אַ געשענקטע אָדער אַן אַרויפגעצוואונגענע. יענע ליניע באַקומט דענסמאָל אַן אַבסאָלוט־אימפּעראַטיוון כאַראַקטער — קיינער טאָר זי ניט אָפּ־האַקן אָדער איבעררייסן ביז זי דערגייט ניט צו איר פאַרויס באַשטימטן „פּונקט״. ביי אַזאַ אויפפאַסונג איז רעכט צו טאָן וואָס היסטערישע אידענעס אין קליינע שטעטלעך טוען אַמאָל מיט אַ גוסס: זיי „שרייען אים אָפּ״ — אויף ווי לאַנג? צוליב וואָס? זיי זיינען ניט מחוייב אויף דעם צו ענטפערן. אַן אָפּקלאַנג פון אַזאַ קאָנצעפּציע הערט זיך, גלויב איך, ארויס פון אַ מאמר ערגעץ־וואו אין תלמוד: „המעצם עם יציאת הנפש, הרי זה שופך דמים״ (ווער עס פאַרשליסט די אויגן ביי אַ חולה בשעת זיין גסיסה, איז געגליכן צו אַ בלוט־פאַרגיסער).

דער רעליגיעזער מענטש האָט דערפאַר זיין רעכט צו פרעגן יעדן פּיין־פאַרשפּאַרער: „מי שמך״? — ווער האָט דיר געגעבן אויטאָריטעט אַזעלכע

חשבונות צו מאַכן און צו אַזעלכע פועל־יוצא׳ס צו דערגיין? ער קאָן זיך פאַר־שטעלן מיתת־נשיקה (טויט דורך אַ געטלעכן קוש), אָבער פון אַ בשר־ודם וועט ער אַזאַ קוש ניט וועלן אָננעמען.

*****

די אַדוואָקאַטן פון רחמנות־מאָרד גלויבן, אַז אין גרונט איז דאָס גאָר קיין מאָרד ניט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַרויסהעלפן אַ נאָענטן מענטשן אין באַ־גייען זעלבסטמאָרד: דער אומקורירבאַרער חולה וויל, מ׳זאָל אים טויטן, און זיין ווילן דאַרף רעספעקטירט ווערן. אַזוי האָט אַמאָל שאול המלך, וואָס האָט, לויט זיין אייגענער אָפּשאַצונג, זיך געפונען אין אַ פאַרצווייפלטער, „אומקו־רירבאַרער״ לאַגע, געבעטן ביי זיין וואָפן־טרעגער: „שלף חרבך ודקרני בה, פן יבואו הערלים האלה ודקרוני והתעללו בי״. דער וואָפן־טרעגער האָט אָבער, טראָץ זיין לאָיאַליטעט צום קעניג, דעם דאָזיקן לעצטן „חסד״ אים ניט געוואָלט טאָן — „כי ירא מאד״, ווייל ער האָט זייער מורא געהאַט. ערשט דענסמאָל, ווען שאול המלך האָט זיך איבערצייגט, אַז זיין נושא־כלים וויל אים ניט אַרויס־העלפן אין זיין „זעלבסטמאָרד״, איז ער אַליין געפאַלן אויף דער שווערד און אויסגעהויכט זיין לעבן. דער דערציילער פונם ספר שמואל קלערט אונז ניט אויף, פון וואָס פאַר אַ מורא דער נושא־כלים איז באַנומען געוואָרן. עס קאָן זיין, אַז דער דאָזיקער פּראָפעסיאָנעלער סאָלדאַט האָט מיטאַמאָל דערשפּירט, אַז ער שטייט פאַר אַן אייביקן און מאוים׳דיקן סוד — מענטשלעך לעבן — און אַז ער האָט קיין רעכט ניט, אויך אין דער עקסטרעם־טראַגישער לאַגע אין וועל־כער שאול האָט זיך געפונען, צו פאַרענטפערן דעם דאָזיקן סוד דורך זיינעם אַ פיזישן אַקט. עס קאָן זיין, אַז ער איז גאָר ניט געווען זיכער, אַז דאָס איז טאַקע געווען דעם קעניג׳ס אמת׳ער ווילן. אויך מאָדערנע וויסנשאַפטלער און פּסיכאָ־לאָגן דאַרפן זיך אפשר אַראָפּנעמען אַ מוסר פון יענעם ביבלישן צווייפלער. מאָדערנע פאָרשער זיינען, אין תוך, אַ סך ווייניקער זיכער, ווי מ׳איז אַמאָל געווען, אַז אַ וואונטש וואָס אַ חולה, אָדער סתם אַ מענטש אין אַ קריטישער לאַגע, דריקט אויס, איז טאַקע זיין ווילן. די באַציאונג צום לעבן איז אין אונז אַ גאַנץ אַמביוואַלענטע: באַוואוסטזיניקער ווילן צום לעבן גייט אָפטמאָל איב־איינעם מיט אַן אומבאַוואוסטזיניקן באַגער צום טויט; און, פון דער אַנדערער זייט, די אַנטשלאָסנקייט צו שטאַרבן (דעם זעלבסטמערדער׳ס החלטה) איז ניט זעלטן געפּאָרט מיט אַ האָפענונג, אַז עפּעס וועט פּאַסירן און די החלטה וועט ניט צושטאַנד קומען. די כראָניק פון אונזערע שפּיטאָלן און די רעקאָרדן פון דער פּאָליציי זיינען רייך מיט מאַטעריאַל וועגן אַזעלכע פּאַראַדאָקסאַלע סתירות־פולע פאַרשוינען. די דערקלערונג פון אַ האָפנונגסלאָזן חולה, אַז ער וויל שטאַרבן, ווי אָפט און ווי בפירוש ער זאָל אַזאַ דערקלערונג ניט איבער־חזר׳ן — טאָר ניט גענומען ווערן אַזוי ערנסט, אַזוי בוכשטעבלעך, ווי

אַ טייל ווילן זיי נעמען. אין אַ סך פאַלן איז דאָס ניט מער ווי אַ „נאַטיר־לעכער" היסטערישער אויסברוך, אָדער אַ פּראָטעסט קעגן צו שטאַרקע און „אומפּאַרדינטע" ליידן. עפּעס דאַרף מען אין דעם פּרט לערנען פון דער לעבנס לענגלעכער דאַנקבאַרקייט, וואָס עס פילן מענטשן, וואָס האָבן געפּרואווט צו באַגיין זעלבסטמאָרד — צום דאָקטאָר, ווען עס איז געלונגען זיי אָפּצוראַטעווען פון דער לעצטער קאָנסעקווענץ פון זייער פּרוואו. די ליניע צווישן זעלבסטמאָרד מיט ניט־אייגענע הענט (ווי רחמנות־מאָרד ווערט געוויינ־לעך כאַראַקטעריזירט) און פּשוט'ן מאָרד (כאָטש מיט „הומאַנע" כוונות) איז אַזאַ דינע, אַז מען מעג ערנסט אָפּפרעגן די פייאיקייט פון דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע יענע ליניע קלאָר אָנצוצייכענען. אפשר איז דאָס געווען איינער פון די טעמים, ביים רמב"ם, וואָס איז אַליין געווען אַ מעדיצינער, ווען ער האָט געפּסק'נט (הלכות רוצח ב'), אַז ווער עס טויט אפילו אַ מענטשן וואָס איז שוין אין פּראָצעס פון גסיסה, אָדער אַ האָפענונגסלאָז קראַנקן מענטשן. באַגייט אַ מאָרד...

***

חסידות האָט עפּעס אויך וועגן דעם צו זאָגן — אין אירע אייגענע טער־מינען. ווען ר' יעקב־יצחק (דער באַרימטער „איד") האָט געהערט, אַז דער קאָזשעניצער מגיד איז קראַנק ניט צו היילן, האָט ער צו אים געשיקט צוויי פון זיינע תלמידים, גוטע מנגנים. ווען זיי האָבן פאַרן מגיד געזונגען זייערע ניגונים, פלעגט אים ווערן לייכטער און ליכטיקער. מיט זיינע מקורבים האָט ער אַמאָל גערעדט מיט אַ געפיל פון טיפער דאַנקבאַרקייט צו ר' יעקב־יצחק'ן:

„דער איד האָט געוואוסט, אַז איך בין אין מיין לעבן אַרומגעגאַנגען אין אַ סך וועלטן, אָבער ניט אין דער וועלט פון נגינה. האָט ער מיר געשיקט זיינע זינגער, מיר צו דערמאָנען וואָס איך האָב ביזאַהער פאַרפעלט, מיר אָנצוזאָגן, אַז כ'האָב נאָך וואָס צו טאָן אין לעבן: דורכצוגיין דורך דער וועלט פון נגינה".

דעם מגיד'ס לעבן — אין האָפענונגסלאָזן לייד און פּיין — האָט באַקומען אַ טעם און אַ נייעם אינהאַלט...

1938

# תפילה

דאַווענען, דוכט זיך אָפט, איז איצטער אַ פאַרגעסענע קונסט, אפילו צווישן די וואָס האַלטן זיך נאָך פאַר פרומע, וואָס דאַווענען נאָך אפשר יעדן טאָג. עס קאָן זיין, אַז קיין עכטע דאַווענער זיינען קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען, און מיר האָבן זיך בלויז איינגעשמועסט, אַז אַמאָליקע צייטן איז די קונסט פון השתפכות הנפש געווען מער פאַרשפרייט ווי איצטער. טאַלענ־טירטע דאַווענער, קאָן זיין, זיינען שטענדיק געווען בלויז יחידי סגולה, און פאַרן סתם מענטשן איז תפילה אפשר תמיד געווען מער רוטין — מצות אנשים מלומדה — איידער איבערלעבעניש. ניט אומזיסט באַגעגענען מיר אין דער משנה די וואָרנונג: אַל תעש תפלתך קבע — מאַך ניט פון דיין תפילה קיין שאַבלאָן, קיין מעכאַנישן אַקט. רב אושיעא איז געווען גענויגט צו „באַפרייען" פון דאַווענען יעדן אידן וואָס „תפילתו דומה עליו כמשאו", וואָס תפילה איז פאַר אים בלויז אַ משא, אַ לאַסט, עפּעס ארויפגעצוואונגענס, וואָס ער טוט נאָר כדי יוצא־צו־זיין, אַ מין נודנע פליכט. רבה און רב יוסף, ווי מ'קאָן זען אין דער זעלביקער משנה, זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט ווי צו באַטראַכטן, אַזוי צו זאָגן, פאַר „פסול" די תפילה פון יעדן איינעם וואָס „אינו יכול לחדש בה דבר", איז ניט אימשטאַנד עפּעס נייעס אין איר אַריינצוטראָגן — מסתמא, ניט אין זין פון נייע ווערטער אָדער זאַצן, נאָר פון, יעדעס מאָל, אַ פרישער אויפפאַ־סונג אָדער אויפציטערונג אַנטקעגן דעם זעלביקן, אַלטן, גוט באַקאַנטן טעקסט. אויך צווישן אונזערע קדמונים זיינען שוין, הייסט עס, געווען אַזעל־כע וואָס האָבן זיך געפילט שאָקירט פונם „קבע", פון דער טאָג־טעגלעכקייט און פאַרגליווערטקייט פון תפילה, און האָבן געבענקט נאָך אַ דאַווענער, וואָס יעדער אַקט פון תפילה איז פאַר אים אַ נייע, אַן איינמאָליקע, איבערלעבעניש . .



אָפּמאַכן ביי זיך צו דאַווענען איז פונדעסטוועגן אַמאָליקע צייטן גע־ווען לייכט. ווער עס גלויבט נאָך היינט, אַז ניט נאָר איז פאַראַן איבער אונז אַ גאָט, נאָר אויך אַז מיטן כוח פון תפילה ברענגט מען יענעם גאָט אַרויס פון זיין „מידת רגזנות" און מען וועקט אין אים אויף די „מידת רחמנות", ווער עס האָט נאָך ניט פאַרלוירן דעם חוש פאַר דער מאַגישער קראַפט פון דאַווענען, פאַר איר היפּנאָטישער ווירקונג אויפן האַר פון דער וועלט — פאַרוואָס זאָל ער זיך פוילן אויסצונוצן אַזאַ קראַפט?

אמת, די דאָזיקע קראַפט איז ניט קיין אומבאַגרענעצטע, און ניט שטענדיק

געלינגט עס מכוון צו זיין די שעה, ווען גאָט איז „אויפגעלייגט" און לאָזט זיך באַאיינפלוסן. וועגן רב חנינא בן דוסא, צום ביישפיל, דערציילט מען, אַז ער פלעגט אָפט מתפלל זיין פאַר קראַנקע, אָבער בשעת דעם דאַווענען פלעגט ער וויסן, פאַר וועמען די תפילה וועט אָנגענומען ווערן און פאַר וועמען ניט: „זה חי וזה מת". ער האָט געהאַט זיינע סימנים: איז די תפילה אַרויסגעגאַנגען פון זיין מויל גלאַט, אין אַ גלייכן, אומגעשטערטן שטראָם, האָט ער געוואוסט אַז זי ווירקט; אויב ניט, איז אים געווען קלאָר, אַז דער חולה איז פאַרמשפּט, שוין פאַרצערט („מטורף").

מיר איז ניט באַקאַנט, צי רב חנינא האָט ווען עס איז דערקלערט, פאַרוואָס איין תפילה איז ביי אים אַ געלונגענע און אַן אַנדערע קומט ביי אים אַרויס אַ גע'ניזוק'טע — צי דערפאַר וואָס ניט שטענדיק איז ער אין דעם ריכטיקן כוונה־צושטאַנד, אָדער גאָר דערפאַר וואָס דער ריבונו של עולם איז אַמאָל אַ שלעכטער, ניט סענסיטיוועך „מעדיום". עס האָט זיך אים אָבער שטענדיק געלוינט אָנקלאַפּן אָן די שערי שמים: קאָן מען דאָך קיינמאָל אויף זיכער ניט וויסן, ווען מען וועט פּועלן און ווען ניט. דער עיקר איז דאָך, אַז עס זאָל זיין צו וועמען צו דאַווענען, אַז דער צו וועמען מען דאַוונט זאָל זיך צוהערן און זיך פּין צייט צו צייט לאָזן באַאיינפלוסן. וויכטיק איז, אַז אפילו אין גאַר־גאָר זעלטענע מינוטן, זאָל מען קאָנען מיט גאָט קומען „אין קאָנטאַקט", און אַז גאָט זאָל זיין ביכולת צו געבן וואָס מען בעט ביי אים. ווער וויס, מעג זיך דענסמאָל יעדער טראַכטן, אפשר וועט ער אָנטרעפן אויף יענער „גוטער מינוט", וועגן וועל־כער ר' ישמעאל בן אלישע האָט דערציילט? רב ישמעאל איז אַמאָל אַריינגע־גאַנגען אינם לפני ולפנים רויכערן ווירויך און האָט מיט אַמאָל דערזען אים אַליין — „אכתריאל יה ה' צבאות, יושב על כסא רם ונשא". און ניט נאָר האָט ער אים דערזען, נאָר דער כביכול האָט זיך אפילו צו אים געווענדט מיט אַ בקשה: „בענטש מיך, ישמעאל מיין זון". און רב ישמעאל האָט קיין סך ניט געטראַכט און האָט אים געגעבן אַ ברכה — אַז רחמים זאָל באַזיגן זיין כעס, אַז רחמנות זאָל זיך מתגבר זיין איבער זיינע מידות, אַז ער זאָל באַהאַנדלען זיינע קינדער מיט רחמנות און זאָל לאָזן „זיינס איבערגיין" (תכנס להם לפנים משורת הדין). דאָס רעליגיעזע לעבן איז פול מיט פּאַראַדאָקסן, און עס האָט ניט קיין זינען צו פרעגן, וואו רב ישמעאל האָט גענומען אַזוי פיל „חוצפה כלפי שמיא": פּאַקטיש האָט ער זיך מיט זיין ברכה געווענדט צו עפּעס אַן אַנדערער קראַפט, וואָס איז ניט גאָט און מוז זיין העכער פון גאָט (???), אַז זי זאָל דעם רבונו של עולם אָביסל... אויסמענטשלען. אָבער וויכטיק איז דער רעזולטאַט, — פון אַ שטרענגען אידיש־רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, האָבן די ווערטער געהאַט אין זיך אפשר אַ סך מער חילול־השם ווי תפילה: — „ונענע לי בראשו", דער כביכול האָט אים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: ער האָט, הייסט עס, מסכים

געוועז, אַז אַביסל צאַרטערע מידות פון זיין זייט וואָלטן דער וועלט צו־נוץ געקומען. אָבער אויך צו אַזאַ גאָט, כאָטש מען דאַרף צו אים האָבן אַ רב ישמעאל, אַז ער זאָל אים אַרויספירן אויפן דרך הישר, האָט אַ זינען צו דאַווענען, ווייל ער פאַרמאָגט מאַכט און איז אימשטאַנד צו געבן דעם מענטשן וואָס ער בעט ביי אים, אויב ער וויל נאָר.

אָבער וואָס זאָל טאָן יענער מאָדערנער מענטש, פאַר וועלכן אַזאַ גאָט עק־זיסטירט שוין נישט? וואָס קאָן זיין דער מאָטיוו פון דאַווענען ביי אַ מענטשן פון אונזער דור, וואָס אַלץ איינס וואָס זיין סכום וויסן זאָל ניט זיין, איז ער אין אַזאַ גרויסער מאָס אָנגעהויכט מיטן נאַטור־וויסנשאַפטלעכן נוסח פון דענקען? אין זיין נאָמען האָט אַמאָל דער ספּינאָזיסטיש אָנגעהויכטער טור־געניעוו (אין זיינע „לידער אין פּראָזע") זיך אויסגעדריקט, אַז דאַווענען הייסט דאָס זעלביקע וואָס זאָגן: „ליבער גאָט, טו עפּעס אַזוינס, אַז צוויי מאָל צוויי זאָל זיין... ניט פיר" — צערייס די קייט פון נויטווענדיקייט, ברעך דורך די ווירק־לעכקייט, וואָס באַוועגט זיך לויט אייביקע, אייזערנע געזעצן, מיט עפּעס אַן אויסנאַמע, מיט אַ וואונדער, אין גרונט, הייסט עס, מיט אַ שטיק געזעצלאָזיקייט. זיי משנה דעם יסוד פון מעשה־בראשית צוליב מיר. צו אַזאַ גאָט, וואָס איז אַליין געבונדן צו אַן אייביקן סיסטעם פון געזעצן, וואָס איז אפשר גאָר ניט מער ווי יענע סיסטעם גופא (צו אַ גאָט וואָס אפילו אַ טייל אידישע קדמונים, וואָס קאָנען נישט געשטעמפּלט ווערן ווי פּאַנטעאיסטן, האָבן זיך פאָרגע־שטעלט, אַז ער אַליין איז „מעיין בתורה" און פירט די וועלט לויט אירע דינים, וואָס קאָנען קיינמאָל ניט געענדערט ווערן...) — וואָס פאַר אַ טעם האָט אויסצושטרעקן צו אים די הענט, רופן אים צו הילף? דעמזעלביקן טעם, וואָס זיך בעטן ביי אַ צירקל, אַז ער זאָל צוליב מיין באַקוועמלעכקייט ווערן אַ קוואַדראַט, כאָטש אויף אַ שעה, כאָטש אויף אַ מינוט.

אָבער דער מאָדערנער מענטש, דער וואָס פאַרמאָגט שוין ניט גענוג „אַטאַוויזם", אַז ער זאָל זיך נאָך קאָנען האַלטן ביים אַנטראָפּאָמאָרפישן גאָט פון זיינע אָבות, אָדער ער פאַרמאָגט נאָך ניט דעם מיסטיקער'ס קוראַזש, אַרויסצו־שפּאַנען פון תחום וואָס די נאַטור־וויסנשאַפטלעכע דענק־מעטאָדע האָט פאַר אים אָנגעצייכנט, ווייסט מערסטנטיילס ניט פון דעם ספּינאָזאַ־גאָט, אָדער פון יענעם סובסטאַנץ־גאָט וואָס רוט אַן אייביק־צופרידענער אין זיין אַלעמעכ־טיקער געפּענטעטקייט. אַזאַ איינער האָט אפשר בכלל ניט קיין מעטאַפיזישן חוש, און אויף זיין אויסגעליידיקטקייט האָט אַמאָל געזאָגט קינות ביאַליק:

הביטה! בכל ובלבבי:
מחשכים, ידידי, מחשכים;
הביטה! בכל ובלבבי —
חרבות, ידידי, חרבות".

מיט אַזאַ פּינטטערניש און וויסטעניש אין דעם „אַלץ" און אינם האַרצן — קאָן מען ניט דאַווענען: „אני — לבי מת ואין עוד תפילה בשפתי", און וויל אַזאַ איינער דווקא יאָ דאַווענען, ווערן זיינע ליפּן „פּאַרוויאַנעט אין תפילה" („ונובלות שפתים בתפלה").

***

דער יונגער ראובן לאַיט (אין אַניעל'ס דראַמע „דינאַמאָ"), וועלכער שטאַמט פון עטלעכע דורות פּראָטעסטאַנטישע כלי־קודש, האָט אויפגעהערט צו גלויבן אין גאָט פון זיינע אָבות. ער ווערט אינגאַנצן אָריענטירט אויף דער מאָדערנער טעכניק, אויף עלעקטריציטעט: עלעקטרישע קראַפט איז אַלץ — די אייביקייט, דער סוד און דער מקור פון דער הויה. אין זיין אַטעאיזם טראָגט ער אָבער מיט דער צייט אַריין יענע אָרגאַנישע פרומקייט, וואָס ער קאָן שוין פון זיך ניט אויסוואָרצלען — ווערט ער דער מיסטיקער אין פיזיק, טראַנספּערירט ער זיין געפיל פון חרדת־קודש אויף דער דינאַמאָ־מאַשין, ווערט פאַר אים די הידראָ־עלעקטרישע סטאַנציע פון זיין קאָנעטיקוט־שטעטל פאַרוואַנדלט אין אַ נייעם בית־המקדש. און ווען די קריטישע מינוט קומט אָן — דער טויט פון זיין מוטער — פאַלט ער כורעים פאַר דער דינאַמאָ־מאַשין און עס קאָנוואולסירט פון אים אַרויס אַ פאַרצווייפלטע תפילה צום מיסטעריעזן כח וואָס ברענגט זי אין באַוועגונג. אָבער זיין תפילה העלפט אים ניט. אין וואַנזין דערשיסט ער זיין געליבטע און מאַכט נאָכדעם אַ סוף צו זיין אייגענעם לעבן. אַניעל איז ניט קיין רוצח, און ער וואָלט זיין יונגן העלד געלאָזט לעבן, ווען דאָס וואָלט מעגלעך געווען. אָבער ראובן לאַיט האָט שוין ניט מיט וואָס צו לעבן: קיין אמת'ער גאָט איז שוין נישטאָ. עלעקטריציטעט? דער מענטש פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דערשרעקט זיך, ווען ער געפינט אויס אַז זיין אַטעאיזם האָט אים אַריינגעטריבן צוריק אין פעטישיזם, אין עבודה־זרה. ראובן לאַיט וויל תפילה טאָן, אָבער ער האָט שוין ניט צו וועמען. ער האָט פּראָבירט דאַווענען צו אַ וואָס אָנשטאָט צו אַ ווער, אָבער דער וואָס איז טויב און שטום, און דער היסטערישער דאַוונער דערזעט זיך מיטאַמאָל איינער אַליין, אויף ניט־גאָט'ס באַראָט, אין אַ דזשאָנגל, און פון דזשאָנגל איז נישטאָ קיין וועג צו קיין ישוב, און וואָלט פון דאָרט ערגיץ־וואוהין געפירט אַ וועג, דאַרף מען אים אויך ניט האָבן ווייל — קיין „ישוב" איז בכלל נישטאָ...

אין ניו־יאָרק האָט זיך די לעצטע יאָרן אַנטוויקלט אַ נייע פּראָפעסיע און זי איז אומגעהייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אונזערע צייטן: דאָס זיינען אויסהערער און אויסהערערינס. פאַר דריי דאָלאַר אַ וויזיט זיינען זיי גרייט צו זיצן רואיק, שווייגנדיק, אויפמערקזאַם, קאָנצענטרירט, און אויסהערן וואָס איר האָט צו זאָגן וועגן זיך — וועגן אַלע אייערע דורכפאַלן, שטרויכלונגען,

צווייפלען און פאַרצווייפלונגען, וועגן אַלע אייערע מוח־פאַרדרייעניש און נשמה־קלעמעניש. זיי טרייסטן ניט, זיי גיבן ניט קיין עצות, זיי נעמען זיך ניט אונטער צו „היילן" און זיי זאָגן ניט פאָראויס די צוקונפט. זיי זיינען מאָדנע פּאָסט־אָנגעשטעלטע, וואָס נעמען פון אייך אָן לירישע בריוו אָן אַדרעסן, בריוו וואָס דאַרפן אין ערגעץ ניט צוגעשטעלט ווערן, אויף וועלכע מען דערוואַרט ניט קיין ענטפער.

די אייביקע באַדערפעניש אין השתפכות הנפש — ניט פאַר פריינט, ניט פאַר טאַטע־מאַמע, ניט פאַר אַ פרוי אָדער געליבטער, נאָר פאַר אַ ווייטן, אומבאַקאַנטן, אַנאָנימען, ווייל נאָר אַזאַ איינעם קאָן מען אָנפאַרטרויען דאָס צומייסט גורלדיקע, דאָס לעצט־אינטימע. ווער עס האָט שוין ניט דעם אַדרעס צום מעטאַפיזישן אַנאָנים, געפינט אויס פון אַ צייטונגס־אַנאָנס אַ „במקום" פון יענעם אַדרעס.



אין יעדער ציוויליזאַציע, ווי נידעריק אָדער ווי הויך זי זאָל ניט זיין, זיינען פאַראַן — אַמאָל אין איינער און דער זעלביקער צייט — דערהויבענע און פּראָפאַנע שיכטן פון רעליגיעזן באַוואוסטזיין, אויך פאַרשיידענע מדרגות פון תפילה. דער זולו זאָגט אולטימאַטיוו צו זיין געטשקע: „העלף מיר, אלא ניט וועסטו פּגר'ן ביי מיר פון הונגער". זיין תפילה און דער קרבן וואָס ער ברענגט צו זיינע גייסטער, זיינען ניט מער ווי אַ גראָבע געשעפטלעכע טראַנסאַקציע. ווער עס וויל, קאָן זיך טרייסטן דערמיט, אַז דער זולו איז אַ געצנדינער, און אַז אַלע פאַר־מאָנאָטעאיסטישע רעליגיעס זיינען, מאָראַליש, עסטעטיש און לאָגיש, פון אַ זייער נידעריקן גראַד. דאָס וואָלט געווען אַן אומבאַרעכטיקטע גענעראַליזאַציע. אויך געצנדינערישע קולטן האָבן זייערע גייסטיקע אויפשוואונגען. ווען דער עבודה־זרה־שבט אין די הימאַלאַיען, אין צפון אינדיע, ווענדט זיך צום גאָט, וועלכן ער האַלט פאַרן גרעסטן פון אַלע געטער, מיט זיין קורצער תפילה: „גאָט, מיר ווייסן ניט וואָס פאַר אונז איז גוט; דו ווייסט בעסער וואָס אונזער טובה איז; גיב אונז וואָס דו ווייסט, אַז עס איז פאַר אונז דאָס בעסטע", שטייט אַזאַ תפילה אויף איין מדרגה מיטן דערהאָבענעם זאַץ פונם אידישן סידור: „ותן בלבי לעשות רצונך ותגזור עלי גזרות טובות". און ווען מיר באַגעגענען זיך מיט אַ תפילה פון די אַמאָליקע אַצטעקן (אמת, אַ זייער ציוויליזירט פאָלק אין פאַרגלייך מיט די זולוס, אָבער דאָך געצנדינער מיט גאַנצע פּיראַמידן פון אָבערגלויבנס) — „גאָט פון רחמים, זאָלן די ליידן וואָס דו האָסט אונז געשיקט, אונז באַפרייען פון רשעות און פון נאַרישקייט" — ווילט זיך זאָגן צו אַלע יענע היינטיקע קריסטלעכע (און אידישע) אָנהענגער פון ריינער תפילה, וואָס איז דורך־און־דורך בטחון און פריי פון בקשה, אַז אין גרונט האָבן זיי גאָרנישט ניט מחדש געווען:

גרויסע, כאָטש אַנאָנימע, דענקער, אין דער געצנדינערישער וועלט, האָבן דאָס פאַר זיי תופס געווען. אפילו ווען פּלאַטאָ האָט צונויפגעשטעלט זיין נאָבעלע תפילה: „קעניג צעאוס, גיב אונז דאָס גוטע, אַלץ איינס צי מיר זיינען מתפלל דעפאַר אָדער ניט, און נעם פון אונז צו דאָס בייזע, אפילו ווען מיר ווילן דאָס האָבן", האָט ער זיך שוין אויך געשטיצט אויף אַ געוויסן, כאָטש ניט זייער בולט'ן, עלעמענט אין דעם געצנדינערישן פאָלקלאָר פון זיין פאָלק. פון דער אַנדערער זייט, איז דאָס „מאָנאָטעאיסטישע" קריסטנטום פול מיט אַזוי גע־רופענע פעטיציע־תפילות, און אונזער אידישער סידור קאָן זיך אויך ניט באַרימען, אַז ער איז פריי פון געבעטן אינם בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט — אין זינען פון זיך משתדל זיין אויסצובעטן ביי גאָט קאָנקרעטע טובות, וואָס ער איז, כביכול, ניט גרייט צו טאָן סיידן מ'זאָל אויף אים „ווירקן".



בודיזם איז, אין אַ געוויסן זינען, דער גרעסטער מיוחס צווישן דער וועלט'ס רעליגיעס. קיין שום אַנדערע רעליגיע קאָן זיך ניט פאַרגלייכן מיט דער בודיסטישער לערע, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן לייטערן דאָס דענקען און דעם מעטאַפיזישן כח־הדמיון. קלאַסישער בודיזם איז ריינער פון אַנטראָפּאָמאָרפישע פאָרשטעלונגען, ווי וועלכע ניט איז אַנדערע רעליגיע, און זיין שטרענגע אַרכיטעקטאָניק איז אומפאַרגלייכלעך. אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע איז אָבער נאָך ניט געווען קיין איין רעליגיעזע שיטה, וואָס זאָל זיך האָבן „פאַרזיכערט" קעגן דעגענעראַציע און... וואולגאַריזאַציע. די בודיסטן אין טיבעט (די אַזוי גערופענע „לאַמאַאיסטן") זיינען אַ שאָקירנ־דיקערביישפּיל פון דער ירידה פונאַ רעליגיע. זיי גלויבן שטאַרק אינם כח פון תפילה, פון גרויסע קוואַנטיטעטן תפילה: וואָס מער תפילה, און וואָס אָפטער, אַלץ בעסער פאַר דער מענטשלעכער נשמה און פאַר איר דערלייזונג. דער טאָג האָט אָבער ניט אַזויפיל שעה'ן און די ליפן קאָנען זיך ניט אַזויפיל באַ־וועגן, כדי די נויטיקע צאָל תפילות זאָלן קאָנען אַרויסגעבראַכט ווערן. איז מען דאָרט דערגאַנגען (אין אַ טעכניש שטאַרק צוריקגעשטאַנענעם לאַנד) צו אַ מין „מאָטאָריזירטער" תפילה. פרומע לאַמאַאיסטן באַנוצן זיך אין טיבעט מיט אַ „תפילה־רעדל" — אַ מעכאַנישער אַפּאַראַט, וואָס אַז מען דרייט אים אָן, וואַרפט ער פון זיך אַרויס, אינם נאָמען פון דעם וואָס האָט זיך אַזאַ אַפּאַראַט איינגעשאַפט, טויזנטער און טויזנטער פּאַפּירלעך, אויף וועלכע עס זיינען אָנגעשריבן די פרומע ווערטער „דער דימענט פונם לאָטוס, אמן". וויפל אַזעלכע פּאַפּירלעך דער אַפּאַראַט האָט פון זיך אַרויסגעגעבן, אַזויפיל תפילות ווערן פאַררעכנט אין אַ געגעבענעם טאָג „אויף זיין חשבון". תפילה ווערט אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלט אין אַ מין אָפּצאָל, וואָס קער זיך גאַרנישט ניט

אַן מיט דעם „דאַווענערס“ איבערלעבעניש און מיט וועלכן ניט איז זעלישן פּראָ־צעס אָדער אַקט.

טיבעט האָט זיך אָבער ווייניק וואָס צו שעמען פאַר דער הויך־ציוויליזיר־טער אַמעריקע. צוריק מיט אַ צאָל יאָרן, האָט אין פּיטסבורג עקזיסטירט אַ פּראָ־טעסטאַנטישער „ביבל־אינסטיטוט“ מיט אַ גרויסן שטאַב פּראָפעסיאָנעלע מתפללים, גרייט יעדן טאָג — לויט אַ שריפטלעכער אָדער טעלעגראַפישער באַשטעלונג — אויסצובעטן (אָדער פּרובירן אויסצובעטן) אַלץ אין וואָס „אַ קליענט“ נויטיקט זיך. צווישן די רעגיסטרירטע „באַשטעלונגען“ זיינען געווען פאַרשיידענערליי נויטן און באַדערפענישן: אויסצוהאַלטן אַן עקזאַמען, געווינען אַ פּראָצעס אין געריכט, אויסהיילן אַ וואונד אויף אַ פינגער, קריגן אַ גוט דינסטמיידל, פאַרדינגען אַ הויז אויף גוטע באַדינגונגען, פּטור ווערן פון אַ שלעכטן „באָרדער“ א. אַ. וו. אַן ענלעכע קאַטוילישע אינסטיטוציע האָט פונקציאָנירט אין אַמעריקע (און אפשר עקזיסטירט זי נאָך היינט) פאַר תפילה טאָן לויט „באַשטעלונגען“, און ווי איך לייען ביי דזשעימס ביסעט פּראַט (אין זיין זייער אינפאָרמאַטיווער פאָרשונג): האָט זי אין איין חודש, אין אויגוסט 1919, געקראָגן קרוב צו פינף מיליאָן בריוו פון „קליענטן“, וואָס האָבן געוואָלט מ׳זאָל פאַר זיי דאַווענען. דער אונטערשייד צווישן טיבעט און אַמעריקע איז, אין דעם פּרט, ניט קיין גרויסער. די פּראָפּאַגאַנדאַציע (און מעכאַניזאַציע) פון תפילה איז איינע און די זעלביקע.

***

עמערסאָנען איז אַמאָל אויסגעקומען צו זיין אין באָסטאָן בשעת אַ פייערלעכן „גאָטעסדינסט“, וואו דער גלח האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז גאָט זאָל שיקן אַ רעגן, אַ סך רעגן, וואָס מער און וואָס שטאַרקערן רעגן: די געגנט האָט דענסטמאָל זייער געליטן פון אַ טריקע־ניש. נאָכן דאַווענען איז עמערסאָן צו אים צוגעגאַנגען מיט אַ באַמערקונג: „איך האָב בטבע פיינט סקאַנדאַלן, אָבער כ׳האָב איך געוואָלט מאַכן אַן אָבסטרוקציע בשעת׳ן דאַווענען. איר פאַרשטייט? איך וואוין איצטער אין קאָנקאָרד און אויב גאָט זאָל טאַקע אָננעמען אייער תפילה און שיקן אַזויפיל רעגן, ווי איר האָט געבעטן, וועט עס אפשר זיין גוט פאַר אייער געגנט, אָבער מיין שטעטל וועט פאַרפלייצט ווערן. פאַרוואָס קומט עס מיר?“

איך דערמאָן דעם דאָזיקן פאַל, ווייל אין דער מאָדערנער פּראָטעסטאַנ־טישער טעאָלאָגיע ווערט אַלץ מער אָפּגעפרעגט דאָס רעכט און דער זין תפילה צו טאָן פאַר באַשטימטע, קאָנקרעטע זאַכן. וואָס פאַר אַ זינען האָט, פרעגן אַ טייל (ניט פון נעכטן אָן) צו בעטן עפּעס ביי אַ גערעכטן און אַלץ וויסנדיקן גאָט, ווען עס איז סיי־ווי־סיי באַקאַנט אַלץ וואָס עס פעלט יעדן איינצלנעם

באַשעפעניש? און וואָס, פרעגן די זעלביקע, זאָל דער רבונו של עולם טאָן מיט אַזוי פיל אינדיווידועלע תפילות און תפילות־בציבור וואָס זיינען סותר איינע די אַנדערע? צו וועמען זאָל ער זיך פריער צוהערן? דער ליבעראַלער פּראָטעס־טאַנטיזם ווערט דערפאַר אַלץ מער גענויגט אויסצושליסן פון תפילה דעם עלעמענט פון „פּעטיציע": תפילה האָט ניט פאַר איר ציל קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן; זי איז בלויז „קאָמוניקאַציע", באַהעפטונג, ווידער־פאַראייניקונג מיטן גאַנצן; איר ציל איז אַ סוביעקטיווער, ניט קיין אָביעקטיווער — „התפשטות", „דבקות", דאָס רייניקן און „גאַנץ־מאַכן" פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט, רעזיגנאַציע אָן ביטערקייט, דאָס אָננעמען באהבה אַלץ וואָס מוז קומען, דער אַבסאָלוטער בטחון.

איך בין ווייט ניט זיכער, אַז יענע טעאָלאָגן זיינען גערעכט. עס קאָן זיין אַז אויך „פּעטיציע" האָט איר נאָרמאַלן פּלאַץ אין תפילה און וועט אים האָבן אויך אין דער צוקונפט (אויב מיר זאָלן נעמען ערנסט, למשל, פעכנער'ס אפשר מער קינסטלערישע ווי וויסנשאַפטלעכע קאָנסטרוקציע, איז „פּעטיציע" גאָר ניט אַזאַ אָפּגעפרעגטער ענין). עס איז יעדנפאַלס פאַראַן מער פּלאַץ פאַר אַ רעליגיעזער אויפפאַסונג וואָס אָנערקענט אַ סידור, אָבער אָן יענע תחנונים, וואָס זייער צוועק איז עפּעס „אויסצו'פועל'ן" ביים אדון העולם.



ווען מענטשן וועלן צוריקקריגן זייער טאַלאַנט תפילה־צו־טאָן (איך זאָג בכיוון ווען און ניט אויב), וועלן זיי דאַווענען נאָר צו אַן אַנאָנים, נאָר צו אַן אומבאַקאַנטן, פולשטענדיק אומבאַקאַנטן, אומפאַרשטענדלעכן, „אַטריבוט־לאָזן" גאָט. יעדער גאָט וואָס לאָזט זיך דעפינירן, באַשרייבן, אַריינגעפּרעסט ווערן אין אַ טעאָלאָגישער אָדער פילאָזאָפישער פאָרמולע, וועט דענסמאָל געהערן צו דער פאַרגאַנגענהייט, וועט ליגן אין מוזייאום אינאיינעם מיט די אָפּגעטער פון אַשור, פון מצרים, פון גריכנלאַנד. דער אַלטער פאַרבאָט — „לא תעשה לך פסל", מאַך דיר ניט פון גאָט קיין שום געשטאַלט — וועט אויסגעברייטערט ווערן. ער וועט חל זיין ניט נאָר אויף לייוונט־און־סקולפּטור־געשטאַלטן, נאָר אויך אויף די גאָט־„פּאָרטרעטן" פון די פאַרשיידענע, פון די סאַמע פאַראיידלטע און מאַראַליש דורכגעדרונגענע טעאָלאָגישע סיסטעמען.

עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס אַזוי פיל דורות איידער אידישע מיטל־אַלטערלעכע טעאָלאָגן האָבן זיך אָנגעהויבן „פאַרען" מיט גאָט'ס אַטריבוטן (די „תארים"), האָט זיך שוין געפונען איינער — איז ער געווען דער איינציקער אין זיין צייט? — וואָס אַלע גאָט־דעפיניציעס האָבן אים, ווייזט אויס, שאָקירט. אין ר' חנינא'ס אָנוועזנהייט האָט איינער געדאַוונט פאַרן עמוד און האָט ווי דער שליח־ציבור טיטולירט גאָט מיט „האל הגדול, הגבור והנורא, והאדיר

והעזוז והיראוי, החזק והאמיץ, והודאי והנכבד" (איך נעם זיך ניט אונטער איבערצוזעצן די אַלע שבחים אויף אַן אַנדער שפּראַך). ווען ער האָט געענ־דיקט, האָט אים ר' חנינא אַ פרעג געטאָן מיט פאַרדראָס: מער קיין לויב־ווערטער האָסטו פאַר דיין האַר ניט געהאַט? אַפילו די דריי שבחים וואָס מיר נוצן אין אונזער אָנגענומענעם דאַווענען („הגדול, הגבור והנורא"), ווען מיר געפינען ניט אין דער תורה אַז משה רבינו האָט גענוצט און ווען ניט די אנשי כנסת הגדולה וואָס האָבן זיי אַריינגענומען אין אונזער סדר התפלה, וואָלטן מיר אויך ניט געדאַרפט אַרויסרעדן פון אונזער מויל, און דו קומסט נאָך און לייגסט צו דיינע שבחים? שטעל דיר פאָר אַ מלך בשר ודם וואָס פאַרמאָגט טויזנט מאָל טויזנט גאָלדענע רענדלאַך — וואָס וואָלט געווען ווען מען לויבט אים פאַר פאַרמאָגן זילבערנע רענדלאַך? וואָלט דאָס דען ניט געווען פאַר אים קיין באַליידיקונג?

רב חנינא האָט שוין דענסטמאָל געפילט, אַז יעדע דעפיניציע („שבח") איז אַ פעלשונג, אַ מיעוט־הדמות, אַ חילול־השם. ניט אומזיסט איז איינער פון גאָט'ס נעמען „השם", דער נאָמען, דער איינציקער נאָמען... וואָס ער גופא איז גאָר קיין נאָמען ניט...

***

אַ פּראָגרעסיווער קריסטלעכער טעאָלאָג, וואָס האָט אין אונזערע טעג געוואָלט באַווייזן דעם סקעפּטיקער, אַז תפילה איז ווירקזאַם, האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט: „ווער זאָגט עס, אַז גאָט ענטפערט ניט אויף אַ מענטשנס תפילה? ער ענטפערט שטענדיק, און זיינע ענטפערס זיינען, לויט די אומ־שטענדן און לויט זיין אָפּשאַצונג און ווילן, איינער פון דריי: א) יאָ, ב) ניין, און ג) וואַרט. מצד יענעם טעאָלאָג איז דאָס זיכער אַ זייער געשיקטער „שאַך־צוג": עס איז אַ מין לאָטערייע, אין וועלכער מ'קאָן קיינמאָל ניט פאַרשפּילן. אויב מ'זאָל טאַקע אָננעמען, אַז גאָט הערט (און הערט זיך אויפמערקזאַם צו) צו אַלץ וואָס יעדער מענטש בעט פון אים, איז וואָס עס זאָל נאָך דער תפילה ניט געשען, קאָן אויסגעטייטשט ווערן ווי אַן ענטפער. אָדער די בקשה ווערט דערפילט, אָדער גאָט זאָגט זיך אָפּ זי צו דערפילן ווייל ער ווייסט אַז דאָס וואָלט געווען אַ רעה פאַר דעם בעטנדיקן אַליין צי פאַר זיינע מיט־מענטשן, אָדער די דערפילונג ווערט אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער צייט. דער מתפלל איז יעדנפאַלס ניט איגנאָרירט געוואָרן.

פון אַ באַשטימטן שטאַנדפּונקט, זיינען אָבער אַלע דריי ענטפערס אויף אונזערע פּעטיציעס ניט נויטיק, כדי צו גלויבן אַז תפילה האָט אַ „ווירקונג", אַ פּראַגמאַטישן ווערט. דער מתפלל, אויב זיין תפילה איז אַן עכטע און זי ווערט דורכגעפירט מיט אמת'ער כוונה, ווירקט, קודם־כל, אויף זיך אַליין.

ער קאָן מיט זיין תפילה ניט ענדערן דעם מעשה־בראשית, ער קאָן ניט דורכ־ברעכן די קייט פון נויטווענדיקייט און געזעצמעסיקייט אין דעם נאַטירלעכן געשעען, פּראָדוצירן „א נס״; ער קאָן אָבער זיך אַליין איינגלידערן אָדער צוריק איינגלידערן אין דעם אַלגעמיינעם ראַם פון דעם וואָס עס עקזיסטירט און געשעט, און דורכדעם „געהאָלפן״ ווערן. אויב מ׳האָט ביי איינעם אַמפּוטירט ביידע פיס, ווייסט ער קלאָר, אַז וויפל תפילות ער זאָל ניט מתפלל זיין, וועלן ביי אים קיין נייע פיס ניט אויסוואַקסן. תפילה קאָן אים אָבער געבן די זעלישע קראַפט, צו לעבן האַרמאָניש (אָדער האַרמאָנישער) מיט זיך און מיט דער וועלט אויך אָן פיס. דורך תפילה איז ער מסוגל, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן, אין אַזאַ מאָס זיך צו „דע־עגאָצענטרירן״, אַז ער זאָל דערגיין צו אַ צושטאַנד פון „צידוק הדין״. דורך תפילה קאָן ער אויך אַמאָל אַנטדעקן אין זיך אַזעלכע פאַרבאָרגענע אָדער דרעמלענדיקע אוצרות פון „הנאה״ און פון דאַנקבאַרקייט פאַר זיין עצם זיין, וואָס זאָלן אים פילפאַך קאָמפּענסירן פאַר זיין פאַרלוסט.

איינער פון די אַספּעקטן פון תפילה איז, אָן ספק, די ווענדונג צו זיך אַליין, אַ מין שווימען אין די טיפענישן פונם אייגענעם און אַזוי וויניק אויסגע־פאַרשטן „איך״, אָן אַנטדעקונג פון שיכטן אין אונזער אייגענעם זיין, צו וועלכע מען רירט זיך כמעט ניט צו אינם טאָג־טעגלעכן, ניט קאָנצענטרירטן לעבן. אויך דער גאָט־גלויביקער, צי ער ווייסט עס אָדער ניט, דאַוונט ניט נאָר צו גאָט, נאָר אויך צו זיך גופא. די תפילה צו זיך ווערט זיכער געענטפערט — אָפטער ווי מיר זיינען גרייט זיך פאָרצושטעלן. אויף דעם זיינען אין דער וועלט פאַראַן (און זיי זיינען געווען אין אַלע דורות) טויזנטער און טויזנטער באַגלויבטע עדות. אין גרונט איז יעדער יחיד פּאָטענציעל פּיאיק צו ווערן אין אַזעלכע פאַלן זיין אייגענער עדות. עמערסאָן האָט דאָס אַנטדעקט אין זיין פּערזענלעכן לעבן.



און אפשר מאַך איך אַ טעות. עס קאָן זיין, אַז אין דער צוקונפט וועלן זיך אַנטוויקלען עטלעכע פאַראַלעלע רעליגיעזע שיטות, און אַז איינע פון זיי וועט זיך שטיצן אויף אַ גאָט „מיט אַ נאָמען״, ניט אויף קיין אַנאָנים. אַ רמז אויף אַזאַ קאָנצעפּציע האָט אונז געגעבן דער פיזיקער־מעטאַפיזיקער פעכנער. ווי אָגיוסט קאָנט איז ער געווען רעליגיעז, און ווי דער פראַנצויזישער פילאָזאָף האָט אויך דער לייפּציקער נאַטורוויסנשאַפטלער געזוכט אַן עמפּירישן, נאַטוראַליסטישן יסוד פאַר זיין פרומקייט. אָבער קאָנט איז געבליבן שטעקן אין די גרענעצן פון מענטשהייט. דער מין מענטש איז פאַר אים געווען (אָדער געזאָלט זיין דאָס אַבסאָלוטע — די זעלביקע הויכע אָדער העכסטע אינסטאַנץ־סובסטאַנץ, וואָס גאָט איז אין טעאיסטישע רעליגיעס. זיין גאַנצע רעליגי־

עזע פילאָזאָפיע וואָלט מען געקאָנט פאָרמולירן אין איין זאַץ: „דור הולך ודור באָ והאדם לעולם עומד" — יעדער איינציקער מענטש קומט און פאַר־גייט, יעדער איינצלנער דור קומט אויף און ווערט פאַרשוואונדן, נאָר דער מין מענטש לעבט אייביק. אין אַ וועלט פון פאַרגענגלעכקייט איז ער דאָס איינציקע עכט־גייסטיקע און אייביקע. מענטשהייט איז דערפאַר פאַר קאָנטן געוואָרן, פון אַן עמפּירישן באַגריף, אַ ריין מעטאַפיזישער, דער איינציק־מעגלעכער אָביעקט פון רעליגיעזער שפּאַנונג און „עבודה". אויפן אָרט פון גאָט, האָט ער אַוועקגעשטעלט זיין אידייע פון „גראַנד עטר" (דאָס דערהאָבענע זיין), דאָס אייביקע שעפערישע זיין פונם מין מענטש, און וועמענס נאָמען עס דאַרפן געבויט ווערן טעמפּלען און צו וועמען מען דאַרף אויך תפילה־טאָן. קאָנט האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק פון אַזאַ פּשוט׳ן געדאַנק, אַז אין דער וועלט׳ס „ביאָגראַפיע" זיינען געווען לאַנגע „פּעריאָדן" — ביליאָנען און ביליאָנען יאָרן — ווען זיין אַבסאָלוטע סובסטאַנץ, מענטש, האָט נאָך ניט עקזיסטירט, און אַז עס לייגט זיך אויפן שכל אַז עס קאָנען נאָכאַמאָל קומען „פּעריאָדן" ווען דאָס פון אים פאַרגעטערטע באַשעפעניש וועט שוין מער ניט עקזיסטירן (אַז פון דעם גאַנצן אוניווערזום, ווי מיר זעען אים, זאָל ווערן גאָרנישט מיט גאָרנישט). ער האָט ניט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם, אַז אין די ברייטערע סך־הכל׳ס, איז אפשר דער גאַנצער מין מענטש ניט מער ווי אַן עפּיזאָד, און צו אַן עפּיזאָד איז זינלאָז צו אַדרעסירן תפילות. פּעכנער אָבער האָט שוין געזען דאָס „מענטשלעכע, צופיל מענטשלעכע", דאָס גאָר־און־גאָר רעלאַטיווע אין אַזעלכע קאָנסטרוקציעס ווי קאָנט׳ס. האָט ער געזוכט צו ראַטעווען זיין רעליגיאָזיטעט דורך זיינס אַן אייגנאַרטיקן פּאַנטעאיזם, און אויפן גרונט פון יענעם פּאַנטעאיזם קריגן אַן אַדרעס פאַר תפילה. די זאַך, האָט ער גע׳טענה׳ט אין אַ געוויסן פּעריאָד פון זיין לעבן, איז אַ גאַנץ „פּשוט׳ע". אַלץ אין דער וועלט (אַחוץ דער וועלט אַליין ווי די פולע גאַנצקייט פון דעם וואָס ס׳עקזיסטירט) איז אי אַ טייל פון עפּעס, אי עפּעס אַ גאַנצקייט פאַר זיך און אין זיך. אַ צעלע איז אַ טיילכל פון אַן אָרגאַן, אָבער יעדע צעלע איז אַ לעבעדיק וועזן, אַן אינדיווידואום פאַר זיך, מיט באַוואוסטזיין, מיט ווילן, מיט ליידן און פריידן. אַן אָרגאַן איז אַ חלק פון אַן אָרגאַניזם, אָבער יעדער אָרגאַן איז אויך אַן עולם מלא פאַר זיך אַליין, מיט זיינס אַן אייגענעם שיק־זאַל. אַ מענטשלעכער אינדיווידואום איז אַ טייל פון דער מענטשהייט און אין דער זעלביקער צייט איז ער אַ פולשטענדיקער יש פאַר זיך אַליין. די מענטשהייט ווי אַ גאַנצע, איז אי אַן אינדיווידיאום, אי אַ טייל, אַן „אבר" אין אַ גרעסערן „גוף", אין דער אָרגאַנישער וועלט. די אָרגאַנישע וועלט איז, פון איין זייט, אַן אינדיווידואום מיט אַן אינדיווידועלן באַוואוסטזיין, און פון דער

אַנדערער זייט אַ טייל פון דער ערד, וואָס איז אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם פאַר זיך און אַן „אבר" אין נאָך אַ גרעסערן „גוף" — אינם פּלאַנעטן־סיסטעם. פּלאַנעטן־סיסטעמען זיינען פאַראַן אַ סך, יעדע פון זיי איז אַ טייל, אַן „אבר" אָדער אַן „אָרגאַן" פון אַ נאָך גרעסערן אוניווערסום, וואָס איז שוין מער ניט קיין טייל פון עפּעס אַנדערש, נאָר דאָס ערשט־לעצטע, דאָס אַלץ־אַרומ־נעמענדיקע, דער „יש" פון יש'ן". און אָט צו דעם „יש", וואָס איז פול מיט באַוואוסטזיין, ווילן און אייביקער שעפערישקייט, האָט פעכנער געהאַלטן, קאָן מען און דאַרף מען תפילה טאָן. הערט ער זיך צו צו אונזער געבעט? זיכער! פעכנער דעמאָנסטרירט עס אַפילו מיט אַ משל: ווען איך, פעכנער, פיל ווייטאָג אין אַ פינגער, איז דאָס דער ווייטאָג פונם פינגער־אינדיווידואום, וואָס „טעלעגראַפירט" דורך מיין נערוון־סיסטעם צו „מיר", צום גרעסערן אינדיווידואום, וועגן זיין ליידן: דאָס איז די תפילה פונם פינגער צו פעכנערן, און די תפילה העלפט, אָדער (לכל הפחות) קאָן העלפן. לויט זיין אויסערלעכן כאַראַקטער, יעדנפאַלס לויט זיין טערמינאָלאָגיע, איז פעכנער'ס רעליגיעזער פּרינציפּ אויך אַ נאַטור־וויסנשאַפטלעכער — אַ מין נעאָ־ביאָלאָגיע, אויפגע־הויבן צו דער מדרגה פון מעטאַפיזיק. זיין קאָסמיזם איז אָבער אַ סך ברייטער, מיט אַ סך ווייניקער ריזיקע צו פאַרוואַנדלען דאָס רעלאַטיווע אין אַבסאָלוטן, ווי קאָנט'ס הומאַניזם, ווי זיין רעליגיע פון מענטשלעכקייט און תפילה צום גייסט פון פאַרגענגלעכער בשר־ודמ'ישקייט.

עס איז דערפאַר ניט אויסגעשלאָסן, אַז אויך אין דער פרייערער רעליגיאָ־זיטעט פון דער צוקונפט זאָל אינאיינעם מיטן אַבסאָלוטן און אַנאָנימען גאָט עק־זיסטירן, פאַר מענטשן מיט אַן אַנדער פּסיכישן געבוי, אַ מין קאָסמאָס־גאָטהייט לויט פעכנער'ס נוסח, און אַז תפילה צו אַזאַ גאָטהייט זאָל האָבן אַ סך מער עמאָציאָנעלן ווערט, ווי פעכנער האָט זיך אַליין פאַרגעשטעלט. און פון דער אַנדערער זייט, ווער ווייס? עס קאָן זיך נאָך אַרויסווייזן, אַז מיט אונזער גאַנצן איצטיקן און פּאָטענציעלן וויסן, זאָל קאָסמאָס ווערן פאַר אונז ניט ווייניקער „פלוני־אלמוני", ניט ווייניקער אַנאָנים, ווי דער וועמען מען רופט „השם", ווייל ס'איז אוממעגלעך אים צוצוקלייבן אַ נאָמען...

***

ווען מען לייענט דעם נייעם טעסטאַמענט, קריגט מען דעם איינדרוק אַז ישו איז אין זיינע לעצטע מינוטן בכשל געוואָרן מיט „פּעטיציע"־תפילה. ער האָט פּרובירט בעטן, אַז דער פאָטער אין הימל זאָל אָפּווענדן פון אים דעם בעכער פון ליידן, וואָס זיינען אים פאַרגעשטאַנען. ער האָט זיך נאָכדעם ווי דערמאָנט, אַז דער אבינו שבשמים ווייס סיי־ווי אַלץ וואָס עס גרייט

זיך אויף אים, און ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ תפילה פון הכנעה: „זאָל דיין ווילן געשען״, אַלץ איינס וואָס ער איז און וואוהין ער פירט.

אַן ענלעכע באַציאונג צו תפילה באַמערק איך ביי אַ צדיק פון אונזער דור. אין ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק׳ס כתבים געפינען מיר די פאָלגנדיקע אויפפאַסונג פון תפילה:

„כשמכוונים לאיזה מבוקש בתפילה, צריך לשים לב שכוונתנו היא להסיר את הרע והחושך מן העולם ולהגביר את הטוב ואת האור, את החיים האלהיים במלואם שבהופיעו אינו ממלא רק חסרון אחד בלבד, אלא הוא משלים את כל החסרונות וממלא את כל הפגמים כולם, ובגודל נשמתנו הרינו חפצים דוקא בשלמות הגמורה והמוחלטת״. דער זין פון הרב קוק׳ס פאָרמולע איז, אַז ווען איינער טוט תפילה און וויל זי מכוון זיין צו עפּעס וואָס ער וויל ביי גאָט בעטן, דאַרף די כוונה זיין (ניט אויף אַ באַשטימטער אָדער קאָנקרעטער זאַך, וואָס קאָן זיין פאַר איינעם גוט און פאַרן אַנדערן שלעכט, היינט גוט און מאָרגן שלעכט) נאָר „אויף באַזייטיקן דאָס בייזע און דאָס פינסטערע פון דער וועלט, אויף פאַרשטאַרקן דאָס גוטע און ליכטיקע, דאָס געטלעכע לעבן אין זיין פולקייט, וואָרים ווען דאָס קומט, באַזייטיקט עס ניט נאָר איין מאַנגל, נאָר עס איז ממלא אַלע מאַנגלען און אַלע פגמים, און ווייל אין דער גרויסקייט פון אונזער נשמה זוכן מיר דווקא די פולשטענדיקע, אַבסאָלוטע גאַנצקייט״. דאָס הייסט, אַז הרב קוק הייסט אונז דאַווענען, דער עיקר, פאַר שלמות פון דער וועלט, פאַר איר דערלייזונג פון צעריסנקייט, אָדער אין אַנדערע ווערטער, פאַר דער וואָס שנעלערער פאַרווירקלעכונג פון גאָט׳ס ווילן. זאָל געשען „ניט מיין ווילן, נאָר דיין ווילן״. אין גרונט, אַ תפילה אָן „געבעט״.

1940

# ווילי‏אַם פּען (1644—1944)

"In that delightful land, which is washed by the Delaware's waters,
Guarding in sylvan shades the name of Penn the apostle,
Stands on the banks of its beautiful stream the city he founded.
There all the air is balm, and the peach is the emblem of beauty,
And the streets still re-echo the names of the trees of the forest. . . .
Something at least there was in the friendly streets of the city,
Something that spake to her heart, and made her no longer a stranger;
And her ear was pleased with the Thee and Thou of the Quakers,
For it recalled the past, the old Acadian country,
Where all men were equal, and all were brothers and sisters."

— אַזוי האָט לאָנגפעלאָ באַזונגען די אַמאָליקע אידילישע הויפּטשטאָט, פילאַדעלפיע. נאָך איר לאַנגן גלות און פּיין געפינט די פרעמדע עוואַנדזשעלין, דורך־און־דורך פראַנצויזיש, ביזן מאַרך פון די ביינער קאַטויליש, איר מקום־מנוחה, איר וואַרעמע היים אין דער קוועיקער־שטאָט פון „ברודער־ליבע", אין ווילי‏אַם פּענ׳ס אומבאַפעסטיקטער פעסטונג.

ווער עס קומט היינט קיין פילאַדעלפיע, דאַרף שטאַרק אָנשטרענגען זיין פאַנטאַזיע, כדי זיך צו קאָנען פאָרשטעלן אַז אַזעלכע גאַסן ווי טשעסנאָט, וואָל־נאָט אָדער פּאַין האָבן טאַקע אַמאָל געשמעקט מיט פרישע ריחות פון פייכטע, ניט לאַנג צוריק אויסגעהאַקטעביימער פון די אַרומיקע געדיכטע וועלדער, און אַז אויף יענע גאַסן זיינען אַמאָל אַרומגעגאַנגען רעוואָלוציאָנערע טרוימער פון אַ „מלכות שדי". איך נעם זיך ניט אונטער צו טרעפן, וויפיל מענטשן וואָס זיינען דעם דינסטיק דורכגעגאַנגען יענע פילאַדעלפיער גאַסן, האָבן זיך דערמאָנט, אַז ווילי‏אַם פּען האָט מיט זיי אַמאָל עפּעס געהאַט צו טאָן. די פילאַדעלפיער קוועי־קערס האָבן מסתמא געהאַט יענעם טאָג אַ שטילע אסיפה, אויף וועלכער זיי האָבן געפייערט פּענ׳ס דרייהונדערטיאָריקן געבורטסטאָג, און אַ פייערלעכע פאַר־זאַמלונג איז דאָרט פאָרגעקומען מיט לאָרד האַליפאַקס ווי דער גאַסט־רעדנער. אָבער פאַר אַמעריקע בכלל, אפילו אויך פאַר פּענסילווייניע בכלל, איז דער 24טער טאָג אין אָקטאָבער קיין יום טוב ניט געווען. אַמעריקע האָט בכלל אַ שוואַכן היסטאָרישן זכרון, און לערער אין אונזערע קאַלעדזשעס ווייסן, מיט וואָס פאַר אַ לייכטן באַגאַזש אין אַמעריקאַנער געשיכטע עס קומען אַהין אָן יונגע סטודענטן. און אַז מ׳ווייסט שוין אַביסל מערער פונם קאָלאָניאַלן פּעריאָד און מ׳האָט אַ קלאָרערן באַגריף וועגן אַזאַ פיגור ווי ווילי‏אַם פּען,

איז וואָס קער זיך דאָס אָן מיטן היינט, מיט רעאַלע אינטערעסן פון אונזערע טעג, און צי האָבן דען ניט די גאַראַזשן אין פילאַדעלפיער „דאַן־טאַון" מער ווערט ווי אַלע קוועיקער־מאַיאָנטקעס אין פענסילווייניע צוריק מיט דריי יאָרהונדערטן? און וואָס קענען מיר היינט לערנען פון יענע פוירים און קליינשטעטלדיקע קרעמער? די פירנדיקע צייטונג אין אַמעריקע, די „ניו יאָרק טאַימס", האָט לעצטן דינסטיק אַפילו ניט געפונען פאַר נויטיק צו דער־מאָנען אַזאַ דאַטע ווי דריי הונדערט יאָר וויליאַם פּען...

⁂

צו צוועלף יאָר האָט דער קליינער וויליאַם דורכגעלעבט אַ מין „התגלות". ווי ער האָט מיט יאָרן שפּעטער דערציילט, איז ער איינמאָל, זייענדיק אַליין מיט זיך „פּלוצים דערשטוינט געוואָרן פון אַן אומגעוויינטלעכער אינעווייניקסטער שטילקייט", און אין צימער האָט ער דערזען אַ מין אומגעווייטלעך ליכט". ער האָט מיט אַמאָל באַקומען אַ פעסטע איבערצייגונג פון גאָט'ס עקזיסטענץ, אויך אַ קלאָר געפיל, אַז יעדן מענטשנס נשמה איז מסוגל צו קומען אין באַ־רירונג מיט גאָט.

אין זיין דור, זיינען אין ענגלאַנד אַזעלכע „התגלות'ן", מאָמענטן פון דבקות און שטילע עקסטאַזן, ניט געווען קיין זעלטנקייט. אָבער פּען האָט געהערט צו יענע יחידים, וואָס די ערשטע רעליגיעזע אויפטרייסלונג וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט, האָט שוין אין אַ גרויסער מאָס באַשטימט זייער גאַנצן לעבנסוועג. מ'קאָן ניט זאָגן, אַז די סביבה אין וועלכער ער איז דירעקט דער־צויגן געוואָרן און געוואָקסן, האָט אין אים געשפּייזט רעליגיעזע נייגונגען אָדער מיסטישע געפילן. אַ פאָטער אַן אַדמיראַל, רייכטום און גיריקייט נאָך רייכטום, נאָענטקייט צום קיניגלעכן הויף, קרובה'שאַפט מיט העכערן באַאַמטנטום פון לאַנד — זיין סביבה, האָט אין אים געקאָנט לייכט אַנטוויקלען עגאָאיסטיש קלאַסן־באַוואוסטזיין, גראָבע עולם־הזה'דיקייט. אָבער וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן סביבה און געזעלשאַפטלעכע באַציאונג פאַר איינעם וואָס אַ מיסטישע „אַנטפּלעקונג" האָט אים אין צאַרטן צוועלפיעריקן עלטער אומרואיק געמאַכט אויפן גאַנצן לעבן?

זיין פאָטער האָט אים אַמאָל אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. ווען ער האָט דערזען אַז דער יונגער וויליאַם חבר'ט זיך ניט מיט זיין גלייכן, רעדט גראָבע רייד וועגן קירך און גלח, ווערט פאַרפאַלן ערגעץ־וואו אין די לאָנדאָנער „סלאָמס" צווישן קוועיקערס, האַלט דרשות אין די גאַסן און רופט אַרויס צונויפ־שטויסן מיט דער פּאָליציי, האָט ער אים פאַרשיקט קיין פראַנקרייך: זאָל ער זיך דאָרט פאַר'שיכור'ן מיטן לייכטזין פון אַריסטאָקראַטישער עלעגאַנץ, מיט געיעג נאָך תענוגים — וועט ער זיך אויסניכטערן פון זיין רעליגיעזן טירוף. און אַ געוויסע צייט ווירקט טאַקע דאָס שפּיצל. ער ווערט אַריינגע־

פאַנגען אין די מ״ט שערי פּוסטקייט פון לואי דעם פערצנטנ׳ס הויף־קרייזן. ער מאכט דערנאָך אַ לענגערע רייזע קיין איטאַליע — סתם אַזוי זיך, בלויז זיך צו לאָזן וואוילגיין — און ער קומט נאָכדעם צוריק קיין ענגלאַנד, דאַכט זיך, אַן „אויסקורירטער״, אָדער, ווי איינער פון זיינע מיטצייטלער דער־ציילט, „אַ יונגערמאַן אַ בעל־גאוה׳ניק, וואָס קאָקעטירט מיט פראַנצויזישער הלבשה און מיט אַן אַפעקטיווער מאַניר פון רעדן״. אָבער באַלד זעט מען אים נאָכאַמאָל אין דער פריערדיקער סביבה, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן, צווישן „איקאָנע־ברעכער״ און קוועיקערס, און ער סקאַנדאַליזירט די גע־זעלשאַפט מיט ניט וועלן אַראָפּנעמען דאָס היטל ווען ער דערשיינט פאַרן געריכט: „גילוי־ראש״ איז הכנעה, און אַזאַ הכנעה מעג אַ מענטש אַרויסווייזן בלויז פאַר גאָט, אָבער ניט פאַר אַ בשר־ודם און ניט פאַר אינסטיטוציעס וואָס בשר־ודמ׳ס האָבן געשאַפן.

אין דער דאָזיקער האַנדלונג האָט זיך, אויב מ׳וויל, אויסגעדריקט די הויפּט־טענדענץ ניט נאָר אין פּענ׳ס פּערזענלעכקייט, נאָר אין קוועיקערטום בכלל. „לא תעשה לך כל פסל״ — מאַך דיר פון גאָרנישט און פון קיינעם ניט קיין איקאָנע, געדענק שטענדיק דעם אונטערשייד צווישן רעלאַטיוון און אַבסאָלוטן. דער דאָזיקער איינפאַכער רוף איז געווען דער פּאַטאָס סיי פון די קוועיקערס׳ מיסטיציזם און סיי פון זייערע סאָציאַלע אידעאַלן. קעניג, גע־ריכט, שטאַט, געזעץ, פאָלק, קירך, אויטאָריטעט, קענען האָבן זייער אייגענעם ווערט, אָבער אָפּגעשאַצט און אָפּגעוואויגן דאַרפן אַזעלכע ווערטן ווערן נאָר אין ליכט פון דעם העכערן, אַבסאָלוטן און אין זיך הייליקן ווערט — גאָט. אומעטום וואו עס איז פאַראַן אַ קאָנפליקט צווישן גאָט׳ס אַ געבאָט און מענטש־לעך איינגעפירטע געזעצן אָדער אינסטיטוציעס, פאַרלירן די לעצטע יעדן ווערט און יעדע סאַנקציע פאַר האַנדלונג. און וואָס ס׳איז גאָט׳ס געבאָט, קאָן יעדער וויסן, אויב ער וויל דאָס טאַקע וויסן מיט דעם פולן ערנסט פון זיין וועזן. סיי פאַר זיין רבי׳ן, דזשאָרדזש פאָקס, און סיי פאַר פּענ׳ען גופא, זיינען די הייליקע שריפטן דער שליסל צום אמת, דער וועג מקיים צו זיין וואָס גאָט האָט געבאָטן. אין דעם פּרט איז נאַטירלעך ניט געווען קיין פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן זיי און אַנדערע פּראָטעסטאַנטן. דאָס רעוואָלוציאָנערע אין קוועיקערטום איז געווען אַ ספּעציפישער בטחון אין גאָט און אין דער מעגלעכקייט צו קומען מיט אים אין גייסטיקער באַרירונג. פאָקס און פּען האָבן גע׳טענה׳ט, אַז דער זעלביקער גייסט וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן די הייליקע שריפטן האָט די מענטשהייט אויך נאָכדעם ניט פאַרלאָזן, און ער פירט יעדן ערלעכן בר־דעת און יעדן איינעם וואָס נעמט זיך די צייט פאַר התבוננות, פאַר זעלבסט־קאָנצענטראַציע, צו דער פאַר־שטענדעניש פונם אמת וואָס די שריפטן זענען כולל אין זיך. דער מקור פון

אינספּיראַציע האָט ניט אויסגעטריקנט און די אוצרות פון רוח הקודש זיינען אָפן פאַר אַלעמען, אָן דער פאַרמיטלונג פון אַ פּראָפעסיאָנעלן „כלי־קודש״, אָן ליטורגיע, אָן פּירושים פון אָנערקענטע אויטאָריטעטן, אָן דער מאַגישער קראַפט פון ספּעציעלע צערעמאָניעס — אַ מין „והיה כל העם נביאים״. דער שטאַט מעג זאָגן טויזנט מאָל „תרצח״, מאָרד — ווען דאָס פאָדערט דיין פּאַטריאָטישער חוב, און די קירך מעג זיך פּשט׳לען וויפיל זי וויל, אַז כאָטש מאָרדן בכלל איז אַ גרויסע זינד, אָבער ווען מלכות הייסט ווערט דאָס פאַרוואַנדלט אין אַ מצוה — דאָס לעבעדיקע געוויסן לייענט אַרויס פון די הייליקע שריפטן, אַז רציחה איז שטענדיק אַ פאַרברעכן, אויך ווען עס נויטיקט זיך אין דעם דער קעניג, דער שטאַט, דאָס פאָלק, אויך ווען דאָס איז „פאַר דער טובה״ פון דער קירך. דער שטאַט, אינאיינעם מיט דער קירך, מעגן, אין געוויסע פאַלן, פאָדערן פונם בירגער אַ שבועה. אָבער שווערן טאָר מען ניט, ווייל היינטער דעם עצם אַקט פון שבועה שטייט שווייגנדיק די הנחה, אַז בדרך כלל, אָן אַ וואָרנונג פון „אויטאָריטעטן״, ווי שטאַט אָדער קירך, מעג מען זאָגן ליגן — ווייל דאָס מיינט עובר זיין אויפן „דע לפני מי אתה עומד״, פון דער אמונה אַז גאָט איז אַל־קעגנווערטיק און הערט דיין ליגן, ווען און וויאַזוי דו זאָלסט אים ניט זאָגן. מיר קאָנען זיך היינט קוים פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ רעוואָלוציע די קוועיקערישע ווענדונג צום אינדיווידועלן געוויסן איז געווען אין אַ דור, וואָס איז נאָך געווען אָנגעזאַפּט מיט קאַטוילישן פאָרמאַליזם און וואָס האָט אין זיין פּראָטעסט קעגן רוים שוין אויסגעאַרבעט זיינע אָן אייגענע גייסטיקע רעגימענטאַציע. און אָט מיט דער רעוואָלוציע אין האַרצן האָט זיך וויליאַם פּען אַוועקגעלאָזן — נאָך אַ צאָל אַרעסטן, פאַרשיקונגען און צונויפשטויסן מיט מלכות — קיין אַמעריקע.



אין אייראָפּע האָט פּען זיינע אידייען געפּרעדיקט, אין אַמעריקע האָט ער געטרוימט זיי צו פאַרקערפּערן. ער האָט געפּרעדיקט אין ענגלאַנד און אין אירלאַנד, אין דייטשע מדינות און אין האָלאַנד, ער האָט קאָרעספּאָנדירט מיט שוועדן, אָבער אין די אַלע לענדער האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף איינגעפונדעוועטע קאָרופּציעס פון גייסט, אונטערן שוץ פון שטאַט און קירך. אין בעסטן פאַל האָט ער געקאָנט האָפן, אַז אים וועט געלינגען צו געווינען געוויסע צאָלן אינדיווידועלע אָנהענגער. דאָס „צוגעזאָגטע לאַנד״ איז פאַר אים געווען אַמעריקע — אַ קאָנטינענט אָן אַ פאַרגאַנגענהייט, אַ וועלט וואָס הויבט זיך ערשט אָן פאָרמירן, וואו מען קאָן אָנהויבן פון אַ מין מאָראַלישן בראשית. דאָרט, האָט ער געוואָלט גלויבן, קאָן מען דעם שטאַט גופא לכתחילה אונטעראָרדנען, מאַכן אים פאַר אַן אינסטרומענט פאַר זיין רעליגיעזער וויזיע

— איינפירן בפועל ממש „גאָט׳ס קעניגרייך״. די פּוריטאַנער פון זיין צייט האָבן צופיל אָקצענטירט זייער מאָראַלישן פּעסימיזם, די אומפּאַרמיידלעכע און אייביקע קאָנסעקווענצן פונם „חטא הקדמון״. פולשטענדיק באַזיגן זינד און זינדיקייט איז אוממעגלעך, „כי יצר לב האדם רע מנעוריו״, מיר זיינען פאַרמשפּט ניט צו דערגרייכן קיינמאָל קיין אידעאַלן צושטאַנד, און דער־לייזונג קאָן קומען פאַר יעדן בלויז פון חסד, פון אמונה אין חסד, אָבער ניט פון מעשים טובים. צווישן פּען׳ען און אַ טייל פּוריטאַנער איז אין ענגלאַנד (און שפּעטער אין אַמעריקע) פאָרגעקומען אַ געראַנגל, וואָס דערמאָנט אין אַ סך פּרטים דעם קאַמף צווישן שפּעט־אידנטום און פרי־קריסטנטום, צווישן דעם פרושים־גייסט און פּאַול׳ס מאָראַלישער רעזיגנאַציע. זיכער, די פּורי־טאַנער (אַלע זייערע גרופּירונגען) האָבן, טראָץ אַלעמען, אַנטוויקלט זייערס אַ הלכה, מ׳מעג אפילו זאָגן, אַ שטרענגע הלכה, כמעט אַ שולחן ערוך. אָבער זייער מאָראַלישער האַריזאָנט איז געווען אַ שמאָלער, אַ בכיוון פאַרשמעלערטער. פּען האָט געפּרואווט דעם האָריזאָנט ברייטער און אָפענער צו מאַכן, און אָנהויבן איינ־צופירן אַ הלכה פאַר רעליגיעז־מאָראַלישן מאַקסימאַליזם. און אָט צוליב יענעם מאַקסימאַליזם איז ער געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער אויסגעאַרבעט פריער תקנות פאַר ניו־דזשוירזי, און נאָכדעם פאַר יענערווילדער, דורך און דורך באַ־וואַלדעטער געגנט, וואָס די איצטיקע פּענסילוואַניע האָט מיט זיך דעמאָלט פאַרגעשטעלט און וואָס דער ענגלישער קעניג האָט געשטעלט אין זיין רשות ווי אַ באַלוינונג פאַר אַ ניט באַצאָלטן חוב, וואָס ער איז שולדיק געבליבן פּען׳ס פאָטער. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן, ווי ער האָט עס אָנגערופן, זיין „הייליקן עקספּערימענט״ — דאָס גייסטיק העזה׳דיקסטע און פּאַראַדאָקסאַלסטע וואָס מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן: אויסבויען אַ שטאָט לויט דעם גייסט פון דער באַרג־דרשה...

איז ער געווען אינגאַנצן אַ פאַנטאַסט, אַ רעליגיעזער דאָן־קיכאָט? לאָמיר זיך היטן פון אַזעלכע באַצייכענונגען. ווי אַ סך סאָציאַלע אוטאָ־פּיסטן, איז ער אין געוויסע פּרטים גאָר געווען אַ באַן־ברעכנדיקער רעאַליסט. עס לוינט נאָך היינט צו לייענען זיין קורצן טראַקטאַט וועגן שלום ("Essay toward the present and future peace of Europe").

דייטשע אינטערנאַציאָנאַליסטן באַרימען זיך מיט ניט ווייניק נאַציאָנאַ־ליסטישער גאווה, אַז קאַנט איז געווען דער ערשטער אין אייראָפּע אַרויס־צוקומען מיט אַ פּלאַן פון אַ פעלקער־ליגע. אָבער אַ גוטע פּאָר דורות פאַר קאַנט׳ן האָט שוין וויליאַם פּען געזוכט צו פאַרזיכערן דעם וועלט־שלום דורך אַ ספּעציעלער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, אַפילו מיט אַ בוררות־געריכט. ווען אַמעריקע וואָלט פאַרמאָגט מער היסטאָרישן באַוואוסטזיין און, דער עיקר, פּיעטעט, וואָלט מען צוריק מיט עטלעכע וואָכן, אין דאָמבאַרטאָן

אָוקס, אָוועקגעלייגט פאַר יעדן דעלעגאַט אויפן טיש פענ׳ס חיבור וועגן אייביקן פרידן, מיט אַ צושריפט: „זעט, וואָס פאַראַ פּלענער עס האָט געהאַט אין זיבעצעטן יאָרהונדערט אַן אַנגלאָ־אַמעריקאַנער, און זאָגט, צי דאַרפן מיר ניט זיין שטאָלץ מיטן פאַקט וואָס וואודראָ ווילסאָן איז געווען אַ „פּלאַגיאַטאָר״. אויך בנוגע צו זיין אייגענעם עקספּערימענט אין פּענסילווייניע, האָט פען ווייט ניט אינגאַנצן פאַרלוירן די פּערספּעקטיוו פאַר רעאַליטעטן. ער האָט אַפילו ניט גלייך אָפּגעשאַפט שקלאַפעריי. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ גזירה וואָס דער רוב אַפילו פון זיין ציבור וועט ניט אָננעמען תיכף ומיד — האָט ער אויסגעאַרבעט תקנות, ווי אַזוי מ׳זאָל שקלאַפן מענטשלעכער באַהאַנדלען און האָט באַשטאַנען דערויף, אַז נאָך צוויי שמיטות (14 יאָר) דאַרף מען זיי אינ־גאַנצן פריי לאָזן. אָבער אין איין פונקט האָט ער געהאַט אַ שטיק צייט די אַמביציע ניט צו האַנדלען אָפּאָרטוניסטיש: דאָרט וואו ס׳שטייט אין קאָן די הייליקייט פון מענטשלעך לעבן. קיינער האָט ניט געדאַרפט דערציילן פענ׳ען אײדער ער איז געקומען קיין אַמעריקע, וואָס עס זיינען די באַציאונגען צווישן ווייסע און אינדיאַנער. ער האָט געוואוסט נאָך פון פריער, אַז אויך פרומע פּוריטאַנער האָבן זיך מתיר געווען זאַכן בנוגע צו די „ווילדע״, וואָס זיי וואָלטן בשום אופן ניט טאָלערירט בנוגע צו אייגענע. „טעות אינדיאַנער מותר״ — און אַז מ׳דאַרף צונעמען ביי אַ שבט זיין לאַנד, איז עס ניט קיין עבירה אָנצו׳שיכור׳ן זייער עלטסטן און דערנאָך, ווען יענער ווייסט שוין ניט וואָס עס טוט זיך מיט אים, אים געבן אונטערשרייבן אַ שטר־מכירה. ניט ווייניק פּורי־טאַנער זיינען אויך געווען גרייט אָנצואווענדן דעם „לא תחיה כל נשמה״ אויף די אינדיאַנער געצנדינער. פען האָט געוואוסט פון פריער, אַז אינדיאַנער פון זייער זייט וואַרטן ניט ביז די ווייסע וועלן זיי אַטאַקירן, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיינען זיי גרייט אָנצופאַלן אויף די ניט־געבעטענע ווייסע געסט און אָפּהאַקן ביי זיי אַזוי פיל קעפּ וויפיל נאָר מעגלעך. און דאָך איז זיין אַמביציע געווען אויפצובויען אַ נייע געזעלשאַפט, וואָס זאָל אינגאַנצן ניט האָבן קיין מיליטערישן שוץ: ״No forts, no soldiers, no militia, even no arms.

איז דאָס געווען מעגלעך אויסצופירן? אָט זעט איר דאָך״: אַ שטיק צייט האָט זיין שיטה געווירקט, און אינדיאַנער אין דער אַרומיקער סביבה, וואָס האָבן אויסגעפונען אַז עס זיינען פאַראַן אויך אַנדערע ווייסע, אַזעלכע וואָס ראַבעווען ניט און גזל׳נען ניט, וואָס שיכור׳ן ניט אָן זייערע עלטסטע און נאַרן ביי זיי גאַרנישט ניט אויס, וואָס ווילן אַליין לעבן און אַנדערע לאָזן לעבן, האָבן צו פענ׳ען און צו זיין קאָלאָניע געהאַט אַן אַנדער באַציאונג ווי צו אַנדערע קאָלאָניעס. וועגן דער פאַרגאַנגענהייט איז ניט לייכטער צו זאָגן נבואות ווי וועגן דער צוקונפט, אָבער — ווער ווייס וואוהין עס וואָלט מיט דער צייט געפירט פענ׳ס „האָלי עקספּערימענט״, ווען זיין צאָל נאָכפאָלגער

וואָלט געווען גרעסער, געגוג גרויס צו באַפעלקערן אַ גרעסערן שטח פון פענסילוויניע, ווען עס וואָלטן מיט דער צייט ניט אָנגעקומען גייסטיק און מאָראַליש פרעמדע, ווייטע, וואָס פאַר זיי איז זיין וויזיע געווען קאָמיש און — „קרענקיש“...

⁂

איך ווייס, אַז „דער הייליקער עקספּערימענט“ פון אַ פּאָסיפיסטישן שטאַט איז, אין לעצטן סך־הכל, געווען אַ ניט־געלונגענער. פענסילוויניע איז מיט דער צייט געוואָרן אַ קאָלאָניע מיט קאָלאָניעס גלייך. אפשר קאָן גאָר אַזאַ עקספּערימענט, ווי פּען האָט וועגן אים געטרוימט, בכלל ניט געלינגען, ניט אין זיבעצעטנטן און ניט אין איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און יענע פּוריטאַנער וואָס מיט זיי האָט פּען פּאָלעמיזירט נאָך אין ענגלאַנד (וועגן דעם „חטא הקדמון“) זיינען געווען אַ סך גערעכטער, ווי ער האָט געמיינט. טאָלס־טאָי׳ען איז געווען אַ סך לייכטער אָוועקצוגיין פון דער וועלט: ער האָט געפּרעדיקט זיין קריסטלעכן אינדיווידואַליזם און קיינמאָל אַליין, מיט אייגענע כוחות, ניט געפּרואווט אויפצובויען אַן אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט אויפן יסוד פון זיינע פּרינציפּן — האָט ער ניט געהאַט קיין גרונט צו ליידן דורכפאַלן, אינ־טעלעקטועל זיך צו אַנטוישן. פּען איז געשטאָרבן אַ באַזיגטער, אַ פיזיש און גייס־טיק צעבראָכענער, אפשר אויך אַ טיף אַנטוישטער. אָבער אויך זיין אַנטוישונג איז, אין לעצטן סך־הכל, אַ גרויס בלאַט אַמעריקאַנער געשיכטע, אַ קאַפּיטל פול מיט פּאַטאָס אין דער ביאָגראַפיע פון דער מענטשהייט, און ווער ווייסט אויף וועלכע וועגן און מיט וועלכע רעזולטאַטן פּען׳ס וויזיע און ענערגיע קאָנען זיך נאָך אַמאָל אויסווירקן אויף די שיקזאַלן פון אַמעריקע. אויך זיין דורכפאַל איז ניט געווען אומזיסט, ווי עס איז ניט אומזיסט קיין שום דערהויבענער חלום וועגן דער גאולה פונם מענטשלעכן מין.

⁂

אין די קוועיקער־פּנקסים פון וויליאַם פּען׳ס דור ווערט דערציילט:

אין אַ געגנט, ווייט פון אַ ישוב, האָט אַ גרופּע פריינט (קוועיקערס) אַמאָל אָפּגעהאַלטן איינע פון זייערע פאַרזאַמלונגען פון שווייגנדיקער תפילה. מיט־אַמאָל האָבן זיי דערזען, ווי אַ גרויסע צאָל באַוואָפנטע אינדיאַנער זיינען אַרויס פון זייער באַהעלטעניש אין וואַלד, גרייט זיי צו אַטאַקירן. טראָץ דער גרויסער געפאַר, זיינען די פריינט געבליבן זיצן, כדי אויסצושווייגן זייער „עבודה“ ביז צום סוף. ניט מאַן, ניט פרוי, ניט קינד האָבן זיך קיין ריר ניט געגעבן. די אינדיאַנער האָבן זיך אַרומגעשטעלט און שווייגנדיק געקוקט אויף די מתפללים. גאָט׳ס כוח האָט זיי אַרומגענומען און זיי האָבן זיך אויך

אַוועקגעזעצט, צו באַטייליקן זיך אין דעם דאָזיקן אומבאַקאַנטן נוסח פון עבודה צו גאָט. ווען די פריינט האָבן זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, האָבן זיי, לויט זייער מנהג, געדריקט איינער דעם אַנדערן די האַנט, אָבער פריער האָבן זיי געדריקט די הענט ביי די אינדיאַנער און צו זיי אַזוי געזאָגט: „מיר האָבן געדינט דעם גרויסן פאָטער פון אונז אַלעמען". און די אינדיאַנער האָבן געענטפערט: „מיר האָבן אים געדינט מיט אייך אינאיינעם". די אַטאַקע איז ניט פאָרגעקומען.

„צוריקגערעדט" — ווייס איך ניט, פאַרוואָס פּען האָט געדאַרפט שטאַרבן אַן אַנטוישטער. היסטאָריש איז זיין עקספּערימענט ניט געלונגען — נו, איז וואָס? יש קונה עולמו בשעה אחת: צוליב אַזאַ עפּיזאָד אַליין, ווי דער וואָס ווערט דערציילט אין די קוועיקער־פּנקסים, איז ווערט געווען זיין קומען קיין אַמעריקע. און איז דאָס געווען בלויז אַן עפּיזאָד, אַ צופאַל? קאָן דען אַזאַ מיסטעריע פאָרקומען „צופעליק"?

1944

# קאַגאַוואַ

אויף אויגוסט האָט מען אין יאַפּאַן, ווי מען דערוויסט זיך איצטער, אַרעס־טירט טאָיאָהיקאָ קאַגאַוואַ. ער ווערט אָנגעקלאָגט, נוצנדיק דעם אָפיציעלן נוסח פון דער יאַפּאַנישער רעגירונג, אין „עובר זיין אויף דעם מיליטערישן קאָדעקס". אונטער דער דאָזיקער פאָרמולע אַרעסטירט מען די לעצטע פּאָר יאָר אין יאַפּאַן בירגער, וואָס ווערן באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש, אין דעזערטירן פון דער אַרמיי, אין נאַציאָנאַלן פאַרראַט און אין „מאָראַלישער הילף צום שונא". מיר ווייסן דאָ ניט, וואָס עס ווערט געזאָגט אין דעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן קאַגאַוואַ, אָבער לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן באַשטייט זיין חטא אין „מאָראַליש אַרויסהעלפן דעם שונא". אויב מען וועט אים משפּט'ן אין אַן עפנטלעכן גע־ריכט, וועלן מיר זיכער הערן, אַז קאַגאַוואַ האָט זיך אין דעם חטא מודה געווען.

פונם ערשטן טאָג אָן, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן יאַפּאַן און כינע, „העלפט" קאַגאַוואַ אַרויס מיט וואָס נאָר ער קאָן די קרבנות פון זיין פאָטערלאַנד'ס אַרמיי. ער העלפט זיי מיט אַ גוט וואָרט, מיט דער פאַרזיכערונג וואָס ער גיט די כינעזער אַז טויזנטער יאַפּאַנישע סאָלדאַטן גייען אויפן שלאַכטפעלד קעגן זייער ווילן און קעגן זייער געוויסן, אַז אין יאַפּאַן זיינען נאָך פאַראַן מענטשן וואָס פאַרדאַמען אין זייערע הערצער די ברוטאַלע פּאָליטיק פון זייער רעגירונג. איך אַליין וואָלט געקאָנט צושטעלן דעם געריכט אַ ריי אַרטיקלען וואָס קאַגאַוואַ האָט פאַר־עפנטלעכט אין אויסלאַנד — אַרטיקלען „אַנטי־פּאַטריאָטישע", „פאַרברעכעריש־פּאַסיפיסטישע", אין וועלכע דער רעליגיעזער מלחמה־האַסער פון יאַפּאַן האָט אויסגעדריקט זיין טיפסטן מיטגעפיל מיטן שונא. צוריק מיט צוויי יאָר האָט קאַגאַוואַ אַפילו פאַרפאַסט אַ תפילה פאַרן וואוילזיין און גליק פון כינע און, ווי מען דערציילט, האָט מען אַ שטיק צייט יענע תפילה געזונגען אין אַ צאָל קריסטליכע קירכן אין יאַפּאַן — ביז די פּאָליציי האָט אַרעסטירט די גייסטלע־כע און צעטריבן די מתפללים. קאַגאַוואַ ווייסט די אַלע חטאים זיינע ניט לייקע־נען. זיין לעבן איז אַן אָפן בוך. ער האָט ניט צו טאָן מיט קיין געהיימע אָרגאַני־זאַציעס, ער קאָנספּירירט ניט און איז אָרגאַניש ניט מסוגל צו זיין אַ שותף צו וועלכער ניט איז פאַרשווערונג. דאָס גאַנצע לאַנד ווייס וואו עס ליגן זיינע סימ־פּאַטיעס, און אין אַ טייל גרעסערע יאַפּאַנישע שטעט געדענקט מען נאָך גוט דעם סאַמע אָנהויב פון קאַגאַוואַ'ס פּאָליטישער „קאַריערע", ווען אין 1904, אין די טעג פון גרויסע נצחונות אין דער מלחמה מיט רוסלאַנד, האָט דער שאָוויניס־

טיש־פאַר׳שיכור׳טער המון אים באַוואָרפן מיט שטיינער אין די גאַסן, פאַר זיין „פאַררעטערישער" אַנטי־מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע. קאַגאַוואַ׳ס רעקאָרד איז פאַר דער רעגירונג קלאָר אין אַלע זיינע פּרטים און, דעם אמת זאָגנדיק, וואונדערט מיך כלל ניט דער פאַקט פון זיין אַרעסט. איך האָב זיך די גאַנצע צייט גע־חידוש׳ט, פאַרוואָס מען אַרעסטירט אים נ י ט, ווי קומט עס וואָס די אַרמיי האָט אים געלאָזט ביז איצט אַרומגיין פראַנק און פריי. עס ווייזט אויס, אַז אפילו יענע פאַשיסטישע גענעראַלן־קליקע, וואָס שטייט איצט הינטער דעם טראָן און קאָנטראָלירט די רעגירונג, האָט זיך ניט לייכט געקאָנט באַפרייען פון דרך־ארץ פאַר קאַגאַוואַ׳ס פּערזענלעכקייט, פאַר זיין רעליגיעזן מוט און קרבנות־גרייטקייט, פאַר דער אומגעוויינטלעכער מאָראַלישער ענערגיע מיט וועלכער עס שפּרודלט זיין אויסגעצערטער, פון טובערקולאָז צעפרעסענער גוף. עס איז, ווייזט אויס, פּסיכאָלאָגיש געווען ניט לייכט צו „איזאָלירן" דעם פּריינט פון די אָרעמע און אונטערדריקטע, דעם באַשיצער פון די איינזאַמע און די פאַר׳יתומ׳טע, דעם פאַרניכטער פון די „סלאַמס"־געגנטן אין יאַפּאַ־נישע האַפן־שטעט, דאָס געוויסן פון יאַפּאַן. אַזוי האָט דער צאַר יאָרנלאַנג ניט געהאַט דעם קוראַזש צו אַרעסטירן טאָלסטאָי׳ען — ניט ווי אַ טייל שלעכט אינפאָרמירטע אויסלענדישע ביאָגראַפן האָבן געוואָלט מיינען, ווייל דער מוכיח פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ איז געווען אַ גראַף, פלייש און בלוט פון דער העכסטער אַריסטאָקראַטיע (ניקאָליי און זיינע אַרויסהעלפער האָבן זיך ניט געשעמט אַוועקצושיקן קיין סיביר אויך טיטולירטע אַריסטאָקראַטן פון פאַמיליעס, וואָס זיינען היסטאָריש געווען קרובים למלכות), נאָר ווייל טאָלסטאָי איז געווען צופיל פאַרקערפּערונג און סימבאָל פון רוסישן געוויסן און האָט געהאַט צופיל השפּעה אויף דער עפנטלעכער מיינונג. גענעראַלן־טאָלעראַנץ און סאָלדאַטסקע דרך־ארץ האָבן אָבער זייערע גרענעצן, און די לעצטע צייט איז קאַגאַוואַ מסתמא געוואָרן צו אומבאַקוועם, אַז די וואָס האָבן גענומען אויף זיך די מיסיע צו רעאָרגאַניזירן אַזיע „אויף נייע און געזונטערע יסודות", זאָלן זיך לאָזן ווייטער פירן פון סענטימענטאַלע מאָטיוון. איך פאַרשטיי זיי זייער גוט. זיי וואָלטן ניט געווען דאָס וואָס זיי זיינען, ווען זיי אַרעסטירן אים ניט. פון זייער שטאַנדפּונקט זיינען זיי פולשטענדיק גערעכט, ווייל קאַגאַוואַ׳ס אַרטיקלען, דרשות און „גאָטעסדינסטן" זיינען עלול מיט דער צייט צו ווערן „דינאַמיט". איך דערמאָן זיך איצטער, וואָס אַזיאַטיש־ענגלישע צייטונגען האָבן דערציילט וועגן קאַגאַוואַ׳ס אויפפירונג אין סאַמע אָנפאַנג פון דער „שטראָף־עקספּעדיציע קעגן די כינעזישע באַנדיטן". אויף איינער פון זיינע חיזוק־הדת־פאַרזאַמלונגען איז ער געשטאַנען שטיל אַ לענגערע צייט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, איז דער עולם דערשטוינט געוואָרן פון זיינע ווערטער: „דער וואָס שטייט איצט פאַר אייך,

איז ניט קאַגאַוואַ; דאָס איז בלויז זיין שאָטן; דער אמת'ער קאַגאַוואַ איז ווייט־ווייט, אין כינע, מיט די ליידנדיקע מוטערס און קינדער, מיט די פאַרוואונדעטע און פאַרהונגערטע, מיט די וואָס די מלחמה האָט זיי געמאַכט היימלאָז". ווי קאָן אַ מיליטערישע אָליגאַרכיע פאַרטראָגן אַזעלכע ווערטער, אַזאַ טרעגער פון „דעמאָראַליזאַציע"?

⁂

אין די אויגן פון די „הונדערט־פּראָצענטיקע" אין יאַפּאַן, איז קאַגאַוואַ... אַ משומד. ער האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעזאָגט פון בודיזם און זינט ער איז געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט ער קיינמאָל ניט געמאַכט קיין סוד פון זיין כפירה אין „שינטאָ", אין דער יאַפּאַנישער נאַציאָנאַליסטישער מלוכה־רעליגיע. זיין אָפּשטאַם פון דער יאַפּאַנישער אַלטער אַריסטאָקראַטיע האָט אים ניט געשטערט אָנצונעמען אין זיין פריער יוגנט אַ פרעמדע רעליגיע. שוין העכער דרייסיק יאָר ווי קאַגאַוואַ איז אַ פּראָטעסטאַנטישער קריסט, וואָס קען בשום אופן ניט שלום מאַכן מיט דער אָרטאָדאָקסישער אמונה פון זיין לאַנד, אַז דער אימפּעראַטאָר שטאַמט ניט פון אַ בשר־ודם, נאָר פון דער זון־געטין, און אַז אַ גאַנצע צאָל יאַפּאַנישע מיוחסים ציען זייער יחוס פון אַנדערע, צווייט־קלאַסיקע און דריט־קלאַסיקע געטער. זיין פילאָזאָפישע בילדונג איז אַ גאַנץ אָרעמע (די פּרינסטאָן־אוניווערזיטעט אין ניו־דזשוירזי, וואו ער האָט פאַרבראַכט עטלעכע יאָר, האָט אים אויף דעם געביט ווייניק געהאָלפן), און ער איז אויך זייער אַ שוואַכער טעאָלאָג, אָבער פאַר אים איז שוין לאַנג געוואָרן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַן איינפאַכער אמת, וואָס איז אַזוי קלאָר, אַז ער דאַרף גאָר ניט אָנקומען נאָך באַווייזן, דהיינו, אַז אַלע מענטשלעכע ברואים זיינען גאָט'ס קינדער און אין גאָר־גאָר לעצטן אַנאַליז, קינדער פון גלייכן ווערט אין דעם „פאָטער'ס" אויגן. איך ווייס ניט, צי צוליב דער דאָזיקער פאָרשטעלונג אָדער אמונה האָט זיך „געלוינט" צו ווערן אַ מטגליד פון דער קריסטלעכער קירך. פאַר דער יאַפּאַנישער אינטעליגענציע איז ווייט ניט פרעמד דער קלאַסישער בודיזם אין זיין ריינער פאָרם, וואָס, כאָטש ער אָנערקענט ניט קיין פערזענלעכן גאָט, קאָן ער דינען ווי אַ יסוד — האָט עס דען ניט באַוויזן שאָפּענהויער, כאָטש ער איז אויסגעוואַקסן אין שויס פון קריסטלעכער טראַדיציע? — פאַר אַ רעליגיע פון רחמנות און מענטשנליבע. קאָנפוציוס און לאַאָטסע זיינען אויך גאַנץ פּאָפּולער צווישן געבילדעטע יאַפּאַנער און, אָביעקטיוו גערעדט, איז אַ מענטש פון ווייטן אָריענט גאָר ניט געצוואונגען צו זוכן מיסטישע אָדער עטישע אַנטפּלעקונגען אין קריסטנטום. יענער טייל אַזיע (אינדיע, כינע און אפילו די „יונגערע" יאַפּאַן, וואָס איז אין אַזאַ גרויסער מאָס באַפרוכפּערט געוואָרן

פון אינדישן און כינעזיש־רעליגיעזן געניוס) פאַרמאָגט אַן עלטערע און אַ מער איינגעוואָרצלטע גייסטיקע ציוויליזאַציע, איידער דער קריסטלעכער אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנער וועלט־סעקטאָר. עס זיינען דאָרט פאַראַן טיפע און רייכע אייגענע מקורות, פון וועלכע עס לאָזט זיך נאָך אַ סך שעפּן. גאַנדי, למשל, טראָץ זיין גרויסן און אויפריכטיקן רעספּעקט פאַרן תנ״ך און פאַרן נייעם טעסטאַמענט, איז געבליבן דורך און דורך אַ הינדו און ער האָט קיינמאָל ניט געפילט, אַז אין קריסטנטום זאָלן זיין אַזעלכע פּאָזיטיווע עלעמענטן, וואָס ער זאָל אין דער אינדישער רעליגיעזער קולטור ניט קאָנען געפינען. ער איז שוין צענדליקער יאָרן שאָקירט און צעווייטאָגט פון דעם אינדישן קאַסטן־סיסטעם, אָבער אין אייגענע און היימישע רעליגיעזע מקורות האָט ער געפונען זיינעם אַן אָנשפּאַר אין קאַמף קעגן דער חרפּה פון הינדואיזם, קעגן סאָציאַלער דיסקרימינאַציע און דערנידעריקונג פון די „אונטערשטע״ קאַסטן. אַזאַ וועג פון „רייך ווערן פון די אייגענע קעשענעס״ איז אויך פאַר קאַגאַוואַ'ן אָביעקטיוו ניט געווען פאַר׳חתמ׳עט. אָבער ווער קאָן וויסן דעם דרך־הרוח? עס קאָן זיין, אַז אין קריסטנטום איז פאַראַן אַ ניואַנס, עפּעס אַן אייגנאַרטיקע אָקצענטירונג, עפּעס פּראַזשעקטאָרמעסיקס, וואָס וואַרפט אַ קאָנצענטרירטן שטראַל ליכט אויף אַ געוויסער ספערע פון לעבן, און דאָס האָט אויף קאַגאַוואַ'ן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. מאַרגאַרעט באַאומאַן דערציילט אין איר קאַגאַוואַ־ביאָגראַפיע, וועגן אַן אַמעריקאַנער לערער, ד״ר העגרי מאַיערס, וואָס זאָל האָבן משפּיע געווען אויף אים, אין זיינע צאַרטע יוגנט־יאָרן. אונטער דעם איינדרוק פון לאַנגע שפּאַציר־שמועסן מיט אים זאָל ער האָבן אָנגענומען דאָס קריסטנטום. ווייס איך ניט, ווער העגרי מאַיערס איז און אין וואָס זיין כח איז באַשטאַנען, אָבער וואָס איז דער אונטערשייד? מ׳מוז ניט זיין אַליין קיין באַדייטנדיקער מענטש, כדי אַרויסצורופן אין אַ גרויסער נשמה אַ קריזיס און דערנאָך אַ פייער פון עקזאַלטאַציע. פאַר אַ גרויסער גייסטיקער געשעעניש, ווי פאַר אַ שרפה אין אַ גיגאַנטישן מאַסשטאַב (ניטשע האָט עס אַמאָל געזאָגט וועגן דער אַנטשטייאונג און פאַרשפּרייטונג פונם גאַנצן קריסטנטום) איז אַמאָל גענוג אַ קליין שוועבעלע, אַ פונק וואָס איז פון ערגעץ־וואו צופעליק פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן און וואָס זיין ווירקונגס־פּעריאָד אויף אַ באַשטימטן, אויפנעם־פּייאיקן באָדן האָט געדויערט ניט מער ווי אַ סעקונדע. העגרי מאַיערס, קאָן זיין, איז אין קאַגאַוואַ׳ס לעבן געווען אַזאַ שוועבעלע אָדער פונק.

***

אַ פרומער קריסט ווי קאַגאַוואַ איז, האָט ער שוין לאַנג צוריק זיך אומגעקערט מיטן רוקן צום פאָרמעלן קריסטענטום, און ער פאַרמאָגט גענוג שאַרפע

ווערטער קעגן דער גייסטלאָזיקייט און צביעות פון די מייסטע קירך־אינסטי־טוציעס. ער האָט אַ שטיק צייט שטודירט אין אַ יאַפּאַנשיער מיסיאָנערן־שול, און זיינע אויסלענדישע פּאַטראָנען האָבן דערוואַרט, ער זאָל מיט דער צייט ווערן אַן אָפיציעלער גייסטלעכער — אַ גלח, אפשר גאָר אַ בישאָף. ער האָט זיי ביטער אַנטוישט. ער האָט אויך אין פּרינסטאָן שטודירט טעאָלאָגיע און אין זיין קעשענע ליגט אַ פּראָטעסטאַנטישע „סמיכה". אָבער פון אַמעריקע האָט ער צוריקגעבראַכט אַהיים מער אינטערעס פאַר סאָציאַלער הילף, פאַר קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, פאַר פּעדאַגאָגיק און פאַר די מעטאָדן צו פאַרבעסערן די וואוינונגס־באַדינגונגען פון די מאַסן, איידער פאַר טעאָלאָגישע חקירות. ער טראָגט אין זיך, רעדנדיק וועגן דעם ריין־רעליגיעזן אַספּעקט, צופיל נביא׳ישס, ער זאָל זיך אַנטשליסן אָנטאָן די בגדים פון אַ כהן און אַוועקגעבן זיין צייט פאַר כהונה־פליכטן. זיין קריסטנטום זוכט ער צו פאַרווירקלעכן אינם שאַפן פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פון פאַרמער־קאָאָפּעראַטיוון; אין סטרייקס פון פאַרט־אַרבעטער, אין וועלכע עס איז קיינמאָל ניט פאַראַן די מינדסטע שפּור פון פיזישער געוואַלט; אין דער פאַרשפּרייטונג פון אַ געזונטערע דיעטע, צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג; אין אַזאַ „פּראָזאַאישן" ענין, ווי פּראָפּאַ־גאַנדירן דאָס פאַרזייען פון סאָיאַ־בעבלעך, אַלס אַ געזונטע שפּייז און אָפּ־וועקסלונג פון רייז־מאַכלים; און אין זיין פלאַמיקער פּרעדיקונג פון אינטער־נאַציאָנאַליזם און אַבסאָלוטן פּאַסיפיזם. אַ מערקווירדיקע אינסטיטוציע איז יאָרנלאַנג געווען זיין אייגענע אָרעמע וואוינונג אין קאָבע: אין איינער און דער זעלביקער צייט איז זי געווען אַ שפּיטאָל, אַ שולע, אַ קירך, א בית־יתומים און אַ האָטעל פאַר היימלאָזע. איך דערמאָן זיך איצטער, ווי אויף זיין לעצטן באַזוך אין ניו־יאָרק, איז קאַגאַוואַ „נכשל" געוואָרן מיט אַן אויסדרוק. ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס ער לערנט מיט זיינע תלמידים — גאַסן־קינדער, גאַסן־פרויען, געוועזענע קרימינעלע פאַרברעכער, בעטלער, געשטראַנדעטע פּילגרימען, טובערקולאָזע זלבסטמאָרד־קאַנדידאַטן — האָט ער געוואָלט נוצן אַן אַמעריקאַניש־פאָלקסטימלעכן אויסדרוק: „איך לערן זיי דער עיקר די דריי ריש׳ן" (די דריי ריש׳ן אין אַמעריקע זיינען, כידוע, רידינג, ראַיטינג און „ריטמעטיק"). פונם ווייטערדיקן שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות. קיין „ריטמעטיק" לערנט ער זיי ניט, ווייל ער האַלט אַז דער יאַפּאַנישער פאָלקס־מענטש קען פון זיך אַליין געננג חשבון פאַר זיין עקאָנאָמישער אַרבעט; די דריטע „ריש" איז פאַר אים געווען — רעספּעקט: רעספּעקט פאַרן לעבן, פאַר דער נאַטור, פאַר מיטמענטשן, פאַר זיך אַליין, פאַר דער אייגענער נשמה, ווי צעבראָכן און זינדיק זי זאָל ניט זיין. הונדערטער און אפשר טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן שוין יאָרנלאַנג געלעבט מיט אַ געפיל פון טיפער פאַראַכטונג צו זיך אַליין, זיינען פון אים אַוועקגעגאַנגען

אויסגעהיילטע, ווידער אויפגעריכטע, „ווידער־געבוירענע", מיט אַ באַוואוסטזיין אַז יעדער פון זיי, מיט זיינע חטאים, מיט זיין „טמא׳דיקן" גוף און מיט זיינע שמאַטעס אויפן גוף, איז אַ שטיק משכן, אַ רעזידענץ־פּלאַץ פון גאָט אַליין. עס איז ניט געווען סתם קיין מליצה, ווען אַ באַקאַנטער יאַפּאַנישער געלערנ־טער, ווען איך האָב פּאַר צוויי־יאָרן באַגעגנט אין ענגלאַנד, האָט מיר גע־געבן די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון יאַפּאַנישן קריסטנטום: „ביי אונז זיינען פאַראַן צוויי מינים קריסטן: רייז־קריסטן (דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס גייען איבער צוליב די פּעקלעך רייז וואָס די אויסלענדישע מיסיאָנערן טיילן־אויס) און קאַגאַוואַ־קריסטן — אמת׳ע, עכטע, אַזעלכע, וואָס, איך האָב די העזה צו זאָגן, זיינען ניט פאַראַן ניט אין ענגלאַנד און ניט אין אַמעריקע".

***

קאַגאַוואַ, מעג מען זאָגן, איז פון שורש־נשמה מיט טאָלסטאָי׳ען און גאַנדי׳ן. ער איז אָבער אַ סך פּשוט׳ער אין זיין נאַטור, סיי פונם רוסישן קינסט־לער און גאָט־זוכער און סיי פונם אינדישן בעל־מוסר און פּאָליטיקער. ער איז פּסיכאָלאָגיש ווייניקער קאָמפּליצירט, גאַנצער, כמעט אָן אינעווייניקסטע ראַנגלענישן. אפשר צוליב זיין פשטנות איז ער ניט אַריינגעפאַלן אין יענע פּסעוודאָ־רעליגיעזע און פּסעוודאָ־עטישע עקסטרעמען, מיט וועלכע יענע האָבן זיך אויסגעצייכנט. ער איז אַ גרויסער פאַרערער פון וויסנשאַפט און טעכניק, און אין היפוך צו זיי גלויבט ער, אַז די מאַשין איז אין תוך אַ באַ־פרייאונג, ניט קיין פאַרשקלאַפונג פון דער מענטשהייט. אַזוי, גלויבט ער, האָט נאָך ניט גענוג געלערנט פון אייראָפּע און אַמעריקע, אויפן געביט פון טעכניק, מעדיצין און סאָציאַלער היגיענע. דער לאָקאָמאָטיוו, וועגן וועלכן גאַנדי האָט עטלעכע מאָל זיך אויסגעדריקט, אַז זיין רויך האָט פאַרטריבן די געטער פון די וועלדער, איז פאַר קאַגאַוואַן ניט קיין חילול־השם, נאָר אַ ברכה. ער גלויבט אין אַ רעליגיעז־עסטעטישער וועלט, וואָס אין איר קאָן די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע ווערן אַ גרויסער אַרויסהעלפער, ניט קיין שטערער. ער פּרעדיקט ניט קיין תעניתים און ער טרוימט וועגן אַזאַ עולם־הזה׳דיקער זאַך ווי חזיר־פליישׁ אויפן טיש פון יעדער יאַפּאַנישער פאַמיליע. ער איז אויף זיין אופן אַ קאָנסעקווענטער רעפאָרם־סאָציאַליסט און ער געפינט אין רע־ליגיע, ספּעציעל אין קריסטנטום, אָן אָנרעג פאַר ווירטשאַפטלעכן פּראָגרעס און סאָציאַלער באַנייאונג. פאַרשריען פון פאַרשיידענע זייטן ווי אַ שונא פונם פאָטערלאַנד, גלויבט ער אין דער צוקונפט פון יאַפּאַן, כאָטש ער קאַרגט ניט קיין ווערטער פון שאַרפער קריטיק ווען ער רעדט און שרייבט וועגן איצטיקן מצב פון לאַנד: „דער דורכשניטלעכער יאַפּאַנער איז לעצטנס גע־וואָרן אַ ראָבאָט; מיין פאָטערלאַנד איז איצט פאַרפעסטעט מיט מעכאַנישקייט

און קנעכטישער דיסציפלין; יאפאן איז איצטער גייסטלאז און זינדיק; אלץ וואס איז גרויס און דערהויבנדיק, רעליגיע, פילאזאפיע, קונסט, ליטעראטור, דער אלף־בית, איז צו אונז אמאל געקומען פון כינע — באצאלן מיר איצטער דעם כינעזישן פאלק מיט באמבעס, מיט פרויען־פארניכטונג און קינדער־מארד". ער איז אבער ווייט פון יאוש. צוויי סכנות, טענה'ט ער, לויערן איצט אויף יאפאן: דער מאטעריאליסטישער קאמוניזם, מיט וועלכן רוסלאנד קאן אין א געוויסער סיטואציע פארפלייצן דאס לאנד, און דער גאסטפריינטלעכער היימישער מיליטאריזם. ער וויל אבער גלויבן, אז אין זיין פאלק זיינען נאך פאראן געגנוג לעבנס־אויפבויענדיקע כוחות, אונטערדריקטע, דרימלענדיקע, וואס וועלן מיט דער צייט ארויפקומען אויף דער אויבערפלאך פון דער ווירק־לעכקייט און גובר זיין ביידע סכנות. די דאזיקע כוחות ארויסצורופן און צו מאביליזירן, באטראכט ער פאר זיין לעבנס־אויפגאבע, און צוליב דער אויפ־גאבע קלאמערט ער זיך מיט אלע כוחות אן יעדן שטרויעלע, וואס קאן אים דינען ווי א שטיקל אחיזה. ער ווינטשט זיך אריכות־ימים. ער איז כמעט בלינד און מוז דיקטירן זיינע ביכער און ארטיקלען, זיינע אויגן זיינען אויפ־געפרעסן פון א טראכאמע־ענלעכער קראנקהייט (ער האט זיך אנגעשטעקט צוריק מיט יארן פון א קראנקן „טרעמפ", מיט וועמען ער האט א פאר ווינטער־נעכט געטיילט זיין בעט), אין משך פון איין יאר האט ער געליטן פון ניין בלוט־שטורצן (ער האט זיין טובערקולאז ביז היינט ניט געקאנט אויסהיילן, אבער ווען מען פרעגט אים, ווי עס גייט אים אין געזונט, האט ער בלויז איין ענטפער: שלעכט, אבער איך האב ניט קיין צייט צו שטארבן. ווער עס וויל מעג לאכן דערפון — דאקטוירים פון א געוויסער שול לאכן שוין ניט פון אזעלכע דערקלערונגען — אבער א מענטש קאן אמאל איבערכיטרעווען די מעדיצינישע וויסנשאפט און לעבן א סך לענגער, וויפיל זי „דערלויבט" אים, אויב ער איז טאקע זיכער אין זיך, אז ער איז צו פארנומען און ער „האט ניט קיין צייט צו שטארבן".

די יאפאנישע רעגירונג נעמט איצטער צו זיין צייט אויף איר אופן: זי האט אים פארשפארט אין תפיסה, געמאכט אים „אומשעדלעך". אבער ווער ווייס? עס קאן זיין, אז אן ארעסטירטער קאגאווא זאל מיט דער צייט ווערן געפערלעכער פאר דער מיליטערישער אליגארכיע פון יאפאן איידער א פרייער. אזעלכע „משונה'דיקע" זאכן האבן שוין ניט איינמאל פאסירט...

*****

איך ווייס ניט, וויפל אנהענגער און תלמידים קאגאווא פארמאגט אין יאפאן. אבער אויב יאפאן זאל אפילו זיין איצטער סדום, איז גענוג דער פאקט, וואס דאס לאנד פארמאגט איין קאגאווא, אז די השגחה זאל עס ניט וועלן אומברענגען.

1940

# דער כוח פון אַ תענית

"It seems as if God has been dethroned. Let us reinstate Him in our hearts."
—GANDHI.

אין דער תפיסה פון אַ פּראָווינציעל אינדיש שטעטל, האָט גאַנדי גוזר תענית געווען אויף זיך אַליין, כדי אויסצוקעמפן דורך תפילה און סיגופים אַן אָנהויב פון מענטשלעכע רעכט פאַר זעכציק מיליאָן היסטאָריש פּאַרפּייניקטע, פון דור צו דור פון ווערדע באַרויבטע, מיטמענטשן און ברידער.

פאַר גאַנדי׳ן איז ניט אינגאַנצן ניי זיך צוצעבונטעווען אין תפילה, צו רעוואָלטירן דורך סיגופים, דורכצופירן אַ געוואַגטן עקספּערימענט פון דיקטאַטור דורך אַסקעטיזם. אַזוי האָט דער מאַהאַטמאַ אַרויפגעצוואונגען זיין „מאַכט" צוריק מיט עטלעכע יאָר, ווען הינדוסן און מוסולמענער האָבן געזוכט אויסצוגלייכן זייערע מחלוקת׳ן דורך פייער און שווערד. ווען גאַנדי האָט דערזען, אַז ביידע צדדים ווערן אַלץ מער און מער ברוטאַליזירט, אַז מענטשלעך בלוט ווערט ווערטלאָז און זיין וואָרט צו זיי האָט מער שוין קיין השפעה ניט, האָט ער אָנגעווענדעט זיין לעצט מיטל, געריכטעט זיין וואָרט צו אים, צו זיין פאָטער אין הימל. ניינצן טעג תפילה און תענית זיינען געווען דאָס דיקטאַטאָרישע „געווער", מיט וועלכן גאַנדי האָט דענסמאָל געצוואונגען ביידע צדדים אָפּצושטעלן דעם ברודער־קאַמף און מאַכן שלום. אויך דענסמאָל, ווי איצט, זיינען געווען תלמידים און פריינט, נאָכפאָלגער און בלוט־אייגענע, וואָס האָבן זיך ביי אים געבעטן מפסיק צו זיין דעם תענית, ניט צו זיין אַזוי „גרויזאַם" מיט די, וואָס ער האָט ליב, און אויך דענסמאָל האָט ביי אים ניט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן „זיך אונטערגעבן", וועגן אַרונטערפאַלן אונטער דער השפעה פון באַוויזן, אַז ער טאָר ניט ריזיקירן מיט׳ן לעבן, ווייל זיין לעבן געהערט דעם פאָלק, דעם כלל. גאַנדי האָט שטענדיק געוואוסט און געדענקט, אַז ווען אַ מאַן וויל אויסגלייכן די חשבונות מיט זיין באַשעפער, איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין דריטער צד, מיט וועמען ער זאָל זיך קאָנען אַן עצה האַלטן, אַז מענטש און גאָט מוזן דענסמאָל שטיין אַליין איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן — „פּנים אל פּנים". זיין רעליגיע האָט אים געלערנט, אַז שטענדיק, ווען מען שטייט פאַר אַן אומגליק, וואָס קאָן ניט באַזייטיקט ווערן דורך „שכל׳דיקע" מענטשלעכע אָנשטרענגונגען, מוז מען פאַסטן און דאַוונען, און די דאָזיקע לערע איז פאַר אים ניט סתם אַ נוסח אָדער אַ דאָגמע; זי איז פאַר אים אַ „תורת חיים", אַ טייל פון זיין איך.

יאָ, זיין רעליגיע האָט עס אים געלערנט. אָבער קאָן ער עס געבן אויך

אונז צו פאַרשטיין   אונז, ניט־גלויביקע, אַנדערש־גלויביקע, מענטשן פון אַן אַנדער קולטור, פון אַן אַנדער נשמה־געבוי? האָט ער עס געקאָנט ראַציאָנאַליזירן פאַר זיינע מיטמענטשן אין אינדיע גופא? ער איז ווייט פון צו זיין אַן ערשטקלאַסיקער דיאַלעקטיקער (ניט אין דעם באַשטייט זיין גרויסקייט), און אָפטמאָל „שטאַמלט" ער, ווען עס קומט אים אויס אַנצורירן טעאָלאָגישע ענינים. זיין באַציאונג צום הינדואיזם, צו דער רעליגיעזער ירושה פון זיין פאָלק, איז „אומסיסטעמאַטיש", פון אויבן אויף פול מיט ווידערשפּרוכן — אַן ערך די זעלביקע באַציאונג, וואָס לאָזט זיך אַרויסלייענען פון דער פאַרגאַנגענהייט מצד ישו הנוצרי צו דער אידישער רעליגיעזער ירושה: רעוואָלוציאָנער אין דענקען, קאָנסערוואַטיוו אין דער אויפפאַסונג פון „מצוות מעשיות", אַגרעסיוו און איבערקערעריש, און אין דער זעלביקער צייט גורלדיק צוגעבונדן צו אַן אַלטער ראַם, צו אַ פאַרצייטיקן מנהג. אָבער דערנאָך, ווען מיר הערן זיך נענטער צו צו דעם, וואָס ער האָט אַזוי „ניט־סיסטעמאַטיש", אַזוי „ניט תלמיד־חכמ'דיק" געשריבן, הויבן מיר אָן ביסלעכווייז צו באַגרייפן דעם אינעווייניקסטן זין פון גאַנדי'ס תעניתים.

גוזר־תענית זיין איז פאַר אים, קודם כל, אַ מין איינפירן פאַר זיך אַן אייגענעם, אַ פערזענלעכן, ימים נוראים־פעריאָד, אַ פעריאָד פון תשובה טאָן, פאַר וועלכע זינד? פאַר זיין על חטא־שלאָגן זיך איז ניט פאַראַן קיין באַשטימטע רשימה פון קאָנקרעטע חטאים, וואָס ער זאָל האָבן באַגאַנגען. אויב ער זאָל אַפילו ניט געדענקען קיין איין באַשטימטע עבירה אין זיין לעבן, איז ער סיי ווי סיי, ערגעץ־וואו, אין לעצטן סך־הכל, שולדיק, עבריניש, זינדיק. ער ווייסט אַ גאַנץ לעבן אַז אַלע הייליקע זיינען זינדיק, אַלע דאַרפן זיי אַ תיקון און אַ תשובה, יעדער דאַרף ביי אַלעמען בעטן מחילה — אַזוי ווי עס האָט געטאָן (אין דאָסטאָיעווסקי'ס „קאַראַמאַזאָווס") דעם זקן זאָסימאַ'ס אינגערער ברודער: אויפגעפרעסן פון טובערקולאָז־באַצילן, קיין פליג אויף דער וואַנט ניט געטשעפּעט, און גרייט צו קניען ווי אַ זינדיקער פאַר די מערעשקעס אויפן פעלד, פאַר די פייגל אין דער לופט.

גאַנדי'ס תענית איז, פאַר אַלעמען, אַ תשובה טאָן — ניט פאַר זיינע זינד, נאָר פאַר זיין זינדיקייט. אויב די העכערע קאַסטן אין אינדיע קוקן נאָך אַלץ פון אויבן אַראָפּ, מיט רעליגיעזער פאַראַכטונג און פיזישן עקל, אויף זעכציק מיליאָן באַשעפענישן, וואָס טראָגן אויף זיך דעם צלם־אלהים, אויף די „אומבאַרירבאַרע"; אויב די „אומבאַרירבאַרע" אַליין טראַכטן נאָך אַלץ וועגן אויסנוצן די האַנט פונ'ם בשותפות'דיקן אונטערדריקער, כדי צו פאַרלייכטערן זייער לאַגע און טראָגן אין זיך קנאה־שנאה און נקמה־געפילן; אויב די צוויי צדדים פון קריוודער און געקריוודעטע קאָנען נאָך אַלץ ניט שלום מאַכן און געפינען אַ ווירקזאַם מיטל קעגן אַ היסטאָרישן הויקער — איז

אין דעם מיטשולדיק אויך ער אַליין, שולדיק אפשר פאַר אַלעמען און מער פון אַלעמען. אמת, ער האָט יאָרנלאַנג געקעמפּט מיט וואָרט און טאַט פאַר זייער רעכט און מענטשלעכער ווערדע; ער האָט אַדאָפּטירט אַ קינד פון די פאַרשטויסענע און „אומבאַרירבאַרע“ און עס געמאַכט פאַר אַ גלייכבאַרעכטיקטן און גלייך־געליבטן מיטגליד פון זיין פאַמיליע; ער האָט ניט איין מאָל תפילה געטאָן, אַז אויב עס איז אים באַשערט נאָכאַמאָל געבוירן צו ווערן, קומען אין דער וועלט אין אַ נייעם גילגול, זאָל ער געבוירן ווערן אַ „טשאַנדאַלאַ“, פון און צווישן די אומבאַרירבאַרע; ער איז געגאַנגען אַזוי וויט ווי צו דערקלערן, אַז ענגלאַנד׳ס שווערער יאָך איז אפשר אַ פאַרדינטער עונש, אַ גערעכטע אָפּקומעניש פאַר אינדיע׳ס היסטאָרישער חרפּה, פאַר איינפירן דעם באַגריף פון „אומבאַרירבאַרקייט“, פאַר דעגראַדירן אייגן בלוט און פלייש ביז צו דער נידעריקסטער מדרגה און נאָכדעם זיי פאַראַכטן ווייל זיי זיינען דעגראַדירט. דוכט זיך, וואָס האָט ער נאָך געדאַרפט און געקאָנט טאָן, כדי צו האָבן אַ ריין געוויסן? און דאָך איז ער זינדיק — זינדיק דערפאַר, וואָס ווען ער וואָלט דאָס אַלץ געמיינט מיט דעם לעצטן ערנסט און מיט דער אַבסאָלוטער אויפריכטיקייט, ווען אין אים וואָלט טאַקע ניט געבליבן קיין שמץ פון דער באַציאונג צו די „טשאַנדאַלאַס“, מיט וועלכער עס צייכנט זיך אויס זיין העכערע קאַסטע, ווען דאָס פייער פון פּראָטעסט וואָלט אין אים געברענט העלער, צאָרנדיקער, ווען זיין פּנים וואָלט טאַקע באמת געפלאַמט פון חרפּה פאַר דער באַליידיקונג פונם געטראָטענעם און פאַרשפּיגענעם מענטשן אין אינדיע — וואָלט זיין וואָרט שוין לאַנג געמוזט אויסאיבן השפּעה און זיין טאַט שוין לאַנג ברענגען פּרוכט. אויב דאָס איז ניט געשען, איז עס דערפאַר, וואָס ער איז ניט געווען גענוג עכט, גענוג מיטליידנדיק, גענוג ליבנדיק, דערוואַקסן ביז צום אידעאַלן איך אין זיך אַליין — און דערפאַר שולדיק, זינדיק. אָט די זינדיקייט האָט גאַנדי אויך דאָס מאָל געוואָלט אויסקויפן, מכפּר זיין מיט זיין נייעם תענית. און זאָל עס אויסזען ווי פּאַראַדאָקסאַל (רעליגיעז לעבן איז פול מיט אַזעלכע פּאַראַדאָקסן) איז זיין תענית, אין איינער און דער זעלביקער צייט אי אַ „אָשמנו־בגדנו“־קניען פאַר זיין גאָט, אי אַן אַרויספאָדערונג צו אים, אַ מין רב־יצחק־לוי־בערדיטשעווער׳ס „גוזר־זיין“ אויף דעם אויבערשטן: דו מוזט העלפן ווייל דו קאָנסט און איך קאָן ניט, מיט תפילה און מיט פאַסטן וועל איך דיך „צווינגען“ צו העלפן...

אַלע אין אינדיע האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיין תענית איז אַ „דיקטאַטאָריש“ מיטל אָנגעווענדט אויף יענע אין אינדיע, וואָס האָבן אים ליב, וואָס זעע־עין אים די פאַרקערפּערונג פון אַ מאָראַלישער וועלט־קראַפט, אַ הייליקן, דעם „מאַהאַטמאַ“. ווי אַזוי האָט ער עס אַמאָל פאָרמולירט אין זיין „יאָנג אינדיע“? מיט פאַסטן האָט אַ זין זיך צו באַנוצן נאָר קעגן אַ ליבהאָבער, ניט

כדי אַרויסצורייסן ביי אים הנחות, נאָר כדי אים אויסצובעסערן. אַזוי פאַסט אַמאָל אַ זון וואָס וויל, אַז זיין פאָטער זאָל אויפהערן שיכור'ן. „איך האָב געפאַסט נאָר צוליב דעם, איך זאָל אויסבעסערן יענע וואָס האָבן מיך ליב". פון דעם שטאַנדפונקט איז זיין תענית אויך דאָס מאָל געווען אַ מין „ספעקולאַציע" אויף ליבע צו אים, אַ געוואַגטער פסיכאָלאָגישער און מאָראַלישער עקספערימענט: אויב מען וועט מיך לאָזן שטאַרבן פון הונגער, וועט עס זיין אַ סימן, אַז איך האָב זייער ליבע ניט געקאָנט געווינען; אויב מיינע סיגופים וועלן ניט אויפוועקן אין זיי די דרימלענדיקע מאָראַלישע קרעפטן, וועט עס זיין אַ סימן, אַז איך בין ניט דער ריכטיקער וועקער, ניט דער אמת'ער שליח צום פאָלק, ניט דער, אויף וועמען דאָס פאָלק האָט געווארט. דאָס איז נאָכאַמאָל געווען אַן עקספערימענט, אין וועלכן די טיפסטע עניוות און זעלבסט-דערנידערונג האָט זיך צוזאַמענגעפאַרט מיט אַ הויכער אָפּשאַצונג פון זיין אייגענער פערזענלעכקייט.

דער עקספערימענט איז געלונגען, דאָס אייגנאַרטיקע „דיקטאַטאָרישע" מיטל האָט אויך דאָס מאָל געווירקט, און מיטן כוח פון זיין תענית האָט ער געבראַכט דערצו, אַז די שטרייטנדיקע צדדים האָבן צווישן זיך שלום געמאַכט, און די „אומבאַרירבאַרע" האָבן געוואונען אַ סך מער, ווי די „פּראָטעקציע" פון דער ענגלישער רעגירונג האָט זיי געקאָנט געבן. ווי אַ צייכן פון דער קומענדיקער גלייכבאַרעכטיקונג האָבן זיך אין אינדיע צום ערשטן מאָל אין טויזנטער יאָרן געעפנט טירן פון טעמפלען פאַר די טמאים און „אומבאַרירבאַרע".

מיט'ן כוח פון זיין תענית האָט גאַנדי דורכגעבראָכן אַן אייזערנע היסטאָרישע וואַנט, געמאַכט אַ התחלה פון אַ מין „יציאת-מצרים" פאַר זעכציק מיליאָן אינדישע שקלאַפן. אָן ביקסן און קאַנאָנען, ניט האָבנדיק געקרימט אַ האָר אויף אימיצנס קאָפּ, האָט גאַנדי מיט זיין תענית אַרויסגערופן אַ התחלה פאַר איינער פון די גרעסטע רעוואָלוציעס פון אונזער צייט.

וואָס זשע איז פאָרגעקומען אויף דעם הויף פון דער יעראָוודא-תפיסה, אונטערן געדיכטן שאָטן פון אַ מאַנגאָ-בוים? אַן עפּיזאָד אָדער אַ נס? אָדער גאָר אַן אָנזאָג פאַר אַ נייער עפּאָכע אין דער ליידנס-געשיכטע פון דער וועלט, אַ „פריילעכע בשורה" פון אַ רעוואָלוציע אין גייסט, אַ נשמה-אויפבליץ פונם צוקונפטס-מענטשן? קאָן מען טאַקע באַוועגן די געשיכטע אָן האַרמאַטן און אָן בלוט? קאָן טאַקע געמאָלט זיין אַ „תענית-דיקטאַטאָר"? איז גאַנדי בלויז אַ שטיק עקזאָטיק אָדער עס קאָנען געבוירן ווערן נביאים אין פּאָליטיק — אויך ביי אַנדערע פעלקער? זיינען לענדער און ראַסן גרייט מקבל פנים צו זיין זייערע גאַנדיס, אויב זיי זאָלן קומען, אויב זיי זאָלן נתגלה ווערן, אָדער, ווי אַמאָל, ווי אין אוראַלטע צייטן, זיינען אויפסניי אָנגעגרייט פאַר זיי קללות, שטיינער, מלקות, תליות?..

1932

# גאַנדי — אַ בן שבעים

אין אַ געוויסן זין, איז גאַנדי היינט די מעכטיקסטע פיגור פון אונזער דור. עס זיינען פאַראַן הערשער, וואָס פאַרמאָגן גרויסע מאַכט־מיטלען און אינ־סטרומענטן, כדי צו צווינגען מיליאָנען מענטשן צו האַנדלען לויט זייערע באַ־פעלן. עס זיינען פאַראַן דיקטאַטאָרן, וואָס זיינען אפשר בכוח צו ברענגען אין משך פון קורצע עטלעכע שעה גרויסע, מיליאָנקעפּיקע מאַסן אין מילי־טערישער באַוועגונג. גאַנדי איז אָבער דער איינציקער „דיקטאַטאָר", וואָס אַ גרויסער טייל פון זיין פאָלק איז גרייט צו האַנדלען לויט זיין ווילן — ניט מחמת מורא, נאָר מחמת ליבע. ער פאַרמאָגט ניט אין זיין רשות קיין איינציקע ביקס, און אין גאַנץ אינדיע איז ניט פאַראַן קיין איין סאָלדאַט אָדער פּאָלי־ציסט, וואָס זאָל זיין מחויב דורכצופירן זיינעם אַ באַפעל. גאַנדי'ס ווילן איז אָבער נאָך ביזן היינטיקן טאָג פאַר מיליאָנען הינדוסן און מאַכמעדאַנער אַן אומגעהייער גרויסע, באַוועגנדיקע און צוריקהאַלטנדיקע קראַפט, און אין די לעצטע צוואַנציק יאָר איז ער געווען די אימפּאָזאַנטסטע פיגור אין סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן פון אינדיע. אויף דער אָפיציעלער טריבונע קאָן מען דאָרט זען פון צייט צו צייט נייע און אינגערע פירער, אָבער אַזוי לאַנג ווי גאַנדי לעבט, בלייבט ער דער אורים־ותומים, דער אָראַקל, פאַרן רוב מנין און רוב בנין פון דער פּאָליטיש־וואַכער באַפעלקערונג פון זיין לאַנד.

אין וואָס באַשטייט זיין כוח? וואו ליגט דער סוד פון זיין היפּנאָטישער ווירקונג אַפילו אויף די וואָס באַרימען זיך, אַז זיי האָבן זיך שוין לאַנג באַפרייט פון זיין השפעה? פאַרוואָס גלויבן טאַקע אַזויפיל מיליאָנען מענטשן ביזן היינטיקן טאָג, אַז אין דער פּערזאָן פון גאַנדי האָט זיי די השגחה מזכה געווען ניט סתם מיט אַ פּאָליטישן אָדער סאָציאַלן פירער, נאָר מיט אַ „מאַהאַטמאַ" — אַ גרויסן גייסט, אָדער גאָר אַ חלק פון דער גאָטהייט, פאַר־קערפּערט אין אַ ניינציק־פונטיקן קנויל פון פלייש און בלוט? פאַרוואָס האַלט מען, טראָץ זיינע אומצייליקע און אויפריכטיקסטע פּראָטעסטן, זיין בילד אין אַזויפיל הייזער און פויערשע שטיבלעך כמעט ווי אַ איקאָנע?

ער האָט זיך באַרימט געמאַכט פריער אין דרום־אַפריקע און נאָכדעם אין אינדיע ווי אַ גרויסער פּאַטריאָט, ווי אַ קעמפער פאַר אינדישער נאַציאָ־נאַלער באַפרייאונג. אָבער איז ער דען אין אינדיע דער ערשטער לערער פון פּאַטריאָטיזם? זיינען דען דאָרט ניט געווען פאַר אים ניט־ווייניקער

פייערדיקע נאַציאָנאַליסטן? פאַרוואָס איז דאָרט אַזוי שנעל פאַרגעסן געוואָרן דער נאָמען פון טילאַק, וואָס האָט אין זיין צייט געהאַט אַזאַ גרויסע השפעה אויף דער אינטעליגענציע און יוגנט, און וואָס אין אים האָבן אַ טייל געוואָלט זען אַן אינדישן גאַריבאַלדי און אַנדערע — אַן אינדישן לענין?

און אַנאַליזירט מען דעם כאַראַקטער פון גאַנדי'ס נאַציאָנאַליזם, זעט מען, אַז ער וואָלט גאָר געדאַרפט משפיע זיין די סאַמע קאָנסערוואַטיווע, גייסטיק־אָפּגעשלאָסענע און צוריקגעשטאַנענע עלעמענטן פון דער באַפעל־קערונג. זיין פאַטריאָטיזם איז אין אַ גרויסער מאָס פאַרשפּעטיקטע רעאַקציאָ־נערע ראָמאַנטיק, און די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ער האָט יאָרנלאַנג געפירט פאַר „אינדיע'ס אייגענעם וועג", האַרמאָנירט ניט אינגאַנצן מיט זיינע רעליגיעזע און עטישע אָנשויאונגען.

אַרום גאַנדי'ס נאָמען איז געשאַפן געוואָרן אַ לעגענדע: דער גאַנצער מענטש, דער מענטש אָן קאָנפליקטן און פשרות, איינער פון די וויניקע, ווי מ'האָט אונז געוואָלט איינרעדן, וואָס פאַרמאָגט דעם נויטיקן מאָראַלישן און אינטעלעקטועלן כוח צו בלייבן שטענדיק געטריי זיינע גרונט־פּרינציפּן. אַ טייל פון זיינע אייראָפּייאישע חסידים, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ באַדערפעניש אים צו אידעאַליזירן אין אַ באַשטימטער ריכטונג, האָבן אין אים געוואָלט זען כמעט אַן אַבסאָלוט־האַרמאָנישע פּערזענלעכקייט. אינדער'אמת'ן איז אָבער גאַנדי אויך איצטער, ווען ער איז שוין אַ בן־שבעים, נאָך אַלץ אַ טראַגיש־צעריסענער מענטש, ווייט פון שלמות און האַרמאָניע, אָפּטמאָל אין אַ שווע־רען קאַמף מיט זיך אַליין. באַזונדערס קלאָר קאָן מען זען זיין ניט־האַרמאָניש־קייט, ווען מען שטעלט צום עקזאַמען זיין נאַציאָנאַליזם און באַזונדערס די פּועל־יוצא'ס, וואָס ער האָט פון אים געמאַכט.

צוליבן אינדישן נאַציאָנאַליזם, וועלכן ער האָט באַשלאָסן צו דערפירן ביז צום עקסטרעם, האָט ער ניט איינמאָל אין זיין לעבן פאַרראַטן זיך אַליין. אין זיינע פריע, יונגלשע יאָרן האָט ער אינאיינעם מיט אַ גרופּע חברים געטרוימט וועגן אינדיע'ס פּאָליטישער באַפרייאונג דורך אַ באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד. אין יענעם פעריאָד האָט ער זיך געלאָזט איינרעדן, אַז כדי צו זיין בכוח אַרויסצואוויזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד קעגן ענגלאַנד'ס ממשלה, באַ־זונדערס אַ מיליטערישן ווידערשטאַנד, מוז מען אין אינדיע אָנהויבן עסן פלייש, און וואָס מער פלייש. די ענגלענדער זיינען מעכטיק און זיי איז גע־לונגען אויפצובויען אַ וועלט־אימפּעריע, ווייל זיי זיינען משנים קדמוניות גרויסע פלייש־עסער; אינדיע איז פאַרשקלאַפט געוואָרן דערפאַר, אָדער צום טייל דערפאַר, וואָס מחמת רעליגיעזע מאָטיוון האָבן דאָרט צענדליקער מיליאָנען מענטשן שוין דורות־לאַנג ניט פאַרזוכט דעם טעם פון בשר ודגים. איז עס אַ פּאַטריאָטישע מצווה צו ווערן אויס וועגעטאַריער, און אויב אַ מצווה,

דאַרף ער זי דער ערשטער מקיים זיין. האָט ער זיך איינגעשאַפּט מיט דער הילף פון חברים אַ שטיקל ציגן־פליש און מקיים געווען די נייע מצוה. וואָכן־לאַנג, ווי ער האָט אַמאָל דערציילט אין זיינער אַן אויטאָביאָגראַפישער סקיצע, האָט ער אָבער נאָכדעם ניט געקאָנט שלאָפן. ביינאַכט פלעגט אים נאָכגיין אַ שטראָפנדיקע שטים: „מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט? פאַרוואָס האָסטו מיך געגעסן? איך בין דאָך געווען פונקט אַזאַ לעבעדיק באַשעפעניש ווי דו, מיט אַ נשמה, מיט פרייד און טרויער, מיט אַ ווילן צום לעבן און מיט פחד פאַרן טויט". דאָס האָט דאָס ציגעלע אַרויסגערעדט פון זיין מאָגן און אים דערמאָנט אָן דעם ערשטן גרויסן חטא, וואָס ער איז באַגאַנגען מחמת פאַטריאָטישער התלהבות.

איך האָב געבראַכט דעם דאָזיקן טשיקאַווען פאַקט פון זיין פריער יוגנט ווי אַן אילוסטראַציע פאַר דעם געראַנגל אין זיין נשמה צווישן רעליגיע און נאַציאָנאַליזם. בודאַ זאָגט: „דו זאָלסט ניט טויטן ניט קיין מענטשן, ניט קיין חיה און ניט קיין פיש", און דער נאַציאָנאַליסטישער רעוואָלוציאָנער טילאַק לאַכט זיך אויס דערפון און הייסט מאָרדן מענטשן, וואַרפן באָמבעס, פאַרגיפטן גענעראַלן, און אויב מ׳דאַרף צוליב דעם עסן פליש, איז עס אַ מצוה, ניט קיין עבירה. און עס איז כלל ניט קיין צופאַל, וואָס אין אַ געוויסן פעריאָד פון זיין לעבן ווירקט אויף אים טילאַק שטאַרקער פון בודאַ.

אמת, גאַנדי האָט אין זיינע רייפע יאָרן זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּגעזאָגט פון דער אידייע, אַז אינדיע קאָן און מעג באַפרייט ווערן אויף דעם וועג פון „כל הגויים", דורך פיזישער קראַפט און באַוואָפנטע אויפשטאַנדן. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז זיין אינדישער נאַציאָנאַליזם האָט אויפגעהערט צו זיין פאַר אים אַ מקור פון קאָמפּראָמיסן, שווערע אומקאָנסעקווענטקייטן און געפערלעכע אַוועקבלאָנדזשעניש.

ווייל דער עיקר דורך עקסטרעמען און קראַנקהאַפטיקן נאַציאָנאַליזם קאָן מען דערקלערן זיין רעאַקציאָנערע פילאָזאָפיע פון קולטור. זינט דעם סוף פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט האָט אייראָפּע געהאַט גענוג קריטיקער און „אַראָפּרייסער" פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. זשאַן זשאַק רוסאָ און שאַטאָבריאַן האָבן געשטעלט דעם טאָן אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, און נאָך זיי האָבן כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער זיך באַוויזן פאַר־ביסענע קעגנער פון טעכנישער ציוויליזאַציע, פון שטאָטישן לעבנס־נוסח, פון פּראַקטישער וויסנשאַפט און מאָדערנער קונסט. אין לעצטן דור האָט דעם גרעסטן אַנטי־ציוויליזאַטאָר אַרויסגעגעבן רוסלאַנד: יאָרנלאַנג האָט טאָלסטאָי געפירט אַ מין צו־להכעיס־פּראָפּאַגאַנדע קעגן שטאָט און פאַבריקאַציע, קעגן שעקספּיר און בעטהאָווען, קעגן וויסנשאַפטן, וואָס „קיינער דאַרף זיי ניט האָבן", און, דער עיקר, קעגן מעדיצין. דעם דאָזיקן מאָטיוו פון „צוריק

צו פראַסטקייט״ האָט גאַנדי אַמאָל אויפגעכאַפּט ביי טאָלסטאָיען, און ער האָט זיך געפרייט, ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן ענלעכע געדאַנקען ביי וויליאַם מאָריס און ביי דעם ניו־ענגלענדער טאָראָ. גאַנדי האָט אָבער מיט דער צייט דערפירט דעם דאָזיקן געדאַנקען־גאַנג אַ סך ווייטער פון זיינע פאָרגייער, און קיינער פון זיי קאָן זיך מיט אים ניט פאַרגלייכן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ליידנשאַפטלעכער שנאה צו דער מאָדערנער אייראָפּיי־אישער ציוויליזאַציע. אין זיין קאַמף קעגן ציוויליזאַציע איז רוסאָ געווען דער עיקר אַ ראָמאַנטישער אינדיווידואַליסט; ווער עס וויל פּראָוון צופיל יחידות און התבודדות, פּאַסט זיך ניט אַריין אין דעם ריטם פון מאָדערנעם אינדוסטריאַליזירטן לעבן. טאָלסטאָי האָט אידעאַליזירט דעם „פּראָסטאַק״ און דאָס „פּראָסטאַצקע״ לעבן מחמת אייגנאַרטיקע רעליגיעזע מאָטיוון: „בזעת אפיך תאכל לחם״, דאָס לעבן טאָר גאָר ניט אָנקומען לייכט; אָרעמקייט איז ניט נאָר ניט קיין שאַנד, נאָר אַפילו אַ יחוס, און אויב עמעצער אין אונזער זינדי־קער וועלט איז בכוח צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס און צווישן שיינקייט און העסלעכקייט, איז דאָס קודם־כל דער פּויער, וועמען טאָלסטאָי האָט אַזוי מקנא געווען צוליב זיין שורש׳דיקייט, צוליב זיין אינעווייניקסטער איינגעפונדעוועטקייט אין דער וועלט.

ניט רוסאָ, ניט טאָלסטאָי און ניט דער אַמעריקאַנער טאָראָ האָבן געהאַט וועלכע ניט איז נאַציאָנאַלע אָדער ראַסן־מאָטיוון פאַר זייער קאַמף קעגן דער קולטור פון אונזער טעכנאָלאָגישער עפּאָכע. גאַנדי׳ס אַנטי־ציוויליזאַ־טאָרישקייט ווערט אָבער געשפּייזט אין זייער אַ גרויסער מאָס (אויב ניט דער עיקר) פון זיין נאַציאָנאַליזם. וויסנשאַפט, מעדיצין, טעכנאָלאָגיע, מאָדערנע קונסט — דאָס אַלץ, אויב מ׳זאָל עס דאַרפן האָבן, מוז אינדיע באָרגן ביי ענגלאַנד, ביים פאָלק פון די אונטערדריקער, ביי די מערב־פעלקער בכלל. אינדיע האָט אַזאַ ציוויליזאַציע מיט אירע אייגענע מיטלען ניט געשאַפן, טראָץ דעם וואָס זי איז עלטער פון אייראָפּייאישע פעלקער און האָט אָנגעפאַנגען איר פאַרטיפט קולטור־לעבן, ווען יענע זיינען נאָך געווען באַרבאַרן. און אָט דעם דאָזיקן שפלות־געפיל לגבי ענגלאַנד, לגבי דעם מערב בכלל, קאָן גאַנדי ניט פאַרטראָגן. באָרגן ביי אייראָפּייער, גיין צו זיי אין חדר אַריין, קוקן אויף זיי פון אונטן אַרויף? דאָס וואָלט אפשר געהייסן באַשטעטיקן די באַרימטע באַהויפּטונג, אַז די אימפּעריאַליסטישע פעלקער האָבן אַ פּאָזיטיווע גייסטיקע מיסיע אין די קאָלאָניאַלע לענדער, אַז אויך אינדיע דאַרף נאָך לעבן אַ געוויסע צייט אונטער פרעמדער השגחה און קול־טורעלער אַפּוטרופּסות. האָט טאַקע גאַנדי דערפאַר, נאָך מיט יאָרן צוריק, צום גרויסן פאַרדראָס פון זיין פריינט און קעגנער, ראַבינדראנאַט טאַגאָר, אָנגעהויבן פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע פון ביימנדיקער קריטיק און האָס קעגן דער גאַנצער

מערב־ציוויליזאַציע. וואָס אינדיע האָט ניט געשאַפן מיט אירע אָריגינעלע כוחות, פון זיך אַליין, אָן פרעמדע השפעות, האָט אָדער קיין ווערט ניט, אָדער עס האָט גאָר, פאַרקערט, אַ נעגאַטיוון ווערט. אינדוסטריע? ווער דאַרף זי האָבן? די פאַבריק מאַכט דעם מענטשן פאַר אַ גיריקן און היימלאָזן גולם. מאַשינען? מענטשן ווערן צוליב זיי אַליין מאַשינאַוווע, פאַרשקלאַפּט, בהלה׳דיק, אויסגעליידיקט פון זייערע בעסטע אינהאַלטן. אינדוסטריאַליזירן אַ לאַנד הייסט שאַפן דאָרט אַ גרויסן לוין־פּראָלעטאַריאַט — אויף וואָס דאַרף אינדיע האָבן אַזאַ אומגליקלעכן קלאַס, ווען עס איז אַ סך נאָרמאַלער, אַז דאָס פאָלק זאָל באַשטיין פון פויערים און אינדיווידועלע בעלי־מלאכות, וואָס אַרבעטן אין זייערע היימען? אייזנבאַנען? וואוהין דאַרף מען זיך אַזוי איילן? וואָס האָבן מענטשן אַזוי קיין צייט ניט? „פון זינט ענגלענדער האָבן איינגעפירט אין אינדיע אייזנבאַנען, זיינען די געטער אַנטלאָפן פון די וועלדער, ווייל זיי קאָנען ניט פאַרליידן דעם רויך און דאָס וואולגאַרע פייפן פון די לאָקאָמאָטיוון". מעדיצין? אויב אַ מענטש זאָל לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן, ניט זיין קיין זולל וסובא און ניט באַגיין קיין סעקסועלע עבירות, וועט ער בכלל ניט קראַנק ווערן. די מאָדערנע מעדיצין מיט אַלע אירע דערגרייכונגען מאַכט די מענטש־הייט קראַנקער, ניט געזונטער: מענטשן ווייסן, אַז מ׳מעג זינדיקן און קראַנק ווערן, ווייל די שפּיטאָלן וועלן מסתמא נאָכדעם אויסקורירן. קונסט? ער האָט נאָך ניט געזען אַזאַ אייראָפּעאיש שטיק מאַלעריי, וואָס זאָל זיך קאָנען פאַרגלייכן אין שיינקייט און דערהויבנקייט מיט אַן אויסגעשטערנטן הימל אין אַן אינדישער נאַכט, און עס זיינען נישטאָ אַזעלכע סימפאָניעס, וואָס זאָלן דערהויבן די נשמה מער ווי די אינדישע רעליגיעזע ניגונים. רעדנדיק וועגן קונסט, פלעגט ער אין אַ געוויסן פעריאָד אָפט אָנווייזן אויף אָסקאַר וואַילד ווי אויף אַ סימפּטאָם פון אומפאַרמיידלעכער מאָראַלישער געזונקנקייט. ער האָט נאָך איצט ליב צו ציטירן פון צייט צו צייט דעם באמת שאָקירנדיקן פאַקט פון אָסקאַר וואַילד׳ס ביאָגראַפיע: ווען ער האָט באַגעגנט אין גאַס אַ בעטלער, האָט ער ניט געקאָנט אַריבערטראָגן זיינע אומעסטעטישע שמאַטעס (שמאַטעס, האָט דער טעאַטראַלער וואַילד געגלויבט, דאַרפן אויך האָבן אַ באַשטימטן „סטיל"), און ער האָט אים דערפאַר גענומען צו אַן אַריסטאָקראַטישן שניידער און באַשטעלט פאַרן בעטלער פונם בעסטן שטאָף ניט קיין נייעם בגד, נאָר... נייע שמאַטעס.

עסטעטיק, טענה׳ט גאַנדי, אָפּגעשיידט פון מאָראַל, איז אין איר תוך פּערווערז, נידערטרעכטיק. און דער פועל־יוצא? אייראָפּעאישע קונסט פירט, אָדער קאָן פירן, אין דער שאול תחתיה אריין — אינדיע דאַרף זי ניט האָבן.

אינדיע, האָט ער דערפאַר יאָרנלאַנג געפּרעדיקט, דאַרף זיך באַפרייען ניט נאָר פון ענגלאַנד׳ס פּאָליטישער ממשלה, נאָר אויך פון יענער מערב־קולטור

און ציוויליזאַציע, וואָס די ענגלישע הערשער ברענגען אַריין אין לאַנד. זאָל דאָס ענגלישע מיליטער אַוועקגיין אַהיים און מיטנעמען מיט זיך אַלע אינדישע פאַבריקן און שפּיטאָלן, אײַזנבאַנען און מוזייאומס — ניט אינדיע האָט דאָס אַלץ געשאַפן און ניט זי דאַרף עס האָבן אין דער צוקונפט. אַ געוויסע צייט פלעגט ער אפילו אונטערשטרייכן דעם ענג־נאַציאָנאַליסטישן געדאַנק, אַז בכלל דאַרפן פעלקער זיך ניט לאָזן באַפרוכפּערן איינס פונם אַנדערן. זאָל יעדעס פאָלק לעבן בלויז מיט דעם וואָס עס קאָן אַליין פּראָדוצירן, אָן אויסטויש מיט אַנדערע פעלקער. עקספּאָרט און אימפּאָרט זײַנען בכלל אַ שעדלעכע און אוממאָראַלישע זאַך, צי עס האַנדלט זיך וועגן מאַטעריעלע סחורות, צי עס האַנדלט זיך וועגן גייסטיקע ווערטן. ווען איך וואָלט וויסן, זויפל מאָל מ׳דאַרף דאָ זאָגן „להבדיל אלף הבדלות״, וואָלט איך, אין שייכות דערמיט אָנגעוויזן, אַז פופצן אָדער צוואַנציק יאָר פאַר היטלערן האָט שוין גאַנדי געפּרואווט פאַרשפּרייטן אַ טעאָריע פון נאַציאָנאַלער „אויטאַרקיע״...

עס האַנדלט זיך דאָ, נאַטירלעך, ניט וועגן באַשולדיקן גאַנדי׳ן אין זײַן לחלוטין אומגערעכט צו דער מאָדערנער מערב־ציוויליזאַציע. אוודאי און אוודאי זײַנען אַ סך פון זײַנע קריטישע באַמערקונגען און אויסזעצונגען באַגרינדעט און אויסגעהאַלטן. ווער קאָן דען לייקענען, אַז די מערב־קולטור טראָגט אין זיך געפאַרן פון ירידה און דעגענעראַציע? גאַנדי האָט אָבער געדאַרפט וויסן אָדער נעמען אין אַכט, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ געבילדעטער אייראָפּייער אָדער אַמעריקאַנער, וואָס אַן ערנסטע קריטיק פון זײַן קולטור אָדער ציוויליזאַציע זאָל אים זײַן פרעמד. קיין חידושים האָט דאָ גאַנדי ניט מחדש געווען; ער האָט נאָר גענומען עטלעכע ערנסטע אויסזעצונגען און זיי דערפירט ביז צו דער מדרגה פון אַבסורד. און געטאָן האָט ער עס ניט סתם ווי אַן אָביעקטיווער פאָרשער אָדער אַנאַליטיקער, נאָר מיטן כעס און האַס פון אַ געקריוודעטן נאַציאָנאַליסט, וואָס קאָן ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַ מערב־פאָלק זאָל אין וועלכער ניט איז וויכטיקער אָנגעלעגנהייט שטיין העכער פונם אינדישן פאָלק. קראַנקהאַפטיקער פאַטריאָטיזם האָט פאַרפירט אַ נביא, אַ רעליגיעזן אוניווערסאַליסט, אויף די געפערלעכע וועגן פון אתה־בחרתנו־באַגרענעצטקייט און פון ענגהאַרציקן און צו־להכעיס׳דיקן נאַציאָנאַליזם.

ווען גאַנדי וואָלט גאָרניט פאַרמאָגט אַחוץ אַזאַ נאַציאָנאַליסטישן פּאַטאָס; ווען עס וואָלט פון זײַן פערזענלעכקייט ניט אַרויסגעשטראַלט אויך עפּעס העכערס און מענטשלעך־טיפערס, וואָלט ער אפשר געוואָרן אין אינדיע דער פירער פון אַ רעאַקציאָנער־נאַציאָנאַליסטישער קולטור־באַוועגונג. ער וואָלט אָבער ניט געקאָנט שפּילן דאָרט יענע ראָלע פון אַ רעוואָלוציאָנערן לעבנס־באַנייער, וואָס גרויסע צאָלן מענטשן פון זײַן פאָלק און פון זײַן

פאָלקס אינטעליגענציע זיינען גרייט אים צו פאָלגן און צו גיין אויף זיין רוף על קידוש השם.

וואָס־זשע איז זיין אַנדערער, זיין רעוואָלוציאָנערער פּאַטאָס? אין וואָס באַשטייט דער סוד פון זיין אומגעוויינלעכער השפעה?

איז דער כוח פון זיין איינפלוס אַ רעליגיעזער? אָבער אין אַ לאַנד ווי אינדיע, וואו אַלע וויסן, אַז אין די הימאַלאַיען־בערג גייען אַרום אין יאָרן־לאַנגער התבודדות הונדערטער „סאַדהו׳ס" (צדיקים) און אַסקעטישע מיס־טיקער, איז אינדיווידועלע פרומקייט, מיט אירע שטילע און טיפע דבקותן, ניט קיין נייס און שוין לאַנג ניט קיין וואונדער. ניט דערמיט האָט גאַנדי געקאָנט אימפּאָנירן זיין פאָלק און פאַראייניקן אַרום זיין פּער־זענלעכקייט סיי הינדוסן און סיי מאַכמעדאַנער, טראָץ דער דורות־לאַנגער קנאה־שנאה, וואָס הערשט צווישן זיי.

גאַנדי׳ס „אויפטו" — אויב מען מעג נוצן אַזאַ וואָרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן די פּאַראַדאָקסאַל־טראַגישע ראַנגלענישן, מיט וועלכע זיין לעבן איז אַזוי רייך — באַשטייט אין עפּעס אַנדערש: אין זיין דרייסטן פּרואוו אויפצובויען אַ סאָציאַל־פּאָליטישע באַוועגונג — אַ באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו אַ היסטאָרישן תכלית — אויף אַ רעליגיעזן פּרינציפּ.

רעווערענד האָמס, אַ לאַנג־יאָריקער פריינט און שטיצער פון דער אינ־דישער באַוועגונג, האָט אַ פּאָר מאָל פאַרגליכן גאַנדי׳ן צו ישו הנוצרי. ער האָט דערביי פאַרגעסן, ווי לפי ערך לייכט און איינפאַך עס איז געווען ישו׳ס לעבנס־אויפגאַבע, און ווי שווערער, ווי מאָראַליש־קאָמפּליציר־טער און רעליגיעז־געפערלעכער עס זיינען די אויפגאַבן וואָס גאַנדי האָט זיך געשטעלט. ישו האָט ביי זיך גע׳פּועל׳ט צו לעבן מחוץ די גרענעצן פון געשיכטע. ער האָט ניט געזוכט צו דערגרייכן וועלכע ניט איז סאָציאַלע אָדער היסטאָרישע צילן. „גאָטס קיניגרייך" איז פאַר אים געווען אַן אינדיווידועלער גייסט־צושטאַנד, אַן „אימפּעריע" וואָס קאָן, ווי ער האָט געגלויבט, אויפגע־בויט ווערן אין יעדער אינדיווידועלער נשמה, און אפשר גאָר בלויז אין אַן אינדיווידועלער נשמה. קיין קאָלעקטיווע „תכליתים" אויף דער־וועלט האָט ער ניט געזוכט, פּאָליטיק איז אים געווען, לויט זיין עצם, פרעמד און דערווידער, און אויפן גרונט פון זיין רעליגיעזן אינדיווידואַליזם האָט ער געקאָנט ראָטן זיינע תלמידים, אַז זיי זאָלן זיך בכלל ניט דאגה׳ן וועגן אַזעלכע „נישטיקייטן" ווי שטאַט און אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט. „גיב דעם קיסר דאָס וואָס עס קומט אים (ריכטיקער, דאָס וואָס דער קיסר האַלט אַז עס קומט אים), כדי דו זאָלסט קאָנען פריי אַלץ איבעריקע אַוועקגעבן גאָט".

פאַר גאַנדי׳ן שטייט אָבער דאָס פּראָבלעם ניט נאָר פון דינען גאָט, נאָר אויך פון באַזייטיקן דעם „קיסר", פון אויפהערן צאָלן אים ציַנז. זיין וועג

איז דערפאַר גאָר ניט אַזאַ איינפאַכער, ווי דער וועג פון דעם רעליגיעזן אַנאַרכיסט, וואָס איגנאָרירט די מלוכה און זוכט גאָר ניט צו ענדערן דאָס פּנים פון דער סאָציאַלער וועלט.

ישו האָט ניט געפילט קיין סאָציאַלע התחייבות׳ן צו קיין באַשטימטן פאָלק, קלאַס אָדער קאַסטע, און אויף זיין געוויסן האָט קיינמאָל ניט גע־לאַסטעט די אחריות פאַרן כלל, פאַר וועלכן ניט איז קאָלעקטיוו. ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ דערלייזונג־מאָטיוו בלויז פאַר דעם יחיד, פאַר יעדן יחיד, וואָס איז אַליין גרייט צו ווערן אַ ישו בזעיר אנפּין, בשעת גאַנדי האָט זיך פאַרמאָסטן צו פאַרקערפּערן אַ טייל פון דער מעטאַפיזישער וועלט אין דער היסטאָרישערווירקלעכקייט, אין דער סאָציאַלער סביבה פון זיין לאַנד. ער איז דערפאַר שטענדיק אויסגעזעצט צו אַזעלכע קאָנפליקטן, וואָס וועגן זיי האָט ישו, אין זיין קינדיש־געניאַלער רעליגיעזער פשטות, אפילו קיין אַנונג ניט געהאַט. ווי האָט עס אַמאָל טאָלסטאָי פאָרמולירט? „צוליב זיך אַליין וועל איך קיינמאָל ניט גנב׳ענען, אַפילו כדי זיך צו ראַטעווען פון הונגער־טויט; איך האָב אָבער מורא, אַז ווען מיין פאַמיליע זאָל אָנהויבן הונגערן, וועט עס לאַנג ניט דויערן און איך וועל זיך נעמען גנב׳ענען. צוליב מיין פאַמיליע וועל איך קיינעם ניט מאָרדן, אפילו ווען עס זאָל אויף איר לויערן אַ גרויסע סכנה; איך האָב אָבער מורא, אַז אויב מיין פאָלק זאָל שטיין פאַר אַ קאַטאַסטראָפע, וועל איך זיין גרייט אויך צו מאָרדן".

וואָס ברייטער עס איז דער שטח פון סאָציאַלע שייכות׳ן און פאַראַנט־וואָרטלעכקייטן, אַלץ גרעסער איז די געפאַר זיך אָפּצורייסן פון רעליגיעזע און מאָראַלע ווערטן און באַגיין גרויסע עבירות צוליב... אַ סאָציאַלער מצוה.

גאַנדי האָט שטענדיק געוואוסט פון די דאָזיקע געפאַרן, און דאָך האָט ער קיינמאָל ניט געקאָנט פועל׳ן ביי זיך צו אַנטלויפן פון דער געזעלשאַפט און, ווי אַ סך רעליגיעזע נאַטורן אין אינדיע און אין דער אַמאָליקער קריסט־לעכער וועלט האָבן עס געטאָן, זיך איינצושליסן אין דער ווייניקער ריזי־קאָלישער וועלט פון רעליגיעזן אינדיווידואַליזם. ער איז אַמאָל געשטאַנען פאַר אַן אַלטערנאַטיווע — רעליגיע אָדער פּאָליטיק — און זיין ענערגישער ענטפער צו זיך אַליין איז געווען: פּאָליטיק אָנגעטרונקען מיט רעליגיעזן פּאַטאָס, סאָציאַלער קאַמף וואָס ווערט קאָנטראָלירט פון העכערע מאָראַלישע ווערטן. ער האָט גענומען נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע צילן, וואָס זענען נאָך פאַר אים געשטאַנען, פאַרגעשוועבט פאַרן באַוואוסטזיין און פאַר דער פאַנטאַזיע פון זיינע פאָלקס־ברידער, און האָט דערקלערט: אָט די צילן זענען הייליק, אָבער דערגרייכט ווערן קאָנען זיי, מעגן זיי, בלויז דורך געהייליקטע מיטלען; און אויב מען זאָל מוזן אָנווענדן מיטלען און מעטאָדן, וואָס זיינען לויט זייער

נאַטור אַנטי־רעליגיעז אָדער אַנטי־מאָראַליש, זיינען יענע צילן ניט ווערט מען זאָל פאַר זיי קעמפן.

מיכאַילאָווסקי האָט צוריק מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף די צוויי טייטשן פון דעם וואָרט „פּראַוודאַ". "פּראַוודאַ" הייסט אין איין און דערזעלביקער צייט אי אמת אי גערעכטיקייט. דאָס פאָלק, וואָס האָט דאָס וואָרט געשאַפן, האָט, הייסט עס, געפילט, אַז ערגעץ־וואו זיינען אמת און גערעכטיקייט איין און דערזעלביקער באַגריף, איינע און די זעלביקע קראַפט: דאָס אינטעלעקטועלע און דאָס עטישע זיינען בלויז צוויי אַנטפּלעקונגען פון איין און דעם זעלביקן וועזן.

גאַנדי, פון זיין זייט, סימבאָליזירט זיין גאַנצע פילאָזאָפיע מיט איין סאַנסקריט־וואָרט — „סאַטיאַגראַהאַ" — וואָס דריקט אויס מיט זיך אי אמת, אי גערעכטיקייט, אי קראַפט. אמת און גערעכטיקייט (אַמאָל ניצט ער אַנשטאָט גערעכטיקייט ליבע) טראָגן אין זיך זייערע אייגענע פאַרווירקלעכונג־מעגלעכקייטן, אויב מען דינט צו זיי ערלעך, אויב מען פאַרשוועכט זיי ניט מיט ניט־אמת׳ע און אומגערעכטע מיטלען.

די עטישע פאָדערונג, וואָס ער שטעלט אַוועק ווי אַ יסוד פאַרן פּאָליטישן און סאָציאַלן קאַמף, איז נאַטירלעך ניט קיין נייע. אינדיע האָט ניט געדאַרפט וואַרטן אויף תורת משה, כדי זי זאָל פון דאָרט זיך דערוויסן וועגן „לא תרצח", און פינף יאָרהונדערטער פאַר דער אַנטשטייאונג פון קריסטנטום האָט שוין בודאַ געלערנט זיינע תלמידים קיינמאָל ניט צו טאָן קיין שלעכטס קיין לעבעדיקן באַשעפעניש. אויך בודא איז אין דעם פּרט ניט געווען קיין מחדש. נאָך פאַר אים האָט אינדיע געהערט מאַהאַווירא פּרעדיקן פאַר זיינע נאָכפאָלגער דעם פּרינציפּ פון „אַהימסאַ" — פון זיך ניט באַנוצן מיט פיזישן כוח, פון ניט באַצאָלן מיט בייזן פאַר בייזן. גאַנדי האָט ניט קיין פּרעטענזיעס אויף אַן אייגענער רעליגיעזער שיטה; זיין „אויפטו" באַשטייט אין דער גרייטקייט צו נעמען אַן אוראַלטן רעליגיעזן פּרינציפּ און מאַכן אים פאַר דער טרייב־קראַפט פון אַ גרויסער פּאָליטישער פאָלקס־באַוועגונג. אויף אַזעלכע גייסטיקע אַוואַנטורעס האָבן זיך אַמאָל אַוועקגעלאָזן די קוועיקערס אין פּענסילווייניע, און צוריק מיט אַ פאָר דורות די דוכאָבאָרן אין רוסלאַנד. ביידע באַוועגונגען זיינען אָבער געווען עקספּערימענטן אויף אַ שמאָלן טעריטאָריעלן שטח, אין אַ קליינעם מאַסשטאַב, די גאַנדי־באַוועגונג איז אפשר די ערשטע רעוואָלוציאָנער־פּאַסיפיסטישע קראַפט, וואָס עקספּערימענטירט אויפן שטח פון אַ ריזיק לאַנד, מיט הונדערטער מיליאָנען נפשות. דער ערשטער גרויסער פּרוואו פון אַ בלוטלאָזער און געוואַלטיקער רעוואָלוציע.

יאָרן פון לעבן און קאַמף האָבן גאַנדי׳ן געצוואונגען זיך מודה צו זיין, אַז אין אונזער וועלט איז נישטאָ און וועט קיינמאָל ניט זיין קיין מעגלעכקייט

צו פאַרווירקלעכן דעם פּרינציפּ פון גוואַלטלאָזיקייט אין זיין אַבסאָלוטער און ריינער פאָרם. מיר זיינען, האָט ער די לעצטע יאָרן געמוזט דערקלערן מיט א געפיל פון רעזיגנאַציע, פאַרמשפּט צו באַגיין געוויסע פאַרברעכנס. אַ באַשטימטער עלעמענט פון זינדיקייט קאָן בכלל, ווי ער מיינט, פון אונזער קאָסמאָס ניט באַזייטיקט ווערן. אַבסאָלוטע קדושה איז אַ באַגריף פון אַן „אַנדער וועלט". פאַר געוויסע פאַלן האָט ער מיט דער צייט געמוזט מתיר זיין אַפילו מאָרד.

אָנגעהויבן האָט זיך עס, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, צוליב אַ מעשה מיט הינט. אין אַ שטעטל האָבן אַ געוויסע צייט געבושעוועט זעכציק משוגענע הינט. אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג זיינען שוין דאָרט אַרומגעגאַנגען צע־ביסענע און געפערלעך קראַנקע. איז געקומען פון דאָרט אַ דעלעגאַציע צו גאַנדי׳ן מיט אַ שאלה: וואָס זאָל מען טאָן מיט דער דאָזיקער צווויילדעוועטער חיה׳שער אַרמיי? און גאַנדי האָט גע׳פּסק׳נט, אַז זיי זאָלן אַהיימפאָרן, אָפּזינגען געוויסע רעליגיעזע ניגונים, אויסשיסן אַלע משוגענע הינט און נאָכדעם... גיין אין קירך און טאָן דאָרט תשובה פאַר דעם גרויסן פאַרברעכן, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען.

אויפגערעגטע תלמידים האָבן אים נאָכדעם געפרעגט, אויף וואָס פאַראַ סמך ער האָט מתיר געווען צו מאָרדן זעכציק לעבעדיקע נפשות, און פון ווען אָן האַלט ער עס, אַז אַ מענטש האָט דאָס רעכט אָוועקצונעמען דאָס לעבן ביי קראַנקע חיות, כדי צו באַשיצן דאָס לעבן פון געזונטע מענטשן? גאַנדי האָט דעמאָלט דערקלערט, אַז ער האָט געהייסן מאָרדן די הינט ניט נאָר צוליב די מענטשן, וואָס האָבן פון זיי אַזויפיל געליטן, נאָר אויך צוליב די הינט גופא: אויסהיילן די הינט, האָט ער געוואוסט, קאָן מען שוין ניט, און צוליב רחמנות מיט זייערע ליידן איז גלייכער צוצונעמען ביי זיי דאָס לעבן. שיסן די הינט איז בכן, אין אַ געוויסן זין, גאָר געווען אַ מצוה, און דאָך איז עס פון יענע מצוות, וואָס מ׳דאַרף נאָך זיי תשובה טאָן: תשובה טאָן אין אַזאַ פאַל איז אַ מין אויסדרוק פון צער אויף אַן אומבאַגרייפלעכער, טראַגיש־פאַרפּלאָנטערטער וועלט, אין וועלכער מ׳מוז אַמאָל פאַרגיסן בלוט מחמת רחמנות. מיט דער דאָזיקער דערקלערונג האָט גאַנדי געשטעלט אַ געוויסע צאָל פון זיינע נאָכפאָלגער אין אַ צושטאַנד פון גייסטיקער פאַרלעגנהייט. הייסט עס, האָבן זיי גע׳טענה׳ט, אַז מ׳טאָר ניט מאָרדן מחמת שנאה, נאָר מ׳מעג עובר זיין אויפן „לא תרצח" מחמת ליבע — יעדנפאַלס ווען עס האַנ־דעלט זיך וועגן חיות. זיי אָנערקענען אָבער נישט (אַן אַלטער שטריך פון פאַנטע־איסטישער רעליגיאָזיטעט), אַז דאָס לעבן פון אַ מענטשן איז פּרינציפּיעל ווערטפולער פונם לעבן פון אַ חיה, און אַז רחמנות איז אַ היתר אויף בלוטפאַרגיסונג, פאַרוואָס זאָל מען נישט טאָרן אָנווענדן דעם זעלביקן

פרינציפּ אויף באַציאונגען מיט מענטשן? אָט האָט ניט לאַנג צוריק, האָבן זיי אָנגעוויזן גאַנדי׳ן, אַ פּאַריזער שוישפּילערין דערשאָסן אויף טויט איר געליבטן, און געטאָן האָט זי עס, ווי עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעשטעלט, דערפאַר וואָס ער האָט געליטן פון אַ שווערער, אומקורירבאַרער קראַנקהייט, און זי האָט אים געוואָלט באַפרייען פון האָפנונגסלאָזע ליידן. האָט גאַנדי אויך אין דעם פאַל געגעבן דעם זעלביקן מעלאַנכאָלישן ענטפער: ער קאָן ניט פאַרמשפּטן די שוישפּילערין פאַר איר רחמנות־מאָרד, כאָטש... אויך זי דאַרף תשובה טאָן, זוכן אַ תיקון פאַר דעם מאָרד וואָס זי איז באַגאַנגען. אָבער אויב די זינד ליגט ניט אין דעם אַקט פון טויטן אַ לעבעדיק באַשעפעניש, נאָר אין דעם מאָטיוו: אויב קיין איז אַ רוצח ניט דערפאַר וואָס ער האָט פאַר־גאָסן הבל׳ס בלוט, נאָר ווייל ער האָט עס געטאָן מחמת האָס און קנאה, אפשר מעג מען נאָך ווייטער? אפשר מעג מען הרג׳ענען איין מענטשן מחמת ליבע צו אַן אַנדערן? אָט זע איך, למשל, אין אַ וואַלד ווי אַ מענטש קלייבט זיך פאַרגוואַלטיקן אַ פרוי — מעג איך שיסן יענעם מאַן, כדי צו ראַטעווען דעם כבוד און די ריינקייט פון דער פרוי? אַזעלכע פראַגן פלעגט מען אַמאָל שטעלן טאָלסטאָי׳ען, און דער אַלטער אַפּאָסטאָל פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ פלעגט געוויינלעך ענטפערן אויף זיי מיט אומבאַרעכטיקטן כעס: וואָס פרעגט מען אים, פלעגט ער שרייען, קלאָץ־קשיות? פאַרוואָס מוטשעט מען אים מיט „אויסגעטראַכטע סיטואַציעס״? גאַנדי איז אין אַזעלכע פאַלן ערלעכער און מוטיקער פון טאָלסטאָי׳ען. ער איז קיינמאָל ניט אין כעס, ער גיט צו, אַז אַזעלכע סיטואַציעס זיינען בפירוש פאַראַן, און ער איז גרייט צו עצה׳ן, אַז אויב אַלע מאָראַלישע מיטלען פון ווירקן אויף דעם מענטשן מיט דער פאַרברעכערישער כוונה זיינען שוין אויסגעשעפּט געוואָרן, און אויב עס איז דיר אַבסאָלוט קלאָר געוואָרן, אַז דו קאָנסט ניט פאַרמיידן זיין פאַר־ברעך אויך דורך מפקיר זיין דאָס אייגענע לעבן, און דו האָסט אַ רעוואָל־ווער אין דער האַנט — שיס און . . . טו תשובה. גאַנדי האָט אָבער קיינמאָל ניט געוואָלט מסכים זיין מיט זיינע אָפּאָנענטן (אָדער מיט תלמידים, וואָס האָבן זיך בכיוון פאַרשטעלט פאַר אָפּאָנענטן), אַז מ׳מעג, למשל, דערמאָרדן צען ענגלישע גענעראַלן מחמת ליבע צו 350 מיליאָן אינדיער. היסטאָרישע פּראָבלעמען, סאָציאַלע פראַגן, ענינים וואָס האָבן אַ שייכות צו פּאָליטישן „תכלית״, טאָרן ניט פאַרענטפערט ווערן דורך ברוטאַליטעט און שפיכת דמים. אין פּאָליטיק קאָן מען קיינמאָל ניט זאָגן, אַז אַלע מאָ־ראַלישע מיטלען זיינען שוין אויסגעשעפּט, אַז אַלע מעטאָדן פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד האָבן שוין באַנקראָטירט און שפיכת־דמים איז געבליבן דאָס אייציקע מיטל צו דערגרייכן דעם ציל. וואָס ס׳איז ניט געלונגען היינט, וועט געלינגען מאָרגן, און דער דורכפאַל פון מאָרגן איז נאָך כלל ניט קיין

באַווייז, אַז איבערמאָרגן וועט די זעלביקע מעטאָדע פון געוואַלטלאָזן קאַמף ניט געקרוינט ווערן מיט דעם גרעסטן דערפאָלג.

ווען גאַנדי האָט צוריק מיט עטלעכע יאָר געמאַכט אַ פּרוואו ענדגילטיק צו פאָרמולירן זיין טעאָריע פון געוואַלטלאָזיקייט, האָט ער געמוזט מודה זיין, ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן, אַז די מעגלעכקייט זי דורכצופירן אין לעבן איז אַ רעלאַטיווע, ניט קיין אַבסאָלוטע. קיין איין־און־איינציקער מענטש קאָן ניט אַוועקגיין פון דער וועלט אַן אַבסאָלוט ריינער, ניט קיין זינדיקער. פון דער דאָזיקער פאַטאַלער זינדהאַפטיקייט האָט ניט געקאָנט אַנטלויפן ניט ישו הנצורי און ניט בודאַ, ניט מאַהאַווירא און ניט פראַנציסקוס פון אַסיזי. מעגן מיר זיין די שטרענגסטע וועגעטאַריער — עסן מיר דאָך פלאַנצן, און פלאַנצן זיינען דאָך אויך לעבעדיקע נפשות, כאָטש באַשאָנקען מיט אַ וויטאַליטעט פון אַן אַנדערן און „נידעריקערן" כאַראַקטער. און וויפל ביליאָנען באַשעפענישן שלינגט איין אין זיך יעדער מענטש מיט אַ טראָפּן וואַסער און דורך אָטעמען לופט? און מיט וואָס, האָט גאַנדי געמוזט צוגעבן אין אַ ביטערער מינוט פון מוטיקער אויפריכטיקייט, איז דען באַיקאָט פון ענגלישע סחורות ניט קיין געוואַלט־טאַט, ניט קיין אַרויסרייסן דעם ביסן ברויט פון טויזנטער ענגלישע אַרבעטער־מיילער? די וועלט — פאַרוואָס, קאָנען מיר ניט וויסן — איז ניט באַשאַפן געוואָרן פאַר דער שטרענגער דורכפירונג פון קאַטעגאָרישע אימפּעראַטיוון. די פּרינציפּן פון רעליגיע און פון אַבסאָלוטער מאָראַל מוזן דערפאַר באַטראַכט ווערן, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן, ווי מאַטעמאַטישע פיגורן און סימנים. קיינער האָט נאָך אין דער פיזיקאַלישער ווירקלעכקייט ניט געזען אַ געאָמעטרישע ליניע אָדער אַ געאָמעטרישן פּונקט. ווי דין מיר זאָלן ניט דורכפירן אַ ליניע אויפן פּאַפּיר, איז זי שוין אַ פיזישע, ניט קיין מאַטעמאַטישע. אויף וואָס־זשע דאַרפן מיר בכלל האָבן די געאָמעטרישע ליניע ווי אַ באַגריף, ווי אַ פאָרשטעלונג? ווייל זי איז רעאַל אין אַן אַנדער וועלט און ווייל זי קאָן דינען אין דער וועלט ווי אַ רעגולאַטיווער פּרינציפּ, ווי עפּעס צו וואָס מיר קאָנען אייביק שטרעבן זיך צו דערנעענטערן און קיינמאָל עס ניט דערגרייכן. די רעליגיעזע ווערטן און אַבסאָלוט־מאָראַלישע פּרינציפּן זיינען ווי די שטערן אין הימל: מען קאָן צו זיי קיינמאָל ניט צוקומען, מ׳קאָן אָבער זיך לאָזן פון זיין פירן, לויט זיי זיך אָריענטירן אין דער חשכות פון לעבן און פונם לעבן׳ס לאַבירינטן. זייער פּראַקטישע באַדייטונג באַשטייט אין דער דינאַמישקייט, וואָס זיי רופן אין אונז אַרויס, אין די נשמה־שפּאַנונגען וואָס זיי לאָזן אין אונז אויפציטערן, אין דעם באַוואוסטזיין פון זינדיקייט וואָס זיי פאַרשאַרפן אין אונז.

דערמיט האָט גאַנדי אַרויסגעוויזן זיין חוש פאַר דעם טראַגישן, פאַטאַלן, אומפאַרמיידלעכן. זיין רעליגיעזע ליידנשאַפט האָט אים ניט געמאַכט פאַר

קיין בלינדן דאָגמאַטיקער, און די גרויסע מאָס סקעפּטיציזם וואָס ער האָט אויסגעדריקט בנוגע דער דורכפירבאַרקייט פון זיין אייגענער לערע, איז אַ באַוויז פון זיין ערלעכן געפיל פאַר רעאַליטעטן. מיסטיק און רעאַליזם — אָט דער דאָזיקער זיווג פון צוויי „קעגנזאַצן" — איז דער מקור פון גאַנדי׳ס סטימולירנדיקער ווירקונג אויף דער אינטעליגענציע, אויף יוגנט, אויף די מאַסן און אומגעבילדעטע אין אינדיע, וואָס זוכן אַ רעליגיעזן וועג פאַר סאָציאַלע דערגרייכונגען און לעבנס־באַנייאונג. דאָס איז, אין אַ גרויסער מאָס, דער סוד פון זיין „דיקטאַטאָרישער" מאַכט אין אינדיע אין משך פון אַ ריי יאָרן.

ער האָט געשאַפן אַ סינטעז פון רעליגיעזער עבודה און סאָציאַלן קאַמף. אַ סינטעז פאַר מאַסן, ניט בלויז פאַר יחידי סגולה. ער איז דערמיט געוואָרן אַ וועגווייזער פאַר די אונטערדריקטע פון זיין פאָלק, און דער ביישפּיל פון אינדיע קאָן נאָך מיט דער צייט ווערן אַ קאַמף־פאָלקלאָר פאַר די אונטערדריקטע פון דער גאַנצער וועלט.

אָבער אין וואָס באַשטייט פּראַקטיש דער ביישפּיל פון אינדיע? וואָס זיינען די קאָנקרעטע דערגרייכונגען פון גאַנדין און זיינע מעטאָדן? וואָס איז דער מוסר־השכל פון דער אינדישער פרייהייט־באַוועגונג פאַר אונז — אייראָפּייער, אַמעריקאַנער?

צו זיבעציק יאָר קוקט גאַנדי צוריק אויף זיין פאַרגאַנגענהייט און דאָס געוויסן פאָדערט פון אים אַ חשבון־הנפש: צי האָט זיך געלוינט צו גיין אויפן וועג וואָס ער האָט פאַר זיך אויסגעקליבן? צי איז ער ניט באַגאַנגען קיין חטא דערמיט, וואָס ער האָט אַזוי פיל טויזנטער מיט טויזנטער פון זיינע מיטמענטשן און פאָלקס־ברידער גערופן צו גיין מיט אים אויף דעם שווערן און דאָרניקן וועג פון בלוטלאָזן קאַמף? צוויי און דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד האָט ער עקספּערימענטירט מיטן פּרינציפּ פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד — פריער אין דרום־אַפריקע און נאָכדעם אין אינדיע — וואָס־זשע זיינען די פּועל־יוצא׳ס פון דער פּראַקטישער אָנווענדונג פון יענעם פּרינציפּ? רעליגיעזע דאָן־קיכאָטישקייט אָדער פּראַקטישער זיג?

דער זיג, ווייסט ער, איז נאָך ווייט. אינדיע איז נאָך אַלץ ניט פריי, און דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האַלט דאָרט נאָך אָן זיינע וויכטיקסטע פּאָזיציעס. צענדליקער מיליאָנען מענטשן פון די „נידעריקע" קאַסטן ווערן נאָך אַלץ באַטראַכט ווי „טמאים"; דאָס אינדישע דאָרף, און דאָס הייסט דער רוב מנין און רוב בנין פון דעם פאָלק, איז נאָך אַלץ אָרעם, אויסגעהונגערט, סאָציאַל פאַרשקלאַפט און מאָראַליש דערשלאָגן. דער תהום צווישן מאַכמעדאַנער און הינדוסן איז נאָך ווייט ניט פאַרשאָטן, און אין געוויסע געגנטן פון לאַנד קאָנען נאָך אויך איצט יעדן טאָג אויסברעכן בלו־

טיקע צונויפשטויסן צווישן פֿאַנאַטישע אָנהענגער פֿון די צוויי אמונות. זיין זון הויבט שוין אָן אונטערצוגיין; אין גיכן, ווייסט ער, וועט גאָט צוריק־פֿאַרלאַנגען פֿון אים דעם פּקדון, וואָס ער האָט אַריינגעהויכט אין זיין קערפּער, און ווען די אומפֿאַרמיידלעכע שעה וועט קומען — מיט וואָס וועט ער אַוועק־גיין פֿון דער וועלט? מיטן באַוואוסטזיין פֿון זיג אָדער מיט אַ ביטערן געפֿיל פֿון אַנטוישונג און פֿון אויסגעלאָשענע האָפֿענונגען? האָט ער דאָך העכער דריי־סיק יאָר געזוכט ניט בלויז אויסדרוק פֿאַר זיינע רעליגיעזע געפֿילן און ניט סתם קאָפּ־פֿאַרשטענדעניש פֿאַר זיין לערע, נאָר אויך פּאָליטישן „תּכלית". האָט ער דאָך צוגעזאָגט זיינע תּלמידים, אַז וואָס ריינער די מעטאָדן פֿון קאַמף, וואָס ווייטער פֿון האַס און געוואַלט — אַלץ נענטער צו זיג און צו תּכלית. איז דען זיין וואָרט מקוים געוואָרן?

ווען גאַנדי זאָל היינט פּרוּוון מאַכן זיין חשבון־הנפֿש און אונטערציען אַ סך־הכּל פֿון זיין ליידנשאַפֿטלעכן און ליידנספֿולן לעבן, וועט ער זיכער קומען צום אויספֿיר, אַז ווען ער וואָלט נאָכאַמאָל געבוירן געוואָרן און אין זכּרון וואָלטן געבליבן אַלע זיינע דערפֿאַרונגען, אַלע פּרטים פֿון זיינע קאַמפֿן און דורכפֿאַלן, וואָלט ער אין זיין נייעם גילגול אויפֿסניי אָנגעהויבן גיין אויף דעם זעלביקן וועג וואָס ער איז געגאַנגען אין זיין איצטיקן „גילגול".

זיינע נאָכפֿאָלגער — ווער זיינען זיי? ער איז צו־רעאַליסטיש, אַז ער זאָל זיך דערלויבן צו איבערטרייבן זייער צאָל. ער האָט שטענדיק געוואוסט, אַז צווישן די מיליאָנען פֿון זיינע פֿאָלקס־ברידער, וואָס האָבן מיט אים מיט־געזונגען זיינע תּפֿילות און האָבן מיט די ליפּן נאָכגעזאָגט זיין נדר קיינמאָל זיך ניט צו באַרויִקן ביז זיי וועלן באַפֿרייען אינדיע פֿון פֿרעמדער הערשאַפֿט און דעם אינדישן פֿאָלקס־מענטשן פֿון זיין הימישער שקלאַפֿעריי, און קיינמאָל ניט צו נוצן אין זייער קאַמף קיין ביקס און קיין שווערד, קיין שטעקן און קיין שטיין, איז פֿאַראַן בלויז אַ קליינע מינדערהייט, וואָס האָט עס נאָכגעזונגען און נאָכגעזאָגט מיט כּוונה; וואָס האָט אין דעם געגלויבט מיטן כּוח און מיט אַ שעפֿערישן אויפֿציטער פֿון דער נשמה. וויפֿל מאָל האָבן אים זיינע אייגענע נאָכפֿאָלגער פֿאַרראַטן, ניט ווילנדיק אפֿילו, אַז זיי באַגייען אַ פֿאַרראַט וויפֿל מאָל האָבן זיי, טראַגנדיק זיין פֿאָן און זינגענדיק זיינע ניגונים, געשלאָגן ענג־לישע פּאָליציסטן, דערמאָרדעט ענגלישע סאָלדאַטן, פֿאַרברענט באַאַמטע לעבעדיקערהייט, פֿאַגראָמירט הינדוסן, פֿאַרמוטשעט צום טויט מאַכמעדאַנער, פֿאַרשוועכט היילי קטימער; וויפֿל מאָל האָבן זיי אים דערבראַכט דערצו, אַז ער זאָל זיך שלאָגן אין זיין האַרצן „אשמתי, בגדתי"; אַז ער פּערזענלעך זאָל זיך פּילן פֿאַר גאָט און פֿאַר לייטן שולדיק אין מאָרד, אין רציחה, אין פּאָגראָמען — ווייל ער האָט אין יענע אַנאָנימע מאַסן אויפֿגעוועקט היסטאָ־ריש אונטערדריקטע הונגערס און דורשטן, איינגעהויכט אין זיי דעם גייסט

פון רעוואָלט און קאַמפּסלוסטיקייט, און ווייל אים איז ניט געלונגען צו באַ־וואָפּענען זיי מיט יענע כשר׳ע כלי־זין, אין וועלכע ער גלויבט; וויפל מאָל איז ער געווען גרייט צו פאַלן כורעים פאַר זיין באַשאַפער, באַשיטן זיין קאָפּ מיט אַש און שטויב און אויסשרייען פון זיין פאַרוואונדעט און, ווי ער האָט געמיינט, אויך זינדיק האַרץ: „נעם צו, רבונו של עולם, מיין שליחות פון מיר; שיק מיך מער ניט צום פאָלק; איך בין ניט דער באַרופענער; דו האָסט, כביכול, געמאַכט אַ טעות אין דיין אויסוואַל״.

און דאָך: די מינדערהייטן פון צווישן יענע מיליאָנען האָבן אים ניט אָפּגענאַרט. און יענע מינדערהייטן זיינען ניט באַשטאַנען פון „יחידי סגולה״, פון גייסטיקע אָדער מאָראַלישע אַריסטאָקראַטן. „עמך״ זיינען זיי געווען, גע־וויינלעכע, טאָג־טעגלעכע מענטשן — אָרעמע, אומגעבילדעטע, פון אָבער־גלויבנס צעפּרעסענע, מיט פאַנאַטיזם פאַרגיפטעטע, מיט אומנויטיקע אָדער שעדלעכע ירושות באַשווערטע. און אין אָט די אַנאָנימע פאָלקס־מענטשן האָט דאָך אויפגעפלאַקערט אַ פייער פון רעוואָלט, אַ גרייטקייט אויף קידוש־השם, און אַ שטילער, ניט דעמאָנסטירנדיקער יאָגי־ווילן אויסצושטיין די גרעסטע נסיונות, איבערצוטראָגן דעם שאַרפסטן פּיין און זיך ניט אַראָפּלאָזן צו דער חיה׳שער קאַמף־מעטאָדע, צו שפיכת דמים און צו קערפּער־געוואַלט. מינדערהייטן זיינען זיי געווען, מינדערהייטן זיינען זיי נאָך היינט. אָבער זייערע צאָלן האָבן דאָך דערגרייכט ביז אין די צענדליקער טויזנטער, כמעט דערגאַנ־גען צו דער סטאַטיסטישער מדרגה פון אַן אַרמיי. גאַנדי האָט עקספּערימענטירט מיט מענטשן, מיט מענטשלעכע נשמות: קאָן מען זיי מאַכן קאַמף־פעאיק, קאַמף־לוסטיק, אין אַ געוויסן זין אַגרעסיוו, אויסשליסנדיק דערביי געוואַלט און סאָלדאַטישע מעטאָדן? צי קאָן מען זיי דערציען צו מיליטאַנטישקייט אָן מיליטעריִשקייט. דער עקספּערימענט, מעג גאַנדי זאָגן, איז אים גע־לונגען. ווייל וואָס עס איז געלונגען נעכטן און היינט מיט טויזנטער און צענדליקער טויזנטער מענטשן אָן אַ ספּעציעלן מאָראַלישן יחוס־בריוו, מיט מענטשן וואָס וואָרצלען אין די טיפּעניש פון פאָלקס־לעבן, קען, דאַרף, מוז געלינגען מאָרגן מיט מיליאָנען און מיט צענדליקער מיליאָנען פון זיינע פאָלקס־ברידער, אויב עס זאָלן נאָר זיין די ריכטיקע „גענעראַלן״, די לערער, די דערציער, די וואָס זיינען גרייט איבערצופורעמען זייער אייגן לעבן, כדי צו דינען דעם פאָלק ווי אַ לעבעדיקער מוסטער. אין פּרינציפּ איז דאָך ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן יענע צענדליקער טויזנטער און די הונדערטער מיליאָנען פון זיין מאַרטירער־פאָלק.

ווער זיינען זיי דען געווען, די קרוב צו דרייצן טויזנט הינדוסן, וואָס האָבן אין 1906, אונטער גאַנדי׳ס פירערשאַפט, אָנגעהויבן אַ קאַמף פון פּאַ־סיוון ווידערשטאַנד אין טראַנסוואַאל — קעגן די דאָרטיקע פּאָליציי־פּאַר־

אָרדענונגען, וואָס האָבן געצילט צו שאַפן פאַר די „קאָלירטע" אימיגראַנטן אַ סטאַטוס פון „אונטער־מענטשן"? מינען־גרעבער, טרעגערס, „מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר", וואָס האָבן געפונען אין זיך דעם כוח סיסטעמאַטיש, יאָרן־לאַנג, ניט אויסצופאָלגן די באַפעלן, אויסצושטיין קלעפּ, באַליידיקונגען, תפיסה, פאַרוואָגלטקייט פון זייערע פרויען און קינדער, אַבי זיך ניט אונטערצוואַרפן געזעצן, וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר אוממענטשלעכע. גאַנדי קוקט היינט צוריק אויף זיינע דרום־אַפריקאַנער יאָרן מיט באַרעכטיקטן שטאָלץ. אין יענע יאָרן פון רעוואָלט האָט זיך כמעט קיינער פון דער אינדישער קאָלאָניע ניט באַפלעקט מיט מעשים, וואָס זאָלן אַנטהאַלטן אין זיך אפילו אַ שמץ פון געוואַלט. און דער רעזולטאַט? גענעראַל סמאַטס, דער דעמאָלטדיקער פּרעמיער פון דער דרום־אַפריקאַנער רעגירונג, האָט זיך סוף־כל־סוף געמוזט אונטערגעבן, און אַ גרויסער טייל פון די באַליידיקנדיקע און עקאָנאָמיש־דריקנדיקע פאַראָרדענונגען זיינען מיט דער צייט אָפּגעשאַפט געוואָרן. דער רעוואָלטירנ־דיקער גייסט און די מאָראַלישע דיסציפּלין פון אַ רעלאַטיוו קליינער צאָל אימי־גראַנטן, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן זייער נדר, זיך אַפילו מיט קיין שטעקן ניט צו באַנוצן און קיין שטיין קיינמאָל ניט צו וואַרפן, האָט סוף־כל־סוף געזיגט איבער דער האָלענדיש־ענגלישער אַרמיי, איבער דער פּאָליציי, איבערן העכסטן געריכט פון לאַנד. אַזאַ זיג קעגן דער רעגירונג, קאָן זיך גאַנדי דערמאָנען, האָבן אָפּגעהאַלטן שפּעטער, אין 1913, פינף טויזנט הינדוסן, וואָס האָבן אַריינמאַרשירט באַרוועס, האַלב־נאַקעט און אויסגעהונגערט פון נאַטאַל קיין טראַנסוואַאַל, און געפאָדערט דאָרט דאָס רעכט צו וואוינען און צו אַרבעטן און ניט צו צאָלן קיין קאָפּ־שטייער, וואָס מען האָט דאָרט איינגעפירט באַר פאַר „קאָלירטע", פאַר צוגערייזטע אָרעמעלייט. אויך אין דעם פאַל זיינען די הענט פון די אינדישע „רעוואָלוציאָנערן" געבליבן ריין, כאָטש די פּאָליציי האָט זיי דאָרט געגנוג פּראָוואָצירט צו ענטפערן מיט געוואַלט אויף איר ברוטאַ־ליטעט און אויף אירע אָפטע שטראָף־עקספּעדיציעס. אויך אין דעם פאַל איז דער פרידלעכער בונט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

און אין אינדיע גופא?

די ברייטע עפנטלעכקייט ווייסט בלויז אָדער הויפּטזעכלעך וועגן די ווייט־גייענדיקע, מאַקסימאַליסטישע פאָדערונגען פון דער אינדישער קאָנגרעס־באַוועגונג, וועגן גאַנדיסטישע קאַמפן פאַר זעלבסטשטענדיקייט אין נאַציאָנאַלן מאָסשטאַב. יענע פאָדערונגען זיינען נאָך ניט דערפילט געוואָרן, און אין יענעם נאַציאָנאַלן קאַמף האָט גאַנדי, און צוזאַמען מיט אים אינדיע, נאָך ניט געזיגט. אָבער אין די צוואַנציק יאָר פון זיין נאָך־מלחמה טעטיקייט אין אינדיע, זיינען פאַרגעקומען צענדליקער לאָקאַלע קאַמפן, אין באַשטימטע געגנטן אָדער פּראָווינצן, פאַר געוויסע רעפאָרמען און לעבנס־פאַרלייכטערונגען. אין יענע

קאַמפן האָבן זיך באַטייליקט צענדליקער טויזנטער פויערים, אַרבעטער, אינ־טעליגענציע און יוגנטלעכע, און כאָטש זיי האָבן ניט גענוצט קיין געווער קעגן היימישער פּאָליציי און דער ענלגישער אַרמיי, און די רעגירונג האָט ניט גע־קאָנט פאַררעגיסטרירן קיין איין ערנסטן פאַל פון געוואַלט־ווידערשטאַנד, האָט זי זיך פריער־שפּעטער געפונען געצוואונגען נאָכצוקומען אַ גרויסן טייל פון די פאָדערונגען: פאַרקלענערן שטייערן, באַפרייען די באַפעלקערונג פון דער פליכט צו באַדינען קעגן זייער ווילן אייראָפּייאישע איינוואוינער און טוריסטן, דערלויבן די פויערים ניט צו פאַרזייען אויף זייערע פעלדער די פלאַנצן, אין וועלכע די רעגירונג האָט זיך געהאַלטן פאַראינטערעסירט צוליב אויסלענדישע מאַרק־באַדינגונגען, נאָר שפּייז־פּראָדוקטן פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס.

מיט אַ באַזונדערן געפיל פון צופרידנקייט און שטאָלץ דערמאָנט זיך איצט גאַנדי אָן די סיקס, אָן די מענער און פרויען פון יענעם העראָאישן אינדישן שבט, וואָס האָט אים אין 1930 אַזוי פיל אַרויסגעהאָלפן אין זיין „ניט־קאָאָפּעראַציע"־קאַמפּאַניע קעגן דער ענגלישער רעגירונג. וועגן די סיקס קאָן דאָך קיינער ניט זאָגן, אַז זיי זיינען פּחדנים אָדער אַז זיי זיינען נישט צוגעוואוינט צו פיזישן קאַמף און צו געוואַלט. זיינען זיי דאָך אַן אַלטער מלחמה־שבט, אַ סעקטע, וואָס האָט היסטאָריש קולטיווירט דעם פּרינציפּ פון „ועל חרבך תחיה", און אפילו יענע פון די סיקס, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון דער גאַנדיסטישער קאָנגרעס־באַוועגונג, האָבן זייערע שווערדן ניט אַוועקגעוואָרפן. די שווערד ווערט ביי זיי ביז היינטיקן טאָג באַטראַכט ווי אַ טייל פון בכבוד'יקער „הלבשה", און מען קאָן כמעט ניט געפינען קיין מיטגליד פון יענעם סעקטאַנטישן שבט, וואָס זאָל זיך ווען עס איז מיט איר וועלן שיידן. אָבער באַוואָפנט מיט שווערדן זיינען די סיקס געגאַנגען מאַרשירן קעגן דער רעגירונג, טאָג איין און טאָג אויס, אין משך פון וואָכן, איינער נאָכן צווייטן פאַרוואונדעט געוואָרן, אַוועק־געטראָגן געוואָרן אין אַ חלשות־צושטאַנד אויף טראָג־בעטלעך פון די קאָנ־גרעס־סאַניטאַרן, און קיינמאָל ניט אַרויסגענומען די שווערד פון איר שייטל, קיינמאָל אפילו ניט פאַרדעקט מיט די הענט דאָס פּנים, אויף וועלכן עס האָבן געשמיסן די לעדערנע נאַגאַיקעס אָדער גומי־בייטשן פון דער פּאָליציי. דער־נידעריקונג? מאַנגל אין רעפּעקט צו זיך אַליין? קיין איין ענגלענדער, וואָס האָט געהאַט מיט זיי צו טאָן, וואָגט עס ניט צו זאָגן. די פּאָליציסטן האָבן געמוזט נאָכדעם מודה זיין, אַז שלאָגן די סיקס איז געווען די גרעסטע דערנידעריקונג פאַר זיי: זיי האָבן געפילט די גאַנצע צייט, ווי אַן ענגלישער קאַפּיטאַן האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט, אַז זיי שלאָגן העכערע און בעסערע פון זיך. צוזאַמען מיט אונזער הלל'ן וואָלטן יענע שטומע און שטיל־עקזאַל־

טירטע העלדן געקענט זאָגן וועגן זיך: „השפלתי היא הגבהתי" (מיין דער־נידעריקונג איז מיין דערהויבונג).

אמת, אויך זייער פּאַסיפיסטישער העראָאיזם, ווי די העלדישקייט פון טויזנטער און טויזנטער אַנדערע הינדוסן, האָט נאָך די פּאָליטישע גאולה דעם לאַנד ניט געבראַכט. אָבער אויב עס זיינען שוין איצט פאַראַן אין אינדיע זיבן פּראָווינצן, וואו די קאָנגרעס־באַוועגונג האָט דורכגעפירט איר מאַיאָרי־טעט אין די לאָקאַלע פּאַרלאַמענטן, וואו איר איז שוין געלונגען אַוועקצושטעלן ביים רודער אירע רעגירונגען, און לאָנדאָן האָט אויך געמוזט מסכים זיין אויף אַ מין „דזשענטעלמענ׳ס אַגרימענט", אַז די ענגלישע גובערנאַטאָרן זאָלן דאָרט ניט שטערן די היימישע רעגירונגען דורכצופירן זייערע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע רעפאָרמען, דאַרף דאָס באַטראַכט ווערן ווי אַן אתחלתא דגאולה, ווי אַן אָנהויב פון אינדיע׳ס באַפרייאונג. יענער אָנהויב איז אַ פּועל־יוצא פון סטרייקס, ניט־קאָאָפּעראַציע און באָיקאָט — אָט פון יענע פּאַסי־פיסטישע רעוואָלטן, וואָס זיינען די לעצטע 20 יאָר פאָרגעקומען אונטער גאַנדי׳ס השפעה. און אויב אין איין פּראָווינץ (אין טראַוואַנקאָר) זיינען צוריק מיט צוויי יאָר עמאַנסיפּירט געוואָרן צוויי מיליאָן „אומבאַרירלעכע", וואָס ווערן שוין מער ניט באַטראַכט ווי טמאים און הויבן זיך אָן צו פילן ווי גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט — צי איז דען דאָס ניט אַ רעזולטאַט פון גאַנדי׳ס פּאַסיפיסטישע אויפשטאַנדן אין יענער פּראָווינץ, פון די טמאים־פּראָצעסיעס, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט אויף די פאַרבאָטענע שאָסייען, אַרום די טעמפּלען, אין די גאַסן פון די העכערע קאַסטן? צי איז דען דער אָנהויב פון דער רעליגיעזער און סאָציאַלער עמאַנסיפּאַציע פון די 60 מיליאָן אינדישע „אומבאַרירלעכע" ניט די פּרוכט פון יענער זריעה, וואָס גאַנדי האָט פאַרזייט סיי אין די הערצער פון די נידעריקע קאַסטעס און סיי אין די הערצער פון די אַריסטאָקראַטישע בראַמאַנען, פון וועלכע מיר האָבן נאָך אין 1925 דערהערט אַ געבראָכענע, חוזר־בתשובה׳דיקע שטימע: „מיר קאָנען מער זיך ניט אַנטקעגנשטעלן די תפילות און די פּראָצעסיעס פון די אומבאַרירלעכע און מיר זיינען גרייט זיין אַריינצונעמען אין שויס פון אונזער געזעלשאַפט"?

גאַנדי, דער בן־שבעים, האָט גענוג גרונט צו דערקלערן: מיין עקספּע־רימענט איז געווען דערפאָלגרייך. איך האָב באַוויזן, אַז מען קאָן זיין מילי־טאַנטיש, ניט זייענדיק מיליטעריש. איך האָב באַוויזן, אַז פאַר יענער „פּאַסי־פיסטישער אַרמיי", וואָס שוועבט פאַר פאַר מיין געדאַנק, קאָן מען מאָביליזירן איינפאַכע פאָלקס־מענטשן, אַפילו מענטשן מיט מיליטערישע טראַדיציעס. איך האָב באַוויזן, אַז אַזעלכע מענטשן קאָנען דערצויגן ווערן, אונטער געוויסע אומשטענדן, פאַר געוואַלטלאָזע, בלוטלאָזע „מלחמות". פון דער פאַרגאַנגענהייט

קאָן מען לערנען, אַז דורך אַזעלכע „מלחמות״, דורך דרויסנדיקער פּאַסיווי־טעט, וואָס פֿאָדערט אָנגעשטרענגטע אינערלעכע אַקטיווקייט, קאָן מען אַנט־וואָפֿענען אַכזריות׳דיקע מיליטערישע כוחות. איך האָב נאָך מיין ציל ניט דער־גרייכט? אָבער מיין אַרמיי איז געוואָרן אַ נייע און אַ קליינע. אַ סך מיליאָנען האָבן געשוואוירן געטריישאַפֿט צו מיינע אידעאַלן, בלויז אַ קליינער טייל פֿון זיי האָט פֿאַרמאָגט די גייסטיקע קראַפֿט און אמונה יענער געטרייישאַפֿט צו בלייבן געטריי. אַ גייסטיקער אויפֿשוואונג פֿון די מיליאָנען־מאַסן מוז ברענגען גרעסערן פּאָליטישן דערפֿאָלג, ענדגילטיקן נצחון, און יענע מיליאָנען קאָנען אויך דער־וואַכן צו אַ ניי לעבן און אַ נייעם קאַמף. אין שורש זיינען זיי ניט ערגער פֿון יענע צענדליקער טויזנטער, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן זייער עקזאַמען. איך האָב באַוויזן, אַז עס לוינט צו עקספּערימענטירן אין דער ריכטונג, אין וועלכער גאָט׳ס גייסט האָט מיר געהייסן גיין. זאָלן מיט מיר און נאָך מיר קומען אַנדערע עקספּערימענטאַטאָרן — זיי וועלן פֿאַרענדיקן וואָס איך האָב אָנגע־הויבן.

אַזוי קאָן היינט רעדן צו אונז גאַנדי דער בן־שבעים.

און מעג איך צוגעבן?

פֿאַר איין מענטשלעך לעבן זיינען די דערגרייכונגען פֿון גאַנדי׳ס עקספּע־רימענטן מער ווי גענוג. צי עס וועלן אין אינדיע זיך באַווייזן אין די נאָענטע יאָרן נייע און נאָך מער עקספּערימענטירער פֿון גאַנדי׳ס שורש־נשמה, ווייס איך ניט. אָבער די גייסטיקע ענערגיע, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פֿון גאַנדי׳ס פּערזענלעכקייט אין משך פֿון עטלעכע צענדליק יאָר, וועט ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן. זי בלייבט אין חלל העולם. זי בלייבט אין זכרון פֿון דער מענטשהייט. זי וועט מאָנען און וועקן, דערמאָנען און סטימולירן. קיין שום בלוט־וואַקכאַ־נאַליעס, וואָס זענען אפֿשר פֿאַר אונז אָנגעגרייט, וועלן שוין ניט קאָנען פֿאַר־טרייבן פֿון אונזערע נשמות דעם צויבער פֿון גאַנדי׳ס דראַמאַטישן געראַנגל. און וויפֿל מיר זאָלן זיך יענעם צויבער ניט אַנטקעגנשטעלן מיט אונזער „שכל התחתון״, וועט דאָס טיפֿערע און עכטערע, וואָס מיר פֿאַרמאָגן, אַלץ מער וועקן אין אונז אַ בענקשאַפֿט נאָך גאַנדיס קרעפֿטיקן גייסט, נאָך זיינע העלדישע וועגן.

1939

# גאנדי טויט

מיר האָבן דאָ געהערט אַ צאָל תפילות אויף איינער פון די עלטסטע און נאָבלסטע קולטור־שפּראַכן, און איך גלויב, אַז אַ סך פון די דאָ פאַרזאַמלטע וואָס האָבן ניט די זכיה צו פאַרשטיין סאַנסקריט, זיינען באַקאַנט מיטן אינהאַלט פון יענע שטילע און דערהויבענע תפילות דורך איבערזעצונגען אין די מערב־שפּראַכן. מיר האָבן דאָ געהערט עטלעכע אינהאַלטסרייכע און טיף־דורכגעפילטע רעדעס פונם הויכגעשעצטן הויפּט פון אייער קירך, פון מיטגלידער פון דער אינדישער דעלעגאַציע צו די פאַראייניקטע פעלקער און פון גאַנדי׳ס אַ נאָענטן פריינט, רעווערענד דזשאָן האָלמס. נאָך אַזעלכע רעדעס, און באַזונדערס נאָך די תפילות, איז ניט לייכט פאַר אַ מענטשן ווי איך עפּעס ביי־צוטראָגן צו דער אַטמאָספערע פון היינטיקן אָוונט.

עס איז אומגעהייער שווער זיך צוצוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז גאַנדי האָט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם פון זיין בשר־ודם־עקזיסטענץ. נאָך שווערער איז איבערצוטראָגן דעם געפיל, אַז די געשיכטע — וואָס נאָר אין די שעה׳ן פון אמת׳ער עניוות זיינען מיר גרייט צוצוגעבן, אַז מיר קאָנען נאָך ניט משיג זיין אירע וועגן — האָט אייערנעכן דורכגעפירט אין אינדיע אַ ספּעקטאַקל פון אַכזריות׳דיקער איראָניע. דער מאַן וואָס האָט אַוועקגעגעבן כמעט זיין גאַנץ לעבן אויף איינצופלאַנצן דעם „לא תרצח“ אין מענטשלעכע הערצער, איז געפאַלן פון דער האַנט פון אַ רוצח. נאָך מאוים׳דיקער איז דער פאַקט, וואָס דער רוצח איז ניט קיין פרעמדער, נאָר אַן אייגענער — בלוט פון גאַנדי׳ס בלוט, פלייש פון גאַנדי׳ס פלייש, איינער וואָס איז אויסגעכאָוועט געוואָרן אין דער זעלביקער רעליגיע, וואָס האָט גאַנדי׳ן געפירט צו זיינע גייסטיקע טריאומפן. אויב נאָך טויזנטער יאָרן פון זינלאָזער שפיכות־דמים האָבן מיר זיך גענויטיקט אין נאָך איין באַווייז, ווי געפערלעך עס זיינען עקס־טרעמער נאַציאָנאַליזם און רעליגיעזער פאַנאַטיזם פאַר די שיקזאַלן פון דער וועלט, איז אַזאַ באַווייז אונז געגעבן געוואָרן דורך דעם מאָרד אין ניו דעלהי.

מיליאָנען מענטשן אין אינדיע גלויבן אין גילגולים. עס איז ניט פאַר מיר אַרויסצוגעבן אַן אורטייל, ווי גרויס ס׳איז די מאָס פון אמת וואָס אַזאַ

---

דער טעקסט, מיט עטלעכע ענדערונגען, פון אַ רעדע, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן ביי דער גאַנדי־אזכרה אין דער ראַמאַקרישנאַ־וויעווקאַנאַנדאַ־קירך פון דער ניו־יאָרקער הינדו־קאָלאָניע, זונטיק דעם ערשטן פעברואַר.

גלויבן אַנטהאַלט אין זיך. דאָס איז אַן אמונה וואָס כאַראַקטעריזירט מער ווי איין רעליגיע און זי איז ניט אינגאַנצן פרעמד אויך יענער רעליגיעזער ציווי־ליזאַציע, אין וועלכער איך אַלס איד בין אויסגעוואַקסן. גאַנדי, ווייס איך, האָט געגלויבט אין „רעאינקאַרנאַציע", און ניט איינמאָל האָבן זיינע פאַרערער זיך געפרעגט: ווע מענס „גילגול" איז ער געווען? ווער האָט זיך אין אים, אַזוי צו זאָגן, ווידער־פאַרקערפּערט? אייניקע האָבן אין אים געוואָלט זען די ציקלישע רעאינקאַרנאַציע פון בודאַ׳ן; אַנדערע — אין דער מערב־וועלט — זיינען געווען גענויגט אַנצונעמען, אַז אין זיין פיגור האָט זיך „ווידער־פאַרקערפּערט" דער לערער פון נצרת. איך מיין, אַזביידע זיינען געווען אומגערעכט. אויב שוין זוכן פאַר גאַנדין אַ פּראָטאָטיפּ אין דער ווייטער פאַר־גאַנגענהייט, וואָלט איך גיכער געזען אין אים די „רעאינקאַרנאַציע" פונם אינדישן אימפּעראַטאָר אַסאָקאַ.

איך פּרעטענדיר ניט צו זיין אַ קענער פון אינדיע, און דאָך בין איך זיכער, אַז אין אייער גרויסן לאַנד זיינען געווען און עס זיינען פאַראַן אויך אין אונזערע טעג מענער, וואָס, אין אַ געוויסן זינען, פאַרדינען זיי מער דעם טיטול „הייליקע" איידער גאַנדי. גאַנדי איז ניט געווען קיין „סאַדהו", קיין אַסקעט וואָס שיידט זיך אָפּ פונם טומל פון סאָציאַלן לעבן און לעבט אין שווייגנדיקער התבודדות, אין תפילה און אין ריינער, אומגעשטערטער „קאָנ־טעמפּלאַציע", ערגעץ־וואו אין די הימאַלאַיען־בערג. ער איז ניט געגאַנגען אין די וועגן פון בודאַ׳ס איינזאַמען אינדיווידואַליזם, און כאָטש דער נייער טעסטאַמענט האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן איינדרוק, איז זיין לעבן ניט געווען קיין „אימיטאַציאָ קריסטי". פון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט איז ער מיט דער דינאַמיק פון זיין גייסט געווען נענטער צו די אידישע נביאים, איידער צו דער דערלייזער־געשטאַלט פון בודיזם אָדער קריסטנטום. זיין געוויסן האָט רעוואָלטירט קעגן יענעם „קאָסמישן סנאָביזם", וואָס שטעלט זיך מחוץ און איבער דער געשיכטע, איבער דעם שטראָם פון היסטאָרישן געשעען. ווייל אויך הייליקייט קאָן זיין עגאָאיסטיש, זינדיק, פליכטלאָז. דער הייליקער וואָס וויל לעבן מחוץ דער געזעלשאַפט, אין אַ וועלט פון ריינער „אַנשויאונג", אין שטענדיקער דבקות מיט טראַנסצענדענטאַלע אמת׳ן, און פּועל׳ט ביי זיך אַז קאָנקרעטע ליידן פון קאָנקרעטע מענטשן, שיקזאַלן פון ביליאָנען יחידים, פון פעלקער, פון ראַסן, קערן זיך מיט אים ניט אָן, נעמט זיך אַ פּריווילעגיע, דערלויבט זיך אַ לוקסוס וואָס האָט אין זיך דעם עלעמענט פון זינד. מעג ער זיין כראָניש הונגעריק ווי אַ בודיסטישער מאָנאַך, מעג ער זיין נאַקעט און באָרוועס און דאַכלאָז ווי אַן אַמאָליקער פראַנציסקאַנער — ער איז זינדיק שוין דערמיט, וואָס ער האָט זיך אויפגעבויט אַ ריזיקע פּיראַמידע און זיך איינער אַליין אָוועקגעשטעלט מיט מיסטיש־גדלנ׳ישער זאָרגלאָזיקייט אויפן

דינעם שפּיץ פון דער פּיראַמידע. גלייכגילטיקייט צו ליידן — אויך צו די סאַמע „בידעריקע", „פּיזיאָלאָגישע", ליידן פון מיט־מענטשן און מיט־באַ־שעפעניש — איז אין תּוך אַ שווערער חטא. אָט יענעם חטא פון „זאָרג־לאָזיקייט" און פון פאַראַכטונג צו היסטאָרישן „תּכלית" האָט גאַנדי געזוכט אויסצומיידן, און, אויב איך מעג זיך דאָ אַזוי אויסדריקן, האָט ער באַשלאָסן צו זיין „ווייניקער הייליק", ווי אים האָט זיך געוואָלט זיין, ווי ער האָט געקאָנט זיין. אים האָט געצויגן צו התבודדות, צו איינזאַמער תּפילה, צו איינזאַמען דענקען, פילן און שווייגן, צו „מצוות שבין אדם לעצמו". אויב דאָס זאָל זיין אַ יצר־טוב, האָט ער אַזאַ יצר־טוב גובר געווען אין זיך צוליב אַנדערע התחיבותן — צוליב מצוות שבין אדם לחברו. בודאַי האָט פאַרמאָגט אצילות אָן חסד — ווי קען איך פאַרגלייכן צו אים גאַנדי, וואָס חסד איז געווען דער הויפּט־פּאַטאָס פון זיין נשמה? ישו פון נצרת (אויב מיר קענען אים, אָדער אויך וויפיל מיר קענען אים) איז באַהערשט געווען פון אַ שטראָם פון הייליקער לייכטזיניקייט, וואָס וויל זיך אַראָפּנעמען אַ משל פון דעם פויגל אין דער לופט און פון די ליליען אין פעלד — ווי קאָן איך פאַרגלייכן צו אים גאַנדי'ן, דעם שטענדיקן זאָרגער און פאַרזאָרגער, דעם שטענדיקן מיט־ליידער, מיט־גערודפטן, מיט־מאַרטירער? פאַר בודאַ'ן האָט „דער צעזאַר" ניט עקזיס־טירט. ער איז פאַרגאַנגען אַזוי ווייט אויף די איינזאַמע שטעגן פון זיינע הויכע הימאַלאַיען, אַז ער האָט אָן אים אינגאַנצן פאַרגעסן. פאַר דעם לערער פון נצרת איז „דער צעזאַר" געווען אַ גרויסע און געהאַסטע רעאַליטעט; האָט ער באַשלאָסן אים צו איגנאָרירן: גיב דעם צעזאַר וואָס דעם צעזאַר קומט (אָדער וואָס ער האָט זיך איינגערעדט אַז ס'קומט אים) און זאָל ער דיך צו־רולאָזן, כדי דו זאָלסט קאָנען „פריי" לעבן ווי אַ תּפילה־באַהעמיען. גאַנדי האָט „דעם צעזאַר" ניט איגנאָרירט. ער האָט ניט געזוכט אים „אונטערצוקויפן" אָדער זיך פון אים „אויסצוקויפן". זיין ליידנשאַפטלעכער באַגער איז געווען „דעם צעזאַר" צו פאַרניכטן, אים אַראָפּצוזעצן פון טראָן — אָבער מיט זיינעם אָן אייגענעם, ניט קיין „צעזאַרישן" געווער. אַנשטאַט צו זיין אַ סאַדהו איז ער גע־וואָרן אַ פּאָליטיקער, אַ שטאַטסמאַן.

איך האָב פריער באַמערקט, אַז אויב עס זיינען טאַקע פאַראַן גילגולים, איז גאַנדי גיכער געווען אַ גילגול פון אַסאָקאַ, פון יענעם אינדישן אימפּעראַ־טאָר, וואָס האָט גאַנצע דריי יאָרהונדערטער פאַר דער קריסטלעכער ציילונג געפּרואווט צו פאַרווירקלעכן זיין בילד פון מלכות שמים אין היסטאָרישער ווירקלעכקייט, אין סאָציאַלן לעבן, אין געזעצגעבונג, אין דעם ראַמען פון אַ שטאַט. יענע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון אינדיע איז — פאַר מיר יעדנפאַלס — אַ זייער פאַרנעפּלט קאַפּיטל, און איך ווייס ניט אויף וויפיל יענעם גע־ביאַלן הערשער איז געלונגען אָנצוקליידן זיין טרוים אין פלייש און ביינער.

איך ווייס אָבער וואוהין אַסאַקאַ האָט געצילט: אויפצובויען אַ שטאַט, אין וועלכן עס זאָל ניט זיין קיין סתירה צווישן מידת הדין און מידת הרחמים, וואו דער דין אַליין זאָל זיין אַנגעטרונקען מיט רחמים. אויף אַהימסאַ — אויף דעם דריי־טויזנטיאָריקן אידעאַל, וואָס איז אין אַן אייגנטימלעכער פאָרם געבוירן געוואָרן אין אינדיע, אויף דעם פּרינציפּ פון ניט־טויטן, ניט־שעדיקן, ניט וויי־טאָן, אויף דעם פּרינציפּ פון אַן אַלץ־אַרומנעמענדיק חסד, האָט ער גע־פּרואווט אופצובויען די קאָנסטיטוציע און דעם מעכאַניזם פונם שטאַט. און אָט אויף דעם „פּאַראַדאָקסאַלן" וועג האָט זיך גאַנדי געלאָזן גיין אין אונזער דור. אינדיע דאַרף זיך באַפרייען פון ענגלישן יאָך? זי וועט זיגן דורך אַהימסאַ, דורך בלוטלאָזן ווידערשטאַנד. עס זיינען פאַראַן אין אינדיע אונטער־דריקטע קלאַסן און נאָך מער אונטעדריקטע קאַסטן? זיי קאָנען זיך באַפרייען דורך אַקטיווער, מיליטאַנטישער אַהימסאַ.

די טראַגעדיע פון אונזער צייט — און פון אַ סך צייטן פאַר אונז — איז די שווערע מחיצה וואָס מיר האָבן אַליין אויפגעשטעלט צווישן דער טראַנסצענדענטאַלער וועלט און דעם פּראָצעס פון געשיכטע, צווישן צילן און מיטלען, צווישן דעם אייביקן און טאָג־טעגלעכן, צווישן רעליגיע, מאָראַל, עסטעטיק, פון איין זייט, און פּאָליטיק (אין דעם ברייטסטן זינען פון וואָרט), פון דער אַנדערער זייט. אָט די מחיצה האָט גאַנדי געפּרואווט אָפּצוּווישן. ער האָט געוואוסט, אפשר פיינלעכער ווי אַנדערע אין אונזער דור, אַז אינגאַנצן קאָן יענע מחיצה ניט באַזייטיקט ווערן. דאָס אַבסאָלוטע און דאָס רעלאַטיווע וועלן קיינמאָל זיך ניט קאָנען צונויפגיסן און ווערן איינס. ער האָט אָבער געגלויבט, אַז דאָס טאָג־טעגלעכע טאָן און וואַנדלען קאָן אָנגעהויכט ווערן מיט עלעמענטן פונם אַבסאָלוטן, און אַז ס'איז אוממעגלעך צו לעבן און גע־דייען אין אַ וועלט, וואו קדושה איז אַן מין ווייטע און איזאָלירטע „רעזער־וואַציע", וואָס האָט ניט קיין קאָנטאַקט מיט די ברייטע שליאַכן פון לעבן.

אַזאַ לעבנסבליק איז ניט פרעמד דער אידישער רעליגיעזער טראַדיציע. איך רעד שוין ניט וועגן דעם, אַז, ווי מאַרטירעריש די אידישע געשיכטע זאָל ניט זיין, האָבן מיר ביז אַהער טריאומפירט מיט אונזער מאַרטירערטום. צוויי טויזנט יאָר האָבן אידן פּראַקטיצירט „אַהימסאַ", דאָס וואָס אייניקע באַ־צייכענען ווי פּאַסיווע רעזיסטענץ, און וואָס האָט אין גרונט קיין שייכות ניט מיט פּאַסיווקייט. די אידישע פּאַסיווע רעזיסטענץ קעגן שונאים און פאַר־פאָלגער וואָס זיינען געווען פיזיש הונדערטער מאָל שטאַרקער פון אונז, איז געווען אַקטיווקייט פון דער העכסטער מדרגה: די קאָנצענטרירונג אויפן אמת; די איינגעשפּאַרטקייט דעם אמת ניט צו פאַרלאָזן, אים ניט צו פאַרראַטן, צו דעם ניט־אמת (אָדער צו דעם וואָס מיר האָבן באַטראַכט פאַר ניט־אמת) ניט צו קאַפּיטולירן; מאַרטירעריש שטיין פאַר פיזישן אונטערגאַנג, פאַר דער

תליה, פאַרן שייטער־הויפן, איז אַ סך אַ העכערע און אינטענסיווערע מדרגה פון וויטאַלקייט פון טאָן, קעמפן און באַקעמפן, ווי באַנוצן זיך מיט געווער און פיזישער קראַפט.

דער אידישער באַגריף פון קידוש־השם איז אָבער ניט בלויז גרייטקייט אויף קרבן, אויף טריאומפירנדיקן טויט. ער איז אויך — אַ באַגער דאָס לעבן צו הייליקן, ניט צו האַלטן קדושה איינגעשלאָסן אין אַ באַזונדער ארון און יענעם ארון עפענען פון צייט צו צייט, כדי זיך אין דער קדושה אַ שפּיגל צו טאָן און ווייטער זי צו פאַר׳חתמ׳ענען, נאָר צו האַלטן דעם מקור פון קדושה שטענדיק אָפן, און צו לאָזן זי אַריינשטראַלן אין דעם טאָג־טעגלעכן, אינם וואָכע־דיקן, אינם היסטאָרישן. דאָס וואָס איז אין דער הינדו־רעליגיאָזיטעט און אין דער גאַנדי־רעליגיאָזיטעט „דאַרמאַ״, איז אין דער אידישער רעליגיאָזיטעט „שולחן ערוך״.

מיר וועלן דאָ היינט ניט אָפּשאַצן, אויף וויפיל גאַנדי האָט מיט זיין עקספּערימענט מצליח געווען. ער האָט פאַרמאָגט אַ ווייטע וויזיע און אַ לאַנגן אָטעם, און ער האָט איינגעפלאַנצט אין באָדן זוימען, וואָס זייער פּולע פּרוכט וועט אפשר אַרויסקומען מיט דורות שפּעטער. ער האָט אָבער דער וועלט — ניט נאָר אינדיע — געגעבן אַ ביישפּיל, וויאַזוי צו שאַפן אַ מין „רערן־ליניע״ צווישן דעם טראַנסצענדענטאַלן און דעם היסטאָרישן, וויאַזוי צו קעמפן פאַר הייליקע צילן מיט מיטלען וואָס זיינען ניט אין סתירה צום אינהאַלט פון די צילן. זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער געהערן אפשר מער צו דער צוקונפט ווי צו דער קעגנוואַרט, און די וואָס האָבן געהאַט דאָס געהעריקע אויג פאַר אָבסערוואַציע פון זיין געשטאַלט, האָבן אין איר געזען אַן אָנזאָג אויף מאָרגן, אויף עפּעס וואָס קאָרטשעט זיך אין זיינע אייגענע חבלי־לידה, וואָס וויל געבוירן ווערן אין אונז אַלעמען.

פון דער פּראָצעסיע, וואָס האָט נעכטן באַגלייט זיין טויטן קערפּער צום ברעג פונם געהייליקטן טייך, האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: „זיג פאַר גאַנדי״. די מענטשן פון דער מיליאָנקעפּיקער מאַסע, וואָס האָבן אַזעלכע אויסגעשרייען געמאַכט, האָבן געוואוסט, אַז אין אַ פּאָר שעה אַרום וועט פון גאַנדי׳ס קערפּער ווערן אַ מאָגער בערגל אַש. מיט זייער פּראָזע האָבן זיי, אַזוי צו זאָגן, באַזיגט דעם טויט, באַזיגט דורך לייקענען זיין ווירק־לעכקייט. „זיג פאַר גאַנדי״ — זיי זיינען זיכער, אַז „ערגעץ־וואו״ לעבט ער ווייטער, אַז זיין גייסט קאָן נישט צעשטערט ווערן, און אַז דער דאָזיקער גייסט וועט נאָך אָפּהאַלטן גרויסע נצחונות — אין אונז, דורך אונז, פאַר אונז.

וואָס קאָן איך צוגעבן צו אַזאַ מאַניפעסטאַציע פון גלויבן?

איך ווייס, אַז איר גיט מיר רשות צו פאַרענדיקן מיט די דריי ווערטער, מיט וועלכע אידן ערן דעם אָנדענק פון זייערע גדולים:

„זכר צדיק לברכה״.

1947

# דער מקור פון מאָראַלישע געפילן

(פרויד׳ס אויסטייטשונג פון געוויסן)

אײנע פון די הויפט־באַשולדיקונגען, וואָס זיינען פון פאַרשיידענע זייטן געמאַכט געוואָרן קעגן דער פסיכאָאַנאַליטישער שול איז — איר עטישער פעסימיזם. לויט פרויד׳ס לערע, האָט מען אָנגעוויזן, איז די עצם נאַטור פונם מענטשן אַן אַ־מאָראַלישע, אָדער גאָר אַן אַנטי־מאָראַלישע, און דערפאַר לאָזט זי ניט איבער אפילו קיין האָפענונג, אַז ווען ס׳איז זאָלן מענטשלעכע ברואים דערגרייכן די מדרגה פון האַנדלען און לעבן אין גייסט פון עכטע עטישע ווערטן.

פרויד גופא האָט געגעבן גענוג געלעגנהייטן פאַר אַזאַ באַשולדיקונג. אין אַ ריי פון זיינע ווערק האָט ער געשילדערט אונזער גאַנצע ציוויליזאַציע, באַזונדערס אירע עטישע עלעמענטן בלויז, אָדער דער עיקר, ווי אַ פּראָדוקט פון סאָציאַלן צוואַנג, אָנגעווענדט אויף דער תוהו־ובוהו׳דיקער, ווילדער, רויב־און־מאָרד־גלוסטיקער נאַטור פונם אינדיווידיאום. דער גרינדער פון דער פסיכאָאַנאַליטישער שול האָט אָבער ניט שטענדיק געוואָלט מסכים זיין מיט זיינע קריטיקער, אַז זי מוז פירן צו פאַרצווייפלונג, אַז די אויספירן וואָס מ׳קאָן פון איר מאַכן זיינען ראַדיקאַל־פעסימיסטישע. אַזוי קלאָגט ער זיך אין זיין „אַלגעמיינע איינלייטונג אין די פסיכאָאַנאַליזע״, אַז אַ סך האָבן זיין לערע שלעכט פאַרשטאַנען. ער האָט אַרויסגעהויבן, טענה׳ט ער דאָרט, דאָס בייזע אין דער מענטשלעכער נאַטור נאָר דערפאַר, וואָס אַנדערע, סענטימענטאַלע דענקער און שרייבער, האָבן עס געזוכט צו פאַרלייקענען, און דערמיט האָבן זיי נאַטירלעך דאָס מענטשלעכע נשמה־לעבן געמאַכט ניט בעסער, נאָר אומפאַרשטענדלעכער. זיינע קריטיקער האָבן, לויט זיין מיינונג, אויך ניט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק די צענזור־פּראָצעסן, וואָס ער האָט אַנטדעקט אין אונזער פסיכישן לעבן: זייער אַ סך שלעכטס אין אונז ווערט אונטערדריקט, צענזורירט אָדער פאַרמאַסקירט, אָבער דער פאַקט וואָס מיר פאַרמאָגן אַ כוח וואָס צענזורירט, אַן אינעווייניקסטן פּראָקוראָר, איז גראָד, מיינט ער, אַ געוויסע באַשטעטיקונג, אַז מיר פאַרמאָגן מער אָדער ווייניקער עכטע אָדער אָרגאַנישע נייגונגען צום „גוטן״. אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן „מלחמה און טויט״ האָט פרויד אויך געהאַלטן פאַר נויטיק אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, אַז די פּרעעקזיסטענץ פון שטאַרקע „בייזע״ פאַרלאַנגען אין קינדער איז גאָר אָפטמאָל די באַדינגונג פאַר אַן אויסדריקלעכער ווענדונג פונם דערוואַקסענעם צום

„גוטן": אומדערטרעגלעכע עגאָאיסטן אין זייערע קינדער־יאָרן אַנטוויקלען זיך אָפּט צו באַזונדערס הילפס־גרייטע און אויף קרבנות־פּעאיקע בירגער, און די מערסטע „רחמנות־טרוימער", מענטשן־פריינט און צער־בעלי־חיים'־ניקעס, האָבן, גלויבט פרויד, אין זייערע קינדער־יאָרן געשעפּט זייער הויפּט־הנאה פון מוטשען לעבעדיקע באַשעפענישן. אַז פּסיכאָאַנאַליזע איז ניט אַזוי פּעסימיסטיש ווי מע מאָלט זי, האָט פרויד געהאַלטן פאַר נויטיק באַ־זונדערס שטאַרק צו באַטאָנען אין זיין זייער אינטריגירנדיקער אַרבעט „דאָס איך און דאָס עס":

„די פּסיכאָאַנאַליזע האָט מען אומציילִיקע מאָל באַשולדיקט, אַז זי איגנאָרירט די העכערע, די גייסטיקע און מאָראַלישע זייט פון דער מענטשלע־כער נאַטור. די דאָזיקע תרעומה איז טאָפּלט אומבאַרעכטיקט: סיי היסטאָ־ריש און סיי מעטאָדאָלאָגיש. די פונקציע פון ארויסרופן אונטערדריקונגען (פון געוויסע, אָפּטמאָל „בייזע" באַגערן) האָבן מיר פון אָנפאַנג אָן צוגעשריבן צו די מאָראַלישע און עסטעטישע טענדענצן אין דעם איך. צווייטנס: געוויסע קריטיקער האָבן בדרך־כלל ניט געוואָלט פאַרשטיין, אַז די פּסיכאָאַנאַליטישע פאָרשונג האָט ניט געקאָנט אַרויסקומען מיטאַמאָל מיט אַ פולשטענדיק־פאַר־ענדיקטער און אָפּגערונדעטער לערע, וואָס מ'זאָל זי קענען פאַרגלייכן צו אַ פילאָזאָפישער סיסטעם; אַז זי האָט געדאַרפט געפינען איר וועג שריט ביי שריט, עקזאַמענירנדיק די דעליקאַטע פאַרקניפּונגען אין מענטשלעכן גייסט און אָפּערירנדיק מיטן אַנאַליטישן מעסער סיי אין פּסיכיש־נאָרמאַלע און סיי אין אַבנאָרמאַלע דערשיינונגען...

אָבער איצטער קענען מיר ענטפערן אַלע די, וואָס זייער מאָראַלישער געפיל איז געוועזן שאָקירט און וואָס האָבן גע'טענה'ט (קעגן אונז), אַז אין מענטשן מוז זיכער זיין אַ העכערע נאַטור: זייער ריכטיק. און יענע העכערע נאַטור קאָן מען זען אין דעם איך־אידעאַל אָדער אין דעם איבער־איך"...

מיר זיינען אָבער ניט מחויב אָנצונעמען פרויד'ס „מבינות" אויף זיין אייגענער לערע. צי פּסיכאָאַנאַליטישע טעאָריעס פירן צו עטישן פּעסימיזם אָדער ניט, הענגט דאָך אָפּ ניט פון די אָדער אַנדערע דערקלערונגען, וואָס פרויד האָט געמאַכט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן פּאָלעמיזירענדיק מיט זיינע קריטיקער און קעגנער, נאָר פונם אינהאַלט פון זייערע גרונט־הנחות. ווען פרויד באַרופט זיך אויף זיין באַגריף פון איך־אידעאַל אָדער איבער־איך ווי אַ ראיה, אַז זיין לערע נעמט ניט אַראָפּ פונם מענטשן זיין „מאָראַלישע קרוין", דאַרפן מיר קודם־כל אַנאַליזירן דעם כאַראַקטער און די פונקציעס פונם איבער־איך, ווי פרויד פאַסט אים אויף, און זען צי איז אין אים טאַקע דאָ דער מקור פון עכטער מאָראַלישקייט.

וואָס־זשע פאַרשטייט פרויד אונטער זיין טערמין „איבער־איך"?

לויט פרויד'ס „פּסיכישער אַנאַטאָמיע" באַשטייט דער יחיד פון דריי חלקים: פונם „עס", פונם „איך" און פונם „איבער־איך". די גרענעצן צווישן איין חלק און דעם אַנדערן קאָנען, נאַטירלעך, ניט זיין אַזוי קלאָר און עקזאַקט, ווי די גרענעצן צווישן פאַרשיידענע איברים און געוויינלעכער אַנאַ־טאָמיע. אין דער „פּסיכישער אַנאַטאָמיע" זיינען די חלקים אויסגעלייגט ניט, אַזוי צו זאָגן, אין „טאָפּאָגראַפישער" אָרדענונג. די גרענעצן צווישן זיי זיינען אָפטמאָל גאַנץ פאַרווישט און דערפאַר קאָן איין חלק צום טייל אַריינדרינגען מיט זיין וועזן אין אַן אַנדער חלק.

דעם טערמין „עס" (אָדער דאָס לאַטייניש "Id") האָט פרויד אויסגעליען ביי ניטשע'ן. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דאָס אומפּערזענלעכע אין דער פּערזאָן, דער בראשית'דיקער ניט־אָרגאַניזירטער, בלינד־ווילדער, ניט־דענקנדיקער און חשבון'לאָזער דראַנג פון אינסטינקטן און אימפּולסן. דאָס „עס" איז אומ־ראַציאָנאַל, אומעטיש, קאָן זיך קיינמאָל ניט אָנזעטיקן, ווייסט ניט און וויל ניט וויסן פון קיין מניעות אויף זיין וועג און האָט ניט קיין פאָרשטעלונג פון שטראָף פאַר באַגאַנגענע מעשים. ער איז דער אומגעצוימטער בעל־תאווה אין דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט — דער פרעסער און זויפער, דער סעקסועל־גיריקער, דער הערשאַפט־און־אייגנטום־באַגערער, דער פאַר־גוואַלטיקער און מערדער. בלויז אויבנאויפיקע אַנאַלאָגיע־זוכעריי האָט געקאָנט אויסגעפינען אַן ענלעכקייט צווישן זיגמונד פרויד'ס „עס" און אַנרי בערגסאָנ'ס élan vital אָדער לעבנס־אימפּעט. בערגסאָנ'ס „עלאַן" איז אַ קאָנסטרוקטיווער כוח, וואָס טראָגט אין זיך מיסטעריעזע חכמה און דעם סוד פון קיינמאָל זיך ניט אָפּשטעלנדיקער שעפערישער עוואָלוציע, בשעת פרויד'ס „עס" איז אַן אייביקער נאַר און פּרינציפּיעלער פּוסט־און־פּאַסניק. דאָס „עס" באַטראַכט זיך פאַר דער איינציק לעבעדיקער עקזיסטענץ, און אַלע אַנדערע עקזיסטענצן — בלויז ווי זאַכן, אָביעקטן פאַר זיין הנאה, פאַר זיין האָב־און־הערשאַפט־תאווה, פאַר זיין מאָרד־און־פאַרניכטונג־לוסט. פרויד'ס „עס" איז ניט נאָר אַבסאָלוט אַ־מאָראַליש און הפקרות'דיק, נאָר אויך סקאַנ־דאַליעז אומפּראַקטיש. „עס" ווייסט קיינמאָל ניט און קאָן גאָרניט וויסן, ווי גע־פערלעך זיין תאווה־דראַנג איז פאַר זיין אייגענעם קיום: פאַר אים עק־זיסטירט לחלוטין ניט די שייכות צווישן האַנדלונגען און קאָנסעקווענצן. ווען דאָס „עס" וואָלט געווען דער איינציקער אָדער אפילו דער הויפּט־בעל־הבית אין מענטשלעכע עקזיסטענצן, וואָלט די וועלט, אָדער ריכ־טיקער, די געזעלשאַפט, גאָר קיין קיום ניט געקאָנט האָבן. זי וואָלט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ ווילדן געראַנגל פון בלינדע כוחות, אין אַ כאַאָס פון זיך קעגנזייטיק פאַרניכטנדיקע און זיך אַליין פאַרדאַרבנדיקע קווילן פון אימפּולסן. יענע איינצלנע מענטשלעכע עקזעמפּלאַרן, אין וועלכע דאָס „עס"

ווערט דער אַליין־הערשער, אָדער דער הויפּט־הערשער, ווערן אַן אמת׳ע סכנה פאַר דער געזעלשאַפט און זיי מוזן באַזייטיקט ווערן אָדער דורך פיזי־שער פאַרניכטונג (עקזעקוציע), אָדער דורך סאָציאַלער פאַרניכטונג (איזאָ־לאַציע).

גאָר אַן אַנדערע פונקציע דערפילט אין אונזער נשמה־לעבן דער איך. ווי פרויד שילדערט אים אונז, איז ער אויך ניט קיין גוואַלטיקער „בעל־מידות" און עס וואָלט געווען זייער ריזיקאַליש צו דערוואַרטן פון אים, ער זאָל זיין דער טרעגער פון עכטע מאָראַלישע ווערטן. דער עיקר איז ער דער „בעל־הנסיון" אין אונז, און זיין ווערט באַשטייט אין אַ גרויסער מאָס אין זיין זכרון און אין די דערפאַרונגען וואָס ער איז פעאיק אין זיך צו אַקומולירן. ער איז מסוגל צו לערנען פון דער פאַרגאַנגענהייט און דערפאַר פאַרמאָגט ער אויך אַ באַשטימטע פעאיקייט פאַראויסצוזאָגן די אומפאַרמיידלעכע, די וואָר־שיינלעכע אָדער די מעגלעכע צוקונפט. עס וועט ניט זיין קיין איבערטרייבונג צו אידענטיפיצירן פרויד׳ס „איך" מיטן אינטעלעקט. דער „איך" ווייסט, אַז דאָס „עס" איז כאַאָטיש און איז ניט מסוגל זיך צו רעכענען מיט דער אַרומיקערווירקלעכקייט. נעמט ער אויף זיך די ראָלע פון אַ משגיח, פון אַן אפּוטרופּוס און צענזאָר איבער אַלץ וואָס קומט פאָר און ברויזט אין דעם אומדיס־ציפּלינירטן „עס". דער „איך" ווייזט אַן גרענעצן, ביז וואו דער דראַנג פונם „עס׳ס" תאוות מעגן אָדער זאָלן גיין, כדי צו פאַרמיידן קראַנקהייטן, געפערלעכע צונויפשטויסן מיט אַנדערע טרעגער פון דיזעלבע תאוות אָדער מיט די אָביעקטן פון די תאוות גופא (דאָס „עס" וויל דאָך ניט וויסן, אַז דער אָביעקט פון זיין תאווה איז אויך אָפטמאָל בלויז פאַר אים אַן אָביעקט, אָבער אַליין פאַר זיך אויך אַ סוביעקט, וואָס קאָן אַמאָל שטרענג באַשטראָפן דעם וואָס אַטאַקירט אים). דער „איך" פאַרמאָגט די עמפּירישע „חכמה" פונם בעל־הנסיון און ער צווינגט דאָס „עס" מיטן כוח פון דערפאַרונג צו מאַכן געוויסע קאָנצעסיעס, מוותר צו זיין פון צייט צו צייט אויף באַגערן וואָס קענען אַרויסרופן אַ מלחמה מצד דער אַרומיקער ווירקלעכקייט, אין געוויסע סיטואַציעס גוזר צו זיין אויף זיך אפילו אַ באַשטימטע מאָס פון אַסקעטיזם. אויב מיר זאָלן זיך אויסמאָלן, אַז דער „איך" ווירקט אויפן „עס" מיט איבער־צייגונג, איז זיין אַרגומענטאַציע — לויט דעם ווי פרויד שילדערט אים — ניט קיין עטישע, נאָר אַן אוטיליטאַר־לעגאַליסטישע: נעם די די זאַך, צו וועלכער דו גאַרסט, ווייל הינטער דער זאַך שטייט אַן עמעצער, וועלכן דו, אייביקער נאַר און בלינד־באַגערער, ווילסט קיינמאָל ניט זען, און יענער עמעצער וועט דיר געבן איבערן קאָפּ, און דערצו האָט ער נאָך אָפּגערעדט מיט נאָך אַזעלכע ווי ער, אַז זיי זאָלן זיך מיט זייער פאַראייניקטער קראַפט נוקם זיין אַן יעדן וואָס נעמט ניט־זיינס; דערשטיק אין זיך די תאווה צו

דער און יענער פּרוי, ווייל זי האָט אויף איר זייט אַ פאָטער, אַ ברודער, אַ מאַן אָדער אַ געליבטן, און אַחוץ דעם — די אַנאָנימע געזעלשאַפט. דאָס „עס" פאָלגט אָפּט אויס די קוואַזי־מאָראַלישע געבאָטן, ניט „מאהבה", נאָר „מיראה"; בלויז מיט אָנוואָרפן אַ מורא פועל׳ט דער „איך"ביים „עס", עס זאָל זיך אין אַ געוויסער מאָס „האַלטן אין דער מעלה". אין דער באַציאונג צום „עס" איז דער „איך", בכן, אַן עצה־געבער, אַ וואָרנער, און, אויב מען מעג זיך דאָ אַזוי אויסדריקן, אַ יורידישער קאָנסולטאַנט. עס איז דעם „עס׳ " האַר, אָבער — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען — אויך זיין משרת.

ווען דאָס „עס" וויל ניט אָננעמען דעם „איך׳ס" עצה אָדער וואָרנונג, ווייל די טעמפּעראַטור פון זיין באַגער איז אַ צו הויכע, איז דער „איך" גאָר ניט זעלטן גרייט נאָכצוגעבן דעם „עס" די שמד: דער „איך" שעמט זיך דעמאָלט ניט צו נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ „שאַיסטער לאָיער" און רעקאָמענדירן דעם „עס" אַזעלכע כיטרע מעטאָדן פון באַפרידיקן זיין באַגער, אַז די ווירקלעכקייט־פאַקטאָרן זאָלן אָדער דערפון זיך אינגאַנצן ניט דער־וויסן, אָדער ניט זיין אימשטאַנד צו באַשטראָפן פאַרן באַגאַנגענעם פאַרברעך. בנוגע צו געוויסע עקסצעסן פונם „עס" שפּילט דער „איך" אי די ראָלע פונם זיטן־פּאָליציי־באַאַמטן, אי די ראָלע פונם „אַלפאָנס", וואָס איז גאָר אַ „מסייע לדבר עבירה". אויב עס איז אמת וואָס מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז ווען אין אַלע מענטשלעכע ברואים וואָלט געהערשט בלויז דאָס „עס", וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געהאַט, מעג מען זאָגן אין שייכות צום „איך", אַז ווען ער וואָלט געווען דער דיקטאַטאָר אין אונזער גאַנצן פּסיכישן לעבן, וואָלט די געזעלשאַפט געקאָנט ווערן נאָך אַ לאַנגער אַנטוויקלונג ניט מער ווי אַ „חברה עגאָאיסטן פאַר קעגנזייטיקער פאַרזיכערונג", און דער יסוד פון אַזאַ געזעלשאַפט וואָלט געקאָנט זיין בלויז אַ יורידישער קאָנטראַקט. די צענזור פונם „איך" לגבי דעם „עס" איז דער עיקר אַ פּראַקטיש־יורידישע, ניט קיין עטישע, און די האַנדלונגען וואָס דער „איך" איז מסוגל צו דיקטירן זיינען לויט זייער נאַטור, אין בעסטן פאַל, לעגיטימע, אָבער ניט קיין מאָראַלישע (נאַטירלעך, אויב מיר נעמען אָן דעם שוין באַנאַל־געוואָרענעם אמת, אַז די מאָראַלישקייט אַפילו פון אַ סאָציאַל־נוצלעכער האַנדלונג ווערט געמאָסטן לויט דעם, צי זי איז אַ רעזולטאַט פון אַ דירעקטער אָדער ספּאָנטאַנער כוונה צו טאָן דאָס גוטע). אויך דער „איך", ווי פרויד כאַראַקטעריזירט אים, קאָן, בכן, ניט באַטראַכט ווערן פאַר אַ מעגלעכן מקור פון עכטער און דירעקטער מאָראַ־לישקייט. מאָראַלישע ווערטן קאָנען ניט אַרויסשטראַלן ניט פונם אומבאַוואוסט־זיין אָדער אונטערבאַוואוסטזיין פונם „עס" און ניט פון דער ספּערע פונם מאָראַליש־גלייכגילטיקן און בלויז אוטיליטאַר־„סאָציאָלאָגיש" אָריענטירטן „איך".

מוזן מיר זוכן דעם מקור פון עכט־מאָראַלישע מאָטיוון, אויב זיי זיינען אין אונז בכלל פאַראַן, אין דריטן טייל פון אונזער פערזענלעכקייט: אין „איך־אידעאַל" אָדער אין „איבער־איך" (פרויד נוצט אָפט די דאָזיקע צוויי טערמינען פאַר איינעם און דעמזעלבן באַגריף). אויב דאָס „עס" איז בלינדעליידנשאַפט און דער „איך" איז אַדמיניסטרירנדיקער אינטעלעקט, איז דער „איבער־איך", לויט פרויד'ס „אַנאַטאָמישער" סכעמע, דער זיץ פון געוויסן. דאָס קריטעריום פונם „איבער־איך" איז ניט דאָס מעגלעכע אָדער דאָס אומ־מעגלעכע, דאָס סאָציאַל־טאָלערירטע אָדער דאָס סאָציאַל־באַשטראָפטע, דאָס לויט נאַטור־געזעצן געזונטע אָדער דאָס פיזיאָלאָגיש שעדלעכע און דעסט־רוקטיווע, נאָר דאָס ערלויבטע אָדער דאָס פאַרבאָטענע, דאָס שיינע אָדער דאָס עקלהאַפטע, דאָס ווערדיקע אָדער דאָס אומווערדיקע. דער „איבער־איך" איז אי אַן אידעאַל פון אַ באַשטימטן סטאַנדאַרד, לויט וועלכן אַלע האַנדלונגען זאָלן זיך אָריענטירן, אי דער טריבונאַל וואָס משפט די טאָטאַלע פערזענלעכקייט פאַר אָפּנויגן פון יענעם סטאַנדאַרד, אי דער וואָס וויטיקט (און טיילט מיט זיין ווייטאָג צו די איבעריקע „חלקים" פון דער פערזענלעכקייט), ווען אַ פאַרברע־כערישע אָדער אומווערדיקע האַנדלונג ווערט באַגאַנגען. חרטה, געוויסן־ביסן, תשובה זיינען צושטאַנדן, וואָס וואָלטן גאָר ניט געווען אויסצודענקען, ווען אונ־זער פערזענלעכקייט וואָלט באַשטאַנען בלויז פון „עס" און „איך". נאָך אַן אומ־מאָראַלישער האַנדלונג קאָן דער „איך" זיך לייכט באַרואיקן, אויב ער איז זיכער, אַז מען וועט פון איר זיך ניט דערוויסן, אָדער אַז צוליב די אָדער אַנדערע סיבות וועט זי ניט באַשטראָפט אָדער געטאַדלט ווערן. פאַרן „איבער־איך" עקזיסטירן אָבער ניט קיין נישט באַשטראָפטע עבירות; ער פאַר־טרעט דעם ריכטער פון אינעווייניק, פון וועלכן מען קאָן זיך ניט אויסבאַ־האַלטן. דעפּרעסיע, מרה־שחורה, נערוועזע קראַנקהייטן, געפיל פון חרפה, פאַרצווייפלונג און — אין באַזונדערס שאַרפע פאַלן — וואַנזין זיינען די קאָנסעקווענצן פון „זינד" אָדער פון אומווערדיקע מעשים.

מיט דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק פונם „איבער־איך" וואָלטן מיר זיך געקאָנט צופרידנשטעלן און זען אין אים דעם נאַטירלעכן, בראשית'דיקן מקור פון עכטער מאָראַלישקייט. די פונקציעס פונם „איבער־איך", ווי פרויד שילדערט זיי אונז, וואָלטן אונז געדאַרפט קאָמפּענסירן פאַר דער הפקר־נאַטור פונם „עס" און מאָראַלישער צביעות פונם „איך", און מען וואָלט געקאָנט מסכים זיין מיט פרויד'ס דערקלערונגען, אַז זיין לערע צעשטערט גאָר ניט די באַזע פון אונזערע מאָראַלישע ווערטן און אַז זי איז לויט איר אינהאַלט ניט פּעסימיסטיש. האָט אָבער דער גרינדער פון דער פּסיכאָאַנאַליזע אונז געגעבן ניט נאָר אַ באַשרייבונג פונם „איבער־איך", נאָר אויך זיין גע־שיכטע, און אויב די מעטריקע וואָס פרויד האָט אַרויסגעגעבן דעם

„איבער־איך“, זאָל זיין אַ ריכטיקע, איז ער ניט קיין ביאָ־פּסיכאָלאָגישער אורוועזן מיט אייגענער קראַפט און מיט אייגענע אַנטוויקלונגס־געזעצן, נאָר — אין לעצטן חשבון — אַ פּועל־יוצא פון סאָציאַלער עוואָלוציע, מער פּראָדוקט פון „ציוויליזאַציע“ ווי פון דער נאַטור, עפּעס וואָס איז אויפן אינדיווידואום אַרויפגעצוואונגען, אָדער ריכטיקער, אין אים אַריינגעצוואונגען געוואָרן. בשעת דאָס „עס“ איז אַ טייל פון מעשה־בראשית, איז דער „איבער־איך“, לויט פרויד'ס שלשלת היוחסין, געבוירן געוואָרן גאַנץ שפּעט, און זיין מהות איז, אין אַ געוויסן זינען, ניט מער ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון אַן אַנדער וועזן: פון דערציאונג און סאָציאַלן צוואַנג. ווייל דאָס וואָס מיר רופן אָן מיט נאָמען געוויסן איז, לויט פרויד'ס אינטערפּרעטאַציע, אַ פאַראינערלעכטער המשך פון דרויסנדיקער קריטיק און שטראָף־וואָרענונג. די עשה'ס און די לאַ־תעשה'ס, וואָס ווערן אויפן יחיד אַרויפגעצוואונגען פריער פון עלטערן און דערנאָך פון דער געזעלשאַפט בכלל („ציוויליזאַציע“), האָבן אויף אים אַ מין היפּנאָטיזירנדיקע השפּעה; די דעטעקטיוו־און־באַשטראָפונג־פונקציעס פונם כלל ווערן טראַנספּערירט אין זיין אינעווייניקסטן לעבן, און דער דרויסנדיקער צוואַנג ווערט פאַרוואַנדלט אין אינעווייניקסטן. גייסטיק־קראַנקע פון אַ געוויסן מין באַקלאָגן זיך אָפט, אַז אַנדערע מענטשן ווייסן אַלע זייערע געדאַנקען, אַז זייערע האַנדלונגען ווערן שטענדיק נאָכגעקוקט און דעטעקטירט. וועגן דער עקזיסטענץ פון אַזאַ פּאָליציי־פּראָקוראָר־אינסטאַנץ ווערן זיי אינפאָרמירט דורך שטימען, און עס איז כאַראַקטעריסטיש אַז יענע שטימען רעדן צו זיי אין דער דריטער פּערזאָן: „אָט טראַכט ער נאָכאַמאָל וועגן דער זעלבער זאַך“, „אָט הויבט ער זיך אויף אַוועקצוגיין אין יענעם פּלאַץ“. פרויד דערלויבט זיך צו באַהויפּטן, אַז ניט נאָר איז עס טאַקע אמת, אַז דער פּאַציענט הערט אַזעלכע שטימען, נאָר אַז די שטימען גופא זיינען, אין אַ געוויסן זינען, „רעאַלע“. דאָס זיינען די שטימען פון עלטערן, דערציער, רעליגיע־וואָרטזאָגער, און פון דער געזעלשאַפט בכלל, וואָס דער חולה האָט ניט איינמאָל געהערט און וואָס האָבן אין אים „פאַראינערלעכט“, זיך באַזעצט אין זיין אייגענעם „איך“ אָדער „איבער־איך“. אין זיין “Origin and development of moral ideas” דערציילט אונז וועסטערמאַרק וועגן אַ שמועס צווישן אַ יונגן מיטגליד פון אַן אויסטראַלישן שבט און דעם באַקאַנטן רייזנדן לאָועל, וואָס האָט אַ לענגערע צייט געפאָרשט די מנהגים פון פּרימיטיווע ראַסן. זיי האָבן געשמועסט וועגן די מאכלים וואָס מען טאָר ניט עסן אין אויסטראַליע אין דעם פּעריאָד פון די צערעמאָניעס וואָס ווערן דאָרט דורכגעפירט פאַר יונגעלייט, וועלכע דאַרפן שוין אַריינגענומען ווערן אין דער געזעלשאַפט פון דערוואַקסענע. לאָועל האָט אים אַ פרעג געטאָן: שטעל דיר פאָר אַז דו ביסט זייער הונגעריק און דו האָסט אַ לייכטע געלעגנהייט צו פאַנגען אַ חיה, וואָס מען

טאָר אין יענע טעג ניט עסן; אָבער אויב די אויגן פון די זקנים פון דיין שבט זעען דאָס ניט, פאַרוואָס זאָלסטו ניט עסן? „דאָס קאָן איך גאָר ניט טאָן", האָט דער אויסטראַליער געענטפערט, „ווייל דאָס איז ניט גוט צו טאָן". פרויד וואָלט אויף דעם פאַל געזאָגט, אַז די אויגן פונם שבט'ס זקנים קוקן שוין אויף דעם אויסטראַליער פון אינעווייניק, אַז אַן אָפּשפּיגלונג פון זיי איז טראַנספּערירט געוואָרן אין זיין אייגענעם וועזן, און דרויסנדיקער צוואַנג ווירקט אין אים ווי אינעווייניקסטער געוויסן. אין דער לאַנגער קייט פון סיבות און אַנטוויקלונגען, אין לעצטן אַנאַליז, איז, בכן, פרויד'ס „געוויסן" אָדער „איבער־איך" — פאַרמאַסקירטער צוואַנג און סאָציאַלער „כישוף", און אויף וויפיל דאָס איז זיין מהות, איז ער ניט אָריגינעל, ניט עכט, אַריינגעצוואונגען פון דרויסן. קיין פרייע און ספּאָנטאַנע מאָראַלישקייט קאָן מען, בכן, אויך אין „איבער־איך" ניט געפינען, און ביים יחיד מוז שטענדיק בלייבן דער פאַרלאַנג צו צעררייסן די, אין דעם פאַל, שוין גייסטיקע קייטן, אין וועלכע די „ציוויליזאַציע" האָט אים געשמידט; זיך באַפרייען פונם „דיבוק", וואָס קהל האָט אין אים אַריינגעזעצט. אויב געוויסן איז ניט קיין אור־עלעמענטאַרער וועזן, נאָר אַ פּראָדוקטייער פאַקט, קאָן ער, לויט דעם שטרענגען זין פון פרויד'ס אַלגעמיינע הנחות, קיין ענדגילטיקע ממשות ניט האָבן. אַ רעוואָלט קעגן דעם „אומנאַטירלעכן" געוויסן איז שטענדיק מעגלעך, און ביאָלאָגיש איז אַזאַ רעוואָלט פולקאָם „באַרעכטיקט". פרויד'ס פּסיכישע „אַנאַטאָמיע" לאָזט דער־פאַר איבער גענוג פּלאַץ פאַר עטישן פּעסימיזם, פאַר דער אויפפּאַסונג פון עטישע ווערטן ווי „קינסטלעכע": דער אורשפּרונג פונם „עס" איז דאָ ביי אים אַ קאָסמישער, בשעת דער אורשפּרונג פונם „איבער־איך" איז בלויז אַ היסטאָרישער.

טראַכטן מיר זיך אָבער אַריין אין פרויד'ס ווייטערע און דעטאַלירטערע שילדערונגען פון געוויסן און, דער עיקר, פונם געוויסנ'ס אינטענסיווקייט, מוז אין אויפמערקזאַמען לעזער אַרויפשווימען אַ פאַרדאַכט, אַז דער געניאַלער שאַפער פון דער פּסיכאָאַנאַליזע האָט זיך אפשר אַליין ניט אָפּגעגעבן גענוג חשבון וועגן די פילאָסאָפישע אימפּליקאַציעס פון זיינע שילדערונגען. זעלטן ווען ווער פון די מאָדערנע פּסיכאָלאָגן האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל שאַרפע אָבסערוואַציע־קראַפט און אינטערעס פאַר אַזאַ וויכטיקן עלעמענט פון געוויסן, ווי שולד־געפיל. פרויד איז געוועזן דער, וואָס האָט אונז ווי אַן עקספּערימענ־טאַלער פאָרשער באַזונדערס אויפמערקזאַם געמאַכט אויפן טיף פון „פאַרברע־כער מחמת שולד־באַוואוסטזיין" (אין זיינע "Psychoanalitische Studien an Werken der Dichtung und Kunst"). ער האָט אונז געגעבן דעם שליסל צו די משונה'דיקע קאַפּריזן פון אַ געוויסן טיפּ קינדער, וואָס ווערן פון דער העלער הויט „שלים", מיט דער באַשטימטער, כאָטש אומבאַוואוסטזיניקער,

כוונה באַשטראָפט צו ווערן פאַר זייער „שלים־זיין". זיי פילן זיך שולדיק גאָר פאַר עפּעס אַנדערש (וואָס אָפּטמאָל געדענקען זיי עס גאָר ניט) אָדער „סתם" שולדיק, אָן אַ פאַרוואָס, און זיי באַרואיקן זיך ערשט נאָך דעם, ווי זיי זיינען באַשטראָפט געוואָרן. רמזים אויף אַזעלכע פּאַראַדאָקסאַלע מאָטיווי־ פאַר האַנדלונגען וואָס ווערן באַשטראָפט האָט פרויד אפשר באַמערקט ביי ניטש־ שע'ן, אין זאַראַטוסטראַ'ס רעדעס, אָבער זיין אייגענע לאַבאָראַטאָריע האָט אים געגעבן פאַר זיינע פאָרשונגען גענוג קאָנקרעטן שטאָף און אומגעהייער אינט־ רעגירנדיקע אילוסטראַציעס. אָט דערציילט ער אונז, למשל, וועגן זיינער אַן אייגנאַרטיקער פּאַציענטין ("Die am Erfolge Scheitern"). זי איז ווי אַ יונג, אַוואַנטוריסטיש מיידל אַנטלאָפן פון דער היים. אויף אירע וואַנדערונגען און וואַנדלונגען האָט זי באַגעגנט אַ קינסטלער און יענער האָט זיך אין איר פאַרליבט. אַ לאַנגע צייט האָט דעם קינסטלערס פאַמיליע ניט געוואָלט דער־ לאָזן, אַז די צוויי יונגע מענטשן זאָלן חתונה האָבן. ווען דער אומווילן פון דער פאַמיליע איז שוין ענדגילטיק געבראָכן געוואָרן און דאָס מיידל האָט שוין געקאָנט טריאומפירן איבער איר דערפאָלג, איז זי גייסטיק קראַנק געוואָרן: דאָס גליק איז געוואָרן איר רעכטער אומגליק, ווייל ערגעץ־וואו האָט זי גע־ טראָגן אין זיך אַ געפיל פון שולד און זי האָט זיך ניט געהאַלטן ראוי פאַר איר דערפאָלג. אומפאַרדינט גליק איז אַן אומגערעכטיקייט, און אין דעם פאַל האָט די גערעכטיקייט געפונען איר „תיקון" אין דער מיידלס משוגעת. און אָט לייענען מיר ביי פרויד'ן אין דער זעלבער אָפּהאַנדלונג וועגן אַן אוניווערסיטעט־לערער, וואָס האָט יאָרן־לאַנג געטרוימט צו פאַרנעמען דעם אַמט פון זיינעם אַן עלטערן קאָלעגע, אַן אָנגעזעענעם פּראָפעסאָר. פּלוצים איז דער פּראָפעסאָר געשטאָרבן און דער יונגער לערער איז באַשטימט גע־ וואָרן אויף זיין פּלאַץ. אנשטאָט זיך צו פרייען מיט זיין דערפאָלג, איז ער גאָר אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער מעלאַנכאָליע און האָט יאָרן־לאַנג בכלל שוין גאָרנישט געקאָנט טאָן: עמעצער אָדער עפּעס האָט „אין אים" געוואוסט, אַז אין זיינע באַהאַלטענע טרוימען האָט ער דעם עלטערן פּראָפעסאָר גע־ וואונשן דעם טויט. מיר שטעלן זיך אָפּ אויף די דאָזיקע פאַקטן, אויף וועלכע פרויד האָט געצויגן אונזער אויפמערקזאַמקייט, מיט אַ באַשטימטער כוונה: אין זיי ווערט דעמאָנסטרירט אַ מאָראַלישע פונקציע, וואָס איז צו־אינטענ־ סיוו, צו ווייט־פירנדיק און וואָס פיקסירט צו פיל אויף איין פונקט די טאָטאַלע פערזענלעכקייט, כדי צו קאָנען לייכט אָננעמען פרויד'ס הנחה, אַז די קראַפט פון דער דאָזיקער מאָראַלישער פונקציע איז אַ געליענע, אַ טראַנספּערירטע „פון דרויסן", ניט קיין פולקאָם אָרגאַנישע. ווי אין דער מעכאַניק, אַזוי קאָן אויך אין פסיכישן לעבן אַ באַוועגונג ניט פאַרמאָגן מער קראַפט, ווי דער שטויס וואָס האָט זי אַרויסגערופן. ווען געוויסן וואָלט געווען בלויז „פאַראינערלעכטער

צוואַנג״, וואָלט עס ניט פאַרמאָגט יענע שטוינענדיקע כוחות, וואָס ווירקן זיך אויס — ווי אין די פאַקטן וואָס פרויד גופא האָט געבראַכט — אין „קראַנקן געוויסן״. דערציאונג און צוואַנג פון דער געזעלשאַפט, פאַראינערלעכטע גזירות פון „ציוויליזאַציע״ וואָלטן געדאַרפט פירן גיכער צו „לעגיטימער״ ווי צו מאַזאָכיסטישער מאָראַלישקייט. אין זיין לעצטן ווערק וועגן די צוויי מקורות פון מאָראַל און רעליגיע האָט אונז בערגסאָן דערמאָנט (ער האָט בלויז פאַר־געסן צו באַמערקן, אַז ער ווייסט עס דער עיקר פון דאָסטאָיעווסקי׳ן) וועגן דעם קרימינעלן פאַרברעכער, וואָס קאָן זיך ניט קאָנטראָלירן און קערט זיך אום, גלייך ווי אויספאָלגנדיק אַ פאַטאַלן באַפעל, צום אָרט, וואו ער איז באַגאַנגען זיין מאָרד. ער גייט אַזוי לאַנג און אַזוי אָפט צו יענעם פלאַץ ביז ער ווערט אַנטדעקט. פרויד׳ן זיינען אַזעלכע דערשיינונגען ווייט ניט אומבאַ־קאַנט, און אויך לויט זיין אָפּשאַצונג זוכט יענער טיפּ פאַרברעכער אַ געלעגנ־הייט אויסגעפונען צו ווערן, באַשטראָפט צו ווערן און אַזוי אַרום צו שטילן זיין שולד־באַוואוסטזיין: ווי אַזוי וואָלטן די „זקנים פונם שבט״, אינסטיטוציאָנעלע רעליגיע, „ציוויליזאַציע״ בכלל, געקאָנט, מיט זייער „היפּנאָז״ דערגרייכן אַזעלכע רעזולטאַטן (און אין פרינציפּ איז דאָך כלל ניט וויכטיק, אין וויפיל עקזעמפּלאַרן פונם מין מענטש די דאָזיקע רעזולטאַטן ווערן דערגרייכט), ווען געוויסן וואָלט געווען בלויז אַ גראַמאָפאָן מיט רעקאָרדן, אַריינגעשטעלט פון דרויסן אין די פּסיכישע געדערים פון דער פּערזענלעכקייט, ווען דער „איבער־איך״ אָדער די טאָטאַלע פּערזענלעכקייט וואָלט ניט פאַרמאָגט דעם עיבור פון אייגענער, עכטער, אור־מאָראַלישקייט?

פראַגן פון אַן ערך דעם זעלבן כאַראַקטער מוזן אַרויפשווימען אויך אין שייכות מיט פרויד׳ס באַגריף פון סובלימאַציע. דאָס, וואָס מיר באַ־צייכענען ווי אַ מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, ווערט, לויט פרויד׳ן, אויפּ־געבויט דורך צוויי פּראָצעסן. אַ דאַנק דעם „איך״, וואָס וואָרנט און סטראַשעט, ווערן אַ צאָל אינסטינקטיווע באַגערן אונטערדריקט אָדער דערשטיקט, און אַ דאַנק דעם „איבער־איך״ ווערן געוויסע ענערגיעס פונם אוממאָראַלישן „עס״ סובלימירט, נתעלה צו אַ העכערער מדרגה פון סאָציאַל־נוצלעכע פונקציעס אָדער פון עסטעטיש־רעליגיעזער שעפערישקייט. אַ אינגל, למשל, וואָס האָט גע־שעפּט הנאה פון מוטשען אַ חיה און פון שניידן אירע גלידער, כדי צו זען „וואָס עס טוט זיך אין איר״, וואַקסט אויס, און אונטער גינסטיקע דערציאונגס באַדינגונגען ווערט ער גאָר אַ כירורג אָדער אַ פאָרשער אין אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע. אַן אינטערעסאַנטן פאַל פון סובלימאַציע געפינען מיר אין דער אידישער ליטעראַטור ביי שלום־עליכמ׳ען. יאָרן־לאַנג גנב׳עט משה׳קע גנב

פערד ביי אַרומיקע פויערים און פריצים, נאָר ווען אין שטעטל טרעפט זיך אַן אומגליק — מען כאַפּט אַוועק אַ אידיש מיידל אין מאָנאַסטיר און מען שמד'ט זי דאָרט אָפּ, און מ'זוכט עמעצן וואָס זאָל זי פון מאָנאַסטיר אַרויס־גנב'ענען און אַריבערשטעלן די גרענעץ, כדי זי זאָל קאָנען „אויסקומען" — געפינט אין זיך די נויטיקע מאָראַלישע ענערגיע גראָד משה'קע. די קרימי־נעלע ענערגיע האָט זיך סובלימירט צו דער מדרגה פון, לאָמיר זאָגן אין דעם פאַל, אַ רעליגיעזער, יעדנפאַלס אַ „סאָציאַל־נוצלעכער" פונקציע. פרויד לייגט אומגעהייער גרויסן טעראַפּעווטישן ווערט אויף דעם פּראָצעס פון סובלי־מאַציע: סתם „פאַרדרענגונג" אָדער דערשטיקונג פון באַגערן און גלוסטענישן דעזאָרגאַניזירט די פערזענלעכקייט, פירט צו נערוואָזיטעטן און היסטערישע צושטאַנדן, בשעת סובלימאַציע בויט די פערזענלעכקייט ווידער אויף, מאַכט זי אויף איר אופן ווידער געזונט, גאַנץ און פּראָדוקטיוו.

אָבער פון וואַנען נעמען מיר די נויטיקע קראַפט פאַר סובלימאַציע? זי איז, נאַטירלעך, פאַר אַלעמען קאָמפּענסאַציע; דורך סובלימירן אונזערע געפילן, נייגונגען און ענערגיעס, באַלוינען מיר זיך אַליין פאַרן פאַרלוסט וואָס מיר האָבן געליטן, פאָלגנדיק דעם „איך" אָדער דעם „איבער־איך" און זיך אָפּזאָגנדיק פון הנאות, נאָך וועלכע מיר (אָדער דאָס „עס" אין אונז) האָבן אַזוי שטאַרק געגאַרט. לויט פרויד'ן ווירקט דאָ אַ באַשטימטער „עקאָנאָמישער" פּרינציפּ: איך האָב צוליב דעם „איך" אָדער דעם „איבער־איך" זיך אָפּגע־זאָגט פון איין הנאה, קומט מיר פון אים דערפאַר אַן אַנדער הנאה. אָבער דאָ איז אויפן אָרט אַ פראַגע, צי די נייע הנאות, וואָס מיר קריגן דורך סובלימאַציע, זיינען בלויז במקום־ווערטן, „ערזאַץ"־הנאות, אָדער זיי זיינען פאַר אונזער דירעקטער איבערלעבעניש — זעלבסטשטענדיקע, אָריגינעלע הנאות, הנאות אַן־און־פאַר זיך, בלויז פון אַן אַנדער ספערע אָדער פון אַן אַנדער שטאַפּל אויפן לייטער פון עקזיסטענץ? אַ קאַטויליש דערצויגן מיידל, לאָמיר אָננעמען, מוז זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ אינטענסיווער און עלעמענטאַר־נאַטירלעכער הנאה ווי סעקסועל לעבן און מוטער־פונקציעס. זי איז פיזיש ניט צוציענדיק אָדער איר געליבטער, וואָס זי איז פיקסירט אויף אים, האָט זי „פאַרראַטן". מיר דערוויסן זיך מיט אַ צייט שפּעטער, אַז זי איז געוואָרן אַ נאָנע, האָט זיך נאָכדעם אַוועק־געלאָזן מט אירע חבר'טעס אויף איינעם פון די מאַלאָקאַי־אינזלען און זי פאַרברענגט דאָרט אירע טעג און נעכט אין אַ סאַנאַטאָריע, באַדינענדיק און היילנדיק אַ גרופּע איזאָלירטע לעפּראַ־קראַנקע. זאָגן מיר אין אַזאַ פאַל, אַז זי קאָמפּענסירט זיך אויפן מאַלאָקאַי־אינזל פאַרן הפסד אין סעקסועלן אויס־לעבן זיך און אַז איר געפּענטעטע מוטער־צאַרטקייט גיסט זיך אויס אין דער צאַרטקייט, וואָס זי ווייזט יעדן טאָג אַרויס יענע אומגליקלעכע און מערסטנס

אפשר נישט צו היילענדיקע פּאַציענטן. מיר האָבן דאָ צו טאָן, ווען מען זאָגן, מיט אַ פאַל פון קאָמפּענסאַטאָרישער סובלימאַציע. אָבער איז טאַקע יענע איי־גנאַרטיקע „הנאה", וואָס די נאָנע קריגט אין לעפּראָזאַריזם, בלויז אַן „ערזאַץ" פון סעקסועלן לעבן? אויב אין אַן „ערזאַץ" ווערט מאַניפעסטירט מער פּסי־כישע ענערגיע, ווי אינם „אָריגינאַל", און אויב די קאָמפּענסאַטאָרישע „הנאה" איז, ווי זי קען זיין אין דעם געגעבענעם פאַל, אינטענסיווער איידער עס וואָלט געווען די אָריגינאַל־הנאה (דאָס סעקסועלע לעבן), מעג מען שטעלן אַ זייער באַרעכטיקטן פראַגע־צייכן וועגן דעם, צי האָבן מיר טאַקע צו טאָן אין סובלימאַציעס מיט „במקום"־באַפרידיקונגען. פון שאָפּענהויער'ס ביאָגראַפיע ווייסן מיר, אַז זיינע שפּעטערישסטע טעג זיינען געווען גראָד יענע, ווען ער איז געווען סעקסועל אויפגעברויזט און האָט אונטערדריקט אין זיך זיינע עראָטישע באַגערן. אָבער צי קענען מיר דען אויפן גרונט פון דעם פאַקט זאָגן, אַז זיין „וועלט אַלס ווילע אונד פאָרשטעלונג" איז געווען בלויז אַן ערזאַץ־הנאה פאַרן אַנוועד פון זיינע סעקסועלע באַפרידיקונגען? אויב אַ בלינדער אַנטוויקלט אין זיך אין אַ שטאַרקערער מאָס ווי ניט־בלינדע זיין געהער און זיינע מוזיקאַלישע פעאיקייטן, וועט עס זיין אַן אַבסורד אויף דעם גרונט צו זאָגן, אַז דאָס אויער איז אַ „במקום" פון אַן אויג; אָדער אויב אַ טויבער זאָל זיך קאָמפּענסירן מיט אַ שאַרפערער אַנטוויקלונג פון זיין חוש פאַר פאַרבן און ליניעס, קאָן מען דערפון ניט מאַכן דעם אויספיר, אַז אַן אויג איז בטבע אַן „ערזאַץ" פון אַן אויער. מיר זיינען גיכער באַרעכטיקט אָנצונעמען אין דעם ערשטן פאַל, אַז דאָס אויער איז געווען צום טייל אַטראָפירט צוליב דעם אויג'ס תביעות אויף זיין חלק ענערגיע אין דער פּערזענלעכקייט, און ווען ס'איז געקומען אַ צייט און דאָס אויג האָט שוין פאַר זיך מער קיין ענערגיע נישט געדאַרפט האָבן, איז דאָס אויער באַרייכערט געוואָרן. דיזעלבע אויסטייטשונג קאָן מען אָנווענדן אויך אויפן צווייטן פאַל. ווען דאָס „סובלימע" וואָלט פּאָטענציעל סיי־ווי־סיי ניט געלעבט אין אונז ווי אַ זעלבסטשטענדיקע ספּערע, וואָלטן מיר קיינמאָל צו אים ניט געקאָנט דערגרייכן, און ווען עס וואָלט ניט געווען עכט, דאָס הייסט, ווערטפול אין זיך, וואָלט עס ניט געקאָנט זיין אַזוי שעפעריש און אַזוי עפעקטיוו, ווי עס ווייזט זיך אָפּטמאָל אַרויס אויף אַזעלכע געביטן ווי רעליגיע, וויסנשאַפט, קונסט און פּאָליטיק. פרויד'ס שילדערונגען פון סובלימאַציע־פּראָצעסן און פון זייערע פּירות וואָלטן אים געדאַרפט צווינגען צו רעווידירן זיין אויפפאַסונג פונם „איבער־איך" און ערנסט צו שטעלן די פראַגע, צי איז טאַקע דאָס „סובלימע" בלויז אַ נויט־פּראָדוקט פון געוויסע אַנטוויקלונגען, אָדער אַן אור־פאַקט און פונקט אַזוי אורשפּרינגלעך ווי דאָס „עראָטישע" אין אונז.

אין איינער פון זיינע אָפּהאַנדלונגען אין דעם קורצן אָבער זייער סטימולירנ־דיקן עסיי "Zeitgemasses ueber Krieg und Tod", האָט זיגמונד פרויד טאַקע געמאַכט אַ פּרואוו אַוועקצושטעלן דעם מאָראַלישן עלעמענט אויף איין מדרגה פון אור־ממשות׳דיקייט מיטן עראָטישן מאָמענט, אָדער גאָר צו באַ־טראַכטן דאָס מאָראַלישע ווי אַ טייל פונם עראָטישן. אין יענער אַרבעט האָט אונז פרויד געגעבן אַ רמז אויף אַן אַנדער אָפּשטאַם אָדער אַרויסוויקלונג פון מאָראַלישע געפילן און עטישע געבאָטן, און דער דאָזיקער רמז, ווי אונז דוכט זיך, איז אין פּרינציפּ סותר זיין אויסטייטשונג פון געוויסן ווי אַ „פּאַר־אינערלעכטן צוואַנג״.

1940

# ניט־מאַרקסיסטישע געדאַנקען וועגן קאַרל מאַרקס

סאָציאַלע נירוואַנאַ

די געשיכטע איז אַ לאַנגע קייט פון עקאָנאָמישע מלחמות — דאָס איז איינע פון קאַרל מאַרקס׳ פונדאַמענטאַלע הנחות. דאָס, וואָס דאַרווין האָט אַריינגעטייטשט אין דער ביאָלאָגישער עוואָלוציע, האָט מאַרקס אַריינגעטייטשט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער ערודיציע, שאַרפזין און וויסנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג קעמפן צווישן זיך ניט אידייען אַן און פאַר זיך, ניט פּרינציפּן אין דער בחינה פון נשמות ערטילאות, ניט ליידנשאַפטן, געשמאַקן און סטילן — נאָר אינטערעסן, אַמאָל נאַקעטע און אַמאָל פאַרמאַסקירטע עקאָנאָמישע קרעפטן. מוז מען ניט זיין קיין געשוואוירענער מאַרקסיסט, כדי אָנצונעמען דעם עלעמענטאַרן אמת, אַז עלנבויגנס פון קלאַסן און עקאָנאָמישע גרופּן האָבן טויזנטער יאָרן זיך געריבן און געשאַפן די בויטיקע טעמפּעראַטור, כדי די רעדער פון דער געשיכטע זאָלן זיך דרייען אין דער אָדער אַן אַנדערער ריכטונג. נאָר פאַר׳בבא־מעשה׳טע אויגן קענען דאָס ניט זען און נאָר איינגעמאַרינירטע טעאָלאָגן פון אַ באַשטימטן שניט ווילן דאָס ניט זען. עס בלייבט איבער איין קשיא, וואָס ווערט אין דער אָרטאָדאָקסיש־מאַרקסיסטישער ליטעראַטור ניט פאַרענטפערט: אָט די עקאָנאָמישע מלחמה, וואָס גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך דער גאַנצער וועלט־געשיכטע, פונם פּריסטן פעאָדאַליזם ביזן שפּעטסטן קאַפּיטאַליזם, דריקט דאָך אויס אַ געוויסע סומע מענטשלעכע ענערגיע און שפּאַנונג — וואָס זשע וועט ווערן מיט אָט דער ענערגיע און מיט אָט די שפּאַנונגס־כחות „באחרית הימים״, אין אַ רייפער, פולשטענדיק קאָנסאָלידירטער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט? וועלן זיי איינשלאָפן אָדער זיי וועלן זיך מוזן זוכן נייע קאַנאַלן, נייע ריכטונגען און אַנטפּלעקונגס־פאָרמען, און דערמיט אַליין זיך אויסדריקן אין... נייע „מלחמות״? זיינען זיי פאַרמשפּט איינצושלאָפן — איז אַ סוף צו היסטאָריע, מוז אַנטשטיין די דעגענעראַציע פון טעמפּעראַמענט צופרידנקייט; וועלן זיי זיין וואַכעדיק, וועלן מוזן זיין סתירות, וואָס זאָלן זיי שפּייזן. וואָס זשע פאַראַ סתירות טראָגט אין זיך נאָך ניט פאַרטיקן שויס דער „עולם־שכולו־טוב״, וואָס הייסט „די סאָציאַליסטישע אָרדנונג״? מאַרקס האָט קיינמאָל ניט געוואָלט צולאָזן די מעגלעכקייט פון אַזעלכע סתירות. די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז פאַר אים געווען דאָס לעצטע וואָרט פון אַנטוויקלונג, דער גליקלעכער עפּילאָג

פונם ספעקטאַקל, וואָס הייסט מענטשלעכע געשיכטע. אָבער וואָס קומט נאָך אַן עפּילאָג? אויב דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ, איז אויס סצענע. הויבט ער זיך אויף, איז עס אַ סימן, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע דראַמע, מיט נייע ליידנשאַפטן און סתירות, מיט נייע זיגער און באַזיגטע. דעם רמב״ם'ס בילד פון צדיקים, וואָס זיצן אין גן־עדן מיט עטרות אויף זייערע קעפּ און זיינען נהנה מזיו השכינה, איז אונז פּסיכאָלאָגיש אומפאַרשטענדלעך. כדי הנאה צו האָבן, דאַרף מען וועלן, זיין געשפּאַנט, ליידן, באַגערן, זיין אומצופרידן, שווימען צו נייע ברעגעס. סאָציאַלע נירוואַנאַ איז ניט מער פאַרשטענדלעך, ווי אינטעלעקטועלע אָדער עמאָציאָנעלע נירוואַנאַ...

## מאַרקס און הערצען

הערצען האָט געהאַט מוט צו באַהויפּטן, אַז ער שטעלט זיך פאָר ניט קיין קאָנטער־רעוואָלוציע, נאָר אַן עכטע רעוואָלוציע קעגן דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, אין אַ פּאָר הונדערט יאָר נאָך דעם ווי זי וועט פולשטענדיק עטאַבלירט ווערן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ רעוואָלוציאָנערע מינדערהייט, וואָס פון איר ברוסט וועט זיך מיטאַמאָל אַרויסרייסן אַ פאַרביטערטער „געוואוג", אַ ליידנשאַפטלעכער פּראָטעסט קעגן דער פאַרגליווערטקייט, קעגן דער פאַרקנעכטונג, קעגן דער „באַלעבעסלדיקער" לאַנגווייליקייט פון אַ רעאַקציאָנער געוואָרענעם סאָציאַליזם. ער האָט ניט געוואוסט, מיט וואָס פאַראַ לאָזונגען אַזאַ מינאָריטעט וועט קומען, וואָס וועט זיין איר קאָנקרעטער סאָציאַלער אידעאַל (אַנאַרכיזם?), אָבער ער האָט ניט געגלויבט אַז מיט סאָציאַליזם ענדיקט זיך די סאָציאַלע אַנטוויקלונג. אַ ליידנשאַפטלעכער רעוואָלוציאָנער און אין גרונט אַן איבערגעגעבענער סאָציאַליסט, האָט ער ניט געוואָלט זיין קיין געצנדינער פון סאָציאַליזם. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַן אידייע, וואָס איז דערהויבן, יושר'דיק, שיין פאַר אונזער צייט, ווערט נאָך דערמיט ניט דאָס אַבסאָלוטע, און ער האָט זיך געהיט פון אַ פעטישיסטישער באַציאונג צום סאָציאַליזם. מאַרקס איז אין דעם פּרט געווען מער אוטאָפּיסט, ווי אַ סך אַנדערע סאָציאַליסטישע דענקער. אין תוך איז ער געווען דער גרעסטער פאַנטאַסט אין דער אָפּשאַצונג פונם תוך און דעם סוף־ווערט פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג. אַ סאָציאַלער רעזשים, וואָס באַפרידיקט אַלע מענטשלעכע באַגערן, וואָס באַזייטיקט אויף אייביק אַלע סתירות און קאָנפליקטן, איז ניט קיין וויסנשאַפטלעכער באַגריף, נאָר אַ משיח'ישער טרוים, — אַ „וואונש־דערפילונג". מאַרקס האָט, דוכט זיך, אויסגעוואָרצלט פון זיין האַרץ אַלע חלומות, אַלע שיריים פון תמימות'דיקייטן, נאָר פון דעם סינדערעלאַ־מאָטיוו האָט ער זיך ניט געקאָנט באַפרייען. אייז־

קאַלטע לאָגיק, וואָגנדיקע אָביעקטיוויטעט, אייזערנע דיאַלעקטיק, האָבן אים ניט געשטערט צו זיין אַ מאַמין אין סאָציאַלע נסים, אין היסטאָרישן כישוף.

## דער וויסנשאַפטלער און דער נביא

אין זיין סאָציאַלער פילאָסאָפיע האָט מאַרקס אָנגעווענדעט דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון העגעל׳ס דיאַלעקטיק. לויט דער דאָזיקער דיאַלעקטיק קומט אויס, אַז „אַלץ וואָס עס עקזיסטירט איז פאַרנינפטיק״, איז על־פּי־שׂכל׳דיק־בויטוועגדיק, האָט ניט געקאָנט און ניט געטאָרט ניט־עקזיסטירן, טראָגט זיין באַרעכטיקונג אין זיך אַליין און אין דער קייט פון סיבות, וואָס האָבן גורם געווען אַז עס זאָל עקזיסטירן. אַלץ אויף דער וועלט איז, אַזוי צו זאָגן, „כשר״. אָבער לויט דער זעלביקער דיאַלעקטיק איז אויך גערעכט דער דיכטער, ווען ער זאָגט אַז

"Alles, was entsteht,
Ist wert, dass es zugrunde geht."

אַלץ איז אי כשר אי טריף, אי געזעצלעך אי אומגעזעצלעך, אי שׂכל׳דיק אי נאַריש, אי קאָנסטרוקטיוו אי דעסטרוקטיוו — עס ווענדט זיך נאָר אין דעם ווען, אין דער צייט, אין דער אַנטוויקלונגס־מדרגה. הערּאַקליט, ספּינאָזאַ און העגעל — דאָס זיינען די קוואַלן, פון וועלכע מאַרקס האָט, ביודעים ובלא יודעים, גענומען די פילאָסאָפישע סכעמע פון רעלאַטיוויטעט פאַר זיין סאָציאַלן געדאַנק. לויט דער דאָזיקער סכעמע וואָלט געדאַרפט אויסקומען, אַז פונקט ווי פעאָדאַליזם און קאַפּיטאַליזם זיינען באַרעכטיקט אין זייער עקזיסטענץ פאַר זייערע צייטן (דאָס האָט מאַרקס ניט נאָר צוגעגעבן, נאָר זייער אויסדריקלעך אונטערגעשטראָכן), אַזוי איז סאָציאַליזם אומבאַרעכטיקט פאַר אַן אַנדערער צייט, ווען עס וועט אַנטשטיין, העגעליאַניש גערעדט, אַ נייע „נעגאַציע פון דער נעגאַציע״. אָבער וועגן אַ נעגאַציע פון סאָציאַליזם האָט מאַרקס אַפילו אַ טראַכט טאָן ניט געוואָלט. ביים סאָציאַליזם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווייל... ער האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט זיין „בלויז״ אַ וויסנשאַפטלער. ער האָט נאָך געוואָלט זיין אַ נביא אויך, און יעדער נביא מוז האָבן זיין „אחרית הימים״, זיין אַפּאָקאַליפּטיק, זיינס אַן אייגן „טויזנטיעריק רייך״.

## פּלאַן און וועלט־אַנשויאונג

זיינען דאָס אַלץ „אַקאַדעמישע״ פראַגן? דער פּראַקטיקער פון סאָציאַליזם קאָן זאָגן, אַז די אַלע „פילאָזאָפערייען״ אַרום סאָציאַליזם קערן זיך מיט אים ניט אָן, אַז ער איז גאָרניט מחויב צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס ס׳וועט ווערן פון דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג און קולטור שפּעטער מיט אַ טויזנט

יאָר, אַז דערוויל האָט ער אַ וויכטיקע און ממשות׳דיקע אויפגאַבע פאַר זיין צייט — די פאַרווירקלכונג פון סאָציאַליזם, וואָס איז איצטער און פאַר יענער צוקונפט, וואָס אונזער אויג נעמט אַרום, אי שכל׳דיק, אי יושר׳דיק, אי אַבסאָלוט נויטווענדיק. דער, וואָס טענה׳ט אַזוי, ווייזט אַרויס אַ געזונטן לעבנס־אינסטינקט, און אים איז לחלוטין נישטאָ וואָס צו ענטפערן: מ׳דאַרף נאָר שטאַרקן זיין מוט, קרעפטיקן זיינע הענט. אָבער ווען עס רעדט זיך ניט סתם וועגן פאַרווירקלעכן סאָציאַליזם, נאָר וועגן סאָציאַליזם ווי אַ תורה, מוז מען געדענקען אַז מאַרקסיזם איז ניט נאָר אַ פּלאַן, אַן אונטערנעמונג און אַ סאָציאַל־סטראַטעגישע פּראָגראַם, נאָר אַ וועלט־אַנשויאונג. און האָבן מיר צו טאָן מיט אַ וועלט־אַנשויאונג, איז פּראַקטיש זייער וויכטיק, זיך אָפּצוגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון וועגן איר „פון־וואַנען" און „וואוהין" — וואָס זיינען אירע קוואַלן און וואָרצלען, און וואָס זיינען די לעצטע האָריזאָנטן, וואָס זי אַנטפּלעקט, די לעצטע ברעגעס, אויף וועלכע זי ווייזט אָן...

## שאָפּענהויער און מאַרקס

ווען שאָפּענהויער וואָלט געקאָנט מאַרקס׳ן, וואָלט ער זיכער געזען אין אים די בולט׳סטע מאָדערנע פאַרקערפּערונג פון דעם, וואָס ער פלעגט אָנרופן „וואולגאַרער אָפּטימיזם". זיין פילאָזאָפישער אַנטיסעמיטיזם וואָלט געזען אין מאַרקס׳ן דאָס טיפּיש „אַלט־טעסטאַמענטלעכע", דאָס פאַר־עוואַנגעלישע און דאָס אַנטי־בודיסטישע, יענע פאַר אים אָפּשטויסנדיקע טענדענץ זיך איינצואָרדענען אויף דער ערד, אין דעם נישט צו היילענדיקן „טרערן־טאָל", ווי אין אַן אמת׳ער און באַקוועמער היים. פאַר שאָפּענהויער׳ן איז דער מענטש געווען פּרינציפּיעל היימלאָז, בשעת מאַרקס האָט געוואָלט קוקן אויף אונזער פּלאַנעט ווי אויף אַ רעאַלער היים, וואָס פאָדערט נאָר אַ גרינטלעכן רעמאָנט. צוליב דעם קאָסמאָלאָגישן האָט שאָפּענהויער ניט געוואָלט, זיך געפוילט (אָדער עס איז אים „ניט אָנגעשטאַנען") צו קוקן אויף דעם סאָציאָלאָגישן — פאַר מאַרקס׳ן האָט דאָס סאָציאָלאָגישע פאַרדעקט דעם קאָסמאָס. מאַרקס האָט געוואָלט שאַפן אַ גן־עדן פאַר דעם מענטשן, שאָפּענהויער איז געווען זיכער אַז ס׳איז גאָר נישטאָ אַזאַ גן־עדן, פון וואַנען דער מענטש זאָל ניט וועלן אַנטלויפן, כאָטש — כאָטש אַלע ווייסן, אַז ס׳איז נישטאָ וואוהין צו לויפן...

ווען מ׳וואָלט זיי ביידע אַוועקגעזעצט לייענען איוב, וואָלט מאַרקס גענומען פאַר זיך דעם אָפּטימיסטישן עפּילאָג, שאָפּענהויער — די ניט־פאַרענטפערטע תהומות׳דיקע פראַגע־צייכנס פונם דיאַלאָג.

מאַרקס האָט זיך אונטערגענומען ניט נאָר איינצופירן סאָציאַליזם, נאָר

אויך אָפּצושאַפן — טראַגעדיע. דער „טראַגיזם" פון מאַרקסיזם איז זיין ניט־טראַגישקייט, זיין אַנטי־טראַגישקייט.

### ניטשע און מאַרקס

ערשט נאָך מאַרקס' טויט האָט אָנגעהויבן אויפצוגיין אין דייטשלאַנד ניטשע'ס מעלאַנכאָלישע זון. ניטשע האָט זיך אָנגענומען שאָפּענהויער'ס ניט־אויסגע'טענה'טע קעגנערשאַפט קעגן אויבנאויפיקן אָפּטימיזם: דאָס לאָזן זיך פאַרפלייצן און באַרוישן פון וואַגנער'ס טראַגישע טאָן־כוואַליעס איז געווען זיין „אַנטי־מאַרקסיזם". ער האָט געוואוסט, אַז גאָט איז געשטאָרבן, אַז „מיר האָבן אים שוין לאַנג דערמאָרדעט", אָבער אָנשטאָט גאָט אַוועקצוזעצן אויפן טראָן דעם מענטש, האָט פאַר ניטשע'ן געהייסען דאָס זעלבע וואָס זינגען הללויה צו א נבלה. ניט פון דעם מענטשן האָט ניטשע'ן געעקלט, נאָר פון דעם, וואָס דעם מענטשן עקלט ניט פון זיך אַליין, פון זיין ניט־טראַגישקייט. וואָס האָט ניטשע געטאָן? וואוהין האָט ער זיך געראַטעוועט פון „מאַרקסיס־טישער" און אָגיוסט־קאָנטישער לופט? ער איז אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד אין אַן אויסגעטראַכטער פערסיע, אויפגעוועקט פון שלאָף זאַראַטוסטראַ'ן און האָט „אַנטדעקט"... דעם איבערמענטש. פאַר מאַרקס'ן איז געווען גענוג — מענטש, פאַר ניטשע'ן איז דער מענטש געווען אַ נייער סאָרט מאַלפּע, פון וועלכער ער האָט מיט אַ מין נעאָ־דאַרוויניסטישער וויזיע געזען אַרויסקומען דעם איבערמענטש. אָבער וואָס הייסט „איבערמענטש"? ער אונטערשיידט זיך פון „מענטש" בלויז אין גראַד, ניט אין וועזן, אין מדרגה, ניט אין תוך. איבער־מענטש הייסט „גרעסער פון אַ מענטשן", אָבער וואָס הייסט גרעסער און קלענער אין פאַרגלייך מיט — אַבסאָלוט?

ס'קען זיין, אַז מאַרקס האָט אינטואיטיוו פאַראויסגעזען ניטשע'ס דערנער־וועג און האָט זיך פאַר אים געהיט און אַנדערע געוואָלט פאַרהיטן. ס'קען זיין, אַז מאַרקס האָט גוזר געווען אויף זיך, ווי קדמונים פלעגן זאָגן, ניט אַריינצוגיין אין „פרדס". מעשה־מרכבה איז געפערלעך. דאָס אָפּלייקענען פון „נסתר", דאָס זיך פאַרפעסטיקן אין „נגלה" טראָגט אין זיך אַ שיין ביסל פאַרמאַסקירטע פאַרצווייפלונג, איז אַ פּרעווענטיוו מיטל ניט צו דערזען פאַר זיך דעם אָפּגרונט.

ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ „פּראָפילאַקטישן" סוד מאַרקס האָט מיט זיך אַוועקגעטראָגן אין קבר אַריין...

### די העכערע ליידנס־ספערע

דוכט זיך, בערנאַרד שאָו האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: אַ מענטש, וואָס ליידט שטאַרק פון ציין־ווייטאָג, באַטראַכט יעדן מיט געזונטע ציין פאַר אַ גליקלעכן. דער עסקימאָ איז זיכער, אַז יענע וועלט באַשטייט פון שטילע

וואַסערן, אין וועלכע עס פּרוכפּערן זיך און שווימען אַרום אויף דער אויבער־פלאַך פעטע פיש אָן אַ שיעור (אַ „ציוויליזירטער" עסקימאָ האָט זיך ניט וואָס צו שעמען דערמיט, ווען ער דערוויסט זיך וועגן אידישן שור־הבור און לויתן...). מיר האָבן דאָ אַלץ צו טאָן מיט דער נאַאיווער אויפפאַסונג פון ליידן און דערלייזונג.

מאַרקסיסטישע פילאָזאָפיע איז אַ מאָדערנער און וויסנשאַפטלעכער צוריקשפרונג צו יענער נאַאיוויטעט. ווען סאָציאַליזם וואָלט זיך באמת אונטערגענומען אין אונדזער צייט (נאָך ניטשע'ן, נאָך דאָסטאָיעווסקי'ן, נאָך האַרטמאַנען, נאָך דער פסיכאָלאָגיע, אפילו ווען מיר זאָלן פון איר אָראָפּרע־כענען אַלע אירע גוזמות און עקסטרעמקייטן) אָפּצושאַפן ליידן פון דער וועלט, לייזן די פּראָבלעם פון מענטשנס שיקזאַל — וואָלט מען אים געדאַרפט באַ־טראַכטן ווי איינע פון יענע פּאַטענט־מעדיצינען, וואָס זיינען גוט פאַר אַלע קראַנקהייטן און מיחוש'ן, פון אַ פאַרקילונג ביז פּראָגרעסיווער פּאַראַליזע. ניט אָפּשאַפן ליידן איז די אויפגאַבע פון סאָציאַליזם, נאַר באַפרייען דעם מענטשן פון באַליידיקנדיקע ליידן, פון ליידן וואָס דעגראַדירן אים און לאָזן אים בלייבן אויף אַ זאָאָלאָגישער מדרגה פון ליידן.

איז דאָס ווייניק, איז דאָס אַ צו קליינע אויפגאַבע פאַרן סאָציאַליזם? אפשר. אָבער מער פון דעם קאָן ער ניט ברענגען, און ווי הויך עס זאָלן ניט גרייכן די שפּיצן פון אַ סאָציאַליסטישן בבל־טורעם, וועט נאָך פון אים ביז צום בלויען הימל אַלץ בלייבן אַ מהלך פון אומענדלעכקייט.

פילאָזאָפישער מאַרקסיזם איז אַ פּרוואו צו „אַרעסטירן" דעם מענטשנס ליידנס־פּאַטענצן. אָבער גראַד קעגן דעם וועט דער מין מענטש זיך שטענדיק בונטעווען. אין גרונט וויל ער גאָר ניט, שטייט אים גאָר ניט אָן, זיך צו באַפרייען פון ליידן. ער וויל נאָר איבערגיין אין אַ העכערער ליידנס־ספערע...

דער בונטאַר קעגן ליידנסלאָזיקייט קאָן נאָך אַמאָל שאַפן זיין פּאַראַ־דאָקסאַלע ברכה —

„ברוך מתיר יסורים"...

### עקאָנאָמיק און משיחייזם

איך וויל גאָר ניט, מ'זאָל מיך פרעגן, צי איז אַזאַ אויפפאַסונג פון סאָציאַליזם „גוט", דאָס הייסט ניצלעך און סטראַטעגיש־גינסטיק פאַר סאָ־ציאַליסטישער פּראַקטיק. עס איז מיר אַלץ איינס. ווייל פאַר אַלעמען וויל איך ניט זיין אָפּגענאַרט און וויל ניט, אַז אַנדערע זאָלן זיך נאַרן. אַן אוטאָפּיע, מעג זי זיין פאָרמולירט אין די שטרענגסטע וויסנשאַפטלעכע טערמינען, בלייבט אַן אוטאָפּיע. ניט־גלויבן אין גאָט, אויב עס גלויבט זיך ניט, איז ניט

קיין פֿאַרברעך קעגן גאָט, אָבער גלויבן אין אַן אָפּגאָט איז אַ פֿאַרברעך קעגן זיך אַליין.

מאַרקס איז געווען און בלייבט אַ וועגווייזער פֿאַר דורות, וואָס וועלן קעמפֿן און אויסקעמפֿן פֿאַרן מענטשן אַ נייעם און ווערדיקן היסטאָרישן שיקזאַל. פֿאַר דעם יחידים שיקזאַל אין דעם מחוץ פֿון היסטאָריע, אין דעם איבער־היסטאָרישן, פֿאַר זיינע קאָסמישע שפּאַנונגען האָט מאַרקס ניט פֿאַרמאָגט דעם נויטיקן חוש. דערצו איז ער געווען צו ווייניק, ווי ניטשע וואָלט געזאָגט, „מוזיקאַליש", דערצו איז ער געווען צופֿיל אַנטי־טראַגיקער.

דער סאָציאַליזם וועט זיך אַלץ מער דורכדרינגען מיט די גרונט־באַגריפֿן פֿון מאַרקס' עקאָנאָמישער לערע, מיט זיין טיפֿן עטישן פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אונטערדריקונג, וועלכן ער האָט אַזוי „שעמעוודיק" געוואָלט פֿאַר־מאַסקירן אונטערן שלייער פֿון היסטאָרישער און כמעט מעכאַנישער „נויט־ווענדיקייט". דער סאָציאַליזם מוז זיך אָבער ענערגיש באַפֿרייען פֿון די אייגנאַרטיקע „משיח׳ישע" עלעמענטן אין מאַרקס' פֿילאָזאָפֿישן בנין. מאַרקס בלייבט געניוס מאָנומענטאַל און עס איז פֿאַראַן געניוס, פֿאַר וואָס די וועלט זאָל אים דאַנקען, אויב מ׳זאָל אפילו ניט גלויבן, אַז ער האָט געבראַכט די בשורה פֿון דער גאולה אחרונה".

1938

# לעניןן

מאַקסים גאָרקי האָט אַמאָל וועגן אים געשריבן ווי וועגן דעם צדיק־הדור:
„אין דעם דאָזיקן האַרטן פּאָליטיקער באַווייזט זיך מאָמענטנווייז די שיין פון אַ כמעט ווייבלעכער צערטלעכקייט, דער טרוים פון קומענדיקן גליק פאַר אַלעמען... זיין פּריוואַט־לעבן איז אַזאַ, אַז אין אַ רעליגיעזן דור וואָלטן אים מענטשן דערקלערט פאַר אַ הייליקן".

פון גאָרקי׳ס צד איז דאָס ניט געווען סתם אַ קאָמפּלימענט, און מ׳קאָן ניט זאָגן, אַז ער האָט פאַר זיין כאַראַקטעריסטיק אינגאַנצן קיין גרונט ניט געהאַט. ניט איין מענטש, וואָס האָט לעניג׳ען נאָענט געקאָנט, האָט געקראָגן התבטלות, צוזעענדיק זיין אַסקעטיש לעבן, זיין פיאיקייט אויף יאָרנלאַנגער „נזירות" און „פּרישות". פאַר זיך — אין ענגן און פּסיכאָלאָגיש־קאָנווענציאָנעלן זינען פון וואָרט — האָט ער גאָר ניט געזוכט און גאָר ניט געפאָדערט, און מ׳קאָן זאָגן אויף אים, אַז פון דער גרופּע קלאַסישע באָלשעוויקעס, וואָס האָבן אין 1917 געקראָגן כמעט אומבאַגרעניצטע מאַכט איבער אַ זעקסט־חלק פון דער וועלט, איז לעניג געווען דער איינציקער, וואָס דער קאָפּ האָט זיך ביי אים ניט פאַרדרייט, וואָס די מאַכט האָט אים ניט דעמאָראַליזירט. ער האָט אויך אויף זיך גופא געקאָנט קוקן ווי אויף אַן אינסטרומענט פון דער רע־וואָלוציע, און ער האָט געוואָלט, אַז מ׳זאָל דעם דאָזיקן כלי־זין, וואָס הייסט לעניג, ווי געהעריק אויסנוצן. דער טריאומף פון זיין פּאַרטיי האָט אים ניט געבראַכט (ד. ה., ער האָט זיך ניט גענומען, ווייל נעמען האָט ער געקאָנט וואָס און וויפל ער האָט געוואָלט) אפילו ניט קיין נייעם אָנצוג. אין די וואָכן, וואָס ער איז געזעסן אין דעם קסעשינסקאַ־פּאַלאַץ אין פּעטערבורג, האָט ער געשפּאַנט איבער די גלאַנצנדיקע פּאַרקעטן אין זיינע אַלטע, מיט טשוועקעס אַרומגעשלאָגענע שטיוול און אין אַ פּאָר אָפּגעטראָגענע הויזן, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפּט נאָך אין די עני־ואביון־טעג פון זיין ציריכער גלות. דער פיקאַנטער אָריענטאַלישער לוקסוס פון די קרעמל־זאַלן און קאָרידאָרן האָבן אין אים ניט דערוועקט קיין ברעקל יצר־הרע פאַר אַ לייכטן, געמיטלעכן לעבן פון אַ בשר־ודם, אָדער פאַר אַ ביסעלע עלעגאַנץ אין זיין אייגענעם אורח־חיים. אין די הונגער־יאָרן פונם מיליטערישן קאָמוניזם, ווען הונדערטער פון סובאָרדינירטע סאָוועטישע „שרים ורוזנים" האָבן פונדעסטוועגן גע־קראָגן פאַר זיך און פאַר זייערע נאָענטע „פון פויגלמילך" און זיך געבאָדן אין

שאָקירנדיקן וואוילטאָג, האָט ער מיט זיין פאַמיליע געלעבט אין דער זעלבער דחקות, וואָס איז דעמאָלט געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר מיליאָנען רוסישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע.

לויט זיינע אָנשויאונגען איז ער געווען ווייט פון אַ פראַנציסקאַנער. קיין פרייוויליקן אַסקעטיזם האָט ער קיינמאָל ניט געפּריידיקט און אויף קיינעם ניט געזוכט אַרויפצוצווינגען („מאַכט ניט", פלעגט ער זאָגן, „קיין עוואַנגעליום פון צעריסענע אָדער פאַרלאַטעטע הויזן"), און טאָלסטאָי'ס לערע פון מוזשיצ־קער „איינפאַכקייט" אין באַדערפעניש און לעבנס־שטייגער האָט ער באַטראַכט ווי „די תורה פון אַ לעקיש". אָבער פאַר זיך האָט ער באַדאַרפט זייער ווייניק, אָדער ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער דאַרף ווייניק, און אויב ער האָט געהאַט ליידנשאַפטן, וועגן וועלכע ער איז ניט געווען מחויב אונז צו דערציילן, האָט ער זיי אַלע געצוימט, פּאַראַליזירט, דערשטיקט — צוליב איין גרויסער ליידנשאַפט, וואָס האָט אין אים געגליט פון זיינע פריעסטע יונגע יאָרן: צוליב דער ליידנשאַפט פון רעוואָלוציע און צוליב זיין ראָלע אין דער רעוואָלוציע. זיין אַסקעטיש לעבן איז אים דערפאַר טאַקע מסתמא ניט אָנגעקומען שווער: אַן אמת'ן מקובל איז גאָר ניט שווער יאָרנלאַנג צו פּראַווען תעניתים און סיגופים, באַזונדערס אויב ער איז טאַקע זיכער אַז זיי העלפן אים אויפשליסן די סודות פון מעשה־מרכבה, אָדער זוכה צו זיין צו אַ שעה פון דבקות.

לענין איז אָבער געווען אַן אַסקעט ניט נאָר אינם געוויינלעכן זינען פון וואָרט. כמעט אַ גאַנץ לעבן פלעגט ער אין זיך דערשטיקן ניט נאָר „גשמיות", נאָר אויך די ליידנשאַפטן פון „רוחניות". זיין מגושמ'דיקער, אָפּטמאָל דער וועלט און זיך אַליין אויף־צו־להכעיס וואולגאַרער מאַטעריאַליזם, איז געווען פאַר אים אַ מין פּאַנצער, מיט וועלכן ער האָט זיך געשיצט קעגן אינטעלעקטועלע אָדער קינסטלערישע תאוות און יצר־הרע'ס, וואָס ער האָט מורא געהאַט, אַז זיי קאָנען אים „פאַרפירן", אָפּציען פונם „עיקר", אָפּקערן זיין ענערגיע וואָס מ'דאַרף זיי האָבן פאַרן „עיקר".

ווען אין די סטאַגנאַציע־יאָרן פון נאָך 1905 האָבן זיך באָגדאַנאָוו, לונאַ־טשאַרסקי און אַנדערע פילאָזאָפיש געשטימטע באָלשעוויקעס אַריינגעלאָזן אין „גאָטזוכעריי"; ווען לונאַטשאַרסקי האָט גערעדט וועגן „אויפבויען גאָט" (אַלץ איינס, וואָס דאָס האָט געמיינט און צי האָט דאָס בכלל עפּעס געמיינט), און באָגדאַנאָוו האָט אָנגעהויבן טענה'ן אַז „אויב איר דערגרייכט אַ פּונקט וואו איר זייט ניט מסוגל עפּעס צו זען, איז דאָס ניט קיין סימן אַז דאָרט הויבט זיך אָן נאַכט" — האָט לענין (שוין דענסמאָל!) אין אַזעלכע אינטעליגענטישע „חפצי'ס" דערזען... קאָנטער־רעוואָלוציע, אַפּיקורסות, דעם סם־המות פאַר דער באַוועגונג. ווען ער האָט דערהערט באָגדאַנאָוו'ן טענה'ן, אַז „אמת איז דערפאַרונג און קאָן ניט זיין אָביעקטיוו", אַז „געפילן זיינען דאָס בראשית'־

דיקע אין דער וועלט" און אַז „פון זיי (פון געפילן און ניט סתם פון חומר) ווערן פאַרמירט פיזיקאַלישע קערפּערס", האָט אים אָנגעכאַפּט אַ פּאַנישע אימה. ווער ווייס, האָט ער געשריען אויף באָגדאַנאָוון, וואוהין דאָס קאָן פאַר־פירן, ווייל אויב אמת איז סוביעקטיוו, „קאָן דאָך אפילו רוים זיין געדעכט: עס איז דאָך נישטאָ קיין ספק, אַז אפילו קאַטאָליציזם איז אַן אָרגאַניזירטע פאָרם פון מענטשלעכער דערפאַרונג". ער האָט אַ לעבן־לאַנג מורא געהאַט אָנצונעמען וועלכע ניט איז מעגלעכקייט, אַז אין אונדזער עמפּירישער וועלט שטראַלט עפּעס אַריין פון אַן אַנדערער, מעטאַפיזישער וועלט. מ'מעג זאָגן, אַז ער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַן „אַפּיטראָפּס" אויף דעם סכום ענערגיע וואָס ער האָט פאַרמאָגט — און ער דאַרף היטן, אַז מען זאָל זי ניט פאַרשווענדן „אָן אַ תכלית", מ'זאָל זי ניט צעטרענצלען אויף „פּוסטע זאַכן". ווען לונאַטשאַרסקי האָט זיך איינמאָל געפּרוּווט פאַרענטפערן פאַר אים — „וואָס טוען מיר דען"? „מיר זוכן דאָך דעם אמת, און דאָס איז לכל הדעות קיין חטא ניט" — האָט אים שוין דענסמאָל לעניין געענטפערט אין סטיל פון אַ אינקוויזיטאָרישן בוחן־לבבות: „וואָס דערציילט איר מיר מעשיות, אַז איר זוכט דעם אמת? ניט איר זוכט, נאָר די בורזשואַזיע זוכט; זי זוכט אייך צו פאַנגען אין איר נעץ דורך פילאָסאָפיע, קונסט, רעליגיע".

אָבער וואָס דאַרף מען זיך חידוש'ן? גרעסערע פון לונאַטשאַרסקי'ן און באָגדאַנאָוו'ן האָבן געקראָגן פון אים דעם זעלבן „אָפּשניט". ווען הערמאַן כהן איז אַמאָל אַרויסגעקומען אין דער פּעדאַגאָגישער פּרעסע מיט אַן אַרטיקל, וואו ער האָט געפאָדערט, מ'זאָל אין די דייטשע גימנאַזיעס געבן די שילער אַ קורס אין העכערער מאַטעמאַטיק, כדי זיי זאָלן זיך צוגעוואוינען צו אַב־סטראַקטערן דענקען איידער זיי קומען אָן אין אוניווערסיטעט, האָט לעניין גלייך „דערשפּירט", אַז דורך דעם מאַרבורגער פילאָזאָף רעדט די דייטשע בורזשו־אַזיע: בחורים און מיידלעך וואָס האַלטן ביי ענדיקן גימנאַזיע זיינען אין דעם געפערלעכן עלטער ווען זיי קאָנען ווערן רעוואָלוציאָנערן — פאָדערט דערפאַר הערמאַן כהן, מ'זאָל זיי פאַרטומלען די מוחות מיט העכערער מאַטעמאַטיק, כדי זיי אָפּצורייסן פון דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט און אָפּצוטעמפּן אין זיי דעם רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט. לעניין האָט זיך אפילו איינמאָל דערלויבט צו געבן אַ פּיפּיק־גראָביאַנסקע אינטערפּרעטאַציע פון קאַנט'ס באַגריף וועגן דעם „דינג אַן זיך" (די „זאַך" ווי זי איז פאַר זיך אַליין, אָביעקטיוו, אַזוי צו זאָגן, און ניט ווי זי דערשיינט, דורך חושים, דורכן מענטשלעכן באַוואוסטזיין): אויך דורך קאַנט'ס מויל האָט גערעדט די יונגע אייראָפּעאישע בורזשואַזיע, וואָס האָט געזוכט צו פאַר'סמ'ען דעם פּראָלעטאַריאַט מיט אידעאַליזם: אויב דער אַר־בעטער, האָט לעניין פאַרטייטשט, זעט זיין בעל־הבית עסן פרישן שינקען און

ער אַליין דאַרף זיך צופרידנשטעלן מיט פאַר׳עיפּוש׳טער און פאַרדאַר־טער וואורשט, קאָן ער נאָך אין כעס ווערן און רעוואָלטירן; אָבער ווערט ער אַ קאָנטיאַנער און הויבט אָן צו „פאַרשטיין״ אַז סאַי דער שינקען און סאַי די וואורשט זיינען בלויז „דערשיינונגען״ און ניט די „דינגע אַן זיך״ — קאָן ער נאָך ביי זיך פועלן אַז עס לוינט זיך ניט צו גיין אויף באַריקאַדן צוליב „דער־שיינונגען״, צוליב עפּעס וואָס האָט נישט אין זיך קיין אמת׳ע ממשות׳דיקייט...

אין זיין שורש־נשמה איז גאָר לענין ניט געווען אַזאַ „אומקינסטלערישע״ נאַטור, ווי מען האָט מערסטנטיילס געהאַלטען און ווי ער אַליין אפשר האָט געוואָלט מאַכן דעם איינדרוק. אָבער אויך פאַר קונסט און קינסטלערישער הנאה האָט ער מורא געהאַט ווי פאַר אַ פאַרפירער און רויבער פון ענערגיע. אמת, בנוגע צו קונסט־ווערטן האָבן מיר כמעט קיינמאָל ניט געהערט פון אים קיין וואָליונטאַריש־וואולגאַרע, פּסעוודאָ־סאָציאַליסטישע מיינונגען און אָפּ־שאַצונגען. פאַרקערט, אים איז אָפטמאָל געווען שווער צו באַהאַלטן דעם גרויסן דרך־ארץ פאַר קלאַסישע ווערק און זיין פייאיקייט פון זיי געריררט און אָנגעשטעקט צו ווערן. אָבער ווייל קונסט — ספּעציעל פּאָעזיע און מוזיק — האָבן צו אים אַזוי שטאַרק אַפּעלירט, האָט ער אַלץ מער און מער גוזר געווען אויף זיך, ער זאָל מיט איר וואָס ווייניקער קומען אין באַרירונג. ווייסט מען דאָך, אַז די אַזוי גערופענע פּראָלעטאַרישע קונסט האָט ביי אים מערסטנטייל אַרויס־גערופן אַ שטאַרקן ווידערווילן, וועלכן אים איז ניט שטענדיק געלונגען צו פאַרמאַסקירן (ער האָט זי געהאַלטן פאַר ניט עכט, פאַר אַ קאַזיאָנע אָנשטעל, און האָט זי בלויז טאָלערירט לויטן אַלטן רוסיש־פּויערשן כלל, אַז „אין אַ ווירטשאַפט קומט אַמאָל יעדע חזיר׳יי צונוץ״), און אין יענע זעלטענע שעה׳ן, ווען ער פלעגט זיך, טראָץ זיין אַרויפגעצוואונגענער „מתנגדות״, אַביסל לאָזן „וואוילגיין״ און צוזינדיקן מיט קינסטלערישער הנאה, איז זיין ליבלינג־פּאָעט געווען פּושקין. אָבער „זינדיקן״ פלעגט ער ווייניק און זעלטן. איז ער דאָך געווען אין זיינע אייגענע אויגן אַ „שכיר יום״ פון דער רעוואָלוציע, און אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז ער דאָך געווען דער, וואָס האָט געשאַפן דעם כאַראַקטעריסטישן טערמין „פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער״. זיין „פּראָ־פעסיאָנעלע עטיק״ האָט געפאָדערט, ווי ער האָט געמיינט און געפילט, קאָנ־צענטראַציע פון זיין גאַנצן וועזן אויף איין פונקט, אַ ביטול־באַציאונג צו אַלץ וואָס קאָן ניט אויסגענוצט ווערן ווי ברענ־שטאָף פאַרן רעוואָלוציאָנערן פייער אָדער ווי ציגל פאַרן רעוואָלוציאָנערן בנין. פאַרן פרומען רעוואָלוציאָנער איז געלעגן אַ לאַנגער און שווערער וועג, און ווי א פרוש פון אַלטע צייטן, האָט ער געהאַלטן, אַז ער טאָר ניט מפסיק זיין זיין רעוואָלוציאָנערע „משנה״, כדי צו געניסן די פּראַכט פון אַ „אילן נאה״ אָדער אַ „ניר נאה״. פון צייט צו צייט פלעגט דאָס אייביק־מענטשלעכע, דאָס אַנטי־אַסקעטישע און „אויסער־

פּראָפעסיאָנעלע״ פּרובן זיך צו צעבונטעווען אין אים. אין יענע מאָמענטן האָט אים געצויגן צו פּושקינ׳ען, צו אַנדערע „זינגערס ווי דער פויגל זינגט״. אין אַזאַ מאָמענט האָבן זיך ביי אים איינמאָל געשטעלט טרערן אין די אויגן, הערנדיק בעטהאָווענ׳ס סימפאָניע, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו קלאַראַ צעטקין: „וואָס פאַראַ דערהויבענע וועלט דאָס איז, וואָס פאַראַ כוואַליעס עס רופט אַרויס אין די טיפענישן״; אין אַזאַ מאָמענט האָט ער זיך אַמאָל אויסגעדריקט פאַר מאַקסים גאָרקי׳ן:

„אָפטמאָל קאָן איך ניט הערן קיין מוזיק. עס אַפעקטירט מיינע נערוון מיט צו פיל פיין. אונטערן איינדרוק פון מוזיק ווילט זיך רעדן זינלאָזיקייטן און גלעטן דערביי מענטשן... די קעפּ, אָבער היינטיקע צייטן טאָר מען קיינעם דעם קאָפּ ניט גלעטן, ווייל יענער קאָן נאָך אָפּבייסן ביי דיר די האַנט. היינט מוז מען שלאָגן האַרט און אָן רחמנות די דאָזיקע מיזעראַבעלע קליינע קעפּ, כאָטש על פּי אידעאַל וואָלטן מיר גאָרניט געדאַרפט האָבן צו טאָן מיט געוואַלט״.

ווייטער אַמאָל — דער אַסקעט, דער פראַנטאָוויק מיט די האַרטע פליכטן, וואָס טאָר זיך ניט נאָכגעבן קיין תאוות און הנאות, וואָס האָט מורא טאָמער וועט ער פאַרווייכט און פאַרצערטלט ווערן. מוזיק איז געפערלעך טאַקע דערפאַר וואָס זי איז אַזוי פול מיט זין. לעניִן פילט אַז די „זינלאָזיקייטן״, וואָס קאָנען אינספּירירט ווערן פון מוזיק, זיינען ניט קיין אַבסורדן; אַז די כוואַליעס פון אירע קלאַנגען טראָגן מיט זיך איבער־היסטאָרישע ווערטן, ווערטן פון מחוץ פון צייט און רוים, וועקן דעם חוש פאַרן מעטאַפיזישן, און זאָל מען זיך נאָכגעבן די מוזיקאַלישע תאווה, וועט ווערן שווער צו דערפילן די „פליכט״ פון דער־לאַנגען האַרט און אָן רחמנות איבער מענטשלעכע קעפּ. זאָגט ער זיך אָפּ פון דער הנאה פון יענעם „צו פיל פיין״, מיט וועלכן מוזיק אַפעקטירט זיינע נערוון: האָט דאָך די רעוואָלוציע אַ לעבנס־לענגלעכן „מאַרטגעדזש״ אויפן גאַנצן סכום פון זיין פסיכישער ענערגיע. אין וואַנגעלישע צייטן איז געווען פּאָפּולער דער באַגריף פון „סריסים צוליב גאָט׳ס קעניגרייך״; לעניִן האָט זיך גייסטיק און עמאָציאָנעל קאַסטרירט צוליב דעם „קעניגרייך״ פון דער רעוואָלוציע.

עס איז דערפאַר אפשר זינלאָז צו פרעגן, אויף וויפיל לעניִן האָט אין זיך געטראָגן דירעקטע, וואַרעמע ליבע צו מענטשן, מיטלייד מיט זייער פּיין און זייערע שיקזאַלן. נאַטירלעך, אָן מיטלייד, אָן ווייטיק פאַר הונגעריקע און נאַ־קעטע, פאַר אונטערדריקטע און באַליידיקטע, אין הינטערגרונט — קאָן מען לעניִנ׳ען ניט אויסטייטשן, קאָן מען ניט באַגרייפן בכלל קיין אמת׳ן,ליידנשאַפט־אָנגעזאָפּטן רעוואָלוציאָנער. אין זיין גאָר פריער יוגנט האָט לעניִן זיכער געהאַט זיינע טיפע, ברענענדיקע איבערלעבענישן פון בונט קעגן אומפאַרדינטע מענטשלעכע ליידן, פון ברענענדיקן מיטלייד וואָס זוכט פאַר זיך אַ תיקון אין

האָס צו די וואָס זיינען שולדיק אין די עינויים פון מיליאָנען. בלאָסע אָפּגע־צערטע קינדער פון שטאָטישע אַרבעטער; דרייסיקיאָריקע זקנים און זקנות אין די רוסישע שטעט; דערפער וואו גאַנץ „קהל“ פאָרט זונטיק צום „זעמס־קי נאַטשאַלניק“ צענדליקער ווערסט, כדי זיך צו לאָזן אָפּשמייסן פאַר אויסהאַקן עטלעכע בוימער אין אַ פריצ׳ישן וואַלד, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו דערוואַרימען זייערע חורבות; פויערים וואָס שעמען זיך וואָס אין זייערע וואוינונגען זיינען ניט פאַראַן קיין וואַנצן (וואַנצן פלאָדיען זיך, ווי זיי זאָגן, נאָר אין וואַרעמע און זאַטע היימען) — אודאי און אודאי האָבן אַזוינע און אַנדערע איינדרוקן פון זיינע יוגנטלעכע יאָרן אַרויסגערופן אין אים ניט נאָר סימפּאַטיע, נאָר אויך אַ מין דבקות מיט די עינויים פון איינצלנע, קאָנקרעטע מענטשן, און וואָס איז דען ליבע, און וואָס איז דען מיטלייד, אויב ניט אַזאַ דבקות? אָבער דאָס אַליין האָט לעניגן שפּעטער געלאָזט ליגן אין אַ פאַר׳חתמ׳עט קעסטעלע פון דער נשמה, ווי אַ מין „קרן“ צו וועלכן מ׳דאַרף זיך ניט צורירן. ליבע צו מענטשן און דער בונט קעגן זייערע ליידן האָבן אין אים אַרויסגערופן דאָס בילד פון אַ נייער סאָציאַלער ווירקלעכקייט. און זי, יענע נאָך־ניט־פאַראַנענע ווירקלעכקייט, וואָס דאַרף ערשט געבוירן ווערן מיט לענינ׳ען ווי איינעם פון די אַקושערן, אפשר דער וויכטיקסטער אַקושער, פאָדערט אינגאַנצן זיין ווען. אמת, די דאָזיגע אויסגעחלומ׳טע ווירקלעכ־קייט, וואָס מוז אַרויסקומען פון בלוט־אָפּצאַפּנדיקע געבורט־ווייען, שפּייזט זיך אין אים — ווען מ׳קוקט אויף צוריק — אָט פון יענע האַרץ־קלעמענישן און פון יענעם ווייטיק פאַר מענטשן, אָבער דער ציל האָט זיך, אַזוי צו זאָגן, אָפּגע־זונדערט אין אים פון די סיבות וואָס האָבן אים אַרויסגערופן. ער איז געוואָרן אויטאָנאָם, אַ ציל, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן, „אַן און פאַר זיך“. ווי האָט עס לענין אַליין אַמאָל אויסגעדריקט? „דער באָלשעוויק איז ווי אַ מאַן, וואָס האָט אַמאָל ביינאַכט דערזען אין חלום אַ וויזיע פונם אוניווערסום און איז נאָכדעם אַ גאַנץ לעבן פאַרליבט אין דער דאָזיקער שאַפונג פון זיין פאַנטאַזיע“. אָנ־שטאָט ליבע האָט נאָכדעם יאָרנלאַנג לענין געלעבט אין אַ וועלט פון „פאַר־ליבט־זיין“, פון כמעט מאַניאַקאַלישער פיקסירטקייט אויף דער „שאַפונג פון זיין פאַנטאַזיע“, אויף יענער „וויזיע פונם אוניווערסום“ וואָס ער האָט אַמאָל ביינאַכט דערזען אין חלום. ניט צו מענטשן האָט ער שוין נאָכדעם געדינט, נאָר צו זיין חלום, דעם „בילד אין זיך“ — מ׳מעג זאָגן זיך אַליין. ליבע צו מענטשן, דער באַגער זיי אויפצוריכטן, האָט אים געמאַכט פאַר אַ וואַגנדיקן אַרכיטעקט, אָבער דאָס בילד פונם נייעם בנין, וואָס ער האָט זיך פירגענומען אויפצובויען און וואָס ס׳האָט געשוועבט פאַר זיינע אויגן, האָט אים אַזוי פאַר־כישוף׳ט, אַז ער איז מסוגל געוואָרן מקריב צו זיין צוליב אים און לעבעדיק

איינמויערן צווישן זיינע ווענט (אויב קיין אַנדער אויסוועג זאָל ניט זיין) די מערהייט פון יענע מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל אין אים אַרויסגערופן ליבע.

מיט דער דאָזיקער גרייטקייט אָנצואווענדן, אויב און ווען ס׳איז נויטיק, פּרעה־מיטלען צוליב אַ משה־רבינו־ציל, איז ער לכתחילה אַריינגעקומען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט פון אָנפאַנג אָן גענומען דאָס מאָראַלישע רעכט צו טאָן טויזנטער אומגערעכטיקייטן, אָפּצושאַפן פאַר זיך די עשרת הדיברות אין נאָמען פון זיין איין־און־איינציקער „דיברה״, די סאָציאַלע רעוואָלוציע און איר דערפאָלג. עס איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז ווער ס׳איז איז מסוגל זיך אַזאַ רעכט צו נעמען, צוליב גרויסע הומאַניטאַרע כוונות, אָן אַן אינעוויניקסטער זיכערקייט, אַז ער איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ מיסיע, אַז ער פּערזענלעך האָט אַ שליחות פון דער געשיכטע, פאַר וועלכער ער טראָגט די אחריות און צו וועלכער ער דאַרף סובאָרדינירן זיין גאַנץ לעבן, אויך זיין געוויסן און געשמאַק. אַזאַ מיסיע־געפיל האָט אין לעניִנ׳ען שטענדיק געלעבט, כאָטש ער האָט וועגן דעם קיינמאָל ניט גערעדט (דאָס וואָלט זיך אויך ניט געקאָנט אַריינפּאַסן אין זיין מאַרקסיסטישער טערמינאָלאָגיע און אין די טיף־דעמאָקראַטישע טראַדיציעס פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג), און ער האָט אין זיך ניט געהאַט קיין שמץ ניט פון מוסאָליני׳ס טעאַטראַלישקייט און ניט פון היטלער׳ס „משיחי׳שן״ עקסהיביציאָניזם. זיין אינדיווידועלע מיסיע איז געווען זיין סוד, אַ סוד וואָס ער האָט קלאָר און נאַקעט מסתמא אויך זיין אייגענעם באַוואוסטזיין ניט אַנטפּלעקט.

אָבער די נייגונג צו פּערזענלעכער דיקטאַטור האָט ער פאַר אַנדערע קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרמאַסקירן. זיין פּויסט (אין בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט) האָט ער שוין וואָרנענדיק געוויזן דער קליינער צאָל מיטגלידער פונם צענטראַל קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, בשעת זיי זיינען נאָך אַלע געזעסן אין גלות. וועגן אָט דער פּויסט האָט אונדז דערציילט טראָצקי נאָך אין יענע יאָרן, ווען ער איז ניט פאַרשריען געוואָרן אין מאָסקווע פאַר אַ באַנדיט און פאַררעטער. אָבער שוין דענסמאָל האָט דאָס פּערזענלעך־דיקטאַטאָרישע אין אים אי שאָקירט, אי... אימפּאָנירט: עס האָט אימפּאָנירט זיין אַנטשלאָסנקייט, זיין קרעפּטיקער חוט־השדרה, זיין „זיכער״ וויסן אין יעדן מאָמענט וואָס „מ׳דאַרף״ טאָן. ווי דערציילט וועגן לעניִנ׳ס יוגנט דער מענשעוויק מאַרטאָוו? „פלעכאַנאָוו און איך האָבן פּראָפּאַגאַנדירט אונזערע מאַרקסיסטישע אידייען אַ לאַנגע צייט אָן דערפאָלג. די נאָכפאָלגער וואָס מיר האָבן ביסלעכווייז צוגעקראָגן, אָט יענע יונגע סאָציאַל־דעמאָקראַטן וואָס זיינען געקומען קיין אייראָפּע פון רוסלאַנד און האָבן אונדז באַזוכט, זיינען געווען פאַר אונדז אַ שטענדיקע אַנטוישונג צוליב זייער פּאָליטישער הילפלאָזיקייט. אָבער

ווען מיר האָבן באַגעגנט אוליאַנאָוו׳ן (לענינ׳ען), האָבן מיר פריי אָפּגעאָטעמט. סוף־כל־סוף, האָבן מיר זיך איינער דעם אַנדערן געזאָגט, קאָנען מיר זיך באַרואיקן; די זאַך פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז אין גוטע הענט. זי האָט געפונען אַ פּאָליטישן פירער, וואָס האָט די ווערט דאָס צו זיין״. אין אַן ערך דעמזעלביקן טאָן דערציילט וועגן אים אַן אנדער פאַרטרעטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אינטעליגענציע, אַקסעלראָד: „איך האָב געפילט, אַז פאַר מיר שטייט אַ מאַן, וואָס וועט זיין דער פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ער איז געווען ניט נאָר אַ קולטורעלער מאַרקסיסט — אַזעלכע האָבן מיר פאַרמאָגט ניט ווייניק — נאָר ער האָט אויך געוואוסט וואָס ער האָט בדעה צו טאָן און ווי אַזוי דאָס דאַרף געטאָן ווערן... ווען כ׳האָב איבערגעלייענט זיין ערשטן פאַמפלעט, האָב איך זיך גלייך איבערצייגט, אַז ער איז פון יענעם שטאָף, וואָס פון אים ווערן געמאַכט פירער״. אַקסעלראָד האָט פאַרמאָגט אַ סך מאַרקסיסטישע לומדות; מאַרטאָוו — אַן אויסגעצייכנטן קאָפּ און אַ נאָבעלן כאַראַקטער, פאַר וועלכן לענין האָט ניט פאַרלוירן דעם רעספּעקט אפילו אין זיינע ברוטאַלסטע ציניסטישע טעג; פּלעכאַנאָוו איז געווען אין דער גרופּע אי דער שאַרפער דענקער מיט אַלזייטיקער קולטור, אי דער בעסטער און עלעגאַנטסטער שריפטשטעלער. אַלע האָבן זיי אָבער געליטן פון אַ טיפּיש־רוסישן אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס, פון אַ קראַנקהאַפטיקער ביטול־באַציאונג צו אינטעליגענציע און צו זיך אַליין ווי פאַרטרעטער פון אַ לאָ־יוצלח׳דיקן טיפּ. ווען לענין האָט זיי עטלעכע מאָל געמאַכט דעם פאַרוואורף אַז זיי זיינען רודינס (רודין איז דער ניט־העלדישער „העלד״ אין איינעם פון טורגעניעוו׳ס ראָמאַנען און ער איז שפּעטער געוואָרן דער סינאָנים פון אינטעליגענטישער כאַראַקטערלאָזיקייט און לאָ־יוצלח׳דיקייט), האָבן די דאָזיקע האַמלעטיזירנדיקע רעוואָלוציאָנערן כמעט ניט געפונען, וואָס צו ענטפערן. אויב מ׳מעג דאָ נוצן דעם זשאַרגאָן פון דער אידישער אונטערוועלט, האָבן „יאָלדן״ געקראָגן התבטלות פאַר דער רעוואָלוציאָנערער חברה־„בלאַט״, וואָס לענינ׳ס דערשיינונג איז געווען איר סימבאָל און אָנזאָג. אין דעם דאָזיקן יונגן און בכיוונ׳דיק־מאַנירלאָזן יונגן מאַן, מיט „קלייען״ אויפן פּנים, מיט תנועות און רייד פון אַ כיטרען וואָלגאַ־סוחר, מיט אַ פּייערל פון בייסנדיקער איראָניע און קריגערישקייט אין זיינע קאָסע טאָטערישע אויגן, האָבן זיי געזען דעם רעוואָלוציאָנער פון האַנדלונג און מעשים, פריי פון מאָראַלישע און עסטעטישע „אינהיביציעס״, גרייט צו ריזיקירן, צו שטעלן די געשיכטע פאַר נסיונות, ניט צו דאגה׳ן וועגן וואוילזיין, שיקזאַל און עצם לעבן פון דיזעלבע מיליאָנען מענטשלעכע באַשעפענישן, וואָס אין זייער „דינסט״ האָט ער זיך געשטעלט. זיינען זיי געווען שאָקירט פונם „טשינגיז כאַן״ וואָס זיי האָבן אין אים דערפילט, אָבער אויך בטל געוואָרן פאַר דער אַנטשלאָסענער האַנט

פונם קומענדיקן רעוואָלוציאָנערן „כירורג״, וואָס איז גרייט צו היילן אַזאַ פּאַציענט ווי די מענטשהייט דורך „שניידן״ — איינמאָל און צען מאָל, און וויפיל מאָל מ׳זאָל ניט דאַרפן אָפּערירן.

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווי אַן איינמאָליקן אַקט, וואָלט מען מסתמא געקאָנט דורכפירן אויך אָן אַזאַ מענטאַליטעט. אָבער כדי ניט אַרויסצולאָזן די מאַכט פון די הענט; כדי דורכצוגיין „בשלום״ דעם בלוטיקן לאַבירינט פון דריי יאָר בירגער־קריג; כדי צו שאַפן אַ נייעם שטאַט און אים קאָנסאָ־לידירן; פריער אַרויסרופן אַנאַרכיע, בכיוון צו לאָזן זי בושעווען און נאָכדעם אַליין זי צוימען און צווינגען צו שקלאַפישער געהאָרכזאַמקייט מיליאָנען בונ־טאַרן — האָט די רעוואָלוציע געדאַרפט האָבן אַ פירער פונם לענין־וואוקס און לענין־נוסח. נאָר דער, וואָס האָט געקאָנט געפינען אין זיך דעם אייגנ־אַרטיקן מאָראַלישן קוראַזש צו קוקן ניט בלויז אויף די צענדליקער מיליאָנען מענטשן פון רוסלאַנד גופא, נאָר אויך אויף דער גאַנצער מענטשהייט פון זיין צייט, ווי אויף אַ דור־המדבר, וואָס פון זיינע גסיסה־קאָנוואולסיעס דאַרף אַרויסקומען אַ נייע וועלט, האָט געקאָנט געפינען אויך די נויטיקע ענערגיע פאַר אַזאַ עקספּערימענטירן מיטן שיקזאַל פון מיטמענטשן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם לענין־פּעריאָד פון דער סאָוועטישער געשיכטע.

II

אַ פאַרהאַרטעוועטער, אַ געפּאַנצערטער קעגן מאָראַלישע ספקות און אינעוויניקסטע עיכובים, מיט דער שטרענגער זעלבסט־דיסציפּלין פון אַ פאַנאַטישן מיטלאַלטערלעכן מאָנאַך און, אין דערזעלבער צייט, מיט יענעם אומבאַגרענעצטן ציניזם, וואָס אָן אים קאָן קיינער ניט נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ וועלט־דעראָבערער, איז לענין אַריינגעקומען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער טאָרקוועמאַדאַ פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע האָט זיך לאַנג צוגעגרייט צו זיין מיסיע און זיך באַפרייט כמעט פון אַלץ, וואָס וואָלט געקאָנט אָפּוועדן אַפילו אַ טייל פון זיין קאָלאָסאַלער ענערגיע פאַר „זייטיקע״ זאַכן. אין אירע טרוקענע, כמעט פּאָליציייאיש־פּראָטאָקאָליס־טישע זכרונות האָט אונז מאַדאַם קרופּסקאַיאַ (לענינ׳ס פרוי) דערציילט, ווי אַזוי נאָך יאָרן און יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע האָט דער יונגער לענין גוזר געווען אויף זיך... מער ניט צו שטודירן קיין לאַטיין, ווייל אויך אין דעם שטודיום האָט ער דערזען פאַר זיך אַ געפאַר. לאַטיין איז געווען איינע פון זיינע שוואַכקייטן; לאַטייניש גראַמאַטיק מיט איר גראַניט־שטאַרקער לאָגיק, דער קלאַסיש־לאַטיינישער זאַץ, וואָס איז אין אַזוי פיל פּרטים ענלעך צו אַ שטיק אַרכיטעקטור, איז פאַר לענינ׳ען געווען אַן אַלטער קינסט־

לערישער יצר־הרע. האָט ער אויך דאָס שטיקל עסטעטישע סיטרא אחרא פון זיך אויסגעריסן מיטן וואָרצל. און אויב פון זיינע פריע קינדער־יאָרן איז ער געווען אַליידנשאַפטלעכער און באַגאַבטער שאַך־שפּילער, האָט ער זיך אויך פאַר דער „מוזע" דערשראָקן און זיך אַ נדר געגעבן מער ניט צו שפּילן. האָט דאָך אויף אים געוואָרט, ווי ער האָט אין זיך געוואוסט, אַן אַנדער שאַך־ברעט — די אַרענע פון דער וועלט־געשיכטע, וואָס אויף איר האָט ער גע־דאַרפט אויסווירקן זיין „שפּיל"־אינסטינקט און זיין קאַלטבלוטיקן אַזאַרט.

קאַלטבלוטיקן אַזאַרט און די פייאיקייט צו באַטראַכטן לעבעדיקע און ליידנדיקע מענטשן ווי „שטאָף" אין זיין לאַבאָראַטאָריע, האָט לענין אַרויס־געוויזן אַ גוטע פאָר צענדליק יאָר איידער ער איז נתפרסם געוואָרן אין דער ברייטערער וועלט. כאַראַקטעריסטיש איז אַ פאַל אין זיין לעבן נאָך אין 1889: די וואָלגאַ־גובערניעס האָבן דענסמאָל געליטן פון אַ קאַטאַסטראָפישן הונגער, וואָס איז אויך באַגלייט געווען פון שרעקלעכע עפּידעמיעס. אין סאַ־מאַראַ, ווי אין אַנדערע וואָלגאַ־שטעט, איז געגרינדעט געוואָרן אַ גע־זעלשאַפטלעכער קאָמיטעט מיטן צוועק צו העלפן די הונגעריקע. האָט לענין איינמאָל געמאַכט אויף אַ זיצונג פון יענעם קאָמיטעט אַ גאַנץ פּשוטן פאָרשלאָג: נישט צו העלפן. די גאַנצע הילף־אַקציע, האָט ער מסביר געווען, איז ניט נויטיק און אַפילו שעדלעך, ווייל זי וועט באַרואיקן די געמיטער פון דעם פאָלק. זאָל, הייסט עס, דער הונגער בושעווען נאָך שטאַרקער, און זאָלן יעדן טאָג אומקומען נאָך מערערע לעבנס — וועט זיך דאָס פאָלק צע־בונטעווען קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, און די דונערן פון דער רעוואָלוציע וועלן זיך אָנהויבן טראָגן איבערן גאַנצן לאַנד. ווער עס וויל קאָן דאָ געפינען פאַר לענינ'ען אַ שטיקל אַנטשולדיקונג: ער איז דענסמאָל אַלט געווען ניט מער ווי ניינצן יאָר. אָבער ווער עס איז נענטער באַקאַנט מיט לענינ'ס ביאָגראַפיע און מיט דעם טעמפּאָ פון זיין אינטעלעקטועלן וואוקס, וועט די זאַך אַנדערש פאָרמולירן: אין 1889, וועט ער זאָגן, איז לענין שוין אַלט געווען ניינצן יאָר, און אין קאָנטעקסט פון זיין ביאָגראַפיע וועט עס הייסן, אַז ער איז שוין געווען אַ פאָרמירטער, רייפער מאַן. איז עס דאָך כלל ניט קיין צופאַל, וואָס מאַקסים גאָרקי, זיין לאַנגיאָריקער פריינט און פאַרערער, האָט אין אַ סך שפּעטערע יאָרן פאַרצייכנט וועגן אים אין זיינע זכרונות־נאָטיצן: „מיר דוכט זיך, אַז פאַר לענינ'ען איז כמעט לחלוטין ניט אינטערעסאַנט דאָס אינדיווידועל־מענטשלעכע; ער טראַכט נאָר וועגן פאַר־טייען, מאַסן, מלוכות". גאָרקי האָט זיך דערפאַר שוין ניט געוואונדערט, וואָס ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, ווען ער פלעגט קומען צו לענינ'ען ווי צו דעם הויפּט פון דער סאָוועטישער רעגירונג זיך משתדל צו זיין פאַר פאַרמשפּטע צו טויט־שטראָף, פלעגט אים יענער ענטפערן:

„טראַכט איר ניט, אַז איר פאַרנעמט זיך מיט נאַרישקייטן, מיט פוסטע זאַכן?"

דאָס מוז ניט הייסן, אַז לעניין איז בטבע געווען אַ סאַדיסט. קיין הנאה פון מוטשען יענעם, פון אַרעסטן און עקזעקוציעס האָט ער ניט געהאַט, און צוליב ריין פערזענלעכע חשבונות וואָלט ער מסתמא ביי קיינעם קיין האָר ניט געלאָזט קרומען. אכזריות איז פאַר אים געווען ניט קיין גענוס, נאָר אַ חוב, אפשר דער סאַמע טרויעריקסטער חוב, וואָס מען מוז מקיים זיין. ווי דערציילט דער זעלביקער גאָרקי וועגן זייערן אַ שפּאַציר שוין אין די בלוטיקע טעג פונם בירגער־קריג? לעניין האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ גרופּע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט און געשטיפט אין גאַס, און האָט דערביי באַמערקט: „דאָס לעבן פון די דאָזיקע קינדער וועט זיין גליקלעכער פון אונזערן; זיי וועלן שוין ניט האָבן קיין פערזענלעכע דערפאַרונג מיט אַ סך זאַכן, וואָס אונדז איז באַשערט דורכצולעבן; זייער שיקזאַל וועט זיין ווייניקער אכזריות׳דיק; אָבער איך בין זיי פונדעסטוועגן ניט מקנא. איז דאָך אויפן חלק פון אונזער דור אויסגעפאַלן צו האָבן דערפאָלג אין אַ ווערק פון אומגעהייערער היס־טאָרישער באַדייטונג. אומשטענדן האָבן אונז געצוואונגען צו זיין ברוטאַל, אָבער שפּעטערדיקע דורות וועלן אונז רעכטפאַרטיקן: דענסמאָל וועט אַלצדינג זיין פאַרשטענדלעך, אַלצדינג".

אים איז געווען געגוג צו פועל׳ן ביי זיך, אַז רעוואָלוציאָנערע אכזריות איז אַן אומפאַרמיידלעכער פּראָדוקט פון „אומשטענדן", כדי ער זאָל זי קאָנען פּראַקטיצירן. און דאָס האָט ער ביי זיך גע׳פועל׳ט אַ לאַנגע צייט פאַר דער רעוואָלוציע. שוין אין זיין פּאָלעמיק מיט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פריינט אויף דער „עמיגראַציע" פלעגט ער אַלעמאָל פאַרגלייכן די רעוואָלוציע מיטן „אַקט פון געבן געבורט צו אַ קינד": „דאָס געבוירן פאַרוואַנדלט די געווינערין אין אַן אויסגעמוטשעט, צעריסן, פון ווייטאָג קאָנוואולסירנדיק, פאַרבלוטיקט, האַלב־טויט שטיק פלייש" (וועגן דער געווינערינ׳ס געפיל פון לעבנס־מיס־טעריע, וועגן איר גליק אין דעם עצם פיין, וועגן דער טראַנספיגוראַציע פון איר גאַנצן וועזן האָבן מיר פון לעניג׳ען כמעט קיינמאָל ניט געהערט. אַזאַ „משל" האָט אים ניט געלוינט פאַר זיין „נמשל"). און אויב אָן מיליאָנען „פאַרבלוטיקטע, האַלב־טויטע שטיקער פלייש" קאָן די גאולה פון דער מענטשהייט ניט קומען, האָט ער זיך שוין געמעגט דערלויבן רעדן מיט פאַראַכטונג וועגן זיינע רעפאַרמיסטישע אָפּאָנענטן ווי וועגן „זיסינקע סאָציאַ־ליסטן"; געמעגט זיך דערלויבן באַצייכענען קעגנערשאַפט צו טויט־שטראָף ווי „סעקולערע גלח׳עריי"; און דאָס ניט קאָנען פאַרטראָגן דעם טעראָר פון אויבן — ווי דאָס „כליפּען פון פאַסקודנענקע נשמה׳לעך". דעם דאָזיקן טאָן האָט לעניין אָפּט געניצט שוין אין יענע יאָרן, ווען קיינער האָט ניט געקאָנט וויסן, ווען און ווי

אַזוי ער וועט קריגן אין זיינע הענט דיקטאַטאָרישע מלוכה־מאַכט און צי וועט ער זי בכלל וועלן עס איז קריגן. נאָך אין 1907, דערציילט אונז דער אַלטער פוילישער רעוואָלוציאָנער קראַיעווסקי, איז ער אין לאָנדאָן געווען צו מיטאָג מיט לענינ׳ען און מיט אַ גאַנצער גרופּע באָלשעוויסטישע טוער, האָט מען זיך צערעדט וועגן דעם, וואָס צו טאָן, כדי אויסצוגלייכן די מחלוקת, וואָס האָט שוין עטלעכע יאָר געהערשט צווישן די צוויי סעקטעלעך פון דער דעמאָלט־דיקער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. לענין האָט לאַנג געשוויגן און נאָכ־דעם זיך אַריינגעמישט אין דער דיסקוסיע: „פאַרוואָס דאַרפן מיר עס גיין אין די (פּאַרלאַמענטאַרישע) דרכים פון מערב־אייראָפּע? איך אָנערקען בלויז איין פאָרם פון שלום־מאַכן מיט פּאָליטישע קעגנער: דערקוועטשן זיי״.

און מיט דער גרייטקייט אויסצוגלייכן חילוקי־דעות דורך דערקוועטשן און צעקוועטשן אַלץ און יעדן איינעם, וואָס וועט זיך אים שטעלן אין וועג; מיטן איינזייטיק־פיזיאָלאָגישן משל פון דער געוויינערין, ווי דער סטאַנדאַרד פון רעוואָלוציאָנערער עטיק; און מיט אַ מאָראַטאָריום אויף ליבע און רחמנות, וואָס טאָרן ניט „אויסגעצאָלט״ ווערן אין דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד (אַלץ איינס, ווי לאַנג יענער פּעריאָד זאָל ניט געדויערן), איז לענין צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד אין פרילינג פון 1917.

וואָס פאַרא וואָפן האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט אַהיים, כדי צו דער־אָבערן די מאַכט און זי נאָכדעם ניט אַרויסצולאָזן פון די הענט? זיין פּאַרטיי, האָט ער געוואוסט, איז אין זיבען פון צאָלן געווען אַ קליינינקע און שוואַכע, אויך אָן וועלכער ניט איז רעפּוטאַציע ביים פאָלק. קיין געלט אין זיין רשות האָט ער אויך ניט פאַרמאָגט. די גאַנצע מעשה וועגן זעכציק מיליאָן גאָלד־מאַרק, וואָס ער זאָל האָבן געקראָגן פונם דייטשן גענעראַל־שטאַב, איז ניט מער ווי אַ לעגענדע, טראָצדעם וואָס אַזאַ ערלעכער און ניכטערער קאָפּ ווי עדוואַרד בערנשטיין האָט זיך איינגערעדט אַז מ׳האָט אים „באַוויזן מיט עכטע דאָקומענטן״ אַז לענין האָט זיך געלאָזט אונטערקויפן פון גענעראַל לודענ־דאָרפ׳ן, און טראָצדעם וואָס ביז היינטיקן טאָג זיינען נאָך פאַראַן פּראָפעסיאָ־נעלע אַנטי־באָלשעוויקעס וואָס ווילן זיך ניט אָפּזאָגן פון אַזאַ גאָלדן שטיקל לשון הרע. לענין האָט אַ פּאָר מאָל האַלב־שפּאַסנדיק און האַלב־ערנסט באַ־מערקט, אַז ער וואָלט זיך בשום אופן ניט אָפּגעזאָגט פון אַזאַ סומע אפילו פונם דייטשן גענעראַל־שטאַב און זי וואָלט בפירוש שטאַרק צונוץ געקומען דער רעוואָלוציע, אָבער, צום באַדויערן, האָט מען אים קיינמאָל קיין געלט פון דייטשלאַנד ניט אָנגעבאָטן. אויב לענין האָט זיך ניט איבערגעגעבן אין די הענט פון געריכט, ווען קערענסקי האָט געהייסן אים אַרעסטירן אויף דער באַשולדיקונג פון זיין אַ „באַצאָלטער אַגענט״ פונם שונא, איז דאָס גע־ווען דערפאַר, ווי מאַדאַם קרופּסקאַיאַ דערציילט אונז, וואָס סטאַלין און אַ

פאַר אַנדערע חברים האָבן אויף אים געווירקט, ער זאָל ניט ריזיקירן אין אַזאַ אחריות׳דיקן מאָמענט מיט זיין פרייהייט צוליב אַ „רייגער רעפּו־טאַציע״ אין די אויגן פון „פּריצים און קאַפּיטאַליסטן״. לענין גופא האָט זיך נאָכדעם וועגן דעם געוויצלט: ער האָט זיך ניט געלאָזט אַרעסטירן און האָט זיך בעסער אַ שטיק צייט אויסבאַהאַלטן אין פינלאַנד, ווייל ער איז ניט קיין „באַרישניאַ״, וואָס דאַרף האָבן אַן אַטעסטאַט פון ערלעכער אויפפירונג („אַ בתולה מיט אַ כתב״). לענין האָט ניט פאַרמאָגט, קיין גרויסע אָדער שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, ניט קיין פאַרבינדונגען מיט דער אַרמיי, ניט קיין פּאָפּולערן נאָמען, ניט קיין געלט, אפילו ניט קיין אויסגעאַרבעטע באַשטימטע פּלענער און קיין שום קאָנקרעטע סטראַטעגישע סכעמע. לענינ׳ס גאַנצע אַמוניציע איז באַ־שטאַנען: פון אַ זיכערן געפיל, אַז ער איז צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד אויסצו־פילן אַ גרויסע היסטאָרישע מיסיע (אַז די „השגחה״ האָט אים צוריקגעבראַכט אַהיים); פון דער גרייטקייט אַרויסצוגעבן וועקסלען, אַפילו ווען ער ווייס אַז ער וועט זיי ניט קאָנען באַצאָלן; פון דער פייאיקייט צו זאָגן מאָרגן, אויב מ׳וועט באַדאַרפן, דעם היפוך פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט נעכטן; פון ליידנשאַפט־לעכער נייגעריקייט פאַר עקספּערימענטירן מיט דער געשיכטע; און אַ „טאַ־לאַנט״ פאַר קאַלטבלוטיקער אכזריות, ווען און וואו „אומשטענדן״ וועלן עס פאָדערן.

אָבער די אַלע מידות וואָלטן געווען ווייט ניט גענוג, ווען ער וואָלט אין איינעם מיט דעם ניט פאַרמאָגט נאָך עפּעס: אינטואיטיוו פאַרשטענדעניש פון דער רוסישער ווירקלעכקייט און פון די כוחות, וואָס האָבן זיך אין איר צונויפגעפלאָכטן אָדער צונויפגעשטויסן. אַזאַ אינטואיציע, אַזאַ, מעג מען זאָגן, „העלזעערישע קראַפט״, האָט אין יענער צייט קיינער ניט פאַר־מאָגט, אויסער לענינ׳ען. ער איז ניט געווען קיין פרעמדער אין מערב־איירָאָפּע, וואו ער האָט געלעבט אַזוי פיל יאָרן ווי אַ שאַרפער אָבסערווירער און ערנסטער פאָרשער. ער האָט גוט געקאָנט דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענג־לאַנד, אַ פּאָר קלענערע לענדער. אָבער כדי תופס צו זיין די פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך פאַר זיינע אויגן פאַנאַנדערגעוויקלט אין מערב־איירָאָפּע, און כדי צו זיין מסוגל פאָראויסצוזען די דאָרטיקע אַנטוויקלונגען, האָט אים געפעלט דאָס „אינסטינקטיוועֿ״ וויסן, דאָס וואָס ער האָט אַליין אַ פּאָר מאָל באַצייכנט פאַר „אַ שאַרפן הויש־הריח״. דאָס פרעמדע האָט ער שטודירט, בשעת דאָס אייגענע — רוסלאַנד — האָט ער געקאָנט „פון זיך אַליין״. ער האָט ניט איבערגעשאַצט די קראַפט פון זיין אייגענער גרופּע און האָט אין דערזעלביקער צייט מיטן אינסטינקט פון אַ יאַגד־חיה אין איר אייגענעם דזשאָנגל אויס־געצייכנט אָפּגעשאַצט און אָפּגעוואויגן די שוין פאַראַנענע און פּאָטענציעלע קעגן־כוחות און, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן, די שוואַכקייטן פון יענע

כוחות. ער האָט געמאַכט אַ סך פאַטאַלע טעות׳ן, ווען עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן פּרעמדע לענדער, אויך וועגן לענדער וואָס ער האָט גוט געקאָנט פון שטודירן. אַלע זיינע פּראָגנאָזן וועגן מערב־אייראָפּע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלשע. די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז ניט געקומען ניט אין דייטשלאַנד און ניט אין פראַנקרייך און ענגלאַנד, און דאָרט וואו ער האָט דורך זיינע אַסיסטענטן און אונטער־אַסיסטענטן געזוכט אַרויסצורופן רעוואָלוציעס מיט דער הילף פון ספּעציעלער „טעכניק" (ווי אין בייערן און אונגאַרן), זיינען דאָס געווען ניט מער ווי מפּיל־„קינדער", וואָס זיינען באַלד אויסגעגאַנגען. דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ גרויסער פאַרשטייער פון דער „רוסישער נשמה", פון די שטומע, אונטערערדישע כוחות אונטער די טיפסטע שיכטן פון רוסלאַנד׳ס באָדן. ווען מ׳האָט אים פון אַלע זייטן אויסגעלאַכט נאָך זיין ערשטער רעדע אין פּעטערבורגער סאָוועט, באַלד נאָך זיין אָנקומען פון אויסלאַנד, פאַר זיין פּראָגראַם פון אַרויסרייסן די מאַכט פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג און „איינפירן סאָציאַליזם", און ווען זיינע אייגענע מענטשן האָבן ניט געקאָנט פאַרמאַסקירן די פאַרלעגנהייט, אין וועל־כער ער האָט זיי געשטעלט מיט זיינע „משונה׳דיק־ווילדע" לאָזונגען, איז ער ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן: זאָלן זיי לאַכן — וויכטיק איז, ווער עס וועט לאַכן דער לעצטער. און ווען איינער פון זיינע מקורבים האָט אים נאָכדעם אַ פרעג געטאָן, אויף וועלכע כוחות ער קאָן זיך שטיצן ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ גראַנדיעז־וואַגנדיקער אונטערנעמונג, האָט ער קלאָר געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. ער וועט זיך שטיצן, האָט ער דענסמאָל מסביר געווען, אויף דריי פאַקטאָרן:

דער ערשטער פאַקטאָר איז פאַר אים געווען די „נאַרישע", קינדערשע פאָלקס־אמונה אינם „טויזנטיעריקן רייך", די רוסישע רעליגיעזע פרומקייט, וואָס האָט אויסגעכאָוועט אין געוויסע טיילן פון פאָלק אַ דערוואַרטונג פון אַפּאָקאַליפּטישע געשעענישן, וואָס דאַרפן ברענגען די גאולה. וועט ער יענע סטרונע אויסנוצן. עס איז ניט וויכטיק, וואָס ער וועט רעדן און שרייבן קעגן גאָט און אַלץ וואָס ס׳האָט צו טאָן מיט רעליגיע. דאָס „פאָלק" וועט עס אויס־טייטשן בלויז ווי אַ מלחמה קעגן די „פעטע גלחים" און וועט אַריינטייטשן אין זיינע רייד אַ פרומען אינהאַלט, אַן אָנזאָג אויף „מלכות שמים", נאָך וועלכן עס האָט אַזוי לאַנג געלעכצט. דער צווייטער פאַקטאָר, ווי ער האָט זיך דענס־מאָל ציניש אויסגעדריקט, זיינען די „נידערטרעכטיקע נקמה־גלוסטענישן פון שקלאַפן", וואָס האָבן לאַנגע דורות געכאָוועט אין זיך די ליידנשאַפט צו אכזריות, דעם חלום זיך אָפּצורעכענען מיט זייערע אונטערדריקער. וועט ער אויך אויף דער סטרונע קאָנען שפּילן. יענע גלוסטענישן וועלן אין דער רעוואָלוציע געפינען זייער תיקון. ער איז געווען זיכער אַז איבערן לאַנד

גייען אַרום הונדערטער טויזנטער פּאָטענציעלע סטענקאַ ראַזינס. און דער דריטער פאַקטאָר? אָ יאָ, דער דריטער פאַקטאָר איז אפשר דער וויכטיקסטער: די צעפּוילטקייט פונם הערשנדיקן קלאַס אין רוסלאַנד, די דעגענעראַציע פונם פּריצישן עלעמענט, די ווילנלאָזיקייט פון דער דינער שיכט פון דער בורזשואַזיע, און די „אינטעליגענטישע צעקראָכנקייט" פון דער דעמאָקראַטישער פּירערשאַפט.

האָט ער טאַקע די אַלע דריי פאַקטאָרן ברייט אויסגענוצט. צו די מיליאָנען אָרעמע איז ער געקומען מיט אַן עוואַנגעליום פון צוויי ווערטער: „גראַב נאַגראַבליענאַיע" (רויב דאָס גערויבטע). זייער רויבן איז ניט קיין עבירה — „הגונב מן הגנב פטור". וואַרט ניט, האָט ער געזאָגט צו די פּויערים, ביז די רעגירונג וועט אַמאָל דורכפירן אַן אַגראַר־רעפאָרם, ווייל זי וועט עס קיינמאָל ניט טאָן און זי פאַרפירט אייך מיט סתם הבטחות; נעמט צו ביי די פּריצים די ערד, זייערע הייזער, מאַשינען, בהמות, און צעטיילט דאָס אַלץ צווישן זיך, צווישן אייגענע מענטשן. פרעגט ניט ביי קיינעם — עס איז אייערס. לעניו האָט גוט געוואוסט, אַז דורך בלויז אַן אַגראַרישער רעוואָלוציע קאָן מען ניט לייזן די לעבנס־פּראָבלעמען פון צענדליקער מיליאָנען פּויערים אין רוסלאַנד. אין 1917 האָבן די פּריצים שוין גאָר ניט פאַרמאָגט אַזוי פיל לאַנד, ווי ניט־אינפאָרמירטע האָבן געגלויבט. לעניון האָט זיך גוט געקאָנט אָריענטירן אין סטאַטיסטישן מאַטעריאַל און פאַר אים איז ניט געווען קיין סוד, אַז גאָר גרויסע שטחים ערד זיינען נאָך פאַר דער רעוואָלוציע איבערגעגאַנגען פון רשות פונם דעגענערירטן אַדל אין די הענט פון פאַרמעגלעכערע פּויערים, און אַז אויב דורך אַן אַגראַרישן בונט וועט, אין דורכשניט, אַ פּויערישע פאַמיליע צוקריגן אַנדערהאַלבן אָדער צוויי דעסיאַטינעס ערד, וועט נאָך דערפון די ישועה ניט קומען. ער האָט געקאָנט פאָראויסזען, אַז אין כאַאָס פון אַן אַגראַרישער רעוואָלוציע וועט די פאַנאַנדערטיילונג פונם באָדן זיין אַן אומ׳יושר׳דיקע. האָבן דאָך טאַקע אַ גוטע פּאָר מיליאָן לאַנדלאָזע פּויערים און אַגריקולטורעלע לוין־אַרבעטער קיין ערד ניט באַקומען, ווייל די „תקיפים" אין דאָרף האָבן דאָס ניט צוגעלאָזן. די טענה איז געווען, אַז ווער עס האָט ניט קיין אייגענעם פלוג און באָראָנע, קיין פערד און קיין קו, וועט סיי־וו־סיי ניט האָבן וואָס צו טאָן מיטן שטיקל ערד, וואָס קאָן אויספאַלן אויף זיין חלק. כדי אויפצוהויבן דעם עקאָנאָמישן סטאַנדאַרד פונם דאָרף, האָט לעניו געוואוסט בעסער ווי אַ סך פון זיינע קעגנער, איז וויכטיק ניט נאָר אַ פאַרגרעסערטער שטח לאַנד צום באַאַרבעטן, נאָר אויך און פאַר אַלעמען, טעכנאָלאָגיש העכערע מעטאָדן אין דער ווירטשאַפט און באַדייטנדיקע נייע אינוועסטירונגען. לעניון האָט אָבער געלייגט דעם טראָפּ ניט אויף די אומ־מיטלבאַרע עקאָנאָמישע רעזולטאַטן, צו וועלכע די אַגראַר־רעוואָלוציע איז

מסוגל צו ברענגען, נאָר אויף איר פּסיכאָלאָגישן עפעקט — דאָס איבעררייסן מיט דער פעאָדאַלער פאַרגאַנגענהייט, דאָס פויערשע „קילן־זיך־דאָס הארץ" אין די פּריצים, וואָס וועלן אַוועקגעטריבן ווערן אין שטאָט אַריין אין הוילן העמד, דאָס באַוואוסטזיין אַז מ׳קען „נעמען", ענדערן זאַכן און ביי קיינעם ניט פרעגן, ברעכן די געזעצן פון דער אַלטער מלוכה און דערנענטערן דעם מאָמענט פון איר פולשטענדיקן צוזאַמענברוך. עס איז אפשר גאָר ניט שווער צו באַווייזן, אַז די אַגראַר־רעפאָרם אין רוסלאַנד וואָלט דורכגעפירט געוואָרן אויף אַ געזעצלעך־רעגולירטן אופן פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג אָדער, ריכטיקער, פון דער קאָנסטיטואירנדיקער פאַרזאַמלונג, ווען עס וואָלט ניט פאָרגעקומען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע און די אַגראַרישע רעוואָלטן פון פאַר אָקטאָבער. עס איז נישטאָ קיין ברעקל גרונט צו צווייפלען, אַז יענע כוחות וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיטן קערענסקי־רעזשים און, דער עיקר, די פּאַרטיי פון סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן וואָס איז דענסמאָל געווען די פּאָפּולערסטע פּאָליטישע גרופּירונג אין לאַנד מיט ברייטע פאַרבינדונגען אין דאָרף — וואָלטן, ווען מען וואָלט זיי ניט דערשטיקט מיט געוואַלט, פאַר אַלעמען דורכגעפירט, אויף אַ פּלאַנמעסיק־יורידישן אופן, אַ ראַדיקאַלע אַגראַר־רעפאָרם, מיט ווייניקער קרבנות און הפקרות, מיט מער יושר און אָרדנונג. לענין גופא האָט אין דעם ניט געצווייפלט, אָבער אים האָט אינטערעסירט ניט די רעפאָרם אַן און פאַר זיך, נאָר דער אופן פון איר דורכפירונג. און גראָד דער לעגאַלער, פּאַרלאַמענטאַרישער וועג איז אים (אין יענעם מאָמענט) געווען פאַרהאַסט. ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט מצליח זיין אין זיינע רעוואָלוציאָנערע פּלענער, וועט ער ניט ליקווידירן דעם שטאָט (אַ ליקווידאַציע וואָס מאַרקס האָט זיך אַמאָל פאָרגעשטעלט ווי דעם נאַטירלעכן פּועל־יוצא פון פולשטענדיקן און רייפן סאָציאַליזם), נאָר, פאַרקערט, „דערווייל" אויפבויען אַ פּאָליטישע מאַשין מיט אַ סך מער מלוכה־מאַכט ווי די בורזשואַזע געזעלשאַפט האָט ווען עס איז פאַרמאָגט. אויף דעם וועג צום טאָטאַליטאַרן סאָציאַליסטישן שטאָט האָט ער אָבער געזען פאַר זיך ווי אַן אומפאַרמיידלעכן עטאַפּ אַ פּעריאָד פון הפקרות און אַנאַרכיע, און אין זומער 1917 איז זיין הויפּט־ציל געווען — יענע הפקרות צו סטימולירן, מתיר־אסירים־זיין די געפּענטעטע אַנאַרכישע סטיכיע אין פאָלק בכלל, אין דער פויערים־שאַפט ספּעציעל. פריער צעשטערונג פון דעם איצטיקן שטאָט מיט אַלע זיינע סאָציאַל־יורידישע יסודות, נאָכדעם — בנין פונם נייעם שטאָט; פריער צעבונטעווען דעם „שקלאַף" און אים לאָזן זיך אָנזעטיקן מיט „אני־ואפסי־עוד"־האַנדלונגען און נקמה־תענוגים, און נאָכדעם אים נעמען אויפסניי אין די הענט אַריין, צוימען זיין אַנאַרכיע, רעגימענטירן אים אויף אַ נייעם נוסח, אַרויסרופן אין אים פּאַנישן פּחד פאַר זיין אייגענער צעבושעווטער ענערגיע

און אַרויפצווינגען אויף אים אַ נייע דיסציפלין ווי די איינציקע רעטונג פון סאָציאַלן תוהו־ובוהו. מיליאָנען פויערים, האָט לענין ספּעקולירט, וואָס וועלן קריגן פון אים אַ היתר און אַן אָנרעג צו דער פרייהייט פון אומגעזעצלעכ־קייט, וועלן אים זיין אַזוי דאַנקבאַר פאַר אַזאַ „וואַקאַציע", אַז זיי וועלן דערנאָך פון דאַנקבאַרקייט זיך לאָזן איינשפּאַנען פון אים אין דעם כאָמוט פון באָלשעוויסטישער דיסציפלין. און מען קאָן ניט זאָגן, קוקנדיק אויף צוריק, אַז זיין ספּעקולאַציע איז געווען ניט ריכטיק. שפּעטערדיקע געשעענישן האָבן אין אַ זייער גרויסער מאָס באַשטעטיקט לענינ'ס סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע, אָנגעווענדט אויף גרויסע מאַסן פונם רוסישן פאָלק. אין דער אַגראַר־רעוואָלוציע האָט לענין סטימולירט אי די שקלאַפישע „רציחה פון גערעכטיקייט", אי יענע פרומע סלאַווישע דערוואַרטונג פונם „טויזנטיעריקן קעניגרייך", וואָס אויף איר האָט ער אָנגעוויזן מיט ציניזשער איראָניע באַלד ביי זיין צוריקקומען פון אויסלאַנד.

ער האָט אויך אויסגענוצט אין דער פולער מאָס די מלחמה־סיטואַציע: לענין האָט געפילט מער ווי וועלכער ניט איז אַנדערער רוס אין עפנטלעכן לעבן, ווי אומפּאָפּולער די מלחמה איז ביים פאָלק. זיין „חוש־הריח" האָט אים אויך געזאָגט, אַז די אויסגעמאַטערטע אַרמיי וועט מאַכן אַ שהחיינו אויף יעדער וואַגנדיקער שטים, וואָס וועט אויסשרייען אין דער הויך: „אידיאָטן, וואָס שלאָגט איר זיך, אָדער וואָס ליגט איר נאָך אין די טראַנשייען"? ער האָט געוואוסט, אַז די הונגעריקע, באָרוועסע און לייזיקע אַרמיי קאָן שוין סיי פיזיש און סיי פּסיכיש נישט אָנגיין ווייטער מיט דער מלחמה, און אַז דער צוזאַמענבראָך פון צאַריזם האָט ביים פאָלק צעריסן אַלע קאָנקרעט־היסטאָרישע אַסאָציאַציעס מיט פאַטריאָטישן חוב און מיט סאָלדאַטישער דיסציפלין: אויב פרייהייט — זאָל זיין פרייהייט ביז צום סוף, אויך פרייהייט פונם פראָנט, פון קאָמאַנדירן און אָפיצירן. לענין האָט אויך געוואוסט, אַז די פירער פון דער קערענסקי־מלוכה זיינען פאַטאַל פאַרמשפט צו מאַכן אַלערליי פּרוּוון די מלחמה ווייטער צו פירן, אַז זיי זיינען פּסיכאָלאָגיש אומפעאיק זי אָפּצושטעלן און שליסן מיט דייטשלאַנד אַ סעפּאַראַטן שלום. זיי זיינען, ווי ער האָט פאַרשטאַנען, געפאַנגענע ביי זייער פאַטריאָטיזם, ביי זייער גלויבן אין דעם כוח פון דער מערב־אייראָפּעאישער און אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ביי זייער מורא פאַר ענגליש־פראַנצויזישער נקמה און רעפּרעסיעס נאָך דער מלחמה, אויב רוסלאַנד זאָל זיי אין אַ שווערן מאָמענט פאַרראַטן. איז גוט, האָט לענין אויסגע'חשבונ'ט, וואָס די פּראָוויזאָרישע רעגירונג וויל ווייטער פירן די מלחמה און איז פּסיכאָלאָגיש אַנטשלאָסן דאָס צו „וועלן", און וואָס דאָס פאָלק ניט עס וויל און ניט עס קאָן בלייבן מאָביליזירט און מיליטעריש־אַקטיוו. די דאָזיקע סתירה צווישן רעגירונג און פאָלק וועט זיין, האָט

ער פאַראויסגעזען, אַ שפּע וואַסער אויף דער מיל פון דער רעוואָלוציע. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. לעניִן וואָלט עס באַטראַכט פאַרן גרעסטן אומגליק, ווען די קערענסקי־רעגירונג וואָלט זיך אַנטשלאָסן אויף אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד. ער האָט אַ סעפּאַראַטן שלום געפאָדערט יעדן טאָג, ווייל ער האָט זיכער געוואוסט, אַז די קערענסקי־רעגירונג איז אַזאַ פאָדערונג ניט מסוגל אָנצונעמען. ניט זייענדיק קיין פאַסיפיסט, אָפּלאָכנ־דיק אַ גאַנץ לעבן פון פאַסיפיסטישער „אידיאָטסטווע", האָט ער — פאַרן מידן און צעשרויפטן פאָלק — געמאַכט פאַסיפיזם פאַר אַ באָלשעוויסטישן לאָזונג. „פאַסיפיזם" און אַגראַר־„גערעכטיקייט" האָבן אונטער זיין אָנפירער־שאַפט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אָקטאָבער.

ווען מ׳איז געקומען אָנזאָגן לעניִנ׳ען אַז די פּראָוויזאָרישע רעגירונג איז שוין אַנטלאָפן פון פּעטערבורג, און אַז ער איז שוין דער הויפּט פון דער נייער, סאָוועטישער רעגירונג, איז ער אויף אַ מינוט ווי צעמישט געוואָרן: איז דאָס אַ חלום אָדער וואָר? דאָס איז וואָר! „עס" הויבט אָן מקויים צו ווערן. „וואָס פאַר אַ שפּרונג", האָט ער אַ זאָג געטאָן, „פון וואַלגערן זיך אין רעוואָלוציאָנערער אונטערערדישקייט ביז איבערנעמען אין די הענט די לייצעס פון מלוכה־מאַכט". גלייך ווי ציטירנדיק אַ זאַך, וואָס ער האָט פאַר־געסן פון וועמען ער האָט אים געהערט אָדער וואו ער האָט אים געלייענט, האָט ער אַ זאָג געטון צו אַ פּאָר פריינט אויף דייטש: „פון אַזאַ שפּרונג אין דער הויך הויבט אָן צו שווינדלען אין קאָפּ". נאָכדעם האָט ער זיך געכאַפּט, ווי משונה׳דיק עס איז פאַר אים אין אַזאַ מאָמענט צו רעדן אויף אַ „אינאָסט־ראַנע" לשון, און ווי אָן עכטער פאָלק־מענטש וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר דער בשורה פונם גרויסן געווינס (אפשר האָט ער עס גאָר ניט די ווערט? און וואָס טוט מען, ער זאָל דאָס געווינס ניט פאַרלירן?), האָט ער זיך ... איבער־גע׳צלמ׳ט: זאָל זיין מיט מזל!

אָבער דאָס שווינדלען אין קאָפּ האָט געדויערט בלויז מינוטן. אויף אַ רגע איז אים מסתמא בלויז דורכגעלאָפן דער געדאַנק: מאַכט דעמאָראַליזירט, אַזאַ מאַכט אפשר נאָך מערער. באַלד האָט ער אָבער באַשלאָסן, אַז אויף זיך יעדנפאַלס קאָן ער זיך פאַרלאָזן. און באמת: אים האָט מאַכט ניט דעמאָראַלי־זירט. אויפן הויכשפּיץ פון ממשלה האָט ער נאָכדעם ניט געטאָן כמעט גאָר־ניט, וואָס ער האָט לכתחילה ניט אַריינקאַלקולירט ווי אַ מעגלעכקייט אָדער נויטווענדיקייט, וואָס עס איז ניט געווען אין איינקלאַנג מיט זיינע פריערדיקע מאָראַלישע סטאַנדאַרדן. איינער מעג אָפּפרעגן דעם ווערט פון יענע סטאַנ־דאַרדן, ביי דעם אַנדערן מעגן זיי אַרויסרופן דעם טיפסטן עקל — אָבער אָפּשאַצן לעניִנ׳ען דאַרף מען לויט דעם „שולחן־ערוך" וואָס ער האָט פאַר

זיך אָנערקענט און ניט לויט עטישע פּרינציפּן, וואָס ער האָט פון זיי אַ גאַנץ לעבן אָפּן און אויפריכטיק אָפּגעלאָכט...

III

כדי אָנצוהויבן דעם סאָציאַליסטישן עקספּערימענט, האָט לענין גע־זוכט מיט אַלע מיטלען, פאַר אַלעמען, פּטור צו ווערן פון דער מלחמה.

דאָס איז געווען פּסיכאָלאָגיש ניט לייכט אויך נאָכדעם וואָס באָלשעווי־קעס האָבן איבערגענומען די מאַכט און לענין איז געשטעלט געוואָרן אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג. אין די קאָמאַנדירנדיקע קרייזן פון דער אַלטער אַרמיי האָט נאָך געהערשט אין אַ געוויסער מאָס דער אַלטער פּאַטריאָטיזם און אַ גרייטקייט אָנצוגיין מיט דער מלחמה אונטער די שווערסטע אומשטענדן. די לינקע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן די ערשטע צייט קאָאָפּע־רירט מיט די באָלשעוויקעס און האָבן זיך אַפילו באַטייליקט אין די נייע ממשלה־אָרגאַנען, זיינען געווען קאַטעגאָריש קעגנער פון אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דייטשלאַנד און אויך פון די שווערע קאָנצעסיעס וואָס דעם קאַיזער׳ס רעגירונג האָט געפאָדערט. שלעכט פאַרמאַסקירטער רוסישער פּאַטריאָטיזם, אינאיינעם מיט אויפריכטיקן מאַקסימאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערן האַס קעגן ווילהעלמ׳ס רעאַקציאָנערן רעזשים, האָבן זיי געמאַכט פאַר שטייפע קעגנער פון יעדער קאַפּיטולאַציע. אָבער אויך אין צענטער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי גופא איז מען אַ לענגערע צייט ניט געווען גרייט אָנצונעמען לע־נינ׳ס לאָזונג פון „שלום פאַר יעדן פּרייז״. טראָצקי איז געווען ניט דער איינציקער וואָס אים איז ניט „אָנגעשטאַנען״ אָנצובויגן זיין רעוואָלוציאָנערן קאָפּ פאַר די ווילהעלמינישע קאַנאָנען. אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי — האָבן גע׳טענה׳ט אָנגעזעענע באָלשעוויקעס אין אָנפירנדיקע פּאָזיציעס, — דאַרף קריגן אויך מיליטערישן פּרעסטיזש, און זי טאָר ניט אַרויסווייזן קיין פּחדנות, קיין שוואַכקייט, קיין גרייטקייט אויף פּשרות. זייער דענקען איז אין אַ גרויסער מאָס געווען באַאיינפלוסט פון אַסאָציאַציעס פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, און זיי האָבן ביי זיך ניט געקאָנט פּועל׳ן אַז אַ רעוואָלוציע וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזוי זיגעריש אין דער היים זאָל בזיונ׳דיק קאַפּיטולירן אויפן מלחמה־פראָנט. אין די גאָר שווערע מינוטן פון די בריסקער פאַרהאַנדלונגען איז טראָצקי דערפאַר געווען גרייט אָנצואווענדן זיין באַרימטע פאָרמולע פון „קיין מלחמה ניט פירן און קיין שלום ניט אונ־טערשרייבן״, כאָטש ס׳איז אים ניט געווען גאַנץ קלאָר, וואָס אַזאַ זשעסט וואָלט געמיינט אין דער פּראַקטיק.

לענין האָט זיך אָבער עקשנות׳דיק געהאַלטן ביי זיינעם: כדי צו ראַטעווען די רעוואָלוציע, מוז מען זי פאַר אַלעמען (ציטווייליק) „קאָמפּראָמיטירן״ מיט

אַ מיליטעריש־פּאָליטישער מפּלה. קיין אַנדער וועג, איז ער געווען זיכער, איז נישטאָ. דער דייטשער סאָלדאַט, אָדער לויט זיין דעמאָלסדיקן אויסדרוק, „אָט יענע בעסטיע וואָס שפּרינגט אַרויס אַזוי אומדערוואַרט", איז נאָך זייער שטאַרק, און די רוסישע אַרמיי איז אין אַ מיזעראַבלען צושטאַנד. „ווייסט איר דען ניט", האָט איינמאָל אין יענע טעג לענין אַ זאָג געטאָן בשעת אַ וויכוח וועגן די בריסקער פאַרהאַנדלונגען, „אַז דער רוסישער מוזשיק האָט שוין אָפּגעגעבן זיין שטימע קעגן מלחמה?" די אַרומיקע האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט: ווען און וואו איז דען פאַרגעקומען אַן אָפּשטימונג? לענין איז אויף זיי אָנגעפאַלן ווי אויף „פאַרשטאָפּטע קעפּ": „אַ יאָ, איר מיינט דאָך אַז שטימען קאָן מען נאָר דורך הויבן די הענט... אָבער דער רוסישער מוזשיק האָט געשטימט דורך הויבן די פיס, דורך אַוועקגיין פונם פראָנט, ביי קיינעם ניט פרעגנדיק... מיליאָנען דעזערטירן זיינען שוין צוריק אין דאָרף אָדער בלאָנדזשען אַרום איבערן לאַנד... דאָס איז אַן אָפּשטימונג, וואָס איר ווילט ניט פאַרשטיין איר באַדייטונג".

עס איז פאַראַן אַ גרונט צו גלויבן, אַז לענין וואָלט געווען קעגן וויטער פירן די מלחמה, אַפילו ווען די דייטשע אַרמיי וואָלט ניט געווען אַזוי שטאַרק און די רוסישע אַרמיי וואָלט נאָך געווען מסוגל עפּעס צו טאָן אויפן שלאַכטפעלד. ער האָט געמוזט האָבן אַ מין דעמאָנסטראַטיוו־סימבאָלישן „להבדיל" צווישן דעם אַלטן רוסלאַנד און דעם נייעם. ער האָט געוואָלט אַז די דרויסנדיקע וועלט זאָל דערזען, אַז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז אַ ראַדיקאַלע איבערשאַצונג פון ווערטן, אַז זי האָט באַפרייט רוסלאַנד פון קאָנווענציאָנעלן פּאַטריאָטיזם און פאַרוואַנדלט דאָס לאַנד אין אַן אַוואַנגאַרד פון אויסגעהאַלטענעם אינטערנאַציאָנאַליזם. אים האָט אויך ניט געלוינט, אַז די ענערגיע פון יענע טיילן פון פאָלק, וואָס האָבן די רעוואָלוציע „אָנגענומען", זאָל צעטיילט ווערן אויף צוויי פאַרשיידענע אויפגאַבן — אויף פאַרטיידיקן דאָס לאַנד פונם דרויסנדיקן שונא און אויף פאַרטיידיקן די נייע מלוכה קעגן דעם „אינעווייניקסטן שונא", וועמען לענין האָט ניט געוואָלט אונטערשאַצן. וואָס לענגער די מלחמה וועט זיך ציען, האָט ער געהאַט זיין גרונט מורא צו האָבן, אַלץ לייכטער וועט זיין צו פאַרטונקלען דאָס אויפגעוואַכטע קלאַסן־באַוואוסטזיין און אַלץ מער בריקן פון נייער נאַציאָנאַליסטישער פאַרברידערונג וועלן געשאַפן ווערן צווישן די רעוואָלוציאָנערע מאַסן און די קלאַסן־קעגנער פון דער רעוואָלוציע. ער איז כלל ניט געווען זיכער, אַז אין דייטשלאַנד וועט אין גיכן אויסברעכן אַ רעוואָלוציע, און אַז דערפאַר (ווי ער האָט אין געוויסע טעג געפּרוווט איינרעדן אַנדערע) זאָל קיין גרויסע ממשות ניט האָבן אַ „שטיקל פּאַפּיר", וואָס מען וועט היינט אונטערשרייבן אין בריסק. מיט דייטשלאַנד האָט ער זיך שוין איינמאָל „אָפּגעבריט": נאָך אין אָנהויב פון דער מלחמה האָט

ער דאָך געגלויבט, אין 1914, אַז די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן וועלן שטי־
מען אין רייכסטאַג קעגן דעם מלחמה־בודזשעט, אַז זיי וועלן זיך בכלל אָפּזאָגן
מיטצומאַכן מיט דער קייזערלעכער רעגירונג איר אימפּעריאַליסטישע בלוט־
וואַקכאַנאַליע. דער מיליטאַריסטישער פּאַטריאָטיזם פון דער דייטשער סאָ־
ציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען פאַר אים אַ שווערע אַנטוישונג, און אַ רע־
וואָלוציע אין דייטשלאַנד האָט ער דערפאַר אין יענע טעג באַטראַכט, אונטער
געוויסע באַדינגונגען, פאַר אַ מעגלעכקייט, אָבער באין אופן ניט פאַר קיין
אומפאַרמיידלעכקייט. איז ער דאָך, אַחוץ דעם, דענסטמאָל כלל ניט געווען
איבערצייגט, אַז דייטשלאַנד וועט פאַרלירן די מלחמה אויפן מערב־פראָנט,
און אָן אַ מיליטערישער מפּלה — פון וואַנען זאָל זיך דאָרט נעמען אַ רעוואָ־
לוציע? ער האָט אָבער געוואָלט גלויבן אין דער אָנשטעקנדיקער קראַפט פון
דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — אויב זי זאָל האָבן וויטערדיקן דערפאָלג אין
דער היים און אָנהויבן רעאָרגאַניזירן דאָס גאַנצע לעבן אויף סאָציאַליסטישע
יסודות — סײַ פאַר די זיגער און סײַ פאַר די באַזיגטע אין מערב־אייראָפּע.
רוסלאַנד, האָט ער געטרוימט, קאָן און דאַרף ווערן אי פאַר פראַנקרייך און
ענגלאַנד און אי פאַר דייטשלאַנד (און דורך זיי און נאָך זיי פאַר אַנדערע
פעלקער), אַ מין „אור לגויים", אַ לעבעדיקער מוסטער פון פאַרניכטנדיקער
און אויפבויענדיקער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק. אָבער גראָד צוליב דעם מוז
רוסלאַנד האָבן אַ וואָס לענגערע „אָטעם־פּויזע", און לענין וואָס האָט
נאָך ניט געפילט אַז ער קאָן פאַרוואַנדלען זיין פּאָזיציע אין פּערזענלעכער
דיקטאַטור, האָט אַריינגעהאַמערט טאָג־איין טאָג־אויס אין די פּירנדיקע קעפּ
פונם נייעם רעזשים די אַבסאָלוטע נויטיקייט צו פאַרענדיקן די מלחמה, אפילו
אונטער „חרפּה'דיקע" באַדינגונגען. וואָס פריער דאָס וועט געשען, האָט ער
מיט זיי גע'טענה'ט, אַלץ בעסער וועט עס זיין פאַר די שיקזאַלן פון דער
רעוואָלוציע. „פאַרלירן אַ סטרייק", ווי ער האָט זיך דענסטמאָל אויסגעדריקט
פאַר זיין קאַבינעט און פאַר די מיטגלידער פון די צענטראַלע פּאַרטיי־אָרגאַנען,
„איז אַ ווייטאָג, אָבער ניט קיין בזיון". אויב צוליב סעפּאַראַטן שלום מיט
דייטשלאַנד מוז מען פאַרשפּילן די רעוואָלוציע אין לאַטוויע און עסטאָניע
און לאָזן דאָרט בעל־הבית'עווען ווילהעלמ'ס מיליטער, איז דאָס אַ ווייטאָג,
אָבער מ'מוז אַזאַ קרבן ברענגען. אויב פינלאַנד וועט איבער דעם ווערן צוריק
קאַפּיטאַליסטיש, איז דאָס נאַטירלעך אויך אַ גרויסער פאַרלוסט, אָבער אויך
דער קרבן איז ניט צו טייער. אַ סך אַ גרעסערער אומגליק וועט זיין, אויב
אוקראַינע מיט איר גרויסער באַפעלקערונג און מיט איר שפע פון נאַטירלעכע
אוצרות וועט ציטווייל'יק זיך אַרויסגליטשן פון דער סאָוועטישער אָרביטע,
אָבער אויך דאָס דאַרף מען קאָנען קאַלטבלוטיק איבערטראָגן. דער עיקר
איז, אַז עס זאָל זיין אַ גרויס שטיק רוסלאַנד, דער וויכטיקסטער טייל פון

לאַנד, אין פעסטע באַלשעוויסטישע הענט, און אַז מ׳זאָל דאָרט קאָנען אָנהויבן מיט אַ שנעלן טעמפּאָ „בויען סאָציאַליזם״. אָבער צוליב דעם דאַרף מען האָבן רו פון דרויסן, שלום. לעניניס קוק אויף דער דעמאָלטדיקער לאַגע און אויפגעגאַבן וואָלט מען געקאָנט פאָרמולירן אין איין זאַץ: „דאָס פּאָטערלאַנד איז גאָרניט, די סאָציאַליסטישע לאַבאָראַטאָריע איז אַלץ״.

זיין איינציקע אולטימאַטיווע פאָדערונג פאַר די שלום־פאַרהאַנדלונגען איז דערפאַר געווען, אַז אויף יענער טעריטאָריע, וואָס וועט בלייבן פאַר רוסלאַנד, זאָל די „פּויערים־און־אַרבעטער־רעגירונג״ זיין דער סואווערענער בעל־הבית, אַז דייטשלאַנד זאָל זיך ניט טאָרן מישן, אפילו אין דער קלענסטער מאָס, אין די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן פון דער נאָר וואָס געבוירענער סאָוועטישער מלוכה. די איבעריקע באַדינגונגען, ווי שווער און אַפילו באַ־ליידיקנדיק זיי זאָלן ניט זיין, האָבן ניט, אין לעניניס היסטאָרישן חשבון, קיין גרויסע באַדייטונג. אויב אָבער די דייטשע רעגירונג זאָל אויך די באַדינגונג ניט אָננעמען, אויב זי זאָל דווקא זיך וועלן מישן אין די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן פון רוסלאַנד, האָט לענין פאַר דעם פאַל (יעדנפאַלס טעאָרע־טיש) צוגעגרייט אַן אַנדער „סגולה״, ווי אַזוי צו ראַטעווען די רעוואָלוציע. אויך אין אַזאַ סיטואַציע האָט ער ניט געוואָלט טראַכטן וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ ווייטער־פירונג פון דער מלחמה, וואָס וואָלט געמוזט, לויט זיינע קאַלקולאַ־ציעס, ברענגען דאָס לאַנד צו אַ קאַטאַסטראָפישער מפלה. זיין „סגולה״ איז באַ־שטאַנען אין מאַכן „רוסלאַנד״, דאָס הייסט יענעם טעריטאָריעלן שטח וואו עס דאַרף אָנהויבן אַרבעטן די „עקספּערימענטאַלע סטאַנציע״ פון סאָציאַליזם — נאָך קלענער. „וואו שטייט עס געשריבן״, האָט ער אין יענע טעג אַ זאָג געטאָן צו איינעם פון די געציילטע אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אין רוסלאַנד, „אַז אַ גוטע לאַבאָראַטאָריע מוז באַשטיין פון צוואַנציק צימערן? בשעת הדחק קאָן מען זיך באַנוגענען אויך מיט צען, אַבי עס זאָלן אין איר זיין גוטע ספּעציאַליסטן, די נויטיקע אינסטרומענטן און שטאָפן״. און די „צען צימערן״ האָט ער געזען — אויף יענער זייט אוראַל. אויב עס וועט ניט געלינגען צו שליסן דעם שלום מיט דייטשלאַנד, איז ער גרייט, ווי ער האָט אָן צערעמאָניעס און קאַלטבלוטיק דערקלערט (דערוויל) מקריב צו זיין כמעט גאַנץ אייראָפּעאיש רוסלאַנד — זאָלן יענע צענדליקער מיליאָנען מענטשן, ווייטער אַמאָל „דערוויל״, לעבן אונטער דייטשער אָקופּאַציע — און דער „סאָציאַליסטישער רעזשים״ זאָל זיך עוואַקואירן „אין דער מזרח־ריכטונג״, קיין אַזיע, אויב מען וועט דאַרפן. ער איז געווען זיכער, אַז אַפילו נאָך אַ דייטשער אָקופּאַציע פון צענטראַל־רוסלאַנד מיט פּעטערבורג און מאָסקווע בראש, וועט דער שונא, צוליב ריין געאָגראַפישע טעמים, ניט קאָנען אויסשפּרייטן זיין הערשאַפט איבער די אוראַל־בערג. „וועלן מיר זיך פאַר־

פעסטיקן דאָרט און בויען וועלט־סאָציאַליזם פון אַ ווייטער געגנט". ווי טראָצקי דערציילט אונז, איז ביי לעניג'ען שוין געווען אויסגעאַרבעט אין אַלגעמיינע ליניעס אַ פּלאַן פון דער אוראַל־קוזנעצער סאָוועטן־רעפּובליק. ער האָט גע־גלויבט אַז מ'קאָן דאָרט אויפבויען אַ גרויסע סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט מיט דער תבואה פון סיביר, מיט די אינדוסטריעלע פּאָטענצן פונם אוראַל און מיט די קוילן און אַנדערע מינעראַלן פונם קוזנעצער באַסיין. אַהין האָט ער געפּלאַנעוועט צו עוואַקואירן די קוואַליפיצירטע אַרבעטער, ספּעציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערע אַדמיניסטראַטאָרן. (וועגן דער באַפעלקערונג סתם זאָל זיך עמיצער אַנדערש זאָרגן). „אויב מ'וועט דאַרפן, וועלן מיר גיין נאָך ווייטער — וועלן מיר גיין קיין קאַמטשאַטקא, אָבער מיר וועלן בלייבן אינאיינעם. די אינטערנאַציאָנאַלע סיטואַציע וועט זיך בייטן ניט איינמאָל, און מיר וועלן מיט דער צייט אויסברייטערן די גרענעצן פון דער אוראַלאָ־קוזנעצער רע־פּובליק און סוף־כל־סוף זיך אומקערן קיין מאָסקווע און פּעטערבורג. אָבער אויב מיר זאָלן זיך איצטער לייכטזיניק פאַרפּלאָנטערן אין אַ רעוואָלוציאָנערער מלחמה (קעגן דייטשלאַנד) און פאַרלירן אין איר די סולת פון אונזער פּאַרטיי און פון די אַרבעטער, וועלן מיר נאַטירלעך קיינמאָל ניט צוריקקומען". אויף אַ גרויסער צאָל פון די פאַראַנטוואָרטלעכע באָלשעוויקעס האָט אַזאַ פּלאַן פון אָנהויבן בויען סאָציאַליזם „הינטער די הרי־החושך" געמאַכט דעם איינדרוק פון האַלב־וויץ און האַלב־פאַנטאַזיע. אויף איינער פון די וויכטיקסטע קאָנפע־רענצן וועגן די בריסקער פאַרהאַנדלונגען האָבן דערפאַר פון 63 באַטייליקטע בלויז 15 געשטימט פאַר לעניג'ס פּאָזיציע. דער גרעסטער טייל פון פירנדיקע באָלשעוויקעס האָט זיין פּאָזיציע באַטראַכט ווי אַ פאַרראַט קעגן די אינטע־רעסן פון דער באַפעלקערונג און ווי אַ בזיון פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג. האָט דאָס לעניג'ען ניט אַנטמוטיקט און ער האָט ווייטער און ווייטער דערמאָנט דעם גענעראַל־שטאַב פון דער רעוואָלוציע דעם חוב זיך צו באַ־פרייען, און וואָס גיכער אַלץ בעסער, פון „פריציש־עסטעטישע" באַגריפן און פאָראורטיילן:

„אויב איר זייט אומפעאיק זיך צוצופּאַסן צו די אומשטענדן, אויב איר זייט ניט גרייט צו קריכן אויפן בויך אין שמוץ, זייט איר ניט קיין רעוואָלוציאָ־נערן, נאָר פּלאַפּלערס, פּוסטע מיילער. קיין אַנדער וועג איז פאַר אונז ניט פאַראַן. די געשיכטע איז ניט געווען צו אונז אַזוי פריינדלעך אַז זי זאָל לאָזן אויסרייפן די רעוואָלוציע גלייכצייטיק אין אַלע לענדער".

לענין האָט אַזוי לאַנג אַריינגעהאַמערט זיין „ברוטאַלע פּראָזע" אין די באָל־שעוויסטישע קעפּ, ביז ער האָט ענדלעך געקראָגן די בויטיקע מערהייט פאַרן „פּאַכאַבני מיר" (חרפּה'דיקן שלום). דער לאַבאַראַטאָריע־פּרינציפּ האָט גובר געווען דעם רעוואָלוציאָנערן פּאַטריאָטיזם און עס איז אויך ניט געווען בויטיק

זיך צו עוואַקואירן אין דער אוראַל־געגנט. ניט ווייניק האָט אין דעם פאַל אַרויסגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס לענין האָט אָנגעהויבן דראָען מיט רעזיג־נאַציע, אויב מען וועט זיך ניט אַנטשליסן אויף קיין סעפּאַראַטן שלום (אין יענע צייטן, ווי משונה׳דיק דאָס זאָל היינט ניט קלינגען, האָט דער סאָוועטישער דיקטאַטאָר נאָך געהאַלטן פון אַזעלכע „בורזשואַזע פּאַרלאַמענטאַ־ריזמען״). אָבער ניט קיין קלענערע ווירקונג האָט געהאַט אויך דאָס, וואָס דער פראָנט איז וואָס אַ טאָג סיי־ווי־סיי געוואָרן אַלץ לויזער און פוילער, אַלץ פאַרלאָזענער און אָפּגעשוואַכטער — די מוזשיקעס אין סאָלדאַטישע מונדירן האָבן ניט געוואָלט וויסן פון דיסקוסיעס צווישן די „פּני״ און האָבן אַלץ ענערגישער... געשטימט מיט די פיס קעגן מלחמה.

ווען דער שלום מיט דייטשלאַנד און עסטרייך איז געשלאָסן געוואָרן, האָט לענין דערפילט, וואָס פאַר אַ גרויסער עול עס איז אים אַראָפּ פון די פּלייצעס. אמת, ער האָט געוואוסט, אַז אין לאַנד זיינען פאַראַן געוויסע אומצו־פרידענע מיט די שלום־באַדינגונגען: אַחוץ די רעכטע עלעמענטן, אויך די ליבעראַלע און אויך אַ גרויסער טייל פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענציע. דאָס זיינען אָבער פאַר אים געווען קרייזן, וועלכע מען דאַרף סיי־ווי־סיי מיט דער צייט דערשטיקן, עוקר מן השורש זיין. די איינציקע רעאַלע געפאַר פון מעגלעכע אַקטיווע בונטאַווטשיקעס קעגן דעם „בריסקער בזיון״ זיינען פאַר אים אין יענעם מאָמענט געווען די לינקע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען נאָך דענסטמאָל געווען אַ לעגאַלע פאַרטיי און אין אַ געוויסער מאָס אַ טייל פונם רעגירונגס־אַפּאַראַט. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין ספקות, אַז אים וועט געלינגען זיך לייכט צו ספּראַווען מיט זיי. „זאָלן אַוועק־גיין אַ פּאָר וואָכן נאָך דער ליקווידאַציע פון דער מלחמה — וועלן מיר זען, ווער עס וועט וואַגן אַרויסצוקומען אין גאַס און פאָדערן מ׳זאָל זיך אומקערן אויפן פראָנט. דער עולם וועט אַזעלכע פּשוט לינטשן. מ׳דאַרף היטן דעם אַלטן נאַר, קראָפּאָטקינ׳ען, ער זאָל ניט פּראָווען בפרהסיא זיינע מיליטאַריס־טישע העוויות, ווייל אויך ער קאָן באַצאָלן מיט די ביינער, און נאָכדעם וועלן מיר זיך דאַרפן פאַרענטפערן פאַר דער וועלט, אַז מיר שעכטן ניט אויס קיין אַנאַרכיסטישע טעאָרעטיקער און אַז מיר האָבן ניט געקאָנט קאָנטראָלירן דעם המון״. און די באָלשעוויסטישע אָפּאָזיציע גופא? לענין האָט זיך אין יענע טעג אַלעמאָל דערמאָנט, ווי אַזוי מען האָט אים באַגעגנט אויף דער לעצ־טער זיצונג פונם אויספיר־קאָמיטעט פון די סאָוועטן. דער טאַורישער פּאַלאַץ האָט געשטורעמט קעגן אים. פאַרטרעטער פון פאַבריקן און פון די קראָנ־שטאַטער מאַטראָסן האָבן געפאָדערט, מ׳זאָל באַנייען די שלאַכטן אויפן פראָנט: „ניט צוליב דעם״, האָבן זיי געשריען, האָבן מיר אַראָפּגעוואָרפן די ראָמאַנאָווס, אַז מיר זאָלן זיך איצטער אונטערגעבן צו די האָהענצאָלערנס און די האַבס־

בורגס". אַנדערע האָבן גע׳טענה׳ט, אַז מען דאַרף „געבן אין דער מאָרדע" דער קייזערלעכער בעסטיע, און אַז היינט־מאָרגן וועט זיכער אויסברעכן אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד: „דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט דערלאָזן, מ׳זאָל באַזיגן די ערשטע סאָציאַליסטישע רעגירונג". אַ גרופּע אַלטע פריינט, באַלשעוויקעס, האָבן אַפילו איבערגעריסן זיין רעדע מיט אויס־געשרייען: „פאַררעטער". לעניין האָט דאָס דאָזיקע בילד לאַנג ניט געקאָנט פאַרגעסן, אָבער ער האָט זיך עס שטאַרק צום האַרצן ניט גענומען: „קינדער", האָט ער וועגן דעם פּאָטערלעך געזאָגט, „וואָס ראַנגלען זיך קעגן טאַטע־מאַמע, ווען מ׳וויל זיי איינגעבן אַ ביטערע רפואה". ער האָט אויף קיין איין מינוט ניט געטראַכט ווען עס איז זיך נוקם צו זיין אָן די וואָס האָבן אים געוואָרפן אין פּנים אַריין דאָס וואָרט פאַררעטער: „עס איז זיי געווען שווער אויפן האַרצן, און אויב דאָס איז געווען פאַר זיי אַ טרייסט, זאָל זיי וואויל באַקומען". (אין יענעם פּעריאָד האָט לעניין נאָך געהאַלטן פון זיין כלל, אַז „אייגענע מענטשן" דאַרפן ניט באַשטראָפט ווערן פאַר אָפּאָזיציע). דער עיקר איז פאַר אים געווען, ווי אַזוי וועט דעם „חרפה׳דיקן שלום" אויפנעמען דער פּראָסטער עולם, דער סתם־רוס, דער, וואָס מ׳האָט אים אין דער רוסישער ליטעראַטור באַצייכנט ווי דעם „גראָען מענטשן". און דאָ האָט ער געוואוסט קלאָר און זיכער: די זיבן מיליאָן דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן וועלן אים אַרויסווייזן אומבאַגרענעצטע דאַנקבאַרקייט און אַנדערע מיליאָנען פון זייערע קרובים אין דאָרף און שטאָט וועלן אים האַלטן פאַר אַ דערלייזער.

אין דעם פּרט האָט ער זיך ניט אָפּגענאַרט. אין פאָלק האָט מען דעם „פאַרראַט" אויפגענומען ווי די גאולה. אַפילו אין די ווייטסטע טיילן פון די ריזיקע סטעפּעס האָט מען זיך דערנסטמאָל דערמאָנט אָן לעניג׳ס ברייט פּלאַקאַטירטן צוזאָג פון פרילינג 1917: „שלום פאַר די כאַטקעס, מלחמה פאַר די פּאַלאַצן". דער צוזאָג איז מקויים געוואָרן. פאַר אויסגעמוטשעטע און צעטומלטע מיליאָנען איז די „בריסקער חרפה" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרומער טויב מיט אַן איילבירט־בלעטל אין מויל. אויס מבול. ווער פון זיי האָט זיך דענסטמאָל געקאָנט פאָרשטעלן דעם נייעם מבול פון בלוט און פאַרניכטונג, וואָס האָט ערשט געוואַרט אויף זיי?

לעניין האָט כיטרע־שמייכלענדיק אָפּגעשאַצט זייער תמימות. קיינער האָט פאַר זיך ניט געוואוסט אַזוי פעסט ווי ער, אַז די אידיליע איז נאָך ווייט. ער האָט ליקווידירט די ראָמאַנאָוו־מלחמה, כדי אָנצוהויבן דעם סאָציאַלן גוג־ומגוג־געראַנגל, כדי זיך אַריינצוואַרפן מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דעם עקספּערימענט, אין זיין אייגענער מלחמה. עס איז גוט, האָט ער געזאָגט,

וואָס די אַרמיי איז צעשטערט געוואָרן. עטלעכע מיליאָן מענטשן האָבן זיך סתם געפּלאָנטערט צווישן די פּיס. מ׳דאַרף זיך איצט נעמען שאַפן אַ נייע אַרמיי — פּאַר נייע פראָנטן און נייע שלאַכטן. דעם פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט האָט ער געהייסן זינגען וואָס מער תהלות ותשבחות דער שלום־פּאָליטיק פון דער ערשטער „פויערים־און־אַרבעטער־רעגירונג״. אָבער אין זיינע בליי־שטיפט־נאָטיצן האָט ער אין איינעם פון יענע טעג, ווי איינער פון זיינע מקורבים האָט שפּעטער דערציילט, אַריינגעשריבן: „ניט קיין שלום ברענג איך אייך, נאָר אַ שווערד״. ווען ער האָט איבערגעלייענט די דאָזיקע ווערטער אין זיין אייגענער האַנטשריפט, האָט ער זיך פאַרוואונדערט און נאָכדעם זיך ברייט צעלאַכט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז גאָר אַ ציטאַטע פונם נייעם טעסטאַמענט.

1940.

# די צוקונפט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

(אַ בריוו צו די רעדאַקטאָרן פון „צוקונפט“)

איך נעם זיך ניט אונטער פאָראויסצוזאָגן, ווי אַזוי די וועלט וועט אויסזען „אויף מאָרגן נאָכן קריג“ און וואָס פאַר אַ פּלאַץ עס וועט זיין אין דער דאָזיקער וועלט פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פאַרן סאָציאַליסטישן אויפבוי. אין דער איצטיקער מלחמה ווירקן קרעפטן און, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן, „אומקרעפטן“, אויף וועלכע מיר זיינען נאָך ווייט ניט קיין מבינים. איך זע דערפאַר דערווייל אין ערגעץ ניט יענעם נביא וואָס איז מסוגל פאָראויסצוזען, צו וועלכע אומדערוואַרטע און אַפּאָקאַליפּטישע ברעגעס די איראַציאָנעלע דינאַמיק פון די איצטיקע געשעענישן וועט אונז ברענגען.

מיר קאָנען אָבער לחלוטין ניט מאַכן קיין פּראָגנאָזן, סיידן מיר נעמען אָן, ווי אַ דענק־היפּאָטעזע, אַ פּאָר הנחות. מיינע הנחות זיינען בלויז צוויי:

1. אַז כאָטש ניט גלייך נאָך דער מלחמה, אָבער נאָך אַ צאָל יאָרן פון „באַוואָפנטן שלום“, אין משך פון וועלכע די זיגער — דער עיקר, די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער — וועלן מוזן דערפילן פּאָליציי־פונקציעס אויף אַ ברייטן אינטערנאַציאָנאַלן מאָסשטאַב, וועט איינגעשטעלט ווערן אַ מער אָדער ווייניקער סטאַבילע אָרדענונג אין די צווישן־פעלקערלעכע באַציאונגען — אַן אָרדענונג פון קעגנזייטיקער קאָנטראָל און פון עקאָנאָמישער קאָאָפּעראַציע, וואָס וועט באַזייטיקן די סכנות פון נייע מלחמה־אויסברוכן.

2. אַז אין די מיינסטע לענדער וואָס קאָנטראָלירן די גרויסע רעזערוון פון רוי־שטאָפן און צייכענען זיך אויס מיט אַ הויכן סטאַנדאַרד פון טעכנאָלאָגישער ציוויליזאַציע, וועט נאָך דער מלחמה ווייטער עקזיסטירן (אָדער צוריק עטאַבלירט ווערן) אַ ליבעראַלער פּאָליטישער רעזשים — אַ רעזשים אונטער וועלכן די פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און דער גאַנצער רעגנבויגן פון פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס וועלן קאָנען קומען צו זייער פולן און אומגעפּענטעטן אויסדרוק.

איר זעט, ליבע קאָלעגן, פון מיינע צוויי הנחות, וואָס פאַר אַ „מסתּפּק במועט“ איך בין, ווי „מינימאַל“ עס איז די פּראָגראַם פון מיינע מלחמה־צילן, און ווי ווייניק איך דערוואַרט, אַז גלייך נאָך די זיג־תּקיעות פונם דעמאָקראַטישן שופר וועלן מיר מיט טריאומף אַריינמאַרשירן אין אַן „עולם שכולו טוב“. האָבנדיק אין זינען דעם חורבן, פאַר וועלכן מיר וועלן שטיין אומעטום אין דער וועלט, אויך נאָך אַ דעמאָקראַטישן זיג, איז מיין „מינימום“, דוכט זיך מיר,

אַ גאַנץ פיינער „מאַקסימום". עס קאָן זיך ניט האַנדלען וועגן דעם, אַז נאָך אַזאַ בלוט־צאַפּעניש, וואָס די וועלט האָט שוין דורכגעלעבט אין די לעצטע צוויי יאָר און וואָס עס שטייט איר נאָך, צום אומגליק, פאָר דורכצולעבן ביזן סוף פון דער מלחמה, זאָל זי זיין בכוח גלייך צו פאַרווירקלעכן אויף אַ פעסטן פונדאַמענט אונזער סאָציאַליסטישע האָפענונג. עס איז אָבער פאַראַן אַ מינימום, וואָס אויב ער ווערט ניט דערגרייכט אין רעזולטאַט פון דער מלחמה, איז ניט כדאי געווען צו פאַרגיסן אפילו איין טראָפּן בלוט אויף די שלאַכט־פעלדער, און דער דאָזיקער מינימום איז — די באַזייטיקונג פון נייע קריגס־געפאַרן דורך דער שאַפונג פון אַ באַשטימטן גלייכגעוויכט אין די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען און די פאַרפעסטיקונג פון יענע גרונטפּרינציפּן, וואָס זיינען געווען דער פּאַטאָס (זאָל מען מיר אַנטשולדיקן מיין אַלטפּרענקישקייט) פון דער אַמעריקאַנישער און פראַנצויזישער רעוואָלוציע. בלויז די דאָזיקע צוויי באַדינגונגען זיינען עלול אויפסנײַ צו שאַפן אַ ראַם, אין וועלכער דער סאָציאַליסטישער געדאַנק און די סאָציאַליסטישע באַוועגונג זאָלן קאָנען עקזיסטירן און זיך אַנט־וויקלען. און נאָר וועגן אַ ראַם מעג מען היינט טראַכטן, ניט וועגן באַלדיקער, ספּאָנטאַנער פאַרווירקלעכונג.

אָבער אויך איצטער — אויב אפילו מיינע הנחות און מיין „מינימאַליזם" זאָלן אָנגענומען ווערן — נעם איך זיך ניט אונטער אויסצומאָלן אַ פּאָרטרעט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דעם קומענדיקן נאָך־מלחמה־פּעריאָד. מיט וואָס פאַר אַ קאָנקרעטע פאָדערונגען זי וועט אָדער זי זאָל אַרויסקומען; וואָס זאָל זיין איר דעטאַלירטע פּראָגראַם אָדער סטראַטעגיק אין פאַרשיידענע לענדער, מיט זייערע נאָך אַלץ ניט גלייכע לעבנס־באַדינגונגען און מיט די אייגנאַרטיקע מענטאַליטעטן פון זייערע באַפעלקערונגען. אויב ס'איז פאַראַן צווישן אונז אַזאַ רואה את הנולד, וואָס קאָן שוין היינט געבן אויף דעם אַן ענטפער, וועט ער זיכער געפינען דאַנקבאַרע אויערן. איך, פון מיין זייט, קאָן איצטער בלויז ריזיקירן אַרויסצוברענגען אַן אַלגעמיינע צייכענונג פון דער פיזיאָנאָמיע, וואָס דער סאָציאַליזם וועט אין דער נאָענטער צוקונפט אָננעמען. דערביי געדענק איך נאַטירלעך, אַז אַזאַ צייכענונג איז מסתמא אין ניט קיין קליינער מאָס דיקטירט פון סוביעקטיווע אָפּשאַצונגען און דערוואַרטונגען. פון די עטלעכע ריכטליניעס פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס איך וועל מיר דאָ דערלויבן אָנצוצייכענען, וועט, גלויב איך, אויף אַן אומדירעקטן אופן קלאָר ווערן, אין וואָס איך זע די טיפערע סיבות פונם איצטיקן קריזיס אין סאָציאַליזם, סיבות וואָס האָבן צו טאָן ניט בלויז מיט סטראַטעגישע פעלערן, וואָס ער זאָל האָבן געמאַכט אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט נאָר אויך, אַזוי צו זאָגן, מיט ,אַ צאָל „אָרגאַנישע מאַנגלען".

מיין ערשטער טעזיס איז: דער סאָציאַליזם דאַרף זיך אָפּזאָגן פון זיינע

אַמאָליקע פרעטענציעס צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון רעליגיע. ווי אומרעליגיעז אָדער פעריאָדנווייז אפילו אַנטי־רעליגיעז דער מאָדערנער סאָציאַליזם איז ניט געווען, ספּעציעל אין די קאָנטינענטאַל־אייראָפּייאישע לענדער, האָט ער אָבער יאָרנלאַנג, ביודעים אָדער בלא־יודעים, אַליין פּרעטענדירט צו זיין אַ מין רעליגיע. איינער פון די הויפּט־סימנים פון אַ היסטאָרישער רעליגיע זיינען אירע „יעודים" — אירע עסכאַטאָלאָגישע פאָראויסזאָגן און צוזאָגן. די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג זיינען יאָרנלאַנג געפירט געוואָרן אויף אַזאַ אופן און, דער עיקר, מיט אַזאַ באַטאָנונג, אַז די וואָס האָבן זיך געלאָזן „אויפקלערן" האָבן געקראָגן דאָס באַוואוסטזיין, אָדער דעם געפיל, אַז סאָציאַליזם איז ניט נאָר אַ לייזונג פון דער עקאָנאָמישער פראַגע, נאָר אויך, רעדנדיק „עוואַנגעליש", דער וועג „צו אַ נייער ערד און אַ נייעם הימל". אין איינקלאַנג מיט דער משיחישער רעפּרעזענטאַציע פון סאָציאַליזם האָט אפילו אַזאַ איראָניש־סקעפּטישער דיכטער ווי היינע אַמאָל געזונגען:

"Ein neues Lied, ein besseres Lied,
O Freunde, will ich Euch dichten:
Wir wollen hier auf Erden schon
Das Himmelreich errichten.
Wir wollen auf Erden gluecklich sein
Und wollen nicht mehr darben;
Verschlemmen soll nicht der faule Bauch,
Was fleissige Haende erwarben."

„גליקלעך זיין", די אויפריכטונג פון אַ מין „מלכות שמים" אויף דער ערד — דאָס זיינען צענדליקער יאָרן נאָכאַנאַנד געווען די „יעודים" פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם. זעענדיק פאַר זיך בלויז דעם „עקאָנאָמישן מענטשן", זייענדיק ווי פיקסירט אויפן סאָציאַלן האָריזאָנט, ווי אויף דעם איינציק־רעאַלן, איגנאָרירנדיק, אַזוי צו זאָגן, דאָס קאָסמישע אין מענטשן, האָט דער סאָציאַליזם געגעבן זיינע אָנהענגער די אילוזיע, אַז וויבאַלד דער „פוילער בויך" וועט אויפהערן פאַרטאַכלעווען דאָס, וואָס פלייסיקע הענט האָבן דערוואָרבן, וועט די מענטשהייט זיך באַפרייען פון אַלע אירע שפּאַנונגען, אינעווייניקסטע סתירות, ניט באַפרידיקטע תשוקות און ניט געשטילטע דורשטן און — ווערן גליקלעך. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס פוריע האָט אַרויסגעגעבן אַ וועקסל, אַז אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלן מענטשן זיין „צען פוס הויך"; וואָס אפילו אַזאַ „פּראָזאאיקער" אין סאָציאַליזם ווי קאַרל קאוטסקי האָט אונז צוגעזאָגט (אין זיין אָפּהאַנדלונג „נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע") אַז יעדער דורכשניטלעכער בירגער פון דער סאָציאַליסטישער מלוכה וועט זיין אַן איבערמענטש; וואָס אַנטאָניא לאַבריאָלאַ האָט זיינע איטאַליענישע נאָכ־

פאָלגער געוואָלט מאַכן גלויבן, אַז אין סאָציאַליסטישן „לעתיד לבוא״ וועלן טאַלאַנטן שטיין אויף יעדן ראָג פון גאַס און פּלאַטאַס, דזשיאָרדאַנאָ ברונאָס און גאַליליייס וועלן „ארומלויפן מחנות־ווייז״; וואָס טראָצקי האָט אונז געמאָלן אַ בילד פון דער צוקונפט, ווען „דער מענטש וועט ווערן אומפאַרגלייכלעך שטאַרקער, קליגער, פרייער, זיין קערפער — האַרמאָ־נישער, זיינע באַוועגונגען — ריטמישער, זיין שטים — מוזיקאַלישער, און די פאָרמען פון זיין עקזיסטענץ וועלן געווינען אַ דינאַמישע טעאַטראַליק״, און ניט נאָר דאָס (וואָס לייגט זיך נאָך אפשר אויפן שכל), נאָר „דער מענטש־לעכער דורכשניט וועט זיך דערהייבן צו דעם ניוואָ פון אַן אַריסטאָטעלעס, אַ געטע, אַ מאַרקס״. דאָס זיינען אַלץ, אויף פאַרשיידענע אופנים, אויסדרוקן פון נאַאיוו־אָפּטימיסטישן גרונט־טאָן, מיט וועלכן דער מאָדערנער סאָציאַליזם איז געווען דורכגעדרונגען, פון דער אַלץ־לייזנדיקער און אַלץ־דערלייזנדיקער „מיסטישער״ קראַפט, וואָס מ׳האָט אַריינפּראָיעצירט אין דעם איבערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער קללה צו דער סאָציאַליסטישער שפע און ברכה. אַז עקאָנאָמיק פאַרמאָגט ניט אין זיך אַזאַ כישוף, אַז די האַרמאָניע וואָס סאָציאַ־ליזם וועט מיט זיך ברענגען, איז פון אַ גאַנץ באַגרענעצטן, רעלאַטיוון כאַ־ראַקטער, אַז עס קאָן גאָרניט געמאָלט זיין יענע סאָציאַלע ענדערונג, וואָס זאָל באַפרייען מענטשלעך לעבן פון קאָנפליקט און דראַמע, אַז דער עלעמענט פון ליידן איז פאַטאַל פאַרבונדן מיט מענטשלעכע שיקזאַלן און אַז די אויפגאַבע פון סאָציאַליזם איז בלויז צו באַזייטיקן אומווערדיקע, „זאָאָלאָגישע״ ליידן — ווען, וואו און ווי אָפט האָט מען אין דער סאָציאַליסטישער מאַסן־דערציאונג זיך דערלויבט דעם לוקסוס פון אַזעלכע „אפיקורסות׳ן״? בערנאַרד שאָו איז אפשר גאָרניט אַזוי אומגערעכט, ווען ער האָט פאַרגליכן דאָס וועלט־געפיל פון אַ דורכשניטלעכן מאַסן־סאָציאַליסט מיט דער פאָרשטעלונג פון די עסקי־מאָסן וועגן אַ גן־עדן ווי וועגן אַ לאַנד מיט וואַרעמע וואַסערן, וואָס פעטע פיש שווימען אויף זייער אויבערפלאַך און מ׳דאַרף זיך גאָרנישט אָנשטרענגען זיי צו כאַפּן.

אָט דאָס האָב איך אין זינען געהאַט ווען איך האָב געזאָגט, אַז דער מאָדערנער סאָציאַליזם האָט אויף זיך גענומען די פונקציע פון אַ מין „סעקו־לערער רעליגיע״, אויף וועלכער ער האָט קיין רעכט ניט. וויפל עס איז אין אַזאַ רעפּרעזענטאַציע פונם סאָציאַליסטישן געדאַנק געווען באַוואוסטזיניקע אָדער אומבאַוואוסטזיניקע „דעמאַגאָגיק לשם שמים״ און וויפל אויפריכטיקע, אָבער פרימיטיווע אויפפאַסונג פונם לעבנס־פּראָבלעם, נעם איך זיך ניט אונ־טער צו אורטיילן, אָבער קיין גוטס האָט דערפון ניט געקאָנט אַרויסקומען, און די מענטאַליטעט פון סאָציאַליסטישן מאַסנמענטש איז דערפון היפּש גע־שעדיקט געוואָרן. מען קאָן גאָרניט מעסטן און וועגן אַ שאָדן, וואָס איז דער רע־

זולטאַט פון אַ פאַלשער אַלגעמיינער פּערספּעקטיוו. די פאַלשע לעבנס־אויפ־פאַסונג קלעפּט זיך צו, אונטער געוויסע אומשטענדן, צום אויבערשטן שטח פון באַוואוסטזיין, אינעווייניק רופט זי אָבער אַרויס אַ שטילן, אָבער שטענדיק נאָגנדיקן, צווייפל. דער סאָציאַליזם האָט זיך אַליין שלעכטס געטאָן, וואָס ער האָט גאַנצע ספערן פון נשמה־לעבן — די ספערן וואָס פאַלן ניט צונויף מיט עקאָנאָמישע אינסטינקטן און מיט די סובלימאַציעס פון יענע אינסטינקטן — געלאָזט פאַרהונגערן.

דער סאָציאַליזם וועט איצט דאַרפן אַרויסקומען מיט אַ נייעם לעגיטימאַציע־בילעט. ער וועט אין זיין נייער פאַזע ניט צוזאָגן ניט קיין „גליק" (אויב עמי־צער וויס געטוי, וואָס דאָס מיינט), ניט די אָפּשאַפונג פון ליידן און פון טראַגישע שפּאַנונגען, נאָר אַ סך וויניקער דערפון, און אין דער זעלביקער צייט אַ סך מערער ווי עס ווערט אָנגעזאָגט, בדרך משל, אין דער פאָרמולע פון אַן ענגלישן סאָציאַליסטישן פירער (הערבערט מאָריסאָן): "Socialism is a good business proposition."

און ווען מ'וועט איצט פרעגן דעם סאָציאַליזם, וואָס ער וויל און וואוהין ער צילט, וועט ער, גלויב איך, ניט זאָגן אַז זיין ציל איז נאַציאָנאַליזאַציע פון די פּראָדוקציע־אינסטרומענטן, ווייל מיר האָבן היינט נייע דערפאַרונגען און מיר ווייסן שוין, אַז אויך אין אַ נאַציאָנאַליזירטערווירטשאַפט קאָן עקזיסטירן אַן אייגנאַרטיקע קלאַסן־צעטיילונג און הימל־שרייענדיקע שקלאַפעריי. ער וועט ניט זאָגן, אַז זיין ענדציל איז עקאָנאָמישע גלייכקייט, ווייל סתם גלייכ־קייט לשם גלייכקייט, ווי מיר קאָנען זי זען, למשל, ביי אַן עסקימאָ־שבט, אָדער אין אַ מאָנאַסטיר, אָדער אין אַ קאַזאַרמע, איז פאַר קיינעם פון אונז קיין אידעאַל ניט. ער וועט אויך ניט זאָגן, אַז זיין מהות באַשטייט אין אַ הויכן לעבנס־סטאַנדאַרד, ווייל אַזעלכע הבטחות — יעדנפאַלס פאַר זייערע אייגענע פעלקער — ווערן געגעבן, און ניט אינגאַנצן אָן גרונט, אויך פון די פאַרשיי־דענע פאַשיסטישע „אידעאַלן" פון אונזער צייט. דאָס איינציקע, וואָס ער וועט יאָ צוזאָגן, וועט זיין דאָס, וואָס ס'איז לכתחילה געווען דער ניט־געענוג־אונטער־געשטראָכענער אינהאַלט פון סאָציאַליזם: די שטרעבונג צו מענטשלעכער ווער־דע, צו סאָציאַלער חשיבות פאַר יעדן איינצלנעם מענטש (איך שטרייך אונטער „סאָציאַלע חשיבות", ווייל אויב עמיצער זוכט פאַר זיך חשיבות אין דער קאָסמי־שער ראַם פון זיין עקזיסטענץ, וועט ער זי, ווי צוריק מיט טויזנטער יאָרן און ווי מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער, מוזן ווייטער זוכן צו קריגן פון ריין רעליגיעזע מקורות). אין גרונט האָט גאָר דער סאָציאַליזם, וואָס איז ווי אַן אידייע אַ סך עלטער פון אַלע אונזערע סאָציאַליסטישע טעאָריעס און באַוועגונגען, עפּעס אַנדערש, ווי חשיבות, קיינמאָל ניט געזוכט. „איש תחת גפנו ותחת תאנתו" — אַבסאָלוט אינדיווידועלע אייגנטום־ווירטשאַפט — איז אַ פאַר־

מולע וואָס אין תוך אונטערשיידט זי זיך מיט גאָרנישט פון אונזער היינ־טיקער פּראָגראַם פון טאָטאַלער קאָלעקטיוויזאַציע.ביידע פאָרמולעס האָבן אין זינען יענע גלייכוווערטיקייט פון אַלע יחידים, אָן וועלכער עס קאָן ניט זיין קיין סאָציאַלע חשיבות, און קאָלעקטיוויזאַציע איז ניט מער ווי די פּראַקטישע אָנווענדונג פון דעם גלייכקייט־פּרינציפּ אין אַ טעכנאָלאָגיש־אינדוסטריעלער עפּאָכע. אין אַנדערע ווערטער: נאַציאָנאַליזאַציע (אָדער סאָציאַליזאַציע) פון דער ווירטשאַפט, הויכער לעבנס־סטאַנדאַרד, עקאָנאָמישע גלייכקייט — זיינען ניט קיין ציֵלן פון סאָציאַליזם, נאָר בלויז מיטלען — מיטלען צו דערגרייכן ניט דאָס „גליק״ פון מענטשן, נאָר יענע מדרגה פון סאָציאַלער חשיבות, וואָס אויף איר האָט יעדער אַ נאַטירלעך רעכט און וואָס איז פּראַקטיש אוממעגלעך אָן געוויסע עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

איך האָב אפשר איבער־אַקצענטירט דעם מאָמענט פון פּערזענלעכער חשיבות אין סאָציאַליזם, ווייל עפּעס אין דעם פּרט האָבן מיר געדאַרפט לערנען און, מיר דוכט זיך, ניט גענוג געלערנט פון די צוויי רעוואָלוציעס פונם לעצטן פערטל־יאָרהונדערט. דער פּאַטאָס פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און פון די שפּעטערדיקע יאָרן פון רוסישן בירגער־קריג איז געשפּייזט געוואָרן ניט אַזויפיל פון דירעקטע און ממשותדיקע עקאָנאָמישע אינטערעסן, ווי פונם טיפן באַגער פונם מאַסנמענטש אין אונזער צייט נאָך סאָציאַלער חשיבות. פּאַקטיש האָט די רעוואָלוציע אויף יאָרן און יאָרן געמאַכט דעם עקאָנאָמישן לעבנס־סטאַנדאַרד, אין רוסלאַנד, נאָך נידעריקער ווי ער איז פריער געווען. מיליאָנען אָרעמע מענטשן האָט זי אָבער געבראַכט, אויף איר אופן, אַ נייעם געפיל פון סאָציאַלער (פּראָלעטאַרישער) ווערדע, צוליב וועלכער עס האָט זיך געלוינט אויסצושטיין האַלב־הונגער און דחקות. די געהעריקייט צום פּראָ־לעטאַריאַט ווי צו אַ נייעם הערשנדיקן קלאַס (אַריסטאָקראַטיע!) איז פאַר אַ סך מיליאָנען געוואָרן א סאַטיספּאַקציע פאַר היסטאָרישער באַליידיקונג און דעגרעדאַציע, ספּעציעל נאָך ווען די אַמאָליקע הערשנדיקע קלאַסן זיינען אין דער זעלביקער צייט באַרויבט געוואָרן פון זייערע עלעמענטאַרע רעכט. „עליונים למטה ותחתונים למעלה״ איז, נאַטירלעך, ניט קיין גלייכקייט; פּסי־כאָלאָגיש איז דאָס אָבער געווען אַ היסטאָרישער „אויסגלייך״ און האָט די מאַסן אין רוסלאַנד געגעבן אַ נייעם — כאָטש מאָראַליש און עסטעטיש פאַרקריפּלטן — געפיל פון יחוס. דער זעלביקער יחוס־מאָמענט, אַנדערש געשלייערט און פון אַנדערע מקורות געשפּייזט, האָט געשפּילט גאָר ניט קיין קליינע ראָלע אין דער נאַצישער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. די אָנגעהעריקייט צו אַ הערשנ־דיקער און העכערער ראַסע האָט מיליאָנען דייטשן געגעבן אַ נייעם געפיל פון „יחוס־עצמו״, פון חשיבות וואָס ליגט ניט אין האָבן אָדער פאַרמאָגן, נאָר אין עצם זיין — אין זיין אַ דייטש, אין פאָרשטעלן מיט זיך עפּעס באַזונדערס

ווערטפולס דורך דער מיסטעריע פון טעוואָניש „בלוט“, וואָס פליסט אין זיינע אָדערן. סיי די קלאַסן־עבודה־זרה און סיי די ראַסן־עבודה־זרה זיינען געווען, יעדע אויף איר אופן און יעדע אין די טערמינען פון איר פאָלקס־געמיינשאַפט, סוראָגאַטן, ערזאַצן פון עכטער חשיבות, וואָס יעדער יחיד טראָגט אין זיך פּאָטענציעל, אַלץ איינס צו וועלכן קלאַס אָדער ראַסע ער געהערט. אָבער דער פאַקט וואָס סוראָגאַטן זיינען געווען בכח אַרויסצורופן אַזויפיל ענטוזיאַזם און פּאַטאָס, אַז זיי האָבן אַזש די מאַסן בלינד געמאַכט פאַר זייערע דירעקטע, קאָנקרעטע עקאָנאָמישע אינטערעסן, איז אַ באַוויז ווי אויסגעהונגערט דער מאָדערנער מאַסנמענטש איז נאָכן ביסל „יחוס עצמו“, ווי ניט עקאָנאָמיסטיש דער מאַסנמענטש איז אַמאָל גרייט צו האַנדלען און ווי וויכטיק עס איז פאַר דער צוקונפט פון סאָציאַליזם, אַז ער זאָל ווערן אַן ענערגישער אויסדרוק פאַרן שטרעבן צו דעם וואָס מיר ווילט זיך אָנרופן — אוניווערסאַל־אַריסטאָקראַטיע.

איך האָב זיך צו לאַנג אָפּגעשטעלט אויף מיין ערשטן טעזיס, ווייל אויב ער איז ריכטיק, איז ער אויך פּראַגמאַטיש וויכטיק פאַר דער פּעדאַגאָגיק פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. פון דעם דאָזיקן ערשטן טעזיס מאַכן זיך שוין לייכט, כמעט פון זיך אַליין, אַ ריי אַנדערע אויספירן. נעמט מען אים אָן, ווערט שוין זעלבסטפאַרשטענדלעך אויך אַ צווייטער טעזיס, אַז עס קאָן ניט געמאָלט זיין קיין עכט־סאָציאַליסטישער אויפבוי אָן אַ געוויסן מינימום פון פּער־זענלעכער פרייהייט; אַז שאַפן עקאָנאָמישע כלים פאַר אַ קאָלעקטיוויסטישן לעבנסשטייגער אויפן יסוד פון פּאָליטישער שקלאַפעריי איז דאָס זעלביקע וואָס טובל׳ן זיך מיט אַ שרץ אין דער האַנט, פאַרהייליקן די מיטלען און פאַר־שוועכן דעם ציל. נאָר אַן עבודה־זרה־באַציאונג פון „מיטלען און וועגן“, צו וועלכער דער מאָדערנער סאָציאַליזם (אפילו אין זיינע מחוץ־באָלשעוויסטישע מאַניפעסטאַציעס) האָט שטענדיק געהאַט אַ געוויסע נטיה, האָט געקאָנט ברענ־גען דערצו, אַז, למשל, אַ סאָציאַליסטישער פירער ווי הענריך דע־מאַן זאָל איצט האָבן דעם טרויעריקן מוט צו פּריידיקן קאָלאַבאָראַציע מיט היטלערן, ווייל — ווייל „סוף־כל־סוף פאַרניכטעט דאָך היטלער די יסודות פונם קלאַסישן קאַפּיטאַליזם“ און „אָביעקטיוו“ פירט זיין נייע „וועלט־אָרדענונג“ צום זיג פון סאָציאַליזם. די איינרעדעניש אַז מ׳מעג און מ׳קאָן גיין צום ציל (די דעראָבע־רונג פון גלייכווערטיקייט און חשיבות פאַר יעדן מענטשן) מיט מיטלען, וואָס זיינען אין דער שרייענדיקסטער סתירה צום ציל (דעספּאָטיזם און פיקטיווע חשיבות), פון וועלכער עס זיינען ניט אינגאַנצן פריי אויך ניט־באָלשעוויסטישע סאָציאַליסטן, מוז פריער אויסגעוואָרצלט ווערן פון די מוחות און די הערצער, כדי דער סאָציאַליזם זאָל קאָנען אַרויף אויפן וועג פון געזונטער אַנט־וויקלונג.

איך גלויב איצטער ניט, אַז נאָך די ערשטע צוויי טעזיסן דאַרף מען האָבן לאַנגע באַווייזן פאַר אַ דריטן — אַז פּאָליטישע דעמאָקראַטיע, וואָס איז דאָס זעלביקע וואָס ס׳איז פריער באַצייכנט געוואָרן ווי די „אוניווערסאַל־אַריסטאָ־קראַטיע״, איז אַ העכערער און מער אינקלוסיווער באַגריף איידער סאָציאַליזם, ווי מיר זיינען אַ סך יאָרן געוואוינט געוואָרן צו זאָגן אין אונזער אויפ־קלערונגס־אַרבעט. אין גרונט איז דעמאָקראַטיע דער ציל און סאָציאַליזם איז בלויז אַ מיטל, דאָס מיטל פאַר אַ מער עכטער, פולער און קאָנקרעטיזירטער דעמאָקראַטיע, אָדער, אין אַנדערע ווערטער, סאָציאַליזם איז, אין די היינטיקע טעכנאָלאָגיש־ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען, די פּראַקטישע אָנווענדונג פונם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ, פונם פּרינציפּ פון גלייכווערטיקייט פון אַלע יחידים אין דער געזעלשאַפט און פון זייער פּערזענלעכער חשיבות. ווער עס באַטראַכט דעמאָקראַטיע בלויז ווי אַ מיטל פאַר סאָציאַליזם (און אויב, הייסט עס, מען זאָל זיך אָנשטויסן, אגב אורחא, אויף „בעסערע״ מיטלען, איז גלייכער זיך מיט זיי צו באַנוצן איידער מיטן דעמאָקראַטישן לעבנס־פּראָצעס), דער מוז טראַכטן, אַז אין אַ שוין פאַרווירקלעכטער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט פאַר דעמאָקראַטיע קיין פּלאַץ ניט זיין, בשעת פאַר יעדן בר־דעת דאַרף זיין קלאָר, אַז ערשט אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג קענען איצט געשאַפן ווערן באַדינגונגען פאַר פולער דעמאָקראַטיע, און אַז ווי קאָנסעקווענט די פּרינציפּן פון סאָציאַליזם זאָלן ניט דורכגעפירט ווערן אין סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן, וועלן שטענדיק זיין סאָציאַלע שפּאַנונגען, סתירות, קאָנפליקטן און לעבנס־פּראָבלעמען, וואָס וועלן דאַרפן געלייזט ווערן דורך גלייכבאַרעכטיקטע און גלייכווערטיקע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט — לויט אַ געוויסער דעמאָקראַטישער פּראָצעדור.

דאָ קום איך צו אַ פערטן טעזיס, וואָס וועט, ווי איך וויל האָפן, פאַרנעמען אַ גאָר וויכטיקן אָרט אין סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין: אין דער געשיכטע איז נישטאָ קיין דור־המדבר. פונקט ווי איין מענטש טאָר ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ מיטל פאַר אַן אַנדער מענטשן, ווייל ער איז אַ ציל פאַר זיך און אין זיך, אַזוי טאָר אַ דור ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ מיטל, אָדער אינסטרומענט, אָדער „פערטיליזירער״ פאַר אַן אַנדערן דור, ווייל ער איז אויך — אין דער אומענדלעכקייט פונם היסטאָרישן מהלך — אַ ציל פאַר זיך און אין זיך. ווער עס גלייבט אין אַן אחרית־הימים, אין אַ באַשטימטן צייטפּונקט, אין וועלכן אַלע היסטאָרישע סתירות וועלן ענד־גילטיק, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, פאַרענטפערט ווערן, דער קאָן נאָך פועלן ביי זיך, אַז ער האָט אַ רעכט מקריב צו זיין איין דור צוליב אַן אַנדערן, אָדער, ריכטיקער, צוליב אַלע יענע צוקונפטס־דורות וואָס וועלן געניסן אין דער פולער מאָס די „גאולה שלמה״. דער סאָציאַליזם וועט אָבער אין

דער צוקונפט וואָרשיינלעך זיין באַשיידענער, ווייניקער „כיליאַסטיש“, מער סקעפּטיש און מער רעליגיעז־פּעסימיסטיש, אַז עס זאָל פאַר אים קענען עק־זיסטירן דאָס בילד פון אַ „צוגעזאָגט לאַנד“, צוליב וועלכן עס לוינט אָדער מ׳מעג אַ גאַנצן דור לאָזן אויסשטאַרבן אין די זאַמדן פונם מדבר — דאָס בילד פון אַן אידעאַלן „כנען“, אין וועלכן עס וועלן שוין מער קיין מלחמות און קיין יסורים ניט זיין. נישטאָ, דאַרף זיך דער סאָציאַליזם זאָגן, אין דער צוקונפט אַזאַ דור, וואָס איז ווערט, אַז צוליב זיין „גליק“ זאָל מען מקריב זיין וועלכן ניט איז זינדיקן, מיט מצרים־טומאה באַפלעקטן דור. עס טאָר ניט זיין פאַרן סאָציאַליזם אַזאַ בלינד־עקזאַלטירטע ליבע פאַרן ווייטן און נאָך ניט געבוירענעם, וואָס זאָל באַרעכטיקן אָדער כשר׳ן גלייכגילטיקייט צו די קאָנקרעטע ליידן פונם נאָענטן און היינטיקן. איך ווייס, אַז אַזאַ טעזיס איז עלול אַרויסצורופן אַ סך ערגערניש און מיספאַרשטענדענישן. צוריק מיט זעקס יאָר, דערמאָן איך זיך, ווען איך האָב אַן ענלעכן געדאַנקענגאַנג אַנטוויקלט פאַר אַרבעטער־צוהערערס אין ארץ־ישראל, האָט מען מיר נאָכדעם פאָרגעוואָרפן, אַז איך בין אַ קעגנער פון חלוציזם. וואָלט איך זיכער געווען אַ קעגנער, אַ זייער פאַרביטערטער קעגנער פון חלוציזם, ווען דאָס וואָלט געהייסן, אַז עמיצער פון אויבן צווינגט אַרויף אויף דער אידישער יוגנט שווערע פּיאָנערן־אַרבעט און אַ לעבנס־שטייגער פול מיט געפאַרן — קעגן איר ווילן, באַטראַכטנדיק זי ווי אַ מין מיסט וואָס דאַרף פעט מאַכן דעם באָדן, כדי עס זאָלן אויף אים קענען וואַקסן רויזן פאַר אידן פון אַ קומענדיקן דור. חלוציזם איז אָבער אַ פרייוויליקע „אַוואַנטורע“, וואָס צו איר ווערט קיינער ניט געטריבן, און דער יחיד וואָס נעמט אויף זיך די חומרות און די סכנות פון חלוצישן לעבן טוט עס פון אייגענעם ווילן און אַנטשיידונג, ווייל... ווייל ער האָט פאַר דעם אַ „גוסט“, ווייל ער האָט דערפון הנאה און געפינט אין דעם אַ תיקון פאַר זיך, פאַר זיין אייגענעם איך. אויב עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער חלוץ אין ארץ ישראל וועט מער ניט זען אין זיין לעבן קיין פרייען זעלבסט־אויסדרוק און קיין באַרייכערונג פון זיין אינ־דיווידועלן לעבן, וועט ער ווערן אויס חלוץ.

איך דאַרף נאַטירלעך איצטער קיינעם ניט „אַריינלייגן אין מויל“, אַז אויב דער סאָציאַליזם זאָגט זיך קאַטעגאָריש אָפּ פון דער דור־המדבר־קאָנ־צעפּציע און פון יעדער פאָרשטעלונג וועגן אַ „לעצטער, אַנטשיידנדיקער שלאַכט“, נאָך וועלכער עס הייבט זיך אָן אין דער געשיכטע די אומענדלעכע אידיליע, מוז ער זיך אויך איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּזאָגן פון דער אידייע פון סאָציאַלער רעוואָלוציע אין יענעם קאָניוקטור־קאַטאַסטראָפישן זינען, אין וועלכן זי איז געווען פּאָפּולער אין סאָציאַליסטישע קרייזן. פאַר סאָציאַליסטן, ווי פאַר דעמאָקראַטן בכלל, קאָן זיין בלויז איין סיטואַציע, אין וועלכער זיי

זאָלן זיך פֿילן מחויב אויפֿצובלאָזן רעוואָלוציאָנערע פֿייערן — ווען עס האַנדלט זיך וועגן באַפֿרייען די געזעלשאַפֿט פֿון אַ פּאָליטישער דעספּאָטיע, פֿון פּאָליציי־טיראַניי, פֿון דיקטאַטור; ווען אַ רעוואָלוציע קאָן שאַפֿן באַדינגונגען פֿאַר דער אַנטשטייאונג אָדער צוריק־אויפֿשטעלונג פֿון אַ געזעצלעכן שטאַט מיט יענעם מינימום פֿון דעמאָקראַטישער פּראָצעדור, אָן וועלכער עס איז אוממעגלעך צו טראַכטן וועגן אַ געזעצלעכן שטאַט. ביי אַ געלעגנהייט האָב איך דאָס אַמאָל פֿאָרמולירט אין אַנדערע טערמינען: אַ רעוואָלוציע — צוליב וואָס? צוליב דער „דעה" (אַז יעדער מיטגליד זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו זיין אַ בעל־דעה אויף דער מלוכה־פֿירונג) — יאָ; צוליב דער „מאה" (צוליב קאָנקרעטע עקאָנאָמישע קנינים) — ניין. אין דעם מאָמענט וואָס דער שטאַט ווערט אַן אָרגאַניזירטע געזעלשאַפֿט, וואָס איז אונטערגעוואָרפֿן ניט צו פּערזאָנען, נאָר צו דער געזעצגעבונג פֿון פֿאָלק, און עס עקזיסטירן שוין גענוג גאַראַנטיעס פֿאַרן „דעה־זאָגן" פֿון יעדן איינצלנעם בירגער און פֿון יעדער גרופּע בירגער, האָט דער סאָציאַליזם ניט קיין גרונט זיך צו גרייטן צו רעוואָלוציעס, דאַרף ער זיין דער ערשטער צו פֿאַרפֿעסטיקן די יסודות פֿון לעגאַליטעט און צו דערהויבן דורך דערציאונג די מערהייט פֿון דער באַפֿעלקערונג צו דער מדרגה פֿון ציל־באַוואוסטע דעה־זאָגערס.

מיינע עטלעכע טעזיסן, ווייס איך, קאָנען לייכט מאַכן דעם איינדרוק גיכער פֿון „אינהיביציעס", פֿאַרן סאָציאַליזם איידער פֿון אַ פּאָזיטיווער סאָציאַליסטישער פּראָגראַם. אָבער קיין קאָנקרעטע פּראָגראַם פֿאַר דער צוקונפֿט האָב איך זיך לכתחילה ניט אונטערגענומען פֿאַנאַדערצואוויקלען. איך האָב זיך געמוזט דאָס מאָל באַנוגענען מיט אָנצייכענען בלויז עטלעכע רעגולאַטיווע פּרינציפּן, אָן וועלכע דער סאָציאַליזם וועט שטענדיק זיין אויסגעזעצט צו די געפֿאַרן פֿון פּאָליטישע אימפּרעסיאָניזמען און קאָניוקטור־יצר־הרע'ס, בשעת מיט די דאָזיקע רעגולאַטיווע פּרינציפּן קאָן ער אַמאָל אָפּהאַלטן זיגן און אַמאָל ליידן שווערע מפּלות, אָבער קיינמאָל ניט פֿאַרלירן זיין פּיזיאָנאָמיע, זיין שיעור־קומה, זיין מאָראַלישע קראַפֿט, זיינע אויסזיכטן אויף פּעדאַגאָגישער השפּעה.

האָב איך עפּעס מיט מיין בריוו מחדש געווען? מסתמא ניט. יעדן איינציקן ברעקל געדאַנק, וואָס איך האָב דאָ אַרויסגעבראַכט, קאָן מען געפֿינען, אפֿשר אין אַנדערע נוסחאות, אין פֿאַרשיידענע סאָציאַליסטישע שריפֿטן. ביי אייך, קאָלעגן, און ביי די לייענער וועלן מסתמא אַרויפֿשווימען אַסאָציאַציעס צום רעוויזיאָניזם. זיינען טאַקע מיינע טעזיסן, אין גרונט, רעוויזיאָניסטישע. איך וויל מיר נאָך איינרעדן, אַז זיי זיינען אַנדערש אַקצענטירט, און אַז אין זיי פֿילט זיך אויך עפּעס פֿון די נייע און שווערע דערפֿאַרונגען, וואָס מיר האָבן ווי סאָציאַליסטן אָנגעזאַמלט זינט דעם אָנהויב פֿונם יאָרהונדערט. אַחוץ דעם

האָט דעם אַמאָליקן, בערנשטייניאַנישן רעוויזיאָניזם, לויט מיין איבערצייגונג, געפעלט דער פּאַטאָס פון אַ מעטאַפיזיש־מאָראַלישן הינטערגרונט פאַרן סאָציאַליזם, און וועלכן ער קאָן ניט ווערן קיין סאָציאַל־פּעדאַגאָגישע קראַפט.

יעדנפאַלס וואָלט איך עס געהאַלטן פאַר אַן אומגליק, ווען נאָך דער איצטיקער מלחמה, אין אַן אַטמאָספערע פון מאַסן־נערוואָזיטעט, פאַרביטערונג און אַלעגמיינער גייסטיקער אָפּשוואַכונג, זאָל די סאָציאַליסטישע באַוועגונג זיך אויפסניי אַוועקלאָזן אויפן וועג פון קאָניוקטור־רעוואָלוציאָנערישקייט. אַ ריי בירגערקריגן נאָך דער איצטיקער צווישנפעלקערלעכער בלוטבאָד קאָנען פירן בלויז צו נייעם תוהו־ובוהו, צו נייע דעסטרוקטיווע מאַסנפּסיכאָזן און צו אָן אַ שיעור פיקטיווע „באַפרייאונגען". ווי אומראָמאַנטיש דאָס זאָל ניט קלינגען, מוזן די דאָזיקע ווערטער געזאָגט ווערן: נאָך דער איצטיקער מלחמה מוז דער סאָציאַליזם נעמען אויף זיך די אויפגאַבע איינצופירן אַ רעלאַטיווע סטאַביליזאַציע אין דער וועלט. יעדע סטאַביליזאַציע וועט אין אַזאַ פעריאָד, ווי דער וואָס שטייט פאַר אונז, זיין פאַרבונדן מיט געוויסע קאָמפּראָמיסן. עס זיינען אָבער פאַראַן קאָמפּראָמיסן, וואָס זיינען מסוגל צו מאַכן די געזעלשאַפט געזונטער און פעאיקער אויף שפּעטערדיקע ענדערונגען — אויב זיי ווערן נאָר געמאַכט מוטיק, אָפן, מיטן באַוואוסטזיין פון אחריות, ניט פאַרווישנדיק די גרענעץ צווישן דער פשרה און דעם פּרינציפּ. אויך סטראַטעגיש (כאָטש איך האָב זיך דאָ מיט סטראַטעגיק ניט אָפּגעגעבן) איז וויכטיק פאַרן סאָציאַליזם נאָך דער איצטיקער מלחמה, אַז ער זאָל ניט אַריינגעטריבן ווערן אויפסניי אין די דלת אמות פון אַ סעקטע מיט קאָנספּי־ראַציע־פּלענער, אַז ער זאָל וואָס גיכער שאַפן פאַר זיך אַ ברייטע מאַסנבאַזע פון אַרבעטער, פּויערים, קליינבירגער און זייערע וואַריאַנטן, אינטעליגענציע, באַאַמטנטום און אויך פון געוויסע שיכטן פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, פּאָלק, — „עולם" . . .

1941

# קאָמוניזם און רעליגיע*)

אין די דריי מלחמה־יאָרן זיינען אין סאָוועט־רוסלאַנד פאָרגעקומען באַדייטנדיקע ענדערונגען אויף דעם פּאָליטיש־סאָציאַלן שטח און אויך אויף דעם אַזוי גערופענעם אידעאָלאָגישן פראָנט. עס איז נאָך פרי פאַר אַן ערנסטן פּרואוו אָנצוצייכענען דעם היקף און דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע ענדערונגען, און אין אַ געוויסער מאָס איז אויך ריזיקאַליש איצט אַרויסצוטראָגן אַן ענדגילטיקן אורטייל וועגן זייער דויערהאַפטיקייט. „פון אויבן" זיינען געמאַכט געוואָרן אַ צאָל קאָנצעסיעס, וואָס ווערן אויסגעטייטשט אַמאָל ווי ערנסטע און מער אָדער ווייניקער פּערמאַנענטע רעפאָרמען און אַמאָל ווי בלויז צייטווייליקע פאַרלייכטערונגען, אַרויסגערופן פון ספּעציפישע מלחמה־נויטן. צווישן די ענדערונגען וואָס מיר האָבן דאָ אין זינען פאַרנעמט אַ באַזונדערס חשוב'ן פּלאַץ די נייע סאָוועטישע באַהאַנדלונג פון רעליגיע און רעליגיעזע קערפּערשאַפטן בכלל, פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך. ספּעציעל אין דער מערב־וועלט האָבן עטלעכע שריט, וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט לעצטנס געמאַכט בנוגע דעם סטאַטוס פון אָרגאַניזירטע רעליגיעזע קערפּערשאַפטן, אַרויסגערופן ניט נאָר אַ גרויסן אינטערעס, נאָר אויך ניט ווייניק ענטוזיאַזם. כראָנאָלאָגיש (און, אין אַ געוויסן זינען אויך לאָגיש) איז געוויסן־פרייהייט די מוטער פון אַלע ציווילע און אינדיווידועלע פרייהייטן, און עס איז דערפאַר נאַטירלעך די טענדענץ אויסצוטייטשן דעם ליבעראַלערן קורס אין שייכות צו רעליגיע ווי אַן התחלה פון אַן אַלגעמיינעם דעמאָקראַטיזאַציע־פּראָצעס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. מען דאַרף זיך דערפאַר ניט וואונדערן, וואָס אויף ניט־רעליגיעזע קרייזן אָדער אויף קרייזן וואָס האָבן ניט קיין ספּעציפישן אינטערעס אין רעליגיעזן לעבן, האָט די טאָלעראַנטערע קירכן־פּאָליטיק מצד דעם סאָוועטישן רעזשים געמאַכט אַזאַ גרויסן רושם. אָבער כדי צו באַגרייפן די באַדייטונג פון די ענדערונגען אין דער דאָזיקער ספערע פון סאָוועטישער פּאָליטיק, איז נויטיק, פאַר אַלעמען, אַ בליק אויף צוריק: וואָס איז געווען לכתחילה די באַציאונג פונם רוסישן קאָמוניזם צו רעליגיע, און ווי אַזוי האָט זיך, ביז צוריק מיט אַ פּאָר יאָר, יענע באַציאונג מאַניפעסטירט?

*) אַ רעפעראַט וואָס איז געהאַלטן געוואָרן דעם 17טן מאַי 1944 פאַר דעם סאָציאָלאָגיע־סעמינאַר פון דער „גרעדיועיט סקול אָף סאָשעל סאַיענסעס", ניו־יאָרק.

## I

עס וואָלט געווען אַ גרויס אומרעכט (פון אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט — אַן אומפאַרדינטער קאָמפּלימענט) צוצושרייבן דעם רוסישן באָלשעוויזם אַ ספּעציפיש נעגאַטיווע באַציאונג צו רעליגיע. מיליטאַנטישער אַטעאיזם — יעדנפאַלס אין דער ספּערע פון טעאָריע און אידעאָלאָגיע — איז, כידוע, ניט קיין רוסישע און ניט קיין עקסקלוזיוו־באָלשעוויסטישע דערפינדונג. אין דעם פּרט איז דער קאָמוניזם אין רוסלאַנד געווען דער עיקר אַ יורש פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם בכלל. און די פּאַר מאַרקסיסטישע יאָרן האָבן זיך נאָך אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און באַוועגונג געלאָזט פילן שטרעמונגען, וואָס האָבן געזוכט אַ מין האַרמאָנישע קאָאָפּעראַציע צווישן סאָציאַליזם און רע־ליגיע — אמת, ניט (אָדער זייער זעלטן) מיט די קאָנקרעטע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, אָבער מיט עלעמענטן וואָס האַלטן זיך ביי דער „קווינט־עסענץ" פון רעליגיעזער קולטור. עס איז ניט וויכטיק, ווי אַזוי מען דאַרף אָפּשאַצן, למשל, פוריען ווי אַ פילאָזאָפישן דענקער — קיין גרויסער חריף אין מעטאַפיזישע פּראָבלעמען איז ער זיכער ניט געווען — אָבער ער האָט געזוכט אַ וועג צוזאַמענצופּאָרן סאָציאַליזם מיט דעם דעאיזם, וואָס איז אין זיין צייט נאָך געווען פאַרשפּרייט אין פראַנצויזישע אינטעלעקטועלע קרייזן, און פאַר אַטעאיזם האָט ער ניט געהאַט קיין אַנדער באַצייכענונג ווי „די ממזר־וועלטאַנשויאונג". סען־סימאָן איז מסתמא געווען לויט טעמפּע־ראַמענט און אידעאָלאָגיע אַ ניט־רעליגיעזער, אויב ניט קיין אַנטי־רעלי־גיעזער מענטש, אָבער ער האָט ניט געגלויבט אַז צוליב דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם דאַרף מען פריער באַקעמפן אָדער גאָר פאַרניכטן רעליגיע. פאַרקערט, אין זיין פאַראַכטונג צום „פּראָסטן פאָלק", וואָס אים איז געווען אַזוי שווער צו פאַרמאַסקירן, האָט ער אַ פּאָר מאָל אונטערגעשטראָכן דעם פּאָזיטיוון ווערט פון רעליגיעזן גלויבן, כדי צו האַלטן אין צוים די אַנטי־סאָציאַלע אינסטינקטן פון די מאַסן, און זיין לאָזונג איז געווען: „פיזיציזם פאַר די געבילדעטע און דעאיזם פאַרן עם הארצ'ישן קלאַס". אפילו לואי בלאַן האָט נאָך געזוכט אויסצוטייטשן סאָציאַליזם ווי אַן אידייע מיט אַ בולט רעליגיעזן יחוס, ווי די פּאָליטישע פאַרווירקלעכונג פון עוואַנגעליום. פּרודאָן האָט זיך אַ געוויסע צייט באַמיט צו שאַפן אַ בריק צווישן זיין אויפפאַסונג פון סאָציאַליזם און באַשטימטע קאַטוילישע טראַדיציעס, און ביי וויטלינג'ן פילט זיך אַ נטיה צו אינדיווידועלע מיסטישע דערפאַרונגען אויפן יסוד פון אַ דאָגמען־פרייען קריסטנטום. דער גרויסער איבערברוך אין דער שטעלונג פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם צו רעליגיע איז — יעדנפאַלס אויף דער ליטעראַרישער איבערפלאַך — פאַרבונדן מיט דער אַנטשטייאונג און

אַנטוויקלונג פון דער מאַרקסיסטישער לערע. קיינער אין דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג איז ניט געווען אַזוי קאַטעגאָריש, שאַרף, אידעאָלאָגיש־ברוטאַל אין זיין באַציאונג צו רעליגיע, און אויך אינסטרומענטאַל אין אַריינ־וועבן אַטעאיזם ווי אַן אומפאַרמיידלעכן טייל פון אַ סאָציאַליסטישער אָדער „פּראָלעטאַרישער" וועלט־אַנשויאונג, ווי מאַרקס און ענגעלס. דער מאַרקסיס־טישער מאַטעריאַליזם האָט ניט געהאַט גענוג כוח צו באַאיינפלוסן דעם אידעאָלאָגישן קלימאַט פון דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט געשעפּט איר יניקה פון אייגענע און אייגנטימלעכע גייסטיקע קוואַלן; ער האָט, פון דער אַנדערער זייט, ניט געהאַט קיין פילאָזאָפישע השפעה אויף דעם אַזוי גערופענעם „פּאָלקיסטישן" פליגל פונם רוסישן סאָציאַליזם, וואָס האָט בכלל ניט אַרויסגעוויזן קיין התבטלות קעגן די מערב־אייראָפּעאישע גייסטיקע שטרעמונגען און האָט נאָך פאַרמאָגט אַ געוויסע וואָרצלהאַפטיקע אידייאישע פאַרבינדונג מיט די סלאַוואָפילישע נייגונגען פון אַ באַשטימטער שיכט אין דער רוסישער אינטעליגענציע. די קאָנטינענטאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (און דורך איר, אין אַ שוואַכערער מאָס, אויך די איבערגעפלאַנצטע סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע) איז אָבער בדרך־כלל באַאיינפלוסט גע־וואָרן פון דער מאַרקסיסטישער לערע און פּראָפּאַגאַנדע, ניט נאָר אין דער ריכטונג פון אַנטי־קלעריקאַליזם, נאָר אויך אין דער ריכטונג פון האַס און פאַראַכטונג צו רעליגיעזע ווערטן בכלל. „רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק" — דער זאַץ וואָס האָט אַ פּערטל יאָרהונדערט געדינט ווי אַן אָפיציעלע אויפשריפט אויף איינעם פון די אַריינגאַנגען צום קרעמל, ביים אַמאָליקן טויער פון דער איווערער מאַדאָנאַ — איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע פון מאַרקס'ן (פרויד האָט אין אונזערע יאָרן, אין זיין „צוקונפט פון אַן אילוזיע", פּאַראַפ־ראַזירט מאַרקס' באַהויפּטונג, נוצנדיק אַ דייטשן פאָלקס־שפּריכוואָרט: "Wer Sorgen hat, hat auch Likoer"). פאַר מאַרקס'ן איז געווען קלאָר, אַז „די אָפּשאַפונג פון רעליגיע ווי דאָס אילוזאָרישע גליק פונם פאָלק איז אַ פאָרויס־באַדינג פאַר זיין אמת'ן גליק. די פאָדערונג אָפּצושאַפן די אילוזיעס וועגן זיין צושטאַנד איז דאָס זעלבע וואָס די פאָדערונג אָפּצושאַפן אַ צו־שטאַנד, אין וועלכן מ'דאַרף אָנקומען צו אילוזיעס. די קריטיק פון רעליגיע איז בכן אין גרונט די קריטיק פונם עמק הבכא, וואָס רעליגיע איז זיין קדושה־שיין". עס קאָן זיין אַז דער פאַטאַלאָגישער אידנהאַס, וואָס שאָקירט אונז אַזוי שטאַרק אין עטלעכע פון זיינע שריפטן און בריוו, איז, אומבאַוואוסטזיניק פאַר אים, געווען מאָטיווירט פון זיין פאַראַכטונג צו מעטאַפיזישע און רעליגיעזע ווערטן בכלל. אידן האָט ער, ניט אָן גרונט, באַטראַכט פאַר אַ רעליגיעז פאָלק „פאַר עקסעלאַנס". מיט וויניקער חריפות, אָבער מער

עפעקטיוו אין פּראָפּאַגאַנדיסטישן זינען, האָט ענגעלס יאָרן לאַנג געזוכט צו פאַרשפּרייטן דעם אַנטי־רעליגיעזן געדאַנק: „מיר ווילן אַלץ, וואָס זאָגט אויף זיך אַז ס'איז איבערנאַטירלעך אָדער איבערמענטשלעך, אַפּראַמען פון וועג. דערפאַר האָבן מיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל דערקלערט מלחמה אויף דער רעליגיע און די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען. און אונז אַרט ווייניק וואָס מען שטעמפּלט אונז פאַר אַטעאיסטן".

עס איז ניט מיין אויפגאַבע היינט אויפצוקלערן פונדאַסניי דעם כאַראַקטער און די היסטאָריש־פּסיכאָלאָגישע סיבות פונם רעליגיע־האַס אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג בכלל און אין דער מאַרקסיסטישער לערע און פּראָפּאַגאַנדע בפרט. איך האָב בלויז געהאַלטן פאַר נויטיק צו דערמאָנען, אַז דער מיליטאַנטישער אַטעאיזם, מיט וועלכן דער רוסישער קאָמוניזם האָט זיך אויסגעצייכנט כמעט די גאַנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ, איז ניט עפּעס וואָס באָלשעוויקעס האָבן געדאַרפט אויסגעפינען. אין דעם פּרט איז דער אַטעאיזם, אידעאָלאָגיש, אַ כשר קינד פון מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם בכלל. דאָס וואָס ס'האָבן, אַחוץ און נאָך מאַרקסן און ענגעלסן, געשריבן וועגן רעליגיע סאָרעל אין פראַנקרייך, קאוטסקי און בעבעל אין דייטשלאַנד (אַ געוויסע צייט אויך „אונזער אייגענער" משה העס), און פּלעכאַנאָוו אין רוסלאַנד, איז בלויז עלעגאַנטער אָדער ווייניקער וואולגאַר ווי דאָס, וואָס מיר האָבן שפּעטער געהערט פון רוסישן קאָמוניסטן, אָבער אין תוך איז צווישן זיי ניט פאַראַן קיין אונטערשייד. אמת, אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן דער פּראַקטישער אָנווענדונג פונם אַנטי־רעליגיעזן פּרינציפּ, האָט די מערב־אייראָפּעאישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קיינמאָל נישט רעקאָמענדירט קיין סיסטעם פון רדיפות אָדער רעפּרעסיעס. איר לאָזונג איז געווען (און געבליבן) „אָפּטיילן דעם שטאַט פון דער קירך", אַ רעפאָרם וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַ פאַר לענדער דער עיקר אַ דאַנק ליבעראַל־בירגערלעכע פּאַרטייען און וואָס איז איינער פון די יסודות אין אַזאַ ניט־סאָציאַליסטישער פּאָליטישער ציוויליזאַציע ווי די אַמעריקאַנישע. „רעליגיע איז אַ פּריוואַט־זאַך", און דערפאַר דאַרף זי קיין אָפיציעלן סטאַטוס אין דער מלוכה ניט האָבן; זי טאָר ניט געניסן פון קיין שום פּריווילעגיעס און זי דאַרף ניט זיין אויסגעזעצט צו קיין שום ספּעציעלע דיסקרימינאַציעס. אויף וויפיל די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געטראַכט אין קאָנסטיטוציאָנעלע אָדער יורידישע טערמינען, איז פאַר איר די מלוכה געווען נייטראַל צו רעליגיע. די האָפענונגען אויף דער אָפּשאַפונג אָדער פאַרניכטונג פון רעליגיע האָט זי פאַרבונדן, פון איין זייט, מיט פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג, וואָס דאַרף געפירט ווערן דורך דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דורך מער אָדער ווייניקער פּריוואַטע דערציאונגס־קערפּערשאַפטן, און, פון דער אַנדערער

זייט, מיט יענע גרויסע ענדערונגען אין דער אַלגעמיינער מענטאַליטעט פון דער באַפעלקערונג, וואָס די ראַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט ממילא מיט דער צייט אַרויסרופן. אויף וויפיל רעליגיע איז, לויט דער מאַרקסיסטישער אויפפאַסונג, אַ קראַנקהאַפטיקער פּראָדוקט פונם יחיד׳ס איינזאַמקייט אין אַ ברוטאַלער און צעפּיצלטער געזעלשאַפט פון שטענדיקער עקאָנאָמישער אומזיכערקייט און הילפלאָזיקייט קעגן כוחות וואָס לאָזן זיך ניט, אַזוי צו זאָגן, קאָנטראָלירן, וועט זי ביסלעכוויַיז פאַרשווינדן אַדאַנק די גרויסע דערגרייכונגען פון די אָנגעווענדטע וויסנשאַפטן, אַ דאַנק דעם וואוקס פון די טעכנאָלאָגישע פּראָדוקציע־מעגלעכקייטן און אַ דאַנק דעם אַריינוואוקס פונם יחיד אין אַן אָרגאַנישער און קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, „וואָס איז בכוח צו לייזן אויף אַ ראַציאָנאַלן אופן, בדרך הטבע, אַלע פּראָבלעמען פונם מענטש־לעכן לעבן“. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען האָבן דערפאַר אומעטום געקעמפט קעגן דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער מאַכט פון דער קירך, קעגן איר פּריווילעגירטן צושטאַנד, אָבער ניט קעגן איר עצם רעכט אויף עקזיסטענץ. זיי האָבן ניט געשטעלט זייערע מיטגלידער קיין באַדינג, אַז זיי מוזן זיך אָפּזאָגן פון זייערע אינסטיטוציאָנעל־רעליגיעזע פאַרבינדונגען, און, לויט זייערע סטאַטוטן, איז מיטגלידערשאַפט (אין די מייסטע לענדער) געווען אָפן אויך פאַר פּראָפעסיאָנעלע גייסטלעכע, פאַר „כלי־קודש“. אין דעם פּרט איז, נאַטירלעך, פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דער אַנטי־רעליגיעזער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דעם מיליטאַנטיש־אַטעאיסטישן קאָמו־ניזם. מען דאַרף אָבער דערביי ניט פאַרגעסן, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אין קיין שום לאַנד ביז אַהער ניט פאַרמאָגט יענעם היקף פון פּאָליטישער מאַכט וואָס דעם רוסישן קאָמוניזם איז געלונגען אַריינצוקריגן אין זיינע הענט. עס איז ניט לייכט אַרויסצוגעבן אַ היפּאָטעטישן אורטייל. ווי אַזוי וואָלט אַ סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי געהאַנדלט אין שייכות מיט אָרגאַניזירטער רעלי־גיע, אין אַ באַשטימטער היסטאָרישער און לאָקאַלער סיטואַציע, ווען זי וואָלט אַליין געשטאַנען אַ לענגערע צייט ביים רודער פון דער רעגירונג?

ווי די זאַך זאָל נישט זיין, איז דאָס, וואָס ס׳איז פאַרגעקומען די לעצטע עטלעכע צוואַנציק יאָר אין מעקסיקע, ניט קיין באַווייז, אַז אַן קאָמוניסטישער דיקטאַטור איז ניט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר אַן עקסטרעמער אויסראָטונגס־פּאָליטיק קעגן קירך און רעליגיעזע קערפּערשאַפטן...

II

דער גרונט־געזעץ וועגן רעגולירן די באַציאונגען צווישן דער נייער (סאָוועטישער) מלוכה און די פאַרשיידענע רעליגיעזע קערפּערשאַפטן איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין סאַמע אָנהויב. דער דעקרעט פון 23טן יאַנואַר 1918

באַשטייט פון דרייצן פּאַראַגראַפן, וואָס דאַרפן נאָך ביז היינט באַטראַכט ווערן ווי דער פונדאַמענטאַלער לעגיסלאַטיווער אַקט וועגן דעם סטאַטוס פון רעליגיע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד:

א) די קירך ווערט דערמיט אָפּגעטיילט פונם שטאַט.

ב) עס איז אומגעזעצלעך אַרויסצוגעבן וועלכן ניט איז לאָקאַלן געזעץ אָדער צו פּראָקלאַמירן וועלכן ניט איז דעקרעט, אויף דער טעריטאָריע פון די סאָוועטישע רעפּובליקן, וואָס זיין ציל איז צו פאַרמינערן אָדער צו באַגרענעצן די פרייהייט פון געוויסן, אָדער צו שאַפן פאַר וועלכן ניט איז בירגער אַ ספּעציעלן נוצן אָדער אַ פּריווילעגיע אויפן יסוד פון זיין רעליגיעזן גלויבן אָדער אומרעליגיעזע איבערצייגונגען.

ג) יעדער בירגער מעג האָבן וועלכע רעליגיע ער וויל אָדער ניט האָבן קיין שום רעליגיע; אַלע געזעצן וואָס נעמען צו רעכט ביי וועלכן ניט איז בירגער מחמת זיין צוגעהעריקייט צו אַ רעליגיע ווערן דערמיט אָפּגעשאַפט.

ד) אַקטן (פּראָצעדורן) פון וועלכער ניט איז אָפיציעלער עפנטלעכער קערפּערשאַפט טאָרן ניט באַגלייט ווערן פון קיין שום רעליגיעזע געברויכן אָדער צערעמאָניעס.

ה) דאָס רעכט דורכצופירן רעליגיעזע צערעמאָניעס ווערט דערמיט גאַראַנטירט, אויף אַזויפיל, אויף וויפיל דאָס איז ניט פאַרבונדן מיט שטערן די עפנטלעכע אָרדענונג און פרידן, און מיט דעם באַדינג, אַז די דורכפירונג זאָל ניט אָנרירן קיין שום רעכט פון וועלכן ניט איז בירגער אין די סאָוועטישע רעפּובליקן. די לאָקאַלע אויטאָריטעטן האָבן דאָס רעכט, אין אַזעלכע פאַלן, אָנצונעמען אַלע נויטיקע מיטלען כדי אָפּצוהיטן די עפנטלעכע אָרדענונג און זיכערקייט.

ו) קיין שום פּערזאָן טאָר זיך ניט אָפּזאָגן פון דערפילן וועלכע ניט איז בירגער־פליכט אויפן גרונט פון זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען. אויס־נאָמען צו דעם כלל קאָנען געמאַכט ווערן מיטן תנאי, אַז אַן אַנדער בירגער־פליכט זאָל דערפילט ווערן אָנשטאָט דער, פון וועלכער די פּערזאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט, אָבער אין יעדן איינצלנעם פאַל מוז דאָס געבראַכט ווערן פאַרן פאָלקס־געריכט.

ז) רעליגיעזע שבועות אָדער נדרים זיינען אָפּגעשאַפט.

ח) רעגיסטראַציע פון געבורט, חתונה, טויט און אַזוי ווייטער ווערט דורכגעפירט אויסשליסלעך פון די ציווילע אויטאָריטעטן.

ט) די שול ווערט אָפּגעטיילט פון דער קירך. דער לימוד פון רעליגיע איז נישט דערלויבט אין קיין שום מלוכה׳שער עפנטלעכער אָדער פּריוואַטער דערציאונגס־אינסטיטוציע, אין וועלכער עס ווערן געלערנט

אַלגעמיינע לימודים. די בירגער האָבן אַ רעכט צו געבן און צו קריגן רעליגיעזן לימוד אויף אַ פּריוואַטן אופן.

י) אַלע קירכלעכע און רעליגיעזע קערפּערשאַפטן זיינען אונטערגעוואָרפן צו די אַלגעמיינע באַדינגונגען וואָס זיינען חל אויף אַסאָציאַציעס און געזעלשאַפטן; זיי טאָרן ניט קריגן קיין פּריווילעגיעס אָדער סובסידיעס פון וועלכער ניט איז מלוכה׳שער, לאָקאַל־אויטאָנאָמער אָדער אַנדערער קערפּערשאַפט פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

יא) עס זיינען ניט דערלויבט קיין צוואַנג־זאַמלונגען פון באַשטייערונגען אָדער מיטגליד־צאָלונגען לטובת קירכלעכע אָדער רעליגיעזע אַסאָציאַציעס.

יב) קיין שום קירכלעכע אָדער רעליגיעזע געזעלשאַפט האָט ניט דאָס רעכט צו פאַרמאָגן אייגנטום. זי קאָן אויך ניט געניסן דעם סטאַטוס פון אַ יורידישער פּערזאָן.

יג) דאָס גאַנצע אייגנטום פון די עקזיסטירנדיקע קירכלעכע און רעליגיעזע אַסאָציאַציע גייט איבער אין רשות פונם פאָלק. די צענטראַלע און די לאָקאַלע מלוכה־אויטאָריטעטן קאָנען, דורך ספּעציעלע באַשלוסן, איבערגעבן צו אַ באַשטימטער רעליגיעזער געזעלשאַפט געביידעס און קעגנשטאַנדן וואָס זיינען נויטיק פאַר דער דורכפירונג פון קאָלעקטיווע תּפילות.

ווי אַ דערגאַנצונג צו דעם דאָזיקן גרונט־דעקרעט דאַרף מען נאָך צורעכענען אַ געזעץ, וואָס איז שפּעטער פאָרמולירט געוואָרן און איז באַקאַנט ווי דער פּאַראַגראַף 121 פונם קרימינעלן קאָדעקס: „דער לימוד פון רעליגיעזע אמונות אין מלוכה׳שע אָדער פּריוואַטע דערציאונגס־אינסטיטוציעס און שולן פאַר קינדער און מינדעריעריקע ווערט באַשטראָפט מיט צוואַנגס־אַרבעט פאַר אַ צייט ניט לענגער ווי איין יאָר״.

וואָס ס׳איז שייך דער נייער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע (פון 1936) האָט זי כמעט גאָרנישט ניט געענדערט אין יענעם סטאַטוס פאַר רעליגיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם אויבנגעבראַכטן דעקרעט פון 23טן יאַנואַר 1918. דער אַרטיקל 124 פון דער היינט גילטיקער קאָנסטיטוציע זאָגט גאַנץ קלאָר: „כדי צו פאַרזיכערן די בירגער פרייהייט פון געוויסן, איז די קירך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אָפּגעטיילט פון דער מלוכה, און די שול איז אָפּגעטיילט פון דער קירך. פרייהייט פון רעליגיעזע תּפילות און פרייהייט פון אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע ווערט אָנערקענט פאַר אַלע בירגער״. אין אַ געוויסן זינען איז די קאָנסטיטוציע פון 1936 ווייניקער „נייטראַל״ אין רעליגיעזע פראַגן איידער דער דעקרעט פון באַלד נאָך דער רעוואָלוציע (פון 1918). לויט דעם אַרטיקל 124 האָבן דאָס רעכט אויף פּראָפּאַגאַנדע בלויז אַנטי־רעליגיעזע בירגער, פאַר זייערע אַנטי־רעליגיעזע צוועקן. די קירכען און אַנדערע רעליגיעזע אַסאָציאַציעס האָבן בלויז דאָס רעכט אָנצופירן זייער גאָטעס דינסט פאַר די וואָס זיינען געווען פון פריער

זייערע מיטגלידער, זיי איז אָבער ניט גאַראַנטירט דאָס רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט עפנטלעכער אויפקלערונג, מיט „מיסיאָנערישער“ אַרבעט, כדי צו באַ־קערן אַנדערע צו זייערע איבערצייגונגען אָדער אמונות. דער ניט־גלויביקער ווערט בכן קאָנסטיטוציאָנעל געשטעלט אין אַ פריווילעגירטער לאַגע אין פאַר־גלייך מיטן גלויביקן. אין יעדן פאַל איז אפילו דער דעקרעט פון 1918 גאַנץ ווייט, ווי מיר וועלן נאָכדעם זען, פון דער קלאַסישער אויפפאַסונג פונם פרינציפ, אַז דער שטאַט דאַרף זיין נייטראַל אין רעליגיעזע ענינים. עס איז דער שייכות כדאי צו דערמאָנען, אַז דער ספעציעלער קאָמיטעט אויף אויסצואַרבעטן אַ נוסח פאַרן סאָוועטישן קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט, האָט (אין 1918) געהאַט פאַר זיך אַ פאָרשלאַג אַריינצונעמען אין דער קאָנסטיטוציע די באַרימטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאָרמולע פון דער גאָטאַ־פראָגראַם (פון 1869), לויט וועלכער „רעליגיע איז אַ פריוואַטע אָנגעלעגנהייט פונם בירגער“. די ליבעראַלערע מיטגלידער איז אַפילו געלונגען דורכצוזעצן, אַז יענע פאָרמולע זאָל פונם קאָמיטעט אָנגענומען ווערן מיט אַ מערהייט פון שטימען. אַ שאַרפע קעגנער־שאַפט צו יענעם נוסח, פון וועלכן מ׳וואָלט לאָגיש געדאַרפט מאַכן גאָר אַנדערע פראַקטיש־לעגיסלאַטיווע אויספירן, האָט אַרויסגעוויזן ספעציעל לע־נין, וואָס האָט נאָך אין די פריערדיקע יאָרן גע׳טענה׳ט, אַז אַזאַ אינדיפע־רענטע באַציאונג פונם שטאַט צו רעליגיע איז אַ נאַרישקייט, און דערצו נאָך אַ שעדלעכע נאַרישקייט. רעליגיע קאָן ניט, לויט זיין אויפפאַסונג, זיין „אַ פריוואַטע אָנגעלעגנהייט פונם איינצלנעם בירגער“ אין דעם זינען, אַז די מלוכה זאָל אין איר קיין אינטערעס ניט האָבן. וואָס אַ יחיד גלויבט אָדער גלויבט ניט, האָט צו טאָן ניט בלויז מיט זיין אינדיווידועלן צושטאַנד, נאָר מוז זיך אָפשפיגלען אויך אין זיינע האַנדלונגען, אין זיין פאָליטישער אָריענטאַציע און אין דעם כאַראַקטער פון זיינע סאָציאַלע שייכות׳ן. אַחוץ דעם, איז פאַר לענינ׳ען געווען קלאָר, אַז רעליגיעזע לעבן איז ניט סתם אַ סומע פון פסיכישע פראָצעסן וואָס שפילן זיך אָפ בלויז אין מוח און אין דער דערפאַרונגס־וועלט פונם איינצלנעם מענטשן, אין זיין רשות היחיד. רעליגיעז לעבן איז אַ גרופן־לעבן, אַ לעבן אין רשות הרבים, און עס ווערט אונטערגעהאַלטן און געשפייזט פון קאָלעקטיווע אַקטן און פון אַ ספעציפישער קאָלעקטיווער מענ־טאַליטעט. סאָציאַליזם (און דער סאָציאַליסטישער שטאַט) איז צופיל פאַראינ־טערעסירט אינם אַלגעמיינעם קולטור־קלימאַט, אין וועלכן עס לעבט דאָס פאָלק, און רעליגיע איז, היסטאָריש גענומען, אַ צו וויכטיקער עלעמענט אין יעדער פאָלקס־קולטור, מיט אַ נאַטירלעכער טענדענץ צו ווערן אין איר דער דאָמינירנדיקער, אַלץ אַרומנעמענדיקער עלעמענט — אַז דער נייער רעזשים זאָל זיך מעגן דערלויבן דעם לוקסוס אָנצונעמען צו איר אַ פאָזיציע פון גלייכגילטיקייט. ווי פאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל אפשר ניט קלינגען, מעג מען זאָגן, אַז ווי אַ מיליטאַנטישער אַטעאיסט האָט לענין אַרויסגעוויזן צו רע־

ליגיע אַ סך אַ גרעסערן (כאָטש זייער אייגנאַרטיקן) דרך־ארץ, אײדער זײנע מער „ליבעראַלע" און טאָלעראַנטע קאָלעגן. פאַר זיי איז רעליגיע געווען ניט נאָר אַ „פּריוואַט־זאַך", נאָר אויך אַ מין „נעבן־זאַך", וואָס קאָן צייטווייליק טאָלערירט ווערן ערגעץ־וואו אין דער פּעריפעריע פון לעבן, ביז זי וועט לאַנגזאַם, פון זיך אַליין, אָפּשטאַרבן. אגב מוז זי טאָג־טעגלעך געשעדיקט ווערן, סיי דורך אויפקלערונג און נייער דערציאונג און סיי דורך דעם כאַ־ראַקטער און אַנטוויקלונג פון דער נייער, סאָציאַליסטישער ווירטשאַפטלעכער ציוויליזאַציע. דער דורך און דורך אַנטי־מעטאַפיזישער און אַנטי־רעליגיעזער לענין האָט אָבער דעם ענין רעליגיע גענומען אַ סך ערנסטער. נאָך אין די יאָרן פון פאַר דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, ווען ער האָט נאָך אַליין געשטיצט די גאָטאַ־פּאָרמולע „רעליגיע איז די פּריוואַטע אַנגעלעגנהייט פונם איינצלנעם בירגער", פלעגט ער דערביי, מיט יענער „צינישער ערלעכקייט" וואָס איז פאַר אים געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש און אונטער וועלכער ער פלעגט אָפּט שעמעוודיק באַהאַלטן זיינע צאַרטערע און איידעלערע עמאָציעס, אונטערשטרייכן: מיט דער דאָזיקער פּאָרמולע דאַרפן מיר זיך באַנוצן כל־זמן מיר האָבן נאָך צו טאָן מיט דער בורזשואַזער מלוכה; אין אַ סאָציאַליסטישער מלוכה אָדער אין אַ מלוכה, אין וועלכער דעם „אַוואַנגאַרד פונם פּראָלעטאַריאַט" איז געלונגען איבערצונעמען די פּאָליטישע מאַכט, קאָן פאַר אַזאַ פּאָרמולע, ווי אַ פירנדיקער פּרינציפּ, קיין פּלאַץ ניט זיין. רעליגיע, זאָל ער זיך האָבן איינמאָל אויסגעדריקט, איז ניט דאָס זעלבע וואָס איינעמס גלוסט צו זאַמלען פּאָסט־מאַרקעס, אַ מין אומשעדלעכע באַשעפטיקונג פאַר דער פרייער צייט, וואָס די מלוכה דאַרף צו איר קיין שטעלונג ניט נעמען. די רעוואָ־לוציע און דער רעוואָלוציאָנערער אויפבוי פון דער סאָציאַליסטישער מלוכה פאָ־דערן פאַר זיך דעם גאַנצן מענטש, דעם מענטשן אין זיין טאָטאַליטעט; רעליגיע האָט איר תביעות אויף דעם מענטש וואָס זיינען אַ געפאַר פאַר זיין „גאַנצ־קייט", און אין געוויסע סיטואַציעס באַנוגנט זי זיך ניט מיט אַן אויטאָנאָמען ווינקל אין זיין אינטימער וועלט, נאָר זי פאָדערט פאַר זיך דעם גאַנצן מענטשן. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר לענינ׳ס אויפפאַסונג פון רעליגיע, אַז ווען „ליבעראַלע" קאָלעגן (אין געוויסע פאַלן, לונאַטשאַרסקי) פלעגן אים אָנווייזן אויף אונטערשיידן צווישן איין רעליגיעזער קערפּערשאַפט און דער אַנדערער, אַזוי אַז ס׳איז אויסגעקומען אַז עס זיינען פאַראַן „ערגערע" רעליגיעס און „בעסערע", האָט לענין קיינמאָל ניט געלייקנט די עקזיסטענץ פון יענע אונ־טערשיידן. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געקאָנט אַסימילירן אין זיך דעם געדאַנק, אַז אַ „בעסערע" רעליגיע פאַרדינט אַ בעסערע באַהאַנדלונג. פאַר־קערט, וואָס „בעסער" אַ רעליגיע איז, אַלץ ערגער איז זי — וואָס וויניקער אָבערגלויבנס זי אַנטהאַלט אין זיך, וואָס שוואַכער די ראָלע וואָס עס שפּילט

אין איר דער פּראָפעסיאָנעלער קלאַס פון גייסטלעכע, און וואָס ווייניקער גרייט זי איז צו זיין אַן אינסטרומענט אין די הענט פון די הערשנדיקע קלאַסן, אַלץ געפערלעכער איז זי, אין לעצטן חשבון, ווייל אַלץ שווערער איז קעגן איר צו קעמפן.

איך האָב זיך אפשר צופיל פאַרקירעוועט אָן אַ זייט און צו לאַנג זיך אָפּגעשטעלט אויף לענינ׳ס פערזענלעכער שטעלונג צו רעליגיע (ניט אַריינ־גייענדיק דערביי אין אַן אַנאַליז פון זיין אַלגעמיינער פילאָסאָפישער וועלט־אַנשויאונג און פון יענע אפשר ספּעציפישע פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון, וואָס האָבן אין אים אַנטוויקלט אַ שאַרפע קעגנערשאַפט צו רעליגיע). זיין פּער־זענלעכע שטעלונג צו רעליגיע האָט אָבער אַ שייכות ניט בלויז מיט זיין גייסטיקער ביאָגראַפיע, נאָר אויך מיט דער געשיכטע פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד, מיט דער קאָמוניסטישער געזעצגעבונג אין דער פּראַקטיק און אין דער באַהאַנ־דלונג פון רעליגיע. אויף די יורידישע דאָקומענטן וועגן דעם פּלאַץ פון רעליגיע אין דער סאָציאַליסטישער מלוכה, וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט אין זייער פולן טעקסט אָדער ציטירט, האָבן געאַרבעט ספּעציעלע קאָמיסיעס. לענין איז אָבער געווען אין דער לאַגע יענע דאָקומענטן צו „רעדאַגירן״, און די ענדערונגען וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגן זיינען מיינסטנס אָנגענומען גע־וואָרן. אמת, דער ערשטער פּרעמיער־מיניסטער פון דער סאָוועטישער מלוכה איז ניט געווען קיין דיקטאַטאָר אין דעם זינען, אין וועלכן מיר באַנוצן זיך היינט מיט דעם דאָזיקן טערמין. ער האָט זיך גערן צוגעהערט צו ערלעכע אויסזעצונגען קעגן זיינע מיינונגען און — ניט בלויז לפנים — דערמוטיקט קריטיק, אויף וויפיל זי איז געקומען ניט פון שונאים פונם רעזשים, נאָר פון די אייגענע, קאָמוניסטישע רייען. אין די פאַרשיידענע קערפּערשאַפטן, אין וועלכע ער האָט זיך צוליב זיין הויכן אַמט געמוזט באַטייליקן, האָט ער זיך, אין געוויסע פאַלן, אויך געלאָזט „מאַיאָריזירן״. זיין אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער פּרעסטיזש איז אָבער געווען אַזוי הויך אין די אויגן פון דער פּאַרטיי און פון די וואָס זיינען איר נאָכגעגאַנגען, אַז אין אַסך ערנסטע סיטואַציעס איז זיינע „אָן עצה״ אָפּטמאָל אָנגענומען געוואָרן ווי אַ באַפעל. די פונדאַ־מענטאַלע געזעצגעבונג וועגן רעגולירן דאָס רעליגיעזע לעבן אין לאַנד דאַרף דערפאַר געשטעלט ווערן, אין ניט קיין קליינער מאָס, אויף לענינ׳ס חשבון.

וואָס זשע איז דער כאַראַקטער פון יענער געזעצגעבונג, וואָס איז, אין אירע אַלגעמיינע שטריכן, גילטיק אויך היינט?

פון אויבן־אויף מאַכט דער דעקרעט פון 1918, וואָס מיר באַטראַכטן פאַר דעם „אָרגאַנישן״ סאָוועטישן געזעץ וועגן רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, דעם איינדרוק פון אַ סטערעאָטיפּישן געזעץ, וואָס איז אויסן בלויז אַ ראַדי־קאַלע פונאַנדערטיילונג צווישן דער קירך און דעם שטאַט. (אויך לענין האָט

געוואַלט אַז די סאָוועטישע געזעצגעבונג זאָל אויסקוקן אין די אויגן פון דער אויסלענדישער עפנטלעכער מיינונג אַזוי „רעספּעקטאַבל" ווי מעגלעך). ווען מ'לייענט אָבער פאַרזיכטיק די באַזונדערע פּאַראַגראַפן, ווי אויך שפּעטער, דעם שוין ציטירטן אַרטיקל 124 פון דער נייער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע, ווערט זייער ציל זייער דורכזיכטיק: שאַפן אַזעלכע באַדינגונגען פאַר די רעליגיעזע אַסאָציאַציעס, אַז זיי און זייערע אַקטיוויטעטן זאָלן מוזן אַלץ מער און מער איינגעשרומפּן ווערן.

קעגן דער עקספּראָפּריאַציע פון דער קירכ'ס אייגנטום איז, בדרך־כלל, שווער עפּעס אויסצוזעצן, אויב מ'מיינט ערנסט מיט דעם פּרינציפּ פון פול־שטענדיקער סעפּאַראַציע צווישן קירך און שטאַט. אין רוסלאַנד האָט די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע קירך פאַרמאָגט ריזיקע קאַפּיטאַלן און פאַרמעגנס, פון וועלכע אַ גרויסער טייל איז צו איר געקומען דורך אָדער אַדאַנק דעם שטאַט — ניט דורך פרייוויליקע נדבות. אירע גרויסע מאַיאָנטקעס האָט זי געקראָגן פון דער מלוכה, און ניט ווייניק פון איר אייגנטום איז אויסגעפּרעסט געוואָרן פון פאָלק דורך צוואַנג־שטייערן. כאָטש פּראָפעסאָר טימאַשעוו, אין זיין דאָקומענטן־רייכן, אָבער אויך זייער טענדעציעזן בוך *) סטאַרעט זיך פאַר־צושטעלן די פּראַוואָסלאַווגע קירך ערב דער רעוואָלוציע אַזוי ליבעראַל, פאָלקסטימלעך און אָרעם ווי מעגלעך, זיינען נאָך ביז היינט ערנסט נישט אָפּגעפרעגט געוואָרן, אויך פון אַנטי־סאָוועטישע און פּראָ־קלעריקאַלע רו־סישע אויטאָריטעטן, די ציפערן, וואָס דזשוליוס העקער האָט אָנגעגעבן אין זיינע „מאָסקאָו דיאַלאָגס": אין 1917 איז די קירך געווען אַ דע־פּאָזיטאָר אין די בענק אויף אַ סומע פון לערך אַכט ביליאָן רובל. איר יערלעכע הכנסה איז געשאַצט געוואָרן אין 500 מיליאָן רובל, און אין דער זעלביקער צייט האָט זי פאַרמאָגט איר אייגנס אַרום 20 מיליאָן אַקער פרוכטבאַרן באָדן. די קאָנפיסקאַציע פון דער קירך'ס אומבאַ־וועגלעכן אייגנטום, וואָס זי האָט פאַרמאָגט ווי דער געוועזענער „שותף פונם צאַרישן רעזשים", איז געווען אַן אַקט, וואָס איז פאַרשטענדלעך אויך אין די טערמינען פון אַ בלויז בירגערלעכער רעוואָלוציע. די סאָוועטישע גע־זעצגעבונג איז אָבער געגאַנגען אַ סך ווייטער. זי האָט קאָנפיסקירט אויך דאָס פּאָטענציאַנעלע פאַרמעגן פון דער קירך און פון אַנדערע רעליגיעזע קערפּערשאַפטן, דאָס פאַרמעגן וואָס זיי וואָלטן אפשר באַוויזן צו קריגן ניט ווי מתנות אָדער סובסידיעס פון דער מלוכה, נאָר ווי אַבסאָלוט פרייוויליקע נדבות מצד די גלויביקע. אַ רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע טאָר בכלל, לויטן סאָוועטישן געזעץ קיין אייגנטום ניט פאַרמאָגן, און נאָכמער: זי קאָן ניט באַטראַכט ווערן פאַר אַ יורידישער פערזאָן. אין אַנדערע ווערטער, אויב אַ

*) N. S. Timasheffl: Religion in Soviet Russia (Sheed and Ward, 1942).

סאָוועטישער בירגער זאָל שטאַרבן און מ'זאָל אויסגעפינען אַז אין זיין צוואה האָט ער איבערגעלאָזן פאַר אַ רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע אַ געוויסע סומע געלט אָדער חפצים (אין 1918 איז דאָס געווען ווייניקער אַפילו פון אַ טעאָרעטישער מעגלעכקייט, אָבער אין משך פון דער צייט זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד אַזעלכע ענדערונגען אין די סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַציאונגען, אַז מ'אָפּערירט שוין דאָרט נאָכאַמאָל גאַנץ געזעצלעך מיט צוואות און ירושות), קאָן די אָרגאַניזאַציע אָדער די קירך ניט אָנערקענט ווערן ווי דער געזעצלעכער יורש און זי טאָר זיך ניט ווענדן צום געריכט מיט אַ פאָדערונג מקיים צו זיין די צוואה: זי איז ניט קיין יורידישע פּערזאָן.

אין אַן אַנדער פּאַראַגראַף רעדט זיך וועגן גאַראַנטירן דאָס רעכט פון די גלויביקע „דורכצופירן רעליגיעזע צערעמאָניעס אויף אַזוי פיל אויף וויפיל דאָס איז ניט פאַרבונדן מיט שטערן די עפנטלעכע אָרדענונג און פרידן". עס ווערט אָבער ניט געגעבן קיין שום דעפיניציע פון דעם וואָס עס הייסט „שטערן די עפנטלעכע אָרדענונג" דורך תפילה־בציבור אָדער דורך אַ רעליגיעזער צערעמאָניע, און עס ווערט אויך ניט אָנגעוויזן, ווער אָדער וואָסאַראַ קערפּערשאַפט איז קאָמפּעטענט צו אורטיילן, צי האָבן מיר אין אַ געגעבענעם פאַל צו טאָן מיט אַן אַקט פון פרידנס־שטערונג אָדער ניט. די „גאַראַנטיע" מצד דעם געזעץ בלייבט דערפאַר הענגען אין דער לופטן. ווייל עס ווערט ניט דעפינירט קיין באַשטימטער קריטעריום, בלייבט עס אין רשות פון ריין אַדמיניסטראַטיווער קאָמפּעטענץ — אַן ענין פאַר דער פּאָליציי. ווי מיר וועלן שפּעטער זען, איז דאָס ניט בלויז אַ טעאָרעטיש־יורידישע פראַגע. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די „ליגע פון די גאָטלאָזע" האָבן נאָכדעם זייער ברייט אויסגענוצט די (בכיוון'דיקע ?) לעגאַלע לויזקייט פון דעם דאָזיקן פּאַראַגראַף:

אַלע געביידעס פאַר „גאָטעסדינסט" און זייערע חפצים זיינען לויטן דעקרעט פון 1918 קאָנפיסקירט געוואָרן, דערקלערט געוואָרן ווי דאָס אייגנטום „פונם פאָלק" (ד. ה. פון דער מלוכה). לויט דעם זעלביקן געזעץ מעג די רעגירונג שטעלן די נאַציאָנאַליזירטע געביידעס און חפצים אין רשות פון די גלויביקע. זי איז אָבער ניט מחוייב דאָס צו טאָן. זי ווערט בכן אויך אין דעם פּרט, די גאַנצע זאַך איבערגעלאָזן אין רשות פון אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען. זיי קאָנען פּסק'ענען אין יעדן איינצלנעם פאַל צי מ'דאַרף לאָזן אַ באַשטימטע אָרגאַניזירטע גרופּע פון גלויביקע זיך צו באַנוצן מיטן „אייגנטום פון פאָלק" אָדער ניט. יורידיש איז לחלוטין נישטאָ קיין קריטעריום, וויפיל פּלעצער פאַר תפילה־בציבור עס קענען דערלויבט ווערן אין אַ געגעבענער שטאָט, כאָטש פון שפּעטערדיקע רעגולאַציעס איז קלאָר, אַז אַ גרופּע פון מינימום צוואַנציק פּערזאָנען קענען באַטראַכט ווערן פאַר אַ קאָנגרעגאַציע (דאָס הייסט אָבער ניט, אַז אַ פּעטיציע פון צוואַנציק בירגער איז גענוג, אַז די מאַכט

זאָל מחויב זיין צו שטעלן אין זייער רשות די געביידע פון אַ קירך אָדער אַ בית־מדרש). אַז אויך דער פּונקט האָט אַ סך מער ווי אַן אַקאַדעמישן ווערט, אין וועלכן בלויז יוריסטן־טעאָרעטיקער קענען זיין פאַראינטערעסירט, וועלן מיר זען שפּעטער.

עס איז אַן אָנגענומענער כלל אין אַלע לענדער, וואו רעליגיע איז אָפּגעטיילט פון דער מלוכה, אַז אין עפנטלעכע שולן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פונם מלוכה־בודזשעט, טאָר מען קיין רעליגיעזן לימוד ניט געבן. אין די זעלביקע לענדער (פראַנקרייך, די פאַראייניקטע שטאַטן אא״וו) ווערט דאָס אָבער באַטראַכט פאַר אַ טייל פון געוויסן־פרייהייט, פון בירגערלעכער פרייהייט בכלל, אַז אין פּריוואַטע שולן (פון יחידים, געזעלשאַפטן אָדער קאָנגרעגאַציעס), וואָס קריגן ניט קיין סובסידיע פון דער מלוכה אָדער פון די מוניציפּאַליטעטן, מעג מען לערנען רעליגיע וויפיל און ווי אַזוי מ׳וויל. דער סאָוועטישער געזעץ גייט אויך אין דעם פּרט ניט אויפן וועג פון נייטראַליטעט. ער פאַרבאָט אויסדריקלעך דעם לימוד פון רעליגיע ניט נאָר אין עפנטלעכע, נאָר אויך אין פּריוואַטע שולן (לויט שפּעטערדיקע פאַראָרדענונגען קאָנען בכלל אין סאָוועטן־פאַרבאַנד קיין פּריוואַטע שולן פאַר אַלגעמיינער בילדונג און דערציאונג ניט עקזיסטירן), אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן „קינדער אין צאַרטן עלטער״ אָדער „מינדעריעריקע״ (ביז 18 יאָר). אין דער זעלביקער צייט האָט די מלוכה זיך גענומען דאָס רעכט — מיט וועלכן זי האָט זיך די גאַנצע צייט באַנוצט זייער ברייט — אין די עפנטלעכע שולן צו געבן די זעלביקע קינדער און מינדעריעריקע אַן אַטעאיסטישע דערציאונג. די עפנטלעכע שול איז בכן, אויפן חשבון פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, פון אַלע, ווי מיר זאָגן דאָ, „שטייערצאָלער״, גלויביקע און אומגלויביקע צוגלייך, אַ סעקטאַריאַנישע, בשעת די גלויביקע בירגער קאָנען אפילו אויף זייער אייגענעם חשבון ניט געבן קיין רעליגיעזן לימוד זייערע קינדער אין ספּעציעלע אַנשטאַלטן. לויט די זעלביקע געזעצן האָבן רעליגיעזע קערפּערשאַפטן קיין רעכט ניט אָנצופירן פּראָפּאַגאַנדע אָדער אויפקלערונגס־אַרבעט, בשעת די ניט־גלויביקע מעגן טאָן זייער „מיסיאָנערישע״ אַרבעט פראַנק און פריי (אַרטיקל 124 פון דער נייער קאָנסטיטוציע) און — כאָטש דאָס איז אָפיציעל אפשר ניט צוגעגעבן געוואָרן — אויפן חשבון פון דער מלוכה.

די אומנייטראַלע שטעלונג צו רעליגיע ווערט נאָך בלוט׳ער, ווען מ׳נעמט אין אַכט, אַז קיין שום בירגער וואָס געהערט צו אַ קירך אָדער רעליגיעזער אַסאָציאַציע קאָן ניט זיין קיין מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. יעדער פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציע דאַרף נאַטירלעך געגעבן ווערן דאָס רעכט צו מאַכן אירע תקנות ווי זי וויל און אויסצואַרבעטן אירע קוואַליפיקאַציעס פאַר מיטגלידערשאַפט. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין רוסלאַנד

איז אָבער ניט איינע פון אַ צאָל פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס; זי איז די רע־גירונגס־פּאַרטיי און דערצו נאָך די איינציקע וואָס מעג עקזיסטירן. אַ צאָל בירגער ווערן אויף אַזאַ אופן באַרויבט פון זייערע רעכט צו באַאיינפלוסן דאָס פּאָליטישע לעבן פון לאַנד מחמת זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען. דערצו דאַרף מען נאָך צורעכענען דעם אַרטיקל 65 פון דער 1918־קאָנסטיטוציע, לויט וועלכן פּראָפעסיאָנעלע גייסטלעכע האָבן ניט קיין בירגער־רעכט, טאָרן, הייסט עס, ניט ווילן און ניט געווילט ווערן פאַר קיין שום עפנטלעכע אַמטן. לויט שפּעטערדיקע ספּעציעלע רעגולאַציעס, האָבן זיי אויך ניט שטענדיק געהאַט דאָס רעכט צו קריגן שפּייז־קאַרטן *), אָדער זיי האָבן באַקומען שפּייז־קאַרטן פון דער נידעריקסטער קאַטעגאָריע („בלויז געגוג אַז די גלחים זאָלן ניט אינגאַנצן פאַרגעסן דעם ריח פון ברויט", ווי דער שפּעטער ליקווידירטער זינאָוויעוו האָט זיך עטלעכע מאָל סאַדיסטיש אויסגעדריקט אין זיינע אַר־טיקלען).

פרייהייט פון רעליגיע — אין דעם זינען אין וועלכן מיר זיינען גע־וואוינט אויפצופאַסן דעם דאָזיקן באַגריף אין אַמעריקע, אין פראַנקרייך, בכלל אין מערב־לענדער וואָס האָבן ביי זיך דורכגעפירט די „סעפּעראַציע" צווישן קירך און שטאַט — האָט אין סאָוועט־רוסלאַנד די אַלע יאָרן ניט עקזיסטירט, ניט אין דער פּראַקטיק און ניט אפילו קאָנסטיטוציאָנעל.

### III

ווי אַזוי האָט דער סאָוועטישער רעזשים ביז אַהער באַהאַנדלט רעליגיע אין דער פּראַקטיק?

די אויפגאַבע פון פירן אַ פאַרניכטונגס־קאַמף קעגן אַלע פאָרמען פון אָרגאַניזירטער רעליגיע, פון איין זייט, און פון האַלב־טאָלערירן די „אינערציע" פון רעליגיעזן לעבן, פון דער אַנדערער זייט, איז אין אַזאַ לאַנד ווי רוסלאַנד, נאַטירלעך, ניט געווען קיין לייכטע. ווי דער הויפּט־שונא איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך באַטראַכט געוואָרן די אַמאָל הערשנדיקע, אָפיציעלע גריכיש־אָרטאָדאָקסישע קירך, מ'האָט זיך אָבער געמוזט רעכענען אויך מיט גלוי־ביקע רוסן, וואָס האָבן צו דער אָפיציעלער קירך ניט געהערט און האָבן אין משך פון דורות געמוזט דערפאַר דורכלעבן שרעקלעכע רדיפות און פּייני־קונגען: מיליאָנען „ראַסקאָלניקעס" אָדער „סטאַראָאָבריאַדצעס", וואָס האָבן

*) כדי צו פאַרמיידן מיספאַרשטענדעגישן, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז דער דער־מאָנטער אַרטיקל 65 איז אין די לעצטע יאָרן שוין מער ניט גילטיק. פּראָפעסיאָנעלע גייסטלעכע פון אַלע אמונות געניסן שוין אין אַלע רעפּובליקן פונם סאָוועטן פאַרבאַנד פולע בירגער־רעכט (אַחוץ דעם רעכט אויף מיטגלידערשאַפט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי), און די קאַטעגאָריע פון די אַזוי גערופענע „לישענצעס" איז אינגאַנצן אָפּגעשאַפט.

זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער קאַזיאָנער קירך נאָך אין 1667; ראַציאָנאַליסטישע, מיסטישע, קאָמוניסטישע און שאָקירנדיק אַבערגלויבערישע סעקטעס מיט באַדייטנדיקע צאָלן אָנהענגער, אַזעלכע ווי באַפּטיסטן און שטונדיסטן, „כליס־טי" (בעלי־סיגופים מיט אַ מאַזאָכיסטישן ריטואַל), „ביעגוני" (לויפערס), „סקאָפּצי" (סריסים), מענאָניטן און דוכאָבאָרן (וואָס האָבן איינגעפירט אין זייערע דערפער עוואַנגעלישן קאָמוניזם נאָך צוריק מיט עטלעכע דורות), סובאָטניקעס, „זשידאָווסטוואָווישטשיע" (וואָס האָבן אָנגענומען און פּראַק־טיצירט אידישקייט) און אַנדערע. צווישן די ווייסרוסן און אוקראַינער זיינען אויך געווען (און פאַראַן ביז היינט) אָנגעזעענע צאָלן וניאַטן, רוימישע קאַ־טאָליקן מיט אַ געוויסן סלאַוויש־מזרח׳דיקן ריטואַל. אַ באַזונדער פּראָבלעם האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די קאַטוילישע קירך מיט אירע עטלעכע מיליאָנען נאָכפאָלגער, מיטגלידער פון אַ מעכטיקן און פאַרצווייגטן „אינטער־נאַציאָנאַל", מיט זיינע שטרענגע תביעות אויף אַן אייגענער לאָיאַליטעט און דיסציפּלין. די לוטעראַנישע קירך איז אין רוסלאַנד געווען שוואַכער פון דער קאַטוילישער, אָבער די מייסטע דייטשן, שוועדן און פינען וואָס האָבן דאָרט געלעבט, האָבן צו איר געהערט און דורך איר געקראָגן אָדער געווען עלול צו קריגן השפּעות פון אויסלאַנד. אויף דער וואָלגאַ, אין קרים, און נאָך מער אין קאַווקאַז און טורקעסטאַן — מיליאָנען מאַכמעדאַנער, פון וועלכע אַ סך האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט טערקיי, מיט פּערסיע און מיט די מעכטיקע מוסולמענישע אָרגאַניזאַציעס אין כינע און אינדיע; צווישן די פאַרשיידענע מאָנגאָלישע שבטים (קאַלמיקן, קירגיזן, באַשקירן און אַנדערע) — אַ פּאָר מיליאָן בודיסטן; עטלעכע מיליאָן אידן, וואָס נאָך אַלע משכיל׳ישע און סעקולערע באַוועגונגען, איז נאָך זייער רוב מנין און רוב בנין, אין אָנ־פאַנג פון דער רעוואָלוציע, אין פאַרשיידענע גראַדן, געווען פאַרבונדן מיט טראַדיציע און מיט רעליגיעזער פּראַקטיק. אַן אייגנאַרטיקע פּראָבלעם איז גע־ווען די אַרמעניש־גרעגאָריאַנישע קירך, איינע פון די עלטסטע אין דער געשיכטע פון קריסטנטום, מיט אַ רעקאָרד פון גרויסן מאַרטירערטום און מיט איר „אוניווערסאַלן צענטער" אין עטשמיאַדזין (סאָוועטישע אַרמעניע), וואָס זיין קאַטאָליקאָס אויטאָריטעט ווערט אָנערקענט פון קריסטלעכע אַרמענער איבער גאָר דער וועלט.

אין פּרינציפּ, יורידיש, האָט די סאָוועטישע מאַכט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן איין קירך אָדער רעליגיעזער אַסאָציאַציע און דער אַנדערער. אין דער פּראַקטיק אָבער קאָן מען אָנווייזן אויף אַ געוויסער עלאַס־טישקייט אין דער באַהאַנדלונג פון די פאַרשיידענע אמונות. וויפיל, למשל, די אידסעקציע האָט ניט געזוכט צו באַווייזן אַז דאָס אידישע רעליגיעזע לעבן איז דורך און דורך אָנגעלאָדן מיט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן דינאַמיט,

איז די אידישע אמונה קיינמאָל אונטערן סאָוועטישן רעזשים ניט גע׳רודפ׳ט געוואָרן מיט אַזאַ שאַרפקייט ווי פּראַוואָסלאַוויע אָדער דער רוימישער קאַטאָלי־ציזם. אידישע קאָמוניסטן האָבן געקאָנט אין זייערע פּלאַקאַטן טויזנטער מאָל אָוועקשטעלן אַן אָנגעפּרעסענעם, פּיזיש אָפּשטויסנדיקן, וואולגאַרן רב אינאיי־נעם מיט אַ בייכיקן גלח מיט עקלהאַפט־סענסועלע ליפּן, און זיי לאָזןביידע קושן דעם צאַר׳ס טריפה׳נע האַנט אָדער בענטשן די מאַשין־ביקסן וואָס זיינען אָנ־געשטעלט אויפן רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קלאַס, אין רוסלאַנד האָט מען אָבער געוואוסט און געדענקט אַז די אידישע אמונה איז געווען ביז דער רעוואָלוציע אַ גע׳רודפ׳טע, די גע׳רודפ׳טסטע פון אַלע, בשעת די הערשנדיקע קירך האָט אויב ניט ממש געהערשט, איז זי, לכל הדעות, געווען, אין די מיינסטע פאַלן, אַ ווילי־קער אינסטרומענט אין די הענט פונם צאַריזם און פונם פעאָדאַלן קלאַס און האָט מאָראַליש און אָרגאַניזאַציאָנעל געהאָלפן דער דעספּאָטישער הערשאַפט איבערן פאָלק. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס אין דעם באַרימטן מאָסקווער פּראָצעס פון די צוואַנציקער יאָרן, אינם פּראָצעס פון „די פיר און פופציק״, האָבן פיגורירט צוואַנציק פון די העכסטע גלחים פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך (אינאיינעם מיטן פּעטערבורגער מיטראָפּאָליט וועניאַמין) און אַ באַ־דייטנדיקע גרופּע פון רוימיש־קאַטוילישע שררות, מיטן בישאָף צעפּליאַק און מאָנסיניאָר בודקעוויטש בראש, אָבער קיין רב האָט זיך צווישן זיי ניט געפונען (פינף און צוואַנציק פון די אָנגעקלאָגטע זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט און אַ טייל פון די טויט־אורטיילן זיינען טאַקע אויסגעפירט געוואָרן).
אין די גאָר סענסאַציאָנעלע פּראָצעסן קעגן „קלעריקאַלע קאָנטער־רעוואָ־לוציאָנערן״ האָבן מיר אויך ניט געזען קיין באַפּטיסטן, אָדער בודיסטן, אָדער מאַכמעדאַנער, אָדער אַרמענאַ־גרעגאָריאַנער. זיי, אינאיינעם מיט אידן, זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר ווייניקער אינטערעסירט אין קאָנטער־רעוואָלוציאָ־נערע באַוועגונגען און ווייניקער געפערלעך פאַרן אויפבוי פון „אַ ניי לעבן״ איידער די קלאַסישע רוסישע קירך אָדער די קאַטוילישע קירך מיטן וואַטי־קאַן אין הינטערגרונט. אַ טייל „נאָן־קאָנפאָרמיסטישע״ קריסטלעכע סעקטעס האָבן דערפאַר אַ צייט אפילו גענאָסן געוויסע פּריווילעגיעס: באַפּטיסטן, למשל, האָט מען אין אַ סך ערטער, אין משך פון עטלעכע יאָר, דערלויבט דורכצופירן זייער „גאָטעסדינסט״ אונטערן פרייען הימל, אין מיטן שטאָט אָדער אין פּאַרקן, בשעת קיין שום פּראַוואָסלאַוונע אָדער קאַטוילישע געמיינדע האָט דאָס ניט געטאָרט טאָן. אין דער פּראַקטיק האָט זיך אָפּטמאָל בולט גע־מאַכט אַ ניט־אָפיציעלע טענדענץ אַרויסצואווייזן מער דרך־ארץ אָדער טאָלע־ראַנץ צו קולטן, וואָס זיינען פאַר דער רעוואָלוציע געווען גע׳רודפ׳ט אָדער באַגרענעצט אין זייערע רעכט. לויט דער דאָזיקער לאָגיק פון „עליונים למטה ותחתונים למעלה״ איז אויסגעקומען, אַז אויב דאָס וועט פירן דערצו (ווי עס

האָט טאַקע אין געוויסע געגנטן געפּירט) אַז צאָלן פּראַוואָסלאַוונע רוסן זאָלן איבערגיין צו די באַפּטיסטן אָדער שטונדיסטן, וועט דאָס אויך זיין אַ רעלאַטיווער געווינס — ניט ווייל די לעצטע זאָלן אין תוך זיין בעסער פון דער אַמאָליקער אָפיציעלער קירך, נאָר ווייל זיי קאָנען ניט האָבן יענע אַספּיראַציעס, פון וועלכע אַ היסטאָריש איינגעפונדעוועטע קירך, מיט גרויסע פּריווילעגיעס אין דער אַזוי נאָענטער פאַרגאַנגענהייט וויל זיך לייכט ניט אָפּזאָגן. מיט באַזונדערער פאַרזיכטיקייט האָט מען אַ ריי יאָרן באַהאַנדלט די קרוב צו צוואַנציק מיליאָנען מאַכמעדאַנער פון סאָוועט-רוסלאַנד, ניט נאָר ווייל די אָנהענגער פון איסלאַם זיינען עקשנות׳דיקער און פאַנאַטישער אין זייערע רעליגיעזע לאָיאַליטעטן און עס איז געווען באַזונדערס געפערלעך אַרויסצורופן זייער אַנטאַגאָניזם, נאָר אויך צוליב זייערע פאַרבינדונגען מיט צענדליקער מיליאָנען גלויבנס-ברידער אין אַ ריי לענדער אין אַזיע און אַפריקע, אין וועלכע די דעמאָלטדיקע קאָמוניסטישע פּאָליטיק האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס. דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אין די צוואַנציקער יאָרן נאָך אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע פּראָפּאַגאַנדע אין פּערסיע און אַפגאַניסטאַן, אין די אַראַביש רעדנדיקע לענדער, אין אינדיע און אין כינע, מיט זייערע אומגעהייער גרויסע צאָלן מאַכמעדאַנער און אויך אין די קאָלאָניאַלע לענדער פון צפון-אַפריקע. אין אַ טייל פון די דאָזיקע לענדער האָט דער קאָמאינטערן ניט זעלטן געניצט אין זיין אַנטי-אימפּעריאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע מאָטיוון, וואָס האָבן געזאָלט אַפּעלירן צו די געקריוודעטע נאַציאָנאַליסטישע און רעליגיעזע געפילן. צו־שאַרפע רדיפות פונם איסלאַם וואָלטן אין יענע טיילן פון דער וועלט געמאַכט די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אומגעהייער שווער, אויב ניט אוממעגלעך. די מוסולמענישע קירך האָט דערפאַר, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע, לפי ערך ווייניק געליטן פון רעפּרעסיעס. אין קאַווקאַז און טורקעסטאַן האָבן יאָרנלאַנג עקזיסטירט „מעדרעסעס" (מוסולמענישע חדרים) כמעט פראַנק און פריי, און „קינדער פון צאַרטן עלטער און מינדעריעריקע" האָבן דאָרט געקראָגן זייער טראַדיציאָנעלע רעליגיעזע דערציאונג — כאָטש, ווי עס פאַרשטייט זיך אַליין, קיין אָפיציעלע דערלויבעניש אויף אַזעלכע אינסטיטוציעס, וואָס וואָלט געווען אומגעזעצלעך, איז קיינמאָל ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן. אין 1923, איז אין אופן, מיט דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג, אַפילו פאַרגעקומען אַן אַלפאַרבאַנדישער מוסולמענישער קאָנגרעס, אויף וועלכן עס זיינען, אגב, געזאָגט געוואָרן תפילות פאַר לעניג׳ס געזונט, און דער קאָמוניסטיש אינספּירירטער „קאָנגרעס פון די מזרח-פעלקער" מיט דער באַטייליקונג פון אויסלענדישע דעלעגאַטן, וואָס איז פאַרגעקומען עפּעס פריער אין באַקו, האָט זיך פייערלעך געעפנט מיט

דער גאַנצער פּאָמפּע און צערעמאָניאַל פון אַ פייערלעכן מוסולמאַנישן „גאָטעס־דינסט“.

די הויפּט־אַטאַקע איז אין משך פון אַ צאָל יאָרן געווען געצילט, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן, קעגן דער גרעסטער און, פון אַ רוסיש־באָלשעוויסטישן שטאַנדפּונקט, געפערלעכסטער קירך — דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער. עס איז איצטער ניט די צייט זיך אָפּצושטעלן אויף דער פראַגע, צי די דאָזיקע קירך האָט טאַקע „כשר פאַרדינט“ אין אַזאַ מאָס גע׳רודפ׳ט צו ווערן. אין די לעצטע יאָרן האָבן, ספּעציעל אין דער רוסישער עמיגראַציע, זיך באַוויזן אַ סך אָפּלאָגעטן פון דער רוסישער קירך און פון איר היסטאָרישער ראָלע אין לעבן פון פאָלק (פּיטרים סאָראָקין פון האַרוואַרד, פּראָפעסאָר טימאַשעוו פון פאָרדהעם־אוניווערזיטעט, די אַריסטאָקראַטישע העלענאַ איזוואָלסקאַיאַ און אַנדערע). זיי גיבן מערסטנטייל אַ ראָמאַנטיש, אידעאַליזירט בילד פון דער קירך ווי אַ פאָלקסטימלעכע און פאָלק־ליבנדיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט מערסטנטייל געהאַט איין עובדה: אַרויסהעלפן און באַשיצן דעם פּראָסטן מענטשן און פאַרשפּרייטן פּשוטע, טרייסטנדיקע פרומקייט. אָבער אַלץ איינס, וואָס די קירך איז ניט געווען אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט און ווי גרויס איר ציוויליזאַטאָרישע און סאָציאַלע ראָלע איז ניט געווען ביז פעטער דער גרויסער האָט אונטערגעהאַקט איר מער אָדער ווייניקער זעלבסטשטענ־דיקע עקזיסטענץ — האָט אָבער דאָס וואָס דער רעוואָלוציאָנערער דור פון 1917 האָט וועגן איר קאָנקרעט געוואוסט און געדענקט ניט געקאָנט אַרויסרופן צו איר ניט קיין ליבע און ניט קיין רעספּעקט.

דער פּראָ־קאָמוניסטישער דין פון קענטערבערי האָט אין זיין פּאָפּולערן בוך „סאָוויעט פּאַואָער“ זיך דערלויבט די באַהויפּטונג, אַז אין רוסלאַנד האָט אַ לחלוטין אומגעבילדעטער מענטש געקאָנט ווערן אַ בישאָף. וואו ער האָט אַזאַ אינפאָרמאַציע געקראָגן, וועט מוזן בלייבן זיינער אַ סוד. אין די לעצטע דורות, יעדנפאַלס, זיינען קיין עם־הארצ׳ישע בישאָפן אין רוסלאַנד ניט געווען, און אפילו דער דורכשניטלעכער שטאָטישער גייסטלעכער האָט זיך אין אונזערע יאָרן געקאָנט פאַרמעסטן אין לומדות מיט אַ דורכשניטלעכן גלח אין אַמעריקע. ניט דער מאַנגל אין בילדונג איז געווען דער חסרון פון דער קירך, וואָס די רעוואָלוציע האָט איר געקאָנט אויפוואַרפן. די וואָס האָבן זיך באַפרייט פון איר היפּנאָז האָבן אין איר, מיט ניט ווייניק גרונט, געזען אַ רייך־אויסגעפּוצטן משרת ביים צאַרישן רעזשים און ביי דעם פעאָדאַלן קלאַס. די גאַלעריע פון באמת גרויסע און הויך־מאָראַלישע כאַראַקטערן וואָס די קירך האָט פאַרמאָגט צו איר קרעדיט אין דער פאַרגאַנגענהייט, און יענע איינצלנע טיף־רעליגיעזע און וויזיאָנערישע מאָנאַכן פון די לעצטע דורות, וואָס האָבן אינספּירירט אַ דאָסטאָיעווסקי צו שילדערן מיט אַזוי פיל

יראת הכבוד דעם זקן זאָסימא (אין די „ברידער קאַראַמאַזאָוו") קאָנען ניט מכפר זיין אויף דער פאָלקס־פיינטלעכער האַלטונג מצד דעם קירכן־באַאַמטנטום אין די צייטן פון פאַר דער רעוואָלוציע. אין זיין בוך „רוסלאַנד און די פּאַראייניקטע שטאַטן", באַרימט זיך פּיטרים סאָראָקין מיטן פאַקט, וואָס די רוסישע קירך האָט קיינמאָל נישט געשאַפן קיין אינקוויזיציע און זי איז, אַזוי אַרום, ניט באַלאָדן מיט יענע חטאים, פון וועלכע דער קאַטוילישער קירך איז נאָך ביז היינט אַזוי שווער זיך רייניצוואוואַשן. איז טאַקע אמת, אַז זי האָט קיינמאָל קיין ענלעכן אַפּאַראַט ניט פאַרמאָגט. אָבער אָן אַזאַ אַפּאַראַט זיינען אירע האַנדלונגען צו אָפט געווען אינקוויזיטאָריש. אויב מ'האָט געשיקט שטראָף־עקספּעדיציעס קעגן ראַסקאָלניקעס און מאָלאָקאַנער, אויב מ'האָט געשמיסן דוכאָבאָרן און צוגענומען ביי זיי די קינדער, אויב מ'האָט אַריינגעוואָרפן מענטשן אין טורמע אָדער פאַרמוטשעט זיי צום טויט אין ווייטע פאַרשיקונגען פאַר זיך וועלן מגייר זיין אָדער „אַריינפאַלן אין דער קאַטוילישער כפירה", איז דאָס געטאָן געוואָרן אין נאָמען פון דער קירך. די רעכטלאָזיקייט פון אידן איז מאָטיווירט געוואָרן רעליגיעז און האָט געטראָגן אויף זיך דער קירכ'ס ברכה. און האָט מען געשמיסן פויערים איבער די נאַקעטע לייבער פאַר „אַגראַרישע אומאָרדענונגען", האָט די קירך ניט נאָר געשוויגן, נאָר אויך אין די מיינסטע פאַלן, געטרופן דיזעלביקע פויערים תשובה צו טאָן פאַר זייערע זינד. איליאָדאָר איז געקומען פון דער קירך; קעגן ראַספּוטינ'ס מעשי־תעתועים, קעגן זיין פאַטאַלער ראָלע אין דער געשיכטן פון רוסלאַנד, האָט די קירך קיינמאָל איר שטים מוטיק ניט אויפגעהויבן, און עס איז געווען אַן אָפענער סוד, אַז פאַר אַ סך פון די נידערטרעכטיקסטע האַנדלונגען פון דער צאַרישער רעגירונג איז אינטעלעקטועל געווען פאַראַנטוואָרטלעך פּאָביעדאָנאָסצעוו, דער אויבער־פּראָקוראָר פונם „הייליקסטן סינאָד *). עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס טאָלסטאָי, וואָס האָט נאָך זיין קריזיס געזוכט פאַר זיך אַ פּלאַץ אין דער הימישער קירך, האָט זיך באַלד געמוזט אָפּקערן פון איר מיט צאָרן און עקל. בערדיאַעוו'ן, דעם גרויסן מליץ־יושר פון פּראַוואָסלאַוויע אין אונזער דור, איז גאָר ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען צו מאַכן זיין דערקלערונג, אַז די רעוואָלוציע און די עינויים וואָס זי האָט, לויט זיין מיינונג, געבראַכט דעם רוסישן פאָלק, איז אַן „עונש מן השמים", אַ פאַרדינטע שטראָף פאַר די גרויסע זינד, וואָס די קירך איז באַגאַנגען.

*) אמת, ניט די קירך גופא האָט פּאָביעדאָנאָסצעוו'ן אַוועקגעזעצט אין דער שפּיץ פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. זינט פּעטער דעם גרויסנ'ס רעפאָרמען האָט די קירך ניט פאַרמאָגט יענע אויטאָנאָמיע וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער וואַל פון פּאַטריאַרך.

די פאַרביטערונג פון דער רעוואָלוציע קעגן דער אָפיציעלער קירך איז, בכן געווען אי אַ פאַרשטענדלעכע, אי אַ באַרעכטיקטע. דער פעלער וואָס דער קאָמוניזם איז באַגאַנגען ליגט ניט אַזוי פיל אין דער אָפשאַצונג פון דער ראָל וואָס די קירך האָט געשפּילט אין די לעצטע עטלעכע דורות, ווי אין דעם צו פּשטנ׳ישן פּראָגנאָז, וואָס זי האָט געמאַכט בנוגע דער צוקונפט. עס איז לכתחילה געווען אַ געוויסער גרונט אָנצונעמען (אָדער, לכל הפּחות, צו האָפן), אַז אַ מאַטעריעל אָרעמע קירך אָן אַן אָפיציעלן סטאַטוס, אָן דער קאָרופּטירנדיקער שטיצע פון אַ רעזשים וואָס דאַרף זי האָבן ווי איינעם פון זיינע אינסטרומענטן פאַר דער אונטערדריקונג פון פאָלק, קאָן זיין בכוח אַרויסצוברענגען די פּאָזיטיווערע סאָציאַל־רעליגיעזע כוחות, וואָס האָבן געדרימלט אין די הערצער פון מיליאָנען גלויביקע. דאָס אָפּטיילן רעליגיע פונם שטאָט האָט געשאַפן פאַר דער קירך די געלעגנהייט דורכצומאַכן אַ פּראָצעס פון זעלבסט־רייניקונג. לויט אָפיציעלער סאָוועטישער ליטעראַטור קומט אויס, אַז די קירך איז אויך נאָך דער רעוואָלוציע ניט גרייט געווען אויף אַן ערנסטן חשבון־הנפש, און זי האָט באַשלאָסן אויך אויף ווייטער צו בלייבן דאָס, וואָס זי איז געווען — אַ רעאַקציאָנערער כוח, וואָס איז ווילִיק צו דינען די אינטערעסן פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע, וואָס לעכצט נאָך דער רעסטאַווראַציע פון אַ קלאַסן־געזעלשאַפט. אין וועלכער מאָס קירכן־קרייזן האָבן זיך באַטייליקט אין קאָנספּיראַטיווע אַנטי־סאָוועטישע טעטיקייטן, איז ניט לייכט אויסצוגעפינען. עס וועלן מסתמא קומען יאָרן ווען עס וועט מעגלעך זיין אָביעקטיוו אויסצופאָרשן די אָפיציעלע און די פּריוואַטע מאַטעריאַלן וואָס האָבן דערמיט צו טאָן. עס וואָלט געווען אומנאַטירלעך, ווען אין די יאָרן פון בירגער־קריג זאָלן זיך אין דער קירך (באַזונדערס אין אירע העכערע שיכטן) ניט האָבן געפונען עלעמענטן, וואָס האָבן געמאַכט שותּפות מיט אַנטי־באָלשעוויסטישע גרופּירונגען. בדרך־כלל אָבער האָט די פאַנאַנדערטיילונג צווישן רעליגיע און שטאָט אָנגעהויבן אויסצואיבן אַ מאָראַליש־היגיענישע השפּעה אויפן קירכן־לעבן. קיין קאַריעריסטן האָט אַ פאַראָרעמטע קירך, וואָס איז מיט אַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פריי־וואַטער אָרגאַניזאַציע, ניט געקאָנט צו זיך צוציען, און ניט ווייניק קאַריעריס־טישע עלעמענטן האָבן זי ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַרלאָזן. אין די יאָרן פון רדיפות האָבן אין דער קירך געקאָנט בלייבן מערסטנטיילס אַזעלכע אָמטן־טרעגער (באַזונדערס פון אינגערן דור), וואָס זיינען געווען גרייט אויף גרויסע קרבנות פאַר זייערע איבערצייגונגען: קריגן אָנשטאָט געהאַלט מאָגערע נדבות פון איינצלנע מענטשן צווישן די גלויביקע; זיין געשטעמפּלט פאַר אַ „לישענעץ" (רעכטלאָזער); אָפּט נישט קאָנען שיקן זיין קינד אין שולע; ניט האָבן קיין וואוינרעכט אין די גרעסערע אינדוסטריעלע שטעט ווי אַ

„פּאַראַזיטישער עלעמענט״; באַרויבט ווערן פון זיין שפּייז־קאַרטע אָדער נוצן אַ שפּייז־קאַרטע פון דער גאָר לעצטער קאַטעגאָריע; שטענדיק שטיין אונטער פאַרדאַכט און פּאָליצייִ־השגחה; זיין אויסגעזעצט צו דער געפאַר אַרעסטירט און פאַרשיקט צו ווערן. נאָר אַבסאָלוטע טויגעניכצן פונם עלטערן דור אָדער יונגע, רעליגיעז־העראָאישע נאַטורן האָבן אונטער אַזעלכע באַדינגונגען געקאָנט בלייבן אין דער קירך אויף זייערע פּאָסטנס. ווען מיר געפינען איצט אויס, אַז אין רוסלאַנד זיינען פאַראַן דרייסיקיעריקע גלחים (וואָס אַ סך פון זיי דינען אין דער רויטער אַרמיי), איז דאָס אַליין אַ באַשטעטיקונג פון אַ מערכטיקן אידעאַליסטישן שטראָם וואָס האָט זיך אַריינגעגאָסן, אין די ערגסטע יאָרן פון מיליטאַנטישן אַטעאיזם, אין רוסישן רעליגיעזן לעבן. דאָס הייסט, אַז טראָץ די רדיפות (אָדער אפשר גאָר אַדאַנק זיי), איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ אַטמאָספערע, אַז יונגע קינדער, „קינדער פון דער רעוואָלוציע״ — אַזעלכע, וואָס געדענקען גאָר ניט קיין אַנדער רעזשים — האָבן זיך געגעבן אַ נדר צו גיין אויף „קידוש השם״ און זיך צוגרייטן צו אַ פּראָפעסיע, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר הייליק. וואו האָבן זיי אייגנטלעך געקראָגן זייער „סמיכה״? קיין טעאָלאָגישע סעמינאַרן זיינען ביז איצט אין סאָוועט־רוסלאַנד ניט געווען, קיין אויסלאַנד פאַרן האָבן זיי אויך ניט געקאָנט. אַ סך פון זיי האָבן געקראָגן זייער אויסבילדונג דורך מימעאָגראַפירטע קאָרעספּאָנדענץ־קורסן; אַנדערע, אין קליינע גרופּן, אונטער דער שטילער פּירערשאַפט פון אַ בישאָף; נאָך אַנדערע „איש מפי איש״, דורך פּריוואַטן לימוד. אַזאַ וויטאַליטעט האָבן די פּירנדיקע קאָמוניסטן זיכער נישט פאָראויסגעזען, און דאָס הייסט, אַז זיי האָבן פאַלש אָפּגעשאַצט די גייסטיקע פּאָטענצן אין אַ קאָרופּטער קירך, וואָס האָט דאָך געהאַט אין זיך געזונטע קערנדלעך און אַ פעאיקייט זיך אַליין צו היילן.

די דאָזיקע פאַלשע אָפּשאַצונג איז — באַזונדערס „אויף די ערטער״ — געווען איינער פון די הויפּט־מאָטיוון אין דער דורכפירונג פון שאַרפע רעפּרעסיעס קעגן די גלוביקע. עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ (און עס איז איצטער פאַר דעם ניט די ריכטיקע צייט) אויסצורעכענען די דעטאַלן פון דער מיליטאַנטישער אַנטי־קירכן־פּאָליטיק וואָס איז אין רוסלאַנד געפירט געוואָרן ביז צוריק מיט עטלעכע יאָר. פּראָפעסאָר טימאַשעוו׳ס לעצטע אַרבעט, אויף וועלכער איך האָב זיך שוין פריער פאַררופן, פאַרמאָגט, טראָץ איר טענדענציעזן כאַראַקטער, אַ רייכן און בדרך־כלל אַ געוויסנהאַפט דאָקומענטירטן מאַטעריאַל וועגן די פאַרשיידענע פאָרמען, וואָס די רדיפות אויף דער קירך האָבן אָנגענומען אין יעדן פעריאָד באַזונדער. עס איז דאָ גענוג צו דערמאָנען, אַז לאָקאַלע סאָוועטן האָבן אַרביטראַריש אַליין באַשטימט, וויפיל געביידעס די גלוביקע אין אַ געגעבענער שטאָט דאַרפן האָבן פאַר זייער גאָטעסדינסט,

כאָטש פאָרמעל האָט עס אין די מיינסטע פאַלן געטראָגן אַן אַנדערן כאַראַקטער: גרויסע מיטינגען פון דער „אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג" האָבן (מערסטנ־טיילס „איינשטימיק"...) באַשלאָסן, אַז קיין גלויביקע אין שטאָט אָדער אין דעם אַדמיניסטראַטיוון ראַיאָן זיינען שוין נישטאָ, אָדער אַז זייער צאָל איז אַזוי קליין, אַז די מיינסטע רעליגיעזע געביידעס קאָנען שוין פאַרווענדט ווערן פאַר אַנדערע צוועקן. אין אַנדערע ערטער האָט מען ניט דערלויבט די קירכן אָדער געבעט־הייזער צו נוצן עלעקטרישע באַלייכטונג. אַלע יאָרן האָט מען פאַקטיש ניט געקאָנט דרוקן ניט די ביבל, ניט קיין געבעט־ביכער און ניט אַפילו קיין לוח פאַר רעליגיעזע צוועקן, כאָטש קיין בפירוש'ער פאַר־באָט האָט קעגן דעם קיינמאָל ניט עקזיסטירט. די פאַרנעפּלטקייט און די „עלאַסטישקייט" פון די געזעצן, וועלכע מיר האָבן פריער אַנאַליזירט, האָבן געגעבן אַ מעגלעכקייט די לאָקאַלע אויטאָריטעטן צו טאָן כמעט אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט. אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך (ניט זעלטן אויך אין דערפער) פלעגן זיך באַנדעס אַנטי־רעליגיעזע פאַנאַטיקער אַריינרייסן אין געבעט־הייזער מיט דער אָפענער כוונה צו שטערן מיט געשרייען און ביליקע זילזולים די תפילה און צו פּראָוואָצירן אַ געשלעג מיט די גלויביקע. און האָט דאָרט אויסגעבראָכן אַ געשלעג אָדער אַ סקאַנדאַל, האָט די מיליציע נאַטירלעך געהאַט דאָס רעכט דעם גאַנצן עולם פונאַנדערצוטרייבן און זיך דערביי צו שטיצן אויפן געזעץ, וואָס זאָגט בפירוש אַז „עפנטלעכע תפילה איז גאַראַנטירט מיט דעם באַדינג, אַז זי זאָל ניט ברענגען צו קיין שטע־רונג פון דער עפנטלעכער רו און אָרדנונג". קיין אויספאָרשונגען, ווער אָדער וועלכער צד עס האָט גורם געווען די אָרדענונגס־שטערונג, זיינען מערסטנ־טיילס ניט געמאַכט געוואָרן, און ניט איין מאָל זיינען גאָר פאַרפירט געוואָרן פּראָצעסן קעגן די מתפּללים פאַר בייזוויליקע אָנפאַלן אויף די ניט־גלויביקע. אין זייער אלף־בית פון קאָמוניזם האָבן בוכאַרין און פּרעאָבראַזשענסקי, אמת, געוואָרנט קעגן אַ כוליגאַנישער באַהאַנדלונג פון די גלויביקע: „די רעלי־גיעזע מענטשן זיינען אין דער העכסטער מאָס סענסיטיוו, און סתם חוזק מאַכן פון רעליגיע וועט שטערן דער פּראָפּאַגאַנדע". אַזעלכע וואָרענונגען זיינען ניט איינמאָל געמאַכט געוואָרן אויך פון יעמעליאַן יאַראָסלאַווסקי (דער הויפּט־אָנפירער פון דעם „סאָיוז בעזבאָזשניקאָוו", אָדער, ווי אַנדערע האָבן אים סאַרקאַסטיש גערופן, „דער פויפּסט פון די אַטעאיסטן"). ביי אַ געוויסער געלעגנהייט — ווען אַ מיידל, אַ סטאַכאַנאָווקע אין סיביר, וואָס איז פער־זענלעך געקריוודעט געוואָרן מחמת איר צוגעהעריקייט צו דער קירך, און איר איז געלונגען צו ברענגען איר אָנקלאַגע צו די העכסטע אויטאָריטעטן אין מאָסקווע — האָט אַפילו סטאַלין עפנטלעך געטאַדלט אַזעלכע אומגעזעצ־

לעכקייטן. דאָס האָט אָבער זייער ווייניק געהאָלפן, ווייל קיין דיסציפּלינאַרע שטראָפן פאַר הונדערטעריליי שטערונגען, ווילקירלעכקייטן און ווילדקייטן זיינען ניט געגעבן געוואָרן, און די יוגנט פון דעם „פאַרבאַנד פון די גאָטלאָזע״ האָט ביי זיך געוואוסט, אַז כאָטש אָפיציעל און לפנים דאַרף מען פון צייט צו צייט אַרויסווייזן אַ געוויסן מינימום פון טאָלעראַנץ, אָבער אין גרונט איז „נאַטשאַלסטוואָ״ פון זייערע מעשים ניט זייער אומצופרידן און זי האָט בילכערע זאַכן צו באַזאָרגן ווי צו פאַרטיידיקן רעליגיעזע פאַנאַטיקער...

IV

די רדיפות האָבן אָבער ניט געהאָלפן, און עס האָט אויך ניט געהאָלפן די פאַרצווייגטע פּראָפּאַגאַנדע אויף אַלע שפּראַכן פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס איז יאָרנלאַנג אָנגעפירט געוואָרן פון דעם „סאָיוז בעזבאָזשניקאָוו״. עס האָבן ניט געהאָלפן ניט די עפנטלעכע דעבאַטן, אויף וועלכע מ׳האָט אין די ערשטע יאָרן אַרויסגערופן פאַרטרעטער פון די קירכן און סעקטן, און אויך ניט די רייך־אויסגעשטאַטע אַנטי־רעליגיעזע מוזייען.

וואָס שייך די רוסישע טראַדיציאָנעלע קירך, וואָס איז געווען, ווי שוין אָנגעוויזן, דאָס הויפּט־צילברעט פון די רעפּרעסיעס און פון דער אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, האָט מען אַ צייט געזוכט זי אונטערצוגראָבן פון אינעווייניק. די געשיכטע פון דער אַזויגערופענער „זשיוואַיאַ צערקאָוו״ (די לעבעדיקע קירך), וואָס איז אין משך פון עטלעכע יאָר אומאָפיציעל געשטיצט געוואָרן פון דער רעגירונג, איז אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל, וואָס פאָדערט אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג. אַ געוויסער טייל פון די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע גלחים האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אַלטער קירך און האָט זיך אונטערגענומען דורכצופירן אַ מין רעליגיעזע רעפאָרמאַציע. צווישן יענע גלחים זיינען ניט געווען נישט קיין טעאָלאָגן פון וועלכער ניט איז באַדייטונג, ניט קיין פּערזענלעכקייטן פון וועלכן ניט איז מאָראַלישן שיעור־קומה. זיי האָבן איינגעפירט אומבאַדייטנדיקע ענדערונגען אין ריטואַל און האָבן דערלויבט אויך דער העכערער גלח׳שאַפט (בישאָפן, מיטראָפּאָליטן) חתונה צו האָבן. דער ראש־המדברים פון דער גרופּע, דער פּראָטאָיערעי ווועדענסקי, האָט אין 1922 אָנגעצייכנט אַ פּלאַן פאַר רעפאָרמאַציע, וואָס אין פאַרגלייך מיט איר איז לוטער׳ס רעפאָרמאַציע געווען אַ קינדער־שפּיל״. טעאָלאָגיש איז אָבער אים און זיינע קאָלעגן ניט געווען קלאָר וואָס אַזוינס זיי קלייבן זיך צו רעפאָרמירן. די הויפּט־כאַראַקטעריסטיק פון דער „לעבעדיקער קירך״ איז געווען איר קאַטעגאָרישער פּראָ־סאָוועטיזם און די גרייטקייט צו דינען דעם נייעם רעזשים אַן ערך אויף דעמזעלביקן אופן, אויף

וועלכן די אַלטע קירך האָט פריער קאָאָפערירט מיטן צאַרישן רעזשים *).
קיין איין קאָמוניסט איז נאַטירלעך ניט געווען באַגייסטערט פאַר דער אידייע פון
אַ „סאָוועטישער טעאָקראַטיע" און קיינער פון זיי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זיין
איבערצייגונג, אַז „טוב שב׳רעליגיעס הרוג". אָבער כדי אַריינצוברענגען אין
די רייען פון די גלויביקע וואָס מער צעטומלעניש, און כדי אויסצונוצן אין
אַ שווערן איבערגאַנגס־פעריאָד אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז גרייט אין נאָמען
פון רעליגיע צו געבן אַ הכשר און אַפילו אַ פרומע ברכה אויף אַלץ, וואָס
דער רעזשים טוט, האָבן סאַי די צענטראַלע און סאַי די לאָקאַלע אויטאָריטעטן
גענומען אונטער זייער ספּעציעלן שוץ די „לעבעדיקע קירך".

די רעגירונג איז, בכן, אַ געוויסע צייט געווען אַ צד אין אַן אינעווייניקסטער רעליגיעזער מחלוקת, טראָץ לענינ׳ס אַלגעמיינער איבערצייגונג, אַז אַ „בעסערע" קירך איז ערגער פון אַ „שלעכטער". אַ דעקרעט פונם יוסטיץ־קאָמיסאַריאַט און פונם קאָמיסאַריאַט פאַר אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן (פונם 27טן אַפּריל, 1923) האָט דערלויבט אַלע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס אָפּצוהאַלטן צענטראַלע און פּראָווינציעלע צוזאַמענפאָרן כדי צו וויילן עקזעקוטיווע ראַטן, אָבער אין יעדן איינצלנעם פאַל האָט זיך געפאָדערט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. אַזעלכע דערלויבענישן זיינען אָבער אַרויסגעגעבן געוואָרן בלויז צו די „נאָן־קאָנפאָרמיסטישע" סעקטן, וואָס זיינען געווען גע׳רודפ׳ט פונם צאַרישן רעזשים (מ׳איז געווען גרייט דאָס צו דערלויבן אויך אידן און אַרמענאָ־גרעגאָריאַנער) און צו דער „לעבעדיקער קירך". ווי אַ רעזולטאַט פון דידאָזיקע צוזאַמענפאָרן איז, מיט דער קאָאָפּעראַציע פון דער רעגירונג, אַ גרויסע צאָל קירך־געביידעס (קעגן דעם ווילן פון די מיטגלידער) איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער „לעבעדיקער קירך", און, לויט פּראָפעסאָר טימאַשעוו׳ס דאָקומענטן, זיינען 84 בישאָפן און העכער טויזנט גלחים באַזייטיקט געוואָרן פון זייערע אַמטן, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר פּראָ־קאָמוניסטישע גייסטלעכע פון דער נייער קירך. אַזעלכע האַנדלונגען האָבן אָבער אַרויסגערופן אין גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג אַזוי פיל אַנטאַגאָניזם, אַז די קירך־געביידעס, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו דער „לעבעדיקער קירך" זיינען געווען אַזוי דעמאָנסטראַטיוו־ליידיק פון מתפללים, און די רעגירונג האָט געמוזט חרטה קריגן, הלמאי זי האָט זיך אַריינגעמישט „ניט אין איר זאַך". אַ גרויסן, כמעט טויטלעכן קלאַפּ האָט די „לעבעדיקע קירך" געקראָגן דעם 19טן יוני 1923, ווען די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּע־

*) אַן ענלעכער, זייער ניט ערנסטער און אין פילע פּרטים אַמוזירנדיקער, פּרוּוו איז געמאַכט געוואָרן, נאָך אין 1920, צווישן אידן: אַ קליינשטעטלדיקער רב האָט דעמאָלט אין קיעוו געפּרוּווט צו שאַפן, מיט דער פינאַנציעלער מיטהילף פונם גובערניאַלן סאָוועט, אַ מין „לעבעדיקע סינאַגאָגע".

ציעלן דעקרעט, לויט וועלכן עס איז פאַרבאָטן די לאָקאַלע אויטאָריטעטן צו שטיצן איין רעליגיעזע גרופּע קעגן דער אַנדערער. דער סאָוועטישער עקספּערימענט מיט דער „לעבעדיקער קירך" האָט געליטן אַ פיאַסקאָ ניט דערפאַר, וואָס צווישן דעם גלויביקן רוסישן עולם איז ניט רייף געוואָרן קיין באַדערפעניש צו געוויסע רעפאָרמען, נאָר ווייל די נייע קירך איז געווען צופיל אַ קרוב למלכות, און, לויט איר עצם געבורט־שיין, אַן אָפּאָרטוניסטישע. אַ „קאַזיאָנע" קירך, אַנדערש געשליירט, האָט ניט געקאָנט אַפּעלירן צו יענע עלעמענטן פונם פאָלק, וואָס האָבן איבערגעלעבט גרויסע אַנטוישונגען און אויפטרייסלונגען און זיינען דאָך געבליבן געטריי די יסודות פון זייער אַלטער אמונה.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן אויף די דעטאַלן פונם שטילן, אָבער עקשנות'דיקן קאַמף וואָס מיליאָנען גלויביקע פון פאַר־שיידענע אמונות האָבן אין משך פון יאָרן געפירט פאַר זייער רעכט אויף אַ פריי רעליגיעז לעבן. מחמת פאַרשטענדלעכע טעמים זיינען ניט אַלע פאַזן פון דעם דאָזיקן קאַמף דאָקומענטירט, און ס'איז אפשר בכלל בעסער, אַז די גאַנצע געשיכטע זאָל דערציילט ווערן — מער עפּיש, ווי היסטאָריש־פּובליציסטיש — אין בעסערע און רואיקערע צייטן.

וויכטיק איז אָבער צו באַמערקן, אַז דער הויפּט־ממונה אויף אויסראָטן רעליגיע „מיט פרידלעכע מיטלען", דער באַרימטער „סאָיוז בעזבאָזשניקאָוו", האָט נאָך אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער איצטיקער מלחמה געמוזט קומען צו גאַנץ מעלאַנכאָלישע פּועל־יוצא'ס. די אַטעאיסטיש־מיסיאָנערישע טע־טיקייט האָט ניט געבראַכט יענע פּרוכט, וואָס מ'האָט אַזוי אָפּטימיסטיש דערוואַרט. אַ פּאָר יאָר נאָך דער סענסאַציאָנעלער אָרגיע פון עפנטלעך פאַר־ברענען איקאָנעס און אַנדערע „קעגנשטאַנדן פון קולט", האָבן זיך באַוויזן נייע, פרישע איקאָנעס (אומלעגאַל פּראָדוצירטע און פון אַ גאַנץ פּרימיטיווער קינסטלערישער קוואַליטעט) אין פילע הייזער פון דיזעלביקע אַרבעטער און, דער עיקר, פּויערים, וואָס האָבן זיך פריער באַטייליקט אין דעם „אויטאָ־דאַ־פע". קאָלכאָזן האָבן אָנגעהויבן רעמאָנטירן די קירך־געביידעס פון זייער געגנט און צו באַזאָרגן זיי אויף זייער חשבון מיט הייצונג און באַלייכ־טונג. אין הונדערטער דערפער האָבן זיך באַוויזן וואַנדערנדיקע גלחים מיטן מינימום פון די נויטיקע מכשירים, כדי דורכצופירן שמד־צערעמאָניעס פאַר קינדער, חתונה־צערעמאָניעס פאַר פּאָרלעך וואָס לעבן שוין יאָרן צוזאַמען ווי מאַן און ווייב, און צו הייליקן קברים פון די, וואָס זיינען בשעתם גע־שטאָרבן „ניט־באַזונגען", און אומעטום האָבן זיך געפונען גרויסע צאָלן מענער און פרויען וואָס האָבן די נאָמאַדישע כלי־קודש אויפגענומען ברייטהאַרציק

און מיט ענטוזיאַזם *). אין אַנדערע דערפער נוצט מען קאַלכאָזישע פערד פאַר די גלויביקע, וואָס ווילן פאָרן זונטאָג אין אַ ווייטערן פלאַץ, וואו עס איז פאַראַן אַן אָפענע קירך. אין אייניקע געגנטן פון צענטראַל־רוסלאַנד האָט דער כמעט אומלעגאַלער „כריסטאָמאָל" (דער פאַרבאַנד פון דער קריסט־לעכער יוגנט) אָנגעהויבן ערנסט צו קאָנקורירן מיט אָפיציעלן „קאָמסאָמאָל" (פאַרבאַנד פון קאָמוניסטישער יוגנט), און אין אַזאַ פראָווינץ ווי טולאַ האָבן שוין אַרום פופציק פּראָצענט פון די יוגנטלעכע געהערט צו דער קלערי־קאַלער אָרגאַניזאַציע. אין 1937 האָט דער ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענער יע־מעליאַן יאַראָסלאַווסקי געמוזט עפנטלעך מודה זיין, אַז די לאַנגיאָריקע אַנטי־רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע האָט ניט געהאַט דעם געהאָפטן דערפאָלג: די אַנטי־רעליגיעזע מוזייען ווערן באַזוכט דער עיקר פון אויסלענדישע טוריסטן. געבילדעטע קאָמוניסטן האָבן ניט קיין חשק צו העלפן דעם „סאָיוז בעזבאָזש־ניקאָוו" מיט לעקציעס אָדער אַרטיקלען, און אנשטאט 15 מיליאָן מיטגלי־דער, וואָס דער „סאָיוז" האָט געזאָלט האָבן לויט דעם „אַטעאיסטישן פינף־יאָר־פּלאַן", פאַרמאָגט ער איצטער ווייניקער פון צוויי מיליאָן — גאַנצע דריי און אַ האַלבן מיליאָן ווייניקער ווי צוריק מיט פיר יאָר. לויט יאַראָס־לאַווסקי׳ס סטאַטיסטיק פון 1937 זיינען נאָך פון 42 ביז 47 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, גערעכנט שטאָט און דאָרף אינאיינעם, פאַרבונדן מיט דער קירך אָדער מיט אַנדערע רעליגיעזע קערפערשאַפטן.

מיר ווייסן ניט, וואָס פאַר אַ מעטאָדע יאַראָסלאַווסקי האָט אָנגעווענדט אין קריגן זיינע ציפערן, אָבער ווי דער הויפּט־ממונה איבער דער אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע האָט ער זיכער ניט געהאַט קיין גרונט צו איבערטרייבן די נומע־רישע קראַפט פון די „נאָך"־גלויביקע...

## V

אין 1938 האָט דער היסטאָרישער אינסטיטוט פון דער סאָוועטישער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן גענומען אויף זיך (אָדער געקראָגן פון דער רעגירונג) אַ ספּעציעלע אויפגאַבע: אויספאָרשן פונדאַסנייַ די ראָל פון קריסטנ־טום אין דער געשיכטע בכלל און אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד ספּעציעל. אין אַקאַדעמישע קרייזן האָט מען אָנגעהויבן גאַנץ פריי צו דיסקוטירן די פראַגע, צי האָט מען ניט אין משך פון אַ צאָל יאָרן, סיי אין דער פאָלקס־

*) אין 1933 האָט מען זיך אויך אין דער אידיש־קאָמוניסטישער פּרעסע געקלאָגט, אַז אידישקייט שטייט אויף „תחית המתים": אין די אידישע קאָלכאָזן וויל מען ניט אַרבעטן ראש־השנה און יום־כיפור, מען איז דאָרט מל די קינדער און אַזוי ווייטער. „אין געוויסע ערטער", קלאָגט זיך דער „אַפּיקורס", „פאָדערט מען דערלויבענישן אויף מקוה׳ס, און די קלעריקאַלן לאָזן אונז ניט בויען דעם סאָציאַליזם".

אויפקלערונג און סיי אין די טעקסט־ביכער פאַר די שולן, געגעבן אַ פאַלש אָדער איינזייטיק בילד פון רעליגיע בכלל און פון קריסטנטום בפרט — צי איז ניט געקומען די צייט די זאַך צו רעווידירן.

אין משך פון חדשים זיינען פאָרגעקומען אין היסטאָרישן אינסטיטוט הייסע דעבאַטן צווישן צוויי הויפּט־גרופּן פון געלערנטע. איין גרופּע האָט געוואָלט בלייבן אויפן „קלאַסישן" סאָוועטישן שטאַנדפּונקט און זיך ווייטער האַלטן ביי פּראָפעסאָר וויפּער׳ס טעאָריע, וואָס לויט איר איז אויסגעקומען ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַז קריסטנטום איז געווען דער עיקר אַ „דער־פינדונג", אַ מין שפּיצל וואָס די עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן האָבן אָפּגע־טאָן דעם אַרבעטנדיקן און אָרעמען פאָלק, כדי צו פּאַראַליזירן זיין ענערגיע, איינצושלעפערן די אַרבעטער מיט אַן עולם שכולו טוב אין גן־עדן, היפּנאָטיזירן זיי מיט פאַלשער קדושה — מיט איין וואָרט, „אָפּיום", ספּעציעל פּראָדוצירט פאַר יענעם. אַחוץ די שוין לאַנג באַקאַנטע (און לאַנג באַנקראָטירטע) מאָטיוון פאַר דער באַגרינדונג פון דער דאָזיקער פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכער טעאָריע וועגן „פּריסטער שווינדל", האָבן זיך וויפּער׳ס אָנהענגער באַנוצט מיט אַ ביי־שפּיל פון אונזער צייט, וואָס איז אַליין פאַר זיך זייער אינטערעסאַנט, אָבער עס מוז כלל ניט פירן צו די פּועל־יוצא׳ס אָדער גענעראַליזאַציעס, וואָס זיי האָבן פון אים געמאַכט. אין קאָרעאַ זיינען, כידוע, פאַראַן קרוב צו צוויי מיליאָן קריסטן. איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי זיי ווערן באַהאַנדלט אונטער דער יאַפּאַנישער אָקופּאַציע: מען דערלויבט זיי צו דרוקן און צו לייענען דעם נייעם טעסטאַמענט, און אין דערזעלביקער צייט סטאַרעט זיך דער אָקופּאַנט מיט אַלע מיטלען, אַז דער אַלטער טעסטאַמענט זאָל וואָס ווייניקער געלייענט ווערן. דאָס איז זיכער, האָבן די „וויפּעריסטן" גע׳טענה׳ט, ניט קיין באַווייז, אַז דער עוואַנגעליום גופא איז די יאַפּאַנישע מיליטאַריסטן נענטער צום האַרץ און ליבער פונם תנ"ך. זיי ווייסן אָבער אַז זיי וועט זיין לייכטער צו אונטערדריקן דאָס באַזיגטע פאָלק, אויב עס וועט דערצויגן ווערן אָדער אויף פּעסעמיסטיש־פּאַסיפיסטישן בודיזם, אָדער, לכל הפחות, אויפן עוואַנגעליום מיט זיין „אידעאַליזאַציע פון הכנעה". דער תנ"ך, מיט זיינע בונ־טאַרן און העלדן, מיט זיין סטימולירנדיקן עפּאָס פון יציאת מצרים און דער־אָבערונג פון כנען, איז, פון שטאַנדפּונקט פון יאַפּאַנישן קאַפּיטאַליזם און פון דער יאַפּאַניש־מיליטערישער קאַסטע, אַ געפערלעך בוך אין די הענט פון אַ פאַר־שקלאַפּט פאָלק. די צווייטע גרופּע האָט רעוואָלטירט קעגן פּראָפעסאָר וויפּער׳ס אויפפאַסונג און האָט אויפגעלעבט די (אין רוסלאַנד) שוין לאַנג פאַרגעסענע אינטערפּרעטאַציע פון קאַרל קאַוטסקי — אַז קריסטנטום איז, פּונקט פאַר־קערט, אַנטשטאַנען אין די טיפענישן פונם אָרעמען פאָלק און ספּעציעל צווישן שקלאַפן, ווי אַ מעטאַפיזיש־מאָראַלישע סובלימאַציע פון זייערעליידן און אויך

ווי אַן אויסדרוק פון האַס צו די סאָציאַלע באַציאונגען אין דער גריכיש־רוימישער וועלט. אין גרונט האָט דאָ, פאַרשטייט זיך, קאַאוטסקי גאָרנישט מחדש געווען, אָבער אין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קרייזן האָט ער אין זיין צייט אַרויסגעפירט די דיסקוסיע וועגן דער אַנטשטייאונג פון רעליגיע און ספּעציעל פון קריסטנטום אויף אַן עפּעס העכערן אינטעלעקטועלן שטח. כדי זיך סומך צו זיין אויף קאַאוטסקי'ן, אפילו אין אַ ניט שטרענג־פּאָליטישן ענין, האָט זיך אין רוסלאַנד געפאָדערט ניט ווייניק קוראַזש (קיין אַנדער טיטל ווי „רענעגאַט" אָדער „משרת פון דער בורזשואַזיע" האָט דאָך קאַאוטסקי ביי קאָמוניסטן קיינמאָל ניט געקראָגן). די אַקאַדעמיקער האָבן אָבער משמעות געפילט אַז זיי קאָנען זיך איצטער דאָס דערלויבן, ווייל „אין די הויכע פענסטער" איז מען פאַראינטערעסירט אַז קריסטנטום זאָל אין אַ באַשטימטער מאָס „רעהאַביליטירט ווערן". ווי משונה'דיק דאָס זאָל ניט קלינגען, אָבער סוף־כל־סוף האָט „קאַאוטסקי געזיגט" אין דער פלוגתא צווישן די צוויי אַקאַדעמישע גרופּן. דער אינסטיטוט האָט אינסטרואירט פּראָפעסאָר ראַנאָ־וויטש'ן, אַז ער זאָל פאָרמולירן אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל „די נייע ליניע" אין דער אויסטייטשונג פון קריסטנטום, און עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגען אייניקע אויסצוגן פון דער דאָזיקער סאָוועטישער אַפּאָלאָגיע פון רעליגיע:

„קריסטנטום דאַרף ניט אידענטיפיצירט ווערן מיט קאַפּיטאַליזם. די אורקריסטן זיינען ניט געווען רייך און האָבן ניט געשאַנקען קיין סך אויפ־מערקזאַמקייט צו פאַרמעגן. קריסטנטום דאַרף ניט אידענטיפיצירט ווערן מיט אַנדערע רעליגיעס, ווייל אין אים איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַ קולט פונם „אַבסטראַקטן מענטשן" און די אונטערשטרייכונג פון זיינע אידעאַלע אייגנשאַפ־טען. די פּאָזיטיווע ראָל וואָס קריסטנטום האָט געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון פאַמיליע־באַציאונגען דאַרף ניט געלייקנט ווערן, ווייל אַדאַנק אים איז איינגעפירט געוואָרן מאָנאָגאַמיע. קריסטנטום האָט בייגעטראָגן צו דער אויס־בעסערונג פונם פאָלק'ס לעבנס־שטייגער און פון זיינע זיטן; עס האָט אויך עלי־מינירט בלוטיקע און אָרגיאַסטישע ריטואַלן".

דער „גייסטיקער קלימאַט" האָט זיך גענומען ענדערן, און אַזאַ פּוב־ליקאַציע ווי „בעזבאָזשניק" האָט זיך שוין געקאָנט דערלויבן עדיטאָריעל צו שרייבן (אין 1939) דאָס פאָלגנדיקע:

„טראָץ דעם פאַקט וואָס אַלעקסאַנדער נעווסקי *) איז קאַנאָניזירט געוואָרן און אויף זיין נאָמען זיינען אויפגעבויט געוואָרן אַ סך קירכן און מאָנאַסטירן,

*) דער פירשט פון נאָוואָגראָד און, שפּעטער, דער גרויספירשט פון וולאַדימיר. אין 1240 האָט ער באַזיגט די שוועדן ביים טייך נעוואַ און נאָכדעם באַזיגט אין מלחמה אויף די „שווערדן־טרעגער" און די ליטווינער. די קירך האָט אים דערקלערט פאַר אַ הייליקן.

דאַרפן אַטעאיסטן אויסמיידן צו פאַרשווערכן זיין אָנדענק. זיי דאַרפן האָבן אין זינען, אַז ער איז אַ באַליבטער העלד ביים פאָלק און אַז ער האָט פאַר־דינט די דאַנקבאַרקייט פון שפּעטערדיקע דורות מיט זיין פּאַטריאָטיזם און מיליטערישער גבוראָגטקייט. די קירך האָט אים קאַנאָניזירט אין זכות פון זיין ליבע צום פאָלק; דער פאַרבאַנד פון מיליטאַנטישע אַטעאיסטן איז צום באַ־דויערן ניט נאָכגעגאַנגען אָט דער קלוגער פּאָליטיק״.

דערזעלביקער „בעזבאָזשניק״ איז געגאַנגען ווייטער און האָט שוין גע־כשר׳ט אויך אַן אַנדער קיסר און דורך אים קריסטנטום בכלל:

„עס וואָלט געווען פאַלש צו טראַכטן אַז אַלצדינג וואָס איז פאַרבונדן מיט רעליגיע מוז זיין רעאַקציאָנער. עס איז ספּעציעל פאַלש צו טראַכטן אַז די איינפירונג פון קריסטנטום אין רוסלאַנד איז געווען אַ רעאַקציאָנערער שריט, ווי עס איז, צום באַדויערן געזאָגט געוואָרן אין אונזער אַנטי־רעליגיעזער פּראָ־פּאַגאַנדע. ווען פירשט וולאַדימיר האָט געמאַכט רוסלאַנד פאַר אַ קריסטלעך לאַנד, איז דאָס זיכער געווען אַ פּראָגרעסיווער אַקט. קריסטנטום האָט גע־קעמפט קעגן שקלאַפערײַ און בלוט־קריגערייען; עס האָט פאַראורטיילט דעם מקח־וממכר מיט שקלאַפן און האָט מיטגעהאָלפן, אַז שקלאַפערײַ זאָל פאַרביטן ווערן אויף דער מילדערער אינסטיטוציע פון לייב־אייגנטום („קריעפּאָסטניטשעסטוואָ״). קריסטנטום איז געווען גינציק צו דער אַנטוויקלונג פון קולטור און האָט געלייגט דעם יסוד פאַר רוסישער קונסט און ליטעראַטור״.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ענדערונג פון טאָן און צוגאַנג אין דער אינטערפּרעטאַציע פון רעליגיע און ספּעציעל פון קריסטנטום, אויף וויפיל דאָס שפּיגלט זיך די לעצטע יאָרן אָפּ אין סאָוועטישע אינטעלעקטועלע קרייזן, ווייל די דאָזיקע ענדערונג געפינט זיך אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיט געוויסע נייע פּאָליטישע טענדענצן. די אַזוי גערופענע הומאַניסטישע וויסנ־שאַפטן ווערן אויפגעפאַסט און באַהאַנדלט אין סאָוועט־רוסלאַנד זייער און זייער „פּראַגמאַטיש״, און דער עצם פאַקט וואָס צוריק מיט זעקס יאָר האָט אין דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן געקאָנט פאָרקומען אַזאַ שקלא וטריא ווי די, אויף וועלכער איך האָב אָנגעוויזן, איז שוין געווען אַן אָנזאָג פון נייע מעטאָדן אָדער, לכל הפחות, פון אַ נייעם טאָן און נוסח אין דער באַ־האַנדלונג פון רעליגיע און רעליגיעזע קערפּערשאַפטן. פאַר דער נייער פּאָלי־טיק אין שייכות צו רעליגיע האָט זיך געפאָדערט אַן אַקאַדעמישער הכשר, און דער הכשר איז געגעבן געוואָרן, ניט בלויז דערפאַר וואָס אין די אַנטשיידנ־דיקע קרייזן האָט מען אויף אים געוואַרט (ניט על־פּי סאָוועטישן זשאַר־גאָן, ווייל דאָס איז געווען דער „סאָציאַלני זאַקאַז״, די סאָציאַלע באַ־שטעלונג אויף אַ געוויסן גייסטיקן פּראָדוקט), נאָר אויך, לויט פילע סימנים, דערפאַר וואָס אַ צאָל סאָוועטישע געלערנטע זיינען געווען זייער צופרידן,

וואָס עס איז זיי סוף־כל־סוף געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אַרויסצוואָגן אַ מיינונג וועגן דעם ענין לויט זייער „וויסנשאַפטלעכן געוויסן“, לויט דעם וואָס, לכל הפּחות, זיי אַליין האָבן געהאַלטן פֿאַר אָביעקטיוו ריכטיק.

די נייע פּאָליטיק גופא איז אָבער נאַטירלעך דיקטירט געוואָרן ניט פון וועלכער ניט איז וויסנשאַפטלעכער „אַנטדעקונג“, וואָס דער היסטאָרישער אינסטיטוט פון דער אַקאַדעמיע זאָל האָבן געמאַכט. זי איז אַרויסגערופן געוואָרן, פֿאַר אַלעמען, דורכן באַנקראָט פון דער פריערדיקער אַנטי־רעליגיעזער פּאָליטיק, וואָס איז געוואָרן, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, צו בולט. צו דעם איז נאָך צוגעקומען אַן אַנדערער, ניט ווייניקער וויכטיקער, פֿאַקטאָר פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

עס איז געוואָרן אַלץ קלאָרער און קלאָרער פֿאַרן באַוואוסטזיין פון דער סאָוועטישער פירערשאַפט, אַז אַ נייע מלחמה קאָן אויסברעכן יעדן טאָג, אַז די מיליטעריש־אַגרעסיווע כוחות אין דייטשלאַנד וואַקסן אַלץ מער און מער, אַז די אַנטי־פֿאַשיסטישע וועלט איז, מילד גערעדט, ניט גענוג אָרגאַניזירט פסיכיש, פּאָליטיש און מיליטעריש די מלחמה צו פֿאַרמיידן. אין די עטלעכע פֿאַר־מלחמה יאָרן האָט די סאָוועטישע דיפּלאָמאַטיע ניט גערוט. זי האָט געטאָן כמעט אַלץ וואָס ס׳איז געווען אין איר רשות כדי צו שאַפֿן באַדינגונגען, אין וועלכע אַ נייע וועלט־שרפה זאָל ניט קאָנען אויסברעכן. דידאָזיקע אַלע באַמיאונגען זיינען אָבער די גאַנצע צייט באַגלייט געוואָרן מיט ניט ווייניק, לײַדער, באַרעכטיקטן סקעפּטיציזם. קעמפנדיק פֿאַר שלום, האָט רוסלאַנד אין דער זעלביקער צייט געמוזט זיך גרייטן צו אַ מעגלעכער מלחמה. און פֿאַר אַ מלחמה, אין וועלכער רוסלאַנד וועט פריער אָדער שפּעטער מוזן אַריינגעשלעפּט ווערן, פֿאָדערט זיך וואָס מער פֿאָלקס־אייניקייט, וואָס שטאַרקער צעמענטירטער קאָלעקטיווער ווילן. די כוחות וואָס דאָס פֿאָלק (אָדער דער „קאָנצערט“ פון סאָוועטישע פעלקער) האָט אין משך פון יאָרן אַנטפּלעקט אין קאַמף פֿאַרן רעכט אויף רעליגיעזן לעבן זיינען געווען אַן אָנזאָג, אַז אויב די אָפיציעלע אַנטי־רעליגיעזע פּאָליטיק וועט ניט אָפּגעשטעלט ווערן, וועט דאָס זיין אַ גרויסע שטערונג צו דער אָרגאַניזירונג פון יענער ענערגיע, וואָס פֿאָדערט זיך אין אַ שווערער, און ווער ווייסט ווי לאַנגער, מאָדערנער מלחמה. כדי צו קאָנצענטרירן די פֿאָלקס־ענערגיע אויף ווידערשטאַנד קעגן שונא, מוז זיין אין לאַנד וואָס מער האַרמאָניע, און מען מוז זיך מערער רעכענען מיטן פֿאָלק׳ס סענטימענטן. עס וואָלט אונז צו ווייט פֿאַרפירט פון אונזער אויפגאַבע, ווען מיר וואָלטן זיך איצט אָפּגעשטעלט אויף דער פֿראַגע, פֿאַרוואָס קאָמוניזם אָדער יענע סיסטעם פון ספּעציפישע ווערטן, וואָס די סאָוועטישע ציוויליזאַציע האָט געשאַפֿן אין משך פון אַ פערטל יאָרהונדערט, האָט ניט געקאָנט ווערן פֿאַרן פֿאָלק יענער צעמענט

פון ווילן אָדער צענטראַלער מאָטיוו פון קרבנות־גרייטקייט, וואָס האָט זיך געפּאָדערט אין ליכט פון די מלחמה־נסיונות פאַר וועלכע מען איז געשטאַנען.
עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז אין די לעצטע עטלעכע יאָרן פון פאַר דער מלחמה האָט מען „פון אויבן" אויפסניי אָנגעהויבן קולטיווירן צווישן דער באַפעל־קערונג קאַטעגאָריש נאַציאָנאַליסטישע סענטימענטן, אַ ריין פּאַטריאָטישע לעבנס־אויפפאַסונג. דער טראָפּ האָט אָנגעהויבן געשטעלט צו ווערן ניט אַזוי אויף דעם קלאַסן־מאָמענט, אָדער אויף לאָזונגען פון סאָציאַליסטישן אויפבוי, ווי אויף נאַציאָנאַלן „נאַרציסיזם". אין דער פּרעסע, אין ליטעראַטור און טעאַטער, אין שול־קוריקולום, האָט מען אָנגעהויבן אַפּעלירן צו נאַציאָנאַלער ראָמאַנטיק, צו די טיפערע און טראַדיציאָנעלערע וואָרצלען פון רוסישן באַוואוסטזיין און אינטימען זכרון. רעליגיע איז היסטאָריש אַן אָרגאַנישער טייל פון יענעם באַוואוסטזיין און זכרון, באַזונדערס אין אַ לאַנד ווי רוסלאַנד וואָס האָט זיך ניט צופעליק אַליין אַרויסגעגעבן אַ סמיכה פון „סוויאַטאַיאַ רוס" („הייליקע רוסלאַנד"). פון יענער אינטימיטעט־ספערע וואָס טראָגט אין זיך דעם אוצר פון פּאַטריאָטישע געפילן, דעראינערונגען און „אידענטיפיקאַציעס", קאָן מען זי (דערוויילע, יעדנפאַלס) ניט אויסשניידן. פון די אויבן־געבראַכטע ציטאַטן קאָן מען זען, ווי סאָוועטישע שרייבער האָבן אַליין אונטערגעשטראָכן די היסטאָריש־פּסיכאָלאָגישע פאַרבינדונג צווישן דעם רוסיש־פּאַטריאָטישן און רעליגיעז־קירכלעכן: אַלעקסאַנדער נעווסקי איז אי אַ בראַווער מלך וואָס ראַטעוועט רוסלאַנד פון אויסערלעכע שונאים, אי אַ קאַנאָניזירטער הייליקער. דורך אַ מילדער פּאָליטיק אין שייכות צו רעליגיע, דורך מאַכן זי (און ספּעציעל פּראַוואָסלאַוויע) פאַר אַ מער אָדער ווייניקער לעגיטימער דערשיי־נונג אין סאָוועטישן לעבן, האָבן די סאָוועטישע פירער געוואוסט, ווען אין לאַנד הערשן אַ שטאַרקערע „מאָראַל", ווען אָדער אויב אַ מלחמה וועט קומען.

דערצו דאַרף מען נאָך נעמען אין אַכט אַן אַנדער מאָמענט: אַלץ איינס וואָס נאַצישע פּאָליטיקער און פּראָפּאַגאַנדיסטן גופא זאָלן נישט האָבן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן געזאָגט וועגן רעליגיע און ספּעציעל וועגן קריסטנטום, איז נאַציזם לויט זיין עצם נאַטור אַן אַנטירעליגיעזע, אַטעאיס־טישע באַוועגונג. אַלפרעד ראָזענבערג האָט זיבעציק מאָל געמעגט דערקלערן, אַז אין דער נייער דייטשלאַנד איז פאַראַן פּלאַץ פאַר „פּאָזיטיוו קריסטנטום" אָדער פאַר אַן „אַריש קריסטנטום", איז אָבער אין תוך דער נאַציזם געווען פיינטלעך פונם אָנהויב אָן צו יעדער רעליגיאָזיטעט. מ׳האָט די נאַציס גע־מאַכט דעם אומפאַרדינטן קאָמפּלימענט, אַז אין דער ספערע פון רעליגיע זוכן זיי צו רעסטאַווירן די אַלטע גערמאַנישע געצנדינערייִ. איך האָב דאָ בכיוון גענוצט דאָס וואָרט „קאָמפּלימענט", ווייל אין פאַרגלייך מיט דער פּרינציפּיעלער הפקרות און זאָאָלאָגישקייט פון נאַציזם וואָלט אַן עכטע

געצנדינערישע אמונה לויט דעם נוסח פון אַמאָליקן גערמאַנישן פּאַגאַניזם געווען אַ הויכע מדרגה. אויך די עבודה זרה האָט געהאַט אירע סטאַנ־דאַרדן, איר מעטאַפיזיק און עטיק, איר סיסטעם פון ווערטן. דאָס ביסל שפּילעריי וואָס איז פאַר דער מלחמה פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד מיט אויפלעבן דעם „אַלטן קולט", האָט פאַר געניטע אויגן ניט געקאָנט פאַר־מאַסקירן די אין תוך אַנטי־רעליגיעזע נאַטור פון נאַציזם (אין פּעריאָד פון סטאַ־לין־היטלער פּאַקט, וואָס זיין אָביעקטיווע און מער דאָקומענטירטע געשיכטע דאַרף ערשט געשריבן ווערן, האָט מען אין דער נאַצישער פּרעסע פראַנק־און־פריי געשריבן, אַז די פריינטשאַפט צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד ווערט, אַחוץ אַנדערע זאַכן, נאָך ספּעציעל צעמענטירט דורך זייער בשותפות׳דיקער פיינטשאַפט צום קריסטנטום. און יעמעליאַן יאַראָסלאַווסקי איז, דאכט זיך, געווען דער איינציקער איד וואָס זיינע שריפטן זיינען דעמאָלט אין דייטש־לאַנד ניט געווען פאַרבאָטן). אין רוסלאַנד האָט מען אויף דעם ניט רעאַגירט, נאָר ביי זיך האָט מען געוואוסט און פאַרשטאַנען, אַז אויב דייטשלאַנד ווערט אַלץ מער אַנטי־קריסטלעך און אַנטי־קירכלעך, מוז מען אין רוסלאַנד, פּונקט פאַרקערט, אין אַ געוויסער מאָס אויפהויבן דעם סטאַטוס פון קריסטנטום און אויסנוצן די קירך פאַר דער ווידער־איינפלאַנצונג אָדער ווידער־באַלעבונג פון פּאַטריאָטישע מאָטיוון. נאַטירלעך, דאָס האָט די נאַציס ניט געשטערט, אין די ערשטע חדשים פון דער אינוואַזיע אין סאָוועט־רוסלאַנד, צו אַפּעלירן צום פאָלק, עס זאָל ניט שטיצן זיין „גאָטלאָזע קאָמוניסטישע רעגירונג" וואָס זוכט צו פאַרניכטן „די קריסטלעכע ציוויליזאַציע". די סאָוועטישע רעגירונג האָט אָבער דעמאָלט אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אין דער באַפעלקערונג ריכטיקע אינפאָרמאַציע וועגן דער נאַצישער באַהאַנדלונג פון די רעליגיעזע אינסטי־טוציעס, סאַי ביי זיך אין דער היים און סאַי, באַזונדערס, אין די אָקופּירטע לענדער, און זי האָט אין דער זעלביקער צייט אָנגעהויבן ווייזן אין דער פּראַקטיק אַלץ מער רעליגיעזע טאָלעראַנץ.

דאָס איז נאָך ניט אַלץ. עס איז נאָך צו פרי צו שרייבן אַן אָביעקטיווע געשיכטע פון סאָוועטישער אָריענטאַציע אין אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען אין דעם פּעריאָד ווען די נייע מלחמה־סכנה האָט געהאָנגען איבערן קאָפּ און אין דער צייט פון דער מלחמה גופא. אָבער וואָס פאַרא פּלענער מאָסקווע האָט ניט געהאַט און האָט ניט איצטער אין פאַרבינדונג מיט דער אויסנוועלט, זיינען זיי, אַזוי צו זאָגן, „פּאַראַלעלע" פּלענער — איין פּלאַן פאַר איין סיטו־אַציע, אַן אַנדער פּלאַן פאַר אַן אַנדערער — און אַפילו אין דעם פּעריאָד פונם ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו־אָפּמאַך האָט די סאָוועטישע פירערשאַפט ניט אויסגעשלאָסן פון אירע קאַלקולאַציעס, אין אַ באַשטימטן מאָמענט, די קאָאָ־פּעראַציע מיט די דעמאָקראַטישע לענדער און אַ געוויסע אויסברייטערונג פון

סאָוועטישער הערשאַפט אָדער השפעה מיט דער הסכמה פון די לעצטע. כדי זיך צו פאַרלייכטערן די קאָאָפּעראַציע מיט אַזעלכע לענדער ווי ענגלאַנד אָדער די פאַראייניקטע שטאַטן, כדי צו דעראָבערן פאַר זיך די סימפּאַטיע פון געוויסע שיכטן אין יענע לענדער אָדער צו פאַראַליזירן זייער קעגנערשאַפט צו די סאָוועטן, איז אַ נייער, ליבעראַלערער קורס אין שייכות צו רעליגיע געווען זייער וויכטיק. אַזאַ קורס איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אינסטרומענטאַל אויך אין שייכות צו דער באַפעלקערונג אין אַזעלכע געגנטן פון מזרח און דרום־אייראָפּע, וואָס רוסלאַנד האָט געזוכט ניט פון נעכטן ווידער איינצוגלידערן אין איר מלוכה־סיסטעם (די באַלטישע לענדער, באַזונדערס די קאַטוילישע און רעליגיעזע קאָנסערוואַטיווע ליטע, טיילן פון פוילן און אַזוי ווייטער). סיי די היי־מישע פּאָליטיק, סיי די נויטווענדיקייט אָפּצושוואַכן אַנטי־סאָוועטישע שטימונגען אין אויסלאַנד האָבן בכן דיקטירט, לכל הפּחות, אַ וואָפנשטילשטאַנד מיט אָר־גאַניזירטער רעליגיע. די מלחמה מיט דייטשלאַנד האָט די ליבעראַלע טענדענץ נאָך מער פאַרשטאַרקט, פאַר אַלעמען, ווייל די אומגעהייערע ליידן און נסיונות וואָס זי האָט פונם ערשטן טאָג אָן געבראַכט דער באַפעלקערונג האָבן אין איר שטאַרקער און „רעדעוודיקער" געמאַכט די באַדערפעניש צו זוכן טרייסט און מוט פון ניט־פּאָליטישע קוואַלן, און אויך ניט וויניק דערפאַר וואָס די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס (און ספּעציעל די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע קירך) האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע און פאַר אַ סך קאָמוניסטן אפשר אומדערוואַר־טע מאָס פון לאָיאַליטעט און פּאַטריאָטיזם. אמת, אַ צאָל גייסטלעכע פון העכערן ראַנג האָבן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע זיך אָפּגעטיילט פון דער אָפיציעלער קירך אין רוסלאַנד און האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם קאַרלאָוועצער ראַט אין סערביע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע דורך רעכט־געשטימטע פּאָליטישע עמיג־ראַנטן, ווי אַ קאָטעגאָרישע אַנטי־סאָוועטישע אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע באַוועגונג איז אָנגעפירט געוואָרן פונם אַרכייערעי פון מיטאַאו, פונם מעטראָ־פּאָליט פאַר ליטע און פון דעם קאָוונער בישאָף. דער בישאָף פון וואָלין, סיקאָרסקי, האָט אין דער זעלביקער צייט צופרידנגעשטעלט די נאַצישע אָקו־פּאַנטן מיט דער גרינדונג פון אַן „אומאָפּהענגיקער" אוקראַאינישער קירך, וואָס זאָל גאָר ניט האָבן צו טאָן מיט די רוסיש־קריסטלעכע אויטאָריטעטן. צי דאָס איז געווען טאַקע אינגאַנצן פרייוויליקע קאָאָפּעראַציע מיט די נאַציס, אָדער דער איינציקער אויסוועג פאַר דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך בכלל צו עקזיסטירן אונטער היטלערס ממשלה, איז נאָך שווער היינט צו אורטיילן. דער רוב מנין און רוב בנין פון דער קירך, אויך אין די אָקו־פּירטע געגענטן, איז אָבער געווען ניט נאָר לאָיאַל, נאָר אויך אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער שאַפונג פון אַ שטאַרקער מלחמה־„מאָראַל", און דאָס איז

נאַטירלעך ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן פון דער רעגירונג און פון דער אַרמיי. דידאָזיקע פּאַטריאָטישע האַלטונג איז, לויט סאָוועטישע אָפיציעלע באַהויפּטונגען, געווען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר אַנדערע רעליגיעזע קער־פּערשאַפטן אין רוסלאַנד, קריסטלעכע ווי ניט־קריסטלעכע.

VI

לעגיסלאַטיוו איז ביז אַהער אין דעם סטאַטוס פון אָרגאַניזירטער רע־ליגיע נאָך קיין שום ענדערונג ניט פאָרגעקומען. אין גרונט זיינען נאָך גילטיק אַלע פריערדיקע געזעצן און דעקרעטן (אַחוץ, נאַטירלעך, דעם פאַקט וואָס די בירגער־רעכט זיינען צוריקגעגעבן געוואָרן צו די פּראָפעסיאָנעלע גייסט־לעכע). די אָנווענדונג פון די גילטיקע געזעצן איז אָבער געוואָרן אַ סך ליבע־ראַלער, די אַדמיניסטראַטיווע פּראַקטיק — באַדייטנדיק ווייכער.

די גלויביקע אין רוסלאַנד האָבן, פאַר אַלעמען, אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט דעם פאַקט, וואָס דער רעזשים האָט אויפגעהערט צו זיין אַ צו בולט פאַראינטערעסירטער צד אין רעליגיעזער פּאָלעמיק. עס זיינען מיט דער צייט פאַקטיש ליקווידירט געוואָרן אַלע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַנטי־רעלי־גיעזע פּובליקאַציעס (דער „בעזבאָזשניק״, דער „אַנטיצערקאָווניק״, דער אידי־שער „אפּיקורס״ אאַז״וו), וואָס אין גאַנצן לאַנד איז דאָס געווען אַן אָפענער סוד אַז זיי ווערן אַרויסגעגעבן אויף קאַזיאָנע געלטער. דער אָפיציעלער מאָטיוו איז געווען מלחמה־נויט, מאַנגל אין פּאַפּיר און אין דרוק־מעגלעכקייטן, אָבער אַלע האָבן דערין געזען דעם אָנהויב פון אַ נייער עפּאָכע, ווייל אינ־איינעם מיט דעם איז דע פאַקטאָ ליקווידירט געוואָרן אויך דער פאַרבאַנד פון מיליטאַנטישע אַטעאיסטן. אין סעפּטעמבער 1943 האָט מען געלאָזן אין מאָסקווע קרוינען (דעם פריער פאַרשיקטן) סערגעי פאַרן „פּאַטריאַרך פון גאַנץ רוסלאַנד״, און אָנגעזעענע פאַרטרעטער פון דער אַנגליקאַנישער קירך — וואָס זיינען דעמאָלט ניט גאַנץ צופעליק געקומען צו־גאַסט קיין רוסלאַנד — זיינען בייגעווען ביי דער פייערלעכער צערעמאָניע. עס איז דערלויבט געוואָרן ווידער אויפצושטעלן דעם „הייליקן סינאָד״ ווי אַ דעמאָקראַטישע הויפּט־עקזעקוטיווע פון דער פּראַוואָסלאַווער קירך. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער רעגירונגס־אָרגאַן („דער ראַט פאַר די אָנגעלעגנהייטן פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך״) מיט דער אויפגאַבע צו שטיין אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די אָרגאַניזאַציעס פון די גלויביקע און זייערע פאַר־טרעטער, און זאָרגן אַז, אין דער ראַם פון געזעץ, זאָלן דער קירך געגעבן ווערן אַלע מעגלעכקייטן פאַר עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג. ווי געאָרגי קאַר־פּאָוו, דער הויפּט פון יענעם רעגירונגס־אָרגאַן, האָט דערקלערט, האָט ער

שוין איצטער העכער הונדערט באַפולמעכטיקטע פאַרטרעטער אין אַלע רע־פובליקן און פּראָווינצן פונם סאָוועט־פאַרבאַנד, און יענע קריגן קלאָרע אינ־סטרוקציעס ווי אַזוי זיי זאָלן באַהאַנדלען אויף די ערטער די קירך־אָנגע־לעגנהייטן און ווי אַזוי אַכטונג צו געבן אַז די לאָקאַלע סאָוועטן זאָלן ניט עובר זיין אויף די לעגיטימע רעכט פון די גלויביקע. אין אַ צאָל שטעט און דערפער האָבן זיך אַדאַנק דעם ווידער געעפנט קירכן, וואָס זיינען לאַנגע יאָרן געווען געשלאָסן אָדער זיינען גענוצט געוואָרן פאַר אַנדערע צוועקן („ווייל קיינער האָט זיי פאַר תפילה ניט געדאַרפט האָבן"). ווי קאַרפּאָוו גיט צו פאַרשטיין, וואָלטן זיך ווידערגעעפנט נאָך מער קירכן, ווען עס וואָלט ניט געווען, מחמת די מלחמה־חורבנות אַזאַ גרויסער דוחק אין בוי־מאַטעריאַלן און אין אר־בעטער־הענט אויף צו רעמאָנטירן די בויטיקע געביידעס. עס איז סוף־כל־סוף דערלויבט געוואָרן אויך צו עפענען אַ טעאָלאָגישע אַקאַדעמיע אויף אויסצובילדן גלחים — אַן אינסטיטוציע וואָס האָט אַ גאַנצן פערטל יאָרהונדערט אין רוסלאַנד ניט געקאָנט עקזיסטירן. אַחוץ דער דאָזיקער אַקאַדעמיע, וואָס האָט זיך שוין געעפנט אין מאָסקווע, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ דערלויבעניש צו עפענען אַן ענלעכן אינסטיטוט אויך אין סאַראַטאָוו, נאָר דער סינאָד האָט דערווייל מיט דער געלעגנהייט זיך ניט געקאָנט באַנוצן מחמת טעכנישע שוועריקייטן. אין אייניקע יעפּאַרכיעס זיינען שוין געעפנט געוואָרן ספּעציעלע קורסן אויף אויסצובילדן קירכן־אָנגעשטעלטע פון פאַרשיידענע מדרגות. אַ סך גלחים וואָס זיינען שוין געווען לערער אין וועלטלעכע שולן, אַרבעטער, באַאַמטע, בוכהאַלטערס, האָבן זיך לעצטנס אומגעקערט אויף זייערע פּאָסטנס. ווי דער דערמאָנטער קאַרפּאָוו האָט נישט לאַנג צוריק דערקלערט, זיינען שוין אַפילו געווען פאַלן ווען יונגע גלחים וואָס האָבן געדינט אין דער אַרמיי זיינען ספּעציעל באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט און צוריקגעשיקט געוואָרן אַהיים, אויב זייערע קאָנגרעגאַציעס האָבן באַוויזן אַז זיי זיינען געבליבן אָן רעליגיעזער פירערשאַפט.

צי דאָס אַלץ אינאיינעם איז גענוג, אַז מ'זאָל שוין קענען היינט רעדן וועגן דער עקזיסטענץ פון רעליגיעזער פרייהייט אין רוסלאַנד, איז אַן אַנדער פראַגע. פאַר אמת'ער געוויסנס־פרייהייט וועט זיך פאָדערן מיט דער צייט אַ ספּעציעלע געזעצגעבונג. אַזוי לאַנג ווי רעליגיעזע קערפּערשאַפטן און גלויביקע יחידים האָבן ניט קאָנסטיטוציאָנעל דאָס רעכט צו פירן עפנטלעכע אויפקלערונגס־אַר־בעט, אין זייער גייסט, צווישן דער באַפעלקערונג, זיינען זיי נאָך פּאָליטיש אַלץ אונטערדריקט. אַזוי לאַנג ווי דער סאָוועטישער בירגער וועט ניט קריגן דאָס רעכט, אויב ער איז אין דעם פאַראינטערעסירט, צו געבן זיינע מינדעריעריקע קינדער, אויף זיין אייגענעם חשבון, אַ רעליגיעזע דערציאונג אין אַ ספּעציעלער פּריוואַטער אַנשטאַלט, איז אוממעגלעך ערנסט צו רעדן וועגן אַ נאָרמאַלן

סטאַטוס פאַר אָרגאַניזירטער רעליגיע. דאָס אַלץ איז נאָך ביז היינט יורידיש פאַרבאָטן, כאָטש דער הויפּט פונם ראַט פאַר די אָנגעלעגנהייטן פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך איז פּערזענלעך געגויגט צו געבן אַ פרייערע (לויט אונזער מיינונג, אַ גאַנץ פאַלשע) אינטערפּרעטאַציע פון די געזעצן, און לויט זיינע רייד קומט אויס אַז אויך היינט מעג יורידיש די קירך אָנפירן „מיסיאָנערישע״ אַרבעט און געבן קינדער רעליגיעזן לימוד.

עס זיינען נאַטירלעך פאַראַן גענוג סקעפּטיקער, וואָס שטעלן די פראַגע, אויף וויפיל דער נייער ליבעראַלער קורס איז אַ מער אָדער ווייניקער פּער־מאַנענטער — צי וועט מען זיך אין רוסלאַנד נאָך דער מלחמה מיט דער צייט ניט אומקערן צו דער פריערדיקער מיליטאַנטישער אַנטי־רעליגיעזער פּאָליטיק. אין סאָוועטישע באַדינגונגען איז נאַטירלעך ריזיקאַליש יעדער קאַטעגאָרישער ענטפער אויף אַזאַ פראַגע. עס לייגט זיך אָבער אויפן שכל, אַז קיין ענדערונגען לרעה וועלן אויך נאָך דער מלחמה אין שייכות צו רעליגיע ניט געמאַכט ווערן. די מלחמה־יאָרן האָבן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אויסקורירט די סאָוועטישע פירערשאַפט פון איר אַמאָליקער „פּאַראַנאָיאַ״ — פון דער שטענדיקער מורא, אַז די קירך האָט ניט קיין אַנדער עובדה ווי נאָר צו קאָנספּירירן קעגן דעם רעזשים. עס איז אויך ניטאָ קיין ספק, אַז אויב מ׳וועט זיך פונם נייעם קורס ניט אָפּקערן, וועט די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע קירך ניט זיין די איינציקע וואָס וועט פון אים געניסן. דערווייל קוקט עס אויס פון אויבן־אויף, גלייך די פּראַוואָסלאַוונע קירך געפינט זיך איצטער אין אַ ספּעציעל־פּריווילעגירטן צושטאַנד. עס זיינען איר אין די לעצטע צוויי יאָר געגעבן געוואָרן אַזעלכע געלעגנהייטן, וואָס אַנדערע רעליגיעזע קער־פּערשאַפטן האָבן נאָך ניט געקראָגן. עס וואָלט געווען לעכערלעך צו טראַכטן, אַז די סאָוועט־מאַכט האָט בדעה ווידער מזכה צו זיין רוסלאַנד מיט אַן עטאַבלירטער קירך. דער „זכות״ פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך, וואָס האָט די ערשטע אָנגעהייבן צו געניסן פונם נייעם קורס, איז אַ צוויי־פאַכער: ערשטנס, איז זי אין די פאַרגאַנגענע סאָוועטישע יאָרן גע׳רודפ׳ט געוואָרן מער ווי די אַסאָציאַציעס פון אַנדערע אמונות, און ריין פּסיכאָלאָגיש איז פאַרשטענדלעך די גרייטקייט פאַר אַלעמען זי צו „פּאַרגיטיקן״; צווייטנס, נעמט זי נאָך אַלץ אַרום דעם גרעסטן טייל פון די גלויביקע און רעליגיעז־אָרגאַניזירטע. עס האָבן דאָ נאַטירלעך געקאָנט שפּילן אַ ראָל אויך אַנדערע אויסרעכענונגען פון אַן אויסן־פּאָליטישן כאַראַקטער. פאַר סאָוועטישער השפּעה אויף די באַלקאַנישע לענדער מיט זייער איבערוויגנדיקער גריכיש־אָרטאָ־דאָקסישער באַפעלקערונג איז דער סטאַטוס ספּעציעל פון דער קירך פון אַ באַזונדערער באַדייטונג. מ׳דאַרף אָננעמען, אַז אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט וועלן דיזעלביקע הנחות געמאַכט ווערן אויך צו אַנדערע רעליגיעזע קערפּער־

שאַפטן, קריסטלעכע און ניט־קריסטלעכע. דער וואַקסנדיקער פּרעסטיזש פון דער אידישער קהילה אין מאָסקווע (אָפיציעל, אַ ריין רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע) איז אין דעם פּרט סימפּטאָמאַטיש...

## VII

אויב אין רוסלאַנד זאָל זיך איצט אָנפאַנגען די אַנטוויקלונג פון אַן אינ־טענסיוון און שעפעריש־רעליגיעזן לעבן, וועט עס זיך אַנשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן און סכנות פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. אויף וויפל דער סאָוועטישער רעזשים האָט אין די לעצטע יאָרן שלום געמאַכט מיט רעליגיע, האָט ער זי אויפגעפּאַסט דער עיקר אין טערמינען פון אַב־סטראַקטער, מעטאַפיזישער אמונה, פון איין זייט, און פון ריטואַל, פון דער אַנדערער זייט. אָבער עכטע און לעבעדיקע רעליגיאָזיטעט ווערט ניט גע־דעקט אָדער אויסגעשעפּט פון די דאָזיקע צוויי עלעמענטן. אַחוץ גאַנץ קוויע־טיסטישע אמונות (ווי, למשל, ביי געוויסע בודיסטישע סעקטן), האָט רעליגיע אַ טענדענץ זיך אויסצואווירקן ניט נאָר אין גלויבן און מעדיטאַציע, און ניט נאָר אין תפילה און צערעמאָניאַל, נאָר אויך גאַנץ באַשטימט אין סאָציאַלע אַספּיראַציעס. אין קריסטנטום, ווי אין אידנטום — כאָטש מיט פאַרשיידענע אַקצענטן — שפּילט דער „בין אדם לחברו" ניט קיין קלענערע ראָלע ווי דער „בין אדם למקום", און „בין אדם לחברו" הייסט ניט דווקא בלויז די באַציאונגען צווישן איין יחיד און דעם אַנדערן יחיד, נאָר אויך די אַקטיווע שטעלונג פונם רעליגיעזן יחיד און פון דער רעליגיעזער געמיינשאַפט צו דער געזעלשאַפט בכלל — צו איר פּאָליטישן געבוי, עקאָנאָמישער סטרוקטור און געזעצגעבונג. אַנדערש געזאָגט, רעליגיע קאָן ווען און האָבן עפּעס צו זאָגן וועגן באַציאונגען פון פּראָדוקציע און קאָנסום, וועגן דעם שטראָף־רעכט פונם לאַנד, וועגן דעם כאַראַקטער פון סאָציאַלער הילף פאַר שוואַכע און עקאָנאָמיש הינטערשטעליקע. רעליגיע קאָן ווערן אַ כוח (ווי זי איז עס אין געוויסע פּעריאָדן ביי פאַרשיידענע פעלקער געווען), וואָס זאָל האָבן אַ דראַנג זיך צו מישן אין ענינים וואָס געהערן ניט נאָר צו דער קירך־געמיינדע אין ענ־גען זינען פון וואָרט. די באַציאונגען צווישן רעליגיע און שטאַט קאָנען דעמאָלט ווערן, אין באַשטימטע סיטואַציעס, אומגעוויינטלעך קאָמפּליצירט.

די פּראָבלעם איז, ווי באַקאַנט, ניט קיין נייע, און די שוועריקייטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט איר לייזונג זיינען אַנטשטאַנען אַ סך, אַ סך פריער איידער מ'האָט אַפילו אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אויפבוי פון אַ סאָוועטיש מלוכה־וועזן. האַרמאָנישע באַציאונגען צווישן רעליגיע און שטאַט זיינען גאָר ניט, אַפילו ריין טעאָרעטיש, קיין זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. אַ רעלי־גיעזע גרופּע קאָן זיין, לויט די יסודות פון איר אמונה, עקסטרעם פּאַסיפי־

סטיש; דער שטאַט קאָן זיך ניט דערלויבן צו זיין פּאַסיפיסטיש אין דאָגמאַטישן זינען פון וואָרט, און צווישן אים און יענער סעקטע קאָן אַנטשטיין אַן ערנסטער קאָנפליקט. אויך פון דעם ליבעראַלסטן שטאַנדפּונקט קאָן קיין שום שטאַט ניט געבן זיינע בירגער קיין אַבסאָלוטע פרייהייט פון רעליגיע. אויב אין ציון, אילינאָי, זאָל זיין אַ סעקטע, וואָס פאַרבאַט אירע מיטגלידער צו רופן אַ דאָקטאָר צו אַ חולה, קאָן דער שטאַט מיט אַזאַ פּראַקטיק ניט שלום מאַכן. דורך לאָזן אַן עפּידעמיע זיך פאַרשפּרייטן קאָן דער דאָזיקער דאָקטוירים־באָיקאָט לייכט שעדיקן די אינטערעסן פון אַנדערע בירגער, פון דער גע־זעלשאַפט בכלל. ניט די צאַרישע און ניט די סאָוועטישע רעגירונג האָט געקאָנט דערלויבן די פרייע עקזיסטענץ פון אַ סעקטע, וואָס איר ערשטע מצווה איז געוועזן מסרס צו זיין אירע מענלעכע מיטגלידער (די „סקאָפּצי״). אָבער עס האָט ניט קיין זינען צופיל זיך צו זאָרגן וועגן אַזעלכע רעליגיעזע פאַרזעענישן און יוצא־דופן׳דיקע דערשיינונגען. פּאָליטיש וויכטיק איז די פראַגע וועגן די באַציאונגען צווישן דעם שטאַט (אין אונזער פאַל, די סאָווע־טישע מלוכה) און רעליגיעזע געמיינדעס אָדער קירכעס, וואָס זייער אמונה הייסט זיי ניט עובר זיין אויף די יסודות פונם אַלגעמיין אָנגענומענעם קרימי־נעלן קאָדעקס, וואָס האָבן אָבער, אין דער זעלביקער צייט, אַ נאַטירלעכע טענ־דענץ צו נעמען שטעלונג צו געוויסע סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגן — פון זייער רעליגיעזן שטאַנדפּונקט. מיט אַנדערע ווערטער, אַ לעבעדיקע און דינאַמישע רעליגיעזע געמיינדע קאָן פאָדערן פאַר זיך דאָס רעכט צו באַאיינפלוסן די בירגער, אויף וויפיל זי איז דאָס מאָראַליש בכוח צו טאָן, אין זייערע באַ־ציאונגען צו אַ ריי אַלגעמיינע פּראָבלעמען, וואָס ווערן, גוט אָדער שלעכט, פאַרענטפערט דורכן שטאַט.

אמת, אַ רעליגיעזע געמיינדע קאָן ניט און דאַרף זיך ניט מישן אין ענינים פון אַ ריין טעכנישן כאַראַקטער. ווי וויכטיק יענע ענינים זאָלן ניט זיין פאַרן אַלגעמיינעם וואוילזיין פונם פאָלק, קאָן רעליגיע ניט האָבן איר אייגענע מיינונג וועגן דעם, וואו מ׳זאָל אויפבויען אַזאַ טעכנאָלאָגיש־ווירט־שאַפטלעכע אונטערנעמונג ווי „דניעפּראָסטראָי״, און דער אורטייל פון אַ כהן גדול וועגן דעם וואָס פאַר אַ מאָדעל אויטאָמאָבילן מ׳דאַרף אין אַ געגע־בענעם פעריאָד פּראָדוצירן, איז ניט וויכטיקער פונם אורטייל פונם לעצטן הדיוט. אַ רעליגיעזע קהילה קאָן אָבער האָבן אירע אַן אָרגאַנישע שטע־לונג צו דער פראַגע, ווי אַזוי עס זאָל פונאַנדערגעטיילט ווערן די נאַציאָנאַלע הכנסה. אויב אין רוסלאַנד זאָלן עקזיסטירן זיבעצן־ערליי טאַריפן פאַר אַרבעטס־לוין און די נידעריקערע קאַטעגאָריעס אַרבעטער זאָלן באַקומען ווייניקער ווי עס פאָדערט זיך פאַרן מינימום פון אַ ווערדיקער מענטשלעכער עקזיסטענץ, איז דאָס ניט קיין טעכניש־אַדמיניסטראַטיווע פראַגע, וועגן וועלכער אַ רעלי־

גיעזע געמיינדע אַלס אַזעלכע האָט גאָר נישט וואָס צו זאָגן, נאָר אַן עטיש־רעליגיעזער ענין, אין וועלכן אַ קירך קאָן זיך פילן מאָראַליש מחויב „זיך אַריינצומישן" (זיך אַריינצומישן, נאַטירלעך, ניט אין זינען פון „דיקטירן" עפּעס דעם שטאַט, נאָר אין זינען פון באַאיינפלוסן אירע מיטגלידער און די עפנטלעכע מיינונג בכלל). דער קרימינעלער קאָדעקס פונם לאַנד אָנערקענט טויט־שטראָף פאַר געוויסע פאַרברעכנס. אַ רעליגיעזע געמיינדע קאָן זיך פילן פאַרפליכטעט צו טאָן מיט אירע מיטלען (מאָראַליש־פּעדאַגאָגישע) אַלץ וואָס זי איז בכח, אַז אַזעלכע געזעצן, מיט וועלכע זי טאָר רעליגיעז ניט שלום מאַכן, זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן. מיר האָבן געבראַכט בלויז אַ פּאָר ביישפּילן (פון אַ גרויסער צאָל אַנדערע), און די דאָזיקע ביישפּילן זיינען כלל וכלל ניט קיין ריין היפּאָטעטישע. רעליגיעזע לעבן קאָן פאַרשטיינערט ווערן אין זיין ריטואַל און עס קאָן אויך ווערן אָנגעפילט סיי מיט מעטאַפיזישן און סיי מיט סאָציאַל־מאָראַלישן פּאַטאָס, און אָנהויבן זיך „אַריינמישן" אין ריין־מלוכה'שע ענינים — מיט אירע ספּעציפישע אַקצענטן און מיט אירע אייגנטימלעכע מיטלען. מלוכה און רעליגיע ווי אַבסאָלוט סעפּאַראַטע „שתי רשויות" — איז גאָר ניט אַזאַ פּשוטער און זעלבסטפאַרשטענדלעכער באַגריף.

די פראַגע וועגן אַזאַ ברייטערער פרייהייט פון רעליגיעזן לעבן איז נאַטירלעך חל ניט בלויז אויף סאָוועט־רוסלאַנד, נאָר אויך אויף מלוכה־סטרוקטורן פון אַנדערע טיפּן. אין אַ געוויסן זינען איז דאָס אַן אוניווערסאַלע פּראָבלעם, און זי ווערט איצט ערנסט שטודירט אין אַמעריקע אין אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פונם פעדעראַלן ראַט פון די קריסטוס־קירכן. אין דער שייכות איז אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיטן טעקסט פון „אַ טשאַרטער פון רעליגיעזער פרייהייט", וואָס אַן אָנגעזעענער אַמעריקאַנער טעאָלאָג (לוטער ווייגלע, פון יעיל אוניווערסיטעט) האָט ניט לאַנג צוריק צוגעשטעלט ווי מאַטעריאַל צו דעם אויבנדערמאָנטן קאָמיטעט.

„די רעליגיעזע רעכט קאָנען גרופּירט ווערן אין דריי קלאַסן: (1) די רעליגיעזע פרייהייט פונם יחיד; (2) די רעליגיעזע פרייהייט פון דער קירך אָדער קאָנגרעגאַציע; (3) די רעליגיעזע פרייהייט פון די בירגער (בכלל).

„I. די רעליגיעזע פרייהייט פונם יחיד נעמט אַרום די פאָלגנדיקע רעכט:

„א) צו גלויבן לויט דעם ווי שכל און געוויסן דיקטירן. די טערמינען „שכל" און „געוויסן" ווערן דאָ גענוצט ניט אין קעגנזאַץ צו „אַנטפּלעקונג" (רעוועלאַציע), נאָר ווי באַצייכענונגען פון מענטשלעכן אָפּרוף אויף געטלעכער אַנטפּלעקונג;

„ב) צו דינען גאָט אויף דעם אופן, ווי שכל און געוויסן אָנערקענען פאַר פּאַסיק;

„ג) צו לעבן און צו האַנדלען אין הסכם מיט אַזאַ גלויבן און גאָטעסדינסט;

„ד) אויסצודריקן רעליגיעזן גלויבן דורך וואָרט; דאָס נעמט אַריין אַלע פאָרמען פון אויסדרוק — קונסט, זשורנאַליזם, ביכער, ראַדיאָ, און אַזוי ווייטער;

„ה) אויסצודריקן רעליגיעזן גלויבן מיט ציל צו איבערצייגן און צו באַקערן אַנדערע;

„ו) צו דערציען זיינע קינדער אין זיין רעליגיעזן גלויבן (דאָס איז חל סיי אויף אמונה און סיי אויף האַנדלונג);

„ז) זיך צו פאַראייניקן מיט אַנדערע אין שטייגער און אַקטיוויטעטן פון אַ קירך, קאָנגרעגאַציע אָדער אַן אַנדערער רעליגיעזער גרופּירונג;

„ח) זיך צוריקצוציען פון אַזאַ פאַרבינדונג מיט אַ רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע אָדער געמיינדע; און אויב זיין שכל און געוויסן זאָלן אים דערצו באַוועגן, צו ענדערן זיין אמונה, מיט די פּאַסיקע ענדערונגען אין גאָטעסדינסט, האַנדלונג, דערציאונג און צוגעהעריקייט;

„ט) ניט צו גלויבן אין גאָט, ניט צו אָנערקענען קיין שום רעליגיע, און האַנדלען, רעדן, זוכן צו איבערצייגן אַנדערע, דערציען אַנדערע יחידים און זיך מיט זיי פאַראייניקן, אויף אַזאַ אופן וואָס זיין אומגלויבן און אַטעאיזם וועלן געפינען פאַר פּאַסיק.

„II. די רעליגיעזע פרייהייט פון דער קירך אָדער קאָנגרעגאַציע איז כולל די פאָלגנדיקע רעכט:

„א) זיך צו פאַרזאַמלען פאַר אומגעשטערטער קאָלעקטיווער תפילה;

„ב) זיך צו אָרגאַניזירן פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון רעליגיעזן גלויבן, גאָטעסדינסט און האַנדלונג;

„ג) צו באַשטימען אירע אייגענע תקנות און איר אייגענע ריכטונג, ווי אויך באַדינגונגען פאַר מיטגלידערשאַפט;

„ד) צו באַשטימען איר אייגענעם „אני מאמין" — פריי פון וועלכן ניט איז צוואַנג מצד דעם שטאַט.

„ה) צו באַשטימען אירע אייגענע פאָרמען פון גאָטעסדינסט;

„ו) צו דערמוטיקן אירע מיטגלידער צו האַנדלען אין הסכם מיט איר „אני־מאמין";

„ז) צו פּרעדיקן, לערנען, איבערצייגן און זוכן צו באַקערן אַנדערע צו איר אמונה;

„ח) צו באַשטימען די קוואַליפיקאַציעס פון אירע גייסטלעכע, אויך זיי געבן די נויטיקע גייסטיקע צוגרייטונג, צו געבן זיי סמיכה און זיי אויסצוהאַלטן;

„ט) צו דערציען סיי דערוואַקסענע און סיי קינדער אין גייסט פון אמונה;

„י) צו באַזיצן פאַרמעגן און קריגן (פּריוואַטע) שטיצע פאַר איר אַרבעט;

„יא) צו קאָאָפּערירן אָדער זיך צו פאַראייניקן מיט אַנדערע קירכן אָדער קאָנגרעגאַציעס;

„יב) דער פּרינציפּ פון רעליגיעזער פרייהייט פאָדערט, אַז די דאָזיקע רעכט פון קירך און קאָנגרעגאַציע זאָלן אויך, אין אַ גלייכער מאָס, געניסן אָרגאַניזירטע גרופּן פון אומגלויביקע און אַטעאיסטן.

„III. די רעליגיעזע פרייהייט פון בירגער (בכלל) נעמט אַריין:

„א) דאָס רעכט פון די בירגער צו האַלטן דעם שטאַט גופא פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר מאָראַלישן געזעץ און פאַר גאָט, און דאָס רעכט צו אַרבעטן לטובת דעם דאָזיקן ציל דורך פּאַסיקע אורטיילן און רעפּרעזענטאַציעס, ווי אויך דורך קאָנסטרוקטיווער באַטייליקונג אין עפנטלעכע אַקטיוויטעטן;

„ב) דאָס רעכט פון בירגער ניט צו אָנערקענען, אין נאָמען פון רעלי־גיעזן גלויבן (שכל און געוויסן), אַ האַנדלונג אָדער אַ פאָדערונג פונם שטאַט, און אויסצודריקן די ניט אָנערקענונג דורך וואָרט, ווי אויך דורך מעשים אָדער דורך אָפּזאָגן זיך פון געוויסע מעשים. דאָס איז דאָס רעכט פונם אַזויגערופענעם געוויסנס־פּראָטעסט („קאָנשיענשאַס אָבדזשעקשאָן"). דער שטאַט, פון דער אַנדערער זייט, האָט דאָס רעכט צו פאָדערן אַ שטראָף פאַר אַזאַ ניט־אָנער־קענונג, אָבער ביים באַשטראָפן פאַר אַזאַ אויפפירונג, וואָס איז דיקטירט פון געוויסנס־מאָטיוון, דאַרפן די דאָזיקע מאָטיוון גענומען ווערן אין אַכט".

מען מוז ניט מסכים זיין מיט יעדן פרט פון דעם דאָזיקן פּראָיעקט פאַר אַ „טשאַרטער פון רעליגיעזער פרייהייט", און מ'קאָן אים אפשר בעסער פאָרמולירן ווי זיינע מחברים האָבן עס געטאָן. דער דאָזיקער דאָקומענט, ווייזט מיר אויס, צו האָבן אין זיך יורידישע סתירות (מ'קאָן מסתמא נישט זאָגן, אַז אַ בירגער, זאָל פון איין זייט, האָבן אַ „רעכט אויף געוויסע האַנדלונגען און ניט־האַנדלונגען, און פון דער אַנדערער זייט, זאָל דער שטאַט האָבן אַ „רעכט" פאַר דעם אים צו באַשטראָפן). דאָס זיינען אָבער אַלץ קלייניקייטן, וואָס פאַרמינערן ניט דעם אַלגעמיינעם ווערט פון אַזאַ פּראָיעקט, וואָס איז כולל אין זיך אַ צאָל פּרינציפּן, וואָס דאַרפן אוניווערסאַל רעקאָמענדירט ווערן — פאַר יעדן ציוויליזירטן שטאַט.

צי קאָן אַזאַ אָדער אַן ענלעכער טשאַרטער אָנגעווענדט ווערן אין דער היינטיקער רוסלאַנד ווי אַ „הלכה למעשה"?

אונטער דער איצטיקער קאָנסטיטוציע און אין די איצטיקע באַדינגונגען פון אַדמיניסטראַטיווער און געריכטלעכער פּראַקטיק קאָן דאָרט רעליגיע אַזאַ פולע מאָס פון פרייהייט זיכער ניט געניסן. רעליגיעזע בירגער און זייערע אַסאָציאַציעס וואָלטן דערמיט געשטעלט געוואָרן אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע

— זיי וואָלטן געהאַט דאָס רעכט צו טאָן זאַכן, וואָס קיין שום אַנדערע גרופּע בירגער איז ניט באַרעכטיקט צו טאָן. פֿאַר אַזאַ היקף פֿון געוויסנס־פֿרייהייט פֿאָדערט זיך ציווילע פֿרייהייט בכלל, אַ דעמאָקראַטישער רעזשים און אַ ברייטע מאָס גאַראַנטיעס פֿאַר דער „אויטאָנאָמיע” פֿונם אינדיווידועלן בירגער.

די אויסברייטערונג פֿון דער באַזע פֿאַר פֿולערער רעליגיעזער פֿרייהייט אין רוסלאַנד הענגט, בכן, אָפּ פֿון דער ריכטונג, אין וועלכער דאָס לאַנד וועט זיך נאָך דער מלחמה אַנטוויקלען. ספּעקולאַציעס וועגן כאַראַקטער פֿון דער ווייטערדיקער פּאָליטישער עוואָלוציע פֿון סאָוועט־רוסלאַנד, זענען נאַטירלעך, ניט קיין טייל פֿון מיין איצטיקער אויפֿגאַבע.

1944

# זיבן טעזיסן וועגן שטאַט און רעליגיע

**א** דער יחיד איז ניט אַ טייל פון אַ מאַשין, אויך ניט (בלויז) אַ צעל אין דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם. אין זיינע אייגענע דימענסיעס איז דער יחיד אַ גאַנצקייט, אַ וועזן פאַר זיך גופא, אָדער, ווי אונזערע קדמונים האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַן אוניווערסום פאַר זיך אַליין — אַן „עולם קטן". דעם יחיד׳ס שייכות׳ן צו באַשטימטע גרופן־אָרגאַניזמען אָדער קערפּערשאַפטן, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין זייער צאָל און ווי טיף זיי זאָלן ניט זיין אין אים פאַרוואָרצלט, שעפּן ניט אויס זיין וועזן, אויך ניט זיין גייסטיק און עמאָציאָנעל לעבן. דער יחיד קען פאַרלאָזן זיין געמיינדע אָדער רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע; ער קען זיך אָפּזאָגן פון בירגערשאַפט אין זיין שטאַט און פון ווילנסמעסיקער צוגעהעריקייט צו זיין פאָלק; ער קען זיך „נאַטוראַליזירן" אין אַ ניי לאַנד און אין אַ פרעמדן שטאַט; ער קען אַפילו פאַרלאָזן זיין שבט, מיט וועלכן ער האָט אַ סך אַ טיפערע אָרגאַנישע פאַרבינדונג ווי מיט אַנדערע סאָציאַלע פאָרמאַציעס, אויב אַן אַנדער שבט זאָל מסכים זיין אים צו אַדאָפּטירן — און טראָצדעם בלייבן אַ יחיד, אַ „בעסערער" אָדער אַן „ערגערער", אַ נאָרמאַלער אָדער אַ ווייניקער נאָרמאַלער, אַן אויסגעלייזטער אָדער, פאַרקערט, אַ צעדרייטער און פאַר־קריפּלטער, אָבער דאָך מיטן פולן באַוואוסטזיין פון זיין יחיד׳ישקייט אָדער איכ׳קייט. זיין אויסוואָרצלונג פון אַן אָרגאַניזאַציע, זיין אַרויסגעריסן ווערן פון אַ קאָלעקטיוון אָרגאַניזם מוז ניט פירן צו זיין טויט אָדער צו פולשטענדיקער „דעפּערסאָנאַליזאַציע". אַזעלכע ראַדיקאַלע ענדערונגען אין זיינע שייכות׳ן קענען אים מאַכן פרייער אָדער געבונדענער; זיי מאַכן אים אָבער ניט אויס „עולם קטן". זיי נעמען ביי אים צו ניט זיין זיכרון פון דער פאַרגאַנגענהייט, ניט זיינע געשפּאַנטקייטן אויף דער צוקונפט, ניט דעם פאַטאַל־אומקלאָרן און דאָך זייער רעאַלן באַוואוסטזיין פון זיינעם אַן אייגענעם און איינציקאַרטיקן שיקזאַל.

דער אינדיווידואום (ווי עס ווערט שוין באַצייכנט דורך דער עטימאָלאָגיע פונעם דאָזיקן וואָרט) קאָן נישט צעטיילט ווערן, בשעת די געזעלשאַפט איז — אין פּרינציפּ און אויך ניט ווייניק אין דער היסטאָרישערווירקלעכקייט — יאָ מעג־לעך צו צעטיילן; אַ פאָלק, אַ שטאַם, אַ רעליגיעזער פאַרבאַנד, אפילו אַ שבט, קאָן, אונטער געוויסע באַדינגונגען, צעשפּאָלטן ווערן אויף גרעסערע אָדער קלענערע חלקים, צעפּיצלט ווערן, אַפילו פאַרשווינדן ווי אַן איינהייט מיט אַ באַשטימטן פּרצוף און ווילנס־ריכטונג. ביאָגראַפיע איז, פון שטאַנדפּונקט, רעאַ־לער פון היסטאָריע, און דער יחיד טראָגט אין זיך מער וועזנס־ווירקלעכקייט,

מער סובסטאַנץ, ווי דער כלל, און נאַטירלעך אויך ווי דעם כלל׳ס יורידיש־אַד־מיניסטראַטיווע פֿאַרקערפּערונג. דער שטאַט, דער גרעסטער און דער שטאַרקסטער קאָלעקטיווער אָרגאַניזם איז ניט אימשטאַנד צו „פּראָדוצירן" קיין איין און־איינציקן יחיד, קיין נייעם לעבעדיקן נפש (פּריה־ורביה איז די עקסקלוסיווע באַגאַבונג פֿון יחידים), בשעת יעדע עטלעכע יחידים קענען — און אין גע־וויסע אומשטענדן מוזן זיי — „פּראָדוצירן" אַ געזעלשאַפֿט.

דאָס וועזן פֿונם שטאַט איז פֿון אַ צייטלעכן און סעקולערן כאַראַקטער, אַפֿילו ווען ער פּוצט זיך אויס, צוליב באַשטימטע צוועקן (אַמאָל ביודעים און אַמאָל אויך בלא־יודעים) אין רעליגיעזע אָדער מעטאַפֿיזישע בגדים; דאָס וועזן פֿונם יחיד, פֿון דער אַנדערער זייט, איז פֿון אַ איבערצייטלעכן און טראַנס־צענדענטאַלן כאַראַקטער. דאָס באַוואוסטזיין פֿון אייביקייט (אָדער ווער עס וויל, מעג זאָגן „די אילוזיע פֿון אייביקייט"), דער באַגער נאָך אומשטערב־לעכקייט און די אמונה אין אויסער־קערפּערלעכע עקזיסטענץ — אַלץ איינס, אין וואָס פֿאַראַ מאָס זי דריקט אויס אַן אמת אָדער פֿיקציע — שעפּט איר יניקה דער עיקר, אויב נישט אויסשליסלעך, פֿון יחיד׳ישע מקורות. דער גלויביקער איז דערפֿאַר געניגט אָנצונעמען, אַז אויף יענער וועלט (אין דער אומענדלעכקייט פֿון עולם הבא) זיינען פֿאַראַן בלויז פּערזאָנען, און ניט קיין קאָלעקטיוון, אָדער, רעדנדיק אין לשון פֿונם נייעם טעסטאַמענט — זיינען דאָרט פֿאַראַן בלויז אינדיווידיאומס, וואָס זיינען „ניט קיין גריכן און ניט קיין אידן".

ב. פֿון דעם קומען מיר צום צווייטן טעזיס — אַז דער שטאַט, אַלץ איינס ווי „פּערפֿעקט" אָדער „האַרמאָניש" ער זאָל ניט זיין אויפֿגעבויט — קאָן ניט, לויט זיין עצם נאַטור, האָבן אין זיך דעם סכום וועזנס און עקזיסטענצן פֿון די יחידים, פֿון וועלכע ער איז צונויפֿגעשטעלט. דער שטאַט איז אַ סומע ניט פֿון יחידים גופא, נאָר בלויז פֿון געוויסע אַספּעקטן פֿון זייערע לעבנס, אינטערעסן, באַציאונגען און ווילנס־ריכטונגען. די טיפֿערע און טונקע־לערע שיכטן פֿון אינדיווידועלן לעבן, די וויניקער ראַציאָנאַלע, ווערן ניט קיין טיילן פֿונם שטאַטס קאָלעקטיווער „נשמה". אין פּאָטענץ בלייבן יענע שיכטן פֿריי אָדער זעלבסטשטענדיק, אַפֿילו ווען דעם שטאַט געלינגט זיי צייטווייליק, אויף אַן אויבנאויפֿיקן אופֿן, צו באַהערשן אָדער צו רעגימענטירן. פֿון דעם שטאַנדפּונקט מעג דער אַנאַרכיזם — אין גרונט אַן אוטאָפּישע אויס־ברייטערונג פֿונם ליבעראַליזם — באַטראַכט ווערן ווי די מעטאַפֿיזישסטע אָדער רעליגיעזסטע פֿון אַלע סאָציאַלע שיטות. איינצלנע (אָדער אַפֿילו די מייג־סטע אַנאַרכיסטן מעגן זאָגן אויף זיך אַז זיי זיינען אַטעאיסטן אָדער פֿילאָ־סאָפֿישע מאַטעריאַליסטן; דער אַנאַרכיזם ווי אַן אידייע, דורכגעטראַכט ביז צו זיין מקור און אויסגאַנגס־פּונקט, און אין זיין מהות אַן אידעאַליסטישע, מ׳מעג

אַפּילו זאָגן, אַ רעליגיעזע לערע. עס איז ניט שווער צו באַווייזן, אַז עכטער אַנאַרכיזם איז אַ לאָגישע אַבסטראַקציע, וואָס קאָן אפשר קיינמאָל ניט געפינען קיין אמת׳ע פאַרקערפּערונג אין דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט. אָבער דער פּאָזיטיווער עלעמענט פון אַנאַרכיזם איז זיין אַקצענטירונג פונם יחיד׳ס אומ־פאַרגלייכלעכן באַדייט אַן און פאַר זיך, פון זיין קאָסמישער רעאַליטעט און אויך פונם רעלאַטיוון ווערט פון אַלע מעגלעכע פאָרמען פון שטאַטלעכער אָדער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע.

ג. די אויטאָריטעט אָדער די מאַכט פונם שטאַט — און דאָס זאָל זיין דער דריטער טעזיס — איז אין אַ זייער גרויסער מאָס אַ דעלעגירטע. דירעקט צי אומדירעקט, קריגט דער שטאַט זיין מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן די יחידים פון וועלכע ער איז צונויפגעשטעלט, אַרויפצוצווינגען אויף זיי באַשטימטע האַנדלונגען, צו בויגן אָדער אפילו ברעכן זייערע ווילנס, צונויפצושמידן זייערע ווילנס צו קאָלעקטיווע אַנטשיידונגען, צו דערלויבן און צו פאַרבאָטן, צו דיסציפּלינירן די לויזע און די ניט־געהאָרכזאַמע, צו באַשטראָפן און צו באַ־לוינען — טאַקע די אינדיווידועלע בירגער גופא. אין פּרינציפּ אָדער אין זיין אורוועזן איז דער שטאַט אַ פּועל־יוצא פון אַ „סאָציאַלן קאָנטראַקט״, אָדער פון אַ „מאַנדאַט״, וואָס ער קריגט פון זיינע איינצלנע בירגער. די יניקה פאַר זיין כוח און צו עקזיסטענץ־מעגלעכקייט באַקומט דער שטאַט פון די קלאָר אָדער אומקלאָר פאָרמולירטע, אויך פון די גאָר „שטומע״ שטעלונגען, וואָס עס נעמען אַן אָדער ווייזן אַרויס די איינצלנע יחידים (און די גרופּן וואָס באַשטייען פון זיי) אין אַ געגעבענעם היסטאָרישן פּעריאָד. די באַזע, אויף וועלכער דער שטאַט שטיצט זיך, איז דער ווילן פון זיינע בירגער אָדער „אונטערטאַנען״. ביי אַ טייל איז דאָס אַ באַוואוסטזיניקער ווילן, אָדער אַן ענטוזיאַסטישע איבער־געגעבנקייט צו דער אידייע אָדער געשטאַלט פונם באַטרעפנדן שטאַט, ביי אַנדערע — אַ הסכמה מיט אַ האַלבן מויל און מיט אַ האַלב האַרץ, אַ מין באין־ברירה׳דיק יאָ זאָגן (וואָס איז אויך, כאָטש אין אַ שוואַכער מאָס, אַ הסכמה), אַן אָפענע אָדער אַ פאַרמאַסקירטע קאַפּיטולאַציע; גאָר ביי אַנדערע איז דאָס אַ הסכמה וואָס נעמט זיך גאָר פון אַפּאַטיע, וואָס איז אויך, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען, אַן אַספּעקט פון (אפשר נעגאַטיוון) ווילן און פון טיילווייזער הסכמה.

ד. אויפן יסוד פון די אויבן געבראַכטע דריי טעזיסן לאָזט זיך בקיצור פאָרמולירן אַ פערטער טעזיס. אין דער היעראַרכיע פון ווערטן מוז — פאַרן גלויביקן מענטשן — רעליגיע פאַרנעמען אַ סך אַ העכער פּלאַץ, ווי דער שטאַט: רעליגיע עקזיסטירט און אַנטפּלעקט זיך אין דער ספערע פונם אַבסאָלוטן; דער שטאַט אַנטשטייט, געדייעט און גייט אונטער אין דער ספערע פונם רעלאַטיוון.

ה. — אַ דירעקטער לאָגישער פועל־יוצא פונם פריערדיקן (פערטן) טעזיס איז — דער פינפטער: ווען געזעצן אָדער פאַראָרדענונגען פונם שטאַט זיינען אין סתירה צו פונדאַמענטאַלע פרינציפּן אָדער מצוות פון רעליגיע, מוז דער גלויביקער בירגער נאַטירלעך זיין לאָיאַל צו דער פאָדערונג פון אמונה (צום אַבסאָלוטן אָבער טראַנסצענדענטאַלן) און אומגעהאָרכזאַם צום שטאַט. באַשליסט זיך דער בירגער צו זיין לאָיאַל צום שטאַט און אומגעהאָרכזאַם צו זיין אמונה, שטעלט ער דערמיט אַוועק רעליגיע אין דער קאַטעגאָריע פון רעלאַטיווע ווערטן (און פאַרפעלשט דערמיט איר עצם כאַראַקטער), און אין דערזעלביקער צייט שרייבט ער צו דעם שטאַט אַן אַבסאָלוטן ווערט, מאַכט פון אים אַ פעטיש — אַן אָביעקט פון עבודה־זרה. די שייכות צווישן „גאָט און קיסר" קאָן ניט שטענדיק פאַרענטפערט ווערן אויף יענעם לייכטן און כמעט אידילישן אופן, אויף וועלכן ישו הנוצרי זאָל זי האָבן פאַרענטפערט, לויט דעם ווי עס ווערט דערציילט אין עוואַנגעליום („גיב דעם קיסר וואָס ס'קומט דעם קיסר און גאָט וואָס ס'קומט גאָט"). אַזעלכע לייזונגען וואָלטן געווען מעגלעך ווען „גאָט" און „קיסר" וואָלטן אויף אַ פריינטלעכן אופן פונאַנדערגעטיילט צווישן זיך די ממשלה איבערן מענטשן — „גאָט" ווי דער מושל איבער איין, שטרענג אָפּגעגרענעצטן, טייל פון מענטשלעך לעבן, און „קיסר" איבער אַן אַנדערן, אויך שטרענג אָפּגעגרענעצטן טייל. דער „קיסר" מאָנט אָבער ניט זעלטן פאַר זיך דאָס, וואָס געהערט גאָר, לויט זיין עצם וועזן, צו גאָט. דער קאָנפליקט צווישן רעליגיע און שטאַט איז דערפאַר אַ סך בולט'ער און אמת'ער אַרויסגעבראַכט אין דער גריכישער דראַמע ווי אין עוואַנגעליום. סאָפאָקלעס' אַנטיגאָנע ווייסט, אַז דערמיט וואָס זי האָט מקבר געווען לויטן אָנגענומענעם ריטואַל איר ברודער, וואָס איז באַגאַנגען שטאַטס־פאַרראַט (קעגן דער גזירה פונם קיסר, אַז דער טויטער קערפער פונם פאַררעטער זאָל בלייבן ליגן אין פעלד הפקר), איז זי באַגאַנגען אַ הייליק פאַרברעכן. „אַ הייליק פאַרברעכן" איז אָבער ניט קיין פאַרברעכן. מיט איר פּאַראַדאָקסאַלן אויסדרוק שטרייכט אונטער סאָפאָקלעס' העלדין, אַז אַ פאַרברעכן איז דאָס נאָר פונם (זייער באַגרענעצטן און אין גרונט פאַלשן) שטאַנדפּונקט פונם „קיסר", פונם שטאַט, אָבער דיזעלביקע טאַט פאַר וועלכער זי קלייבט זיך צו באַצאָלן מיטן לעבן איז פאַררעכנט אין די אויגן פון גאָט ווי די דערפילונג פון זיין הייליקן ווילן. גאָט וויל, אַז אפילו דער זינדיקסטער צווישן די זינדיקע זאָל געבראַכט ווערן צו קבורה מיט דער נויטיקער ווערדע און ריטואַל. „דינא דמלכותא דינא" איז דערפאַר אַ פרינציפּ, וואָס איז חל בלויז אויף אַ באַשטימטן שטח פון פליכטן; די אָנווענדונג פונם דאָזיקן פרינציפּ מוז האָבן אירע שטרענג באַשטימטע גרענעצן. ריין סעמאַנטיש איז, אגב, ניט קיין צופאַל וואָס אויף העברעאיש ווערט גאָט אַזוי אָפט באַצייכנט ווי דער

„מלך מלכי המלכים״ (דער קיניג איבער די וואָס קיניגן איבער די קיניגן). דערמיט ווערט געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ קיניגלעכע אינסטאַנץ אָדער אויטאָריטעט, וואָס מעג אָדער קאָן זיך פאַרמעסטן מיט דער אויטאָריטעט פון גאָט (רעדנדיק אויף דזשאָן מיטלטאָנ׳ס שפּראַך: ווען איך שטיי פאַר אַ קאָנפליקט צווישן די פאָדערונגען פון דער קיניגין אמת און די פאָדערונגען פונם קיניג טשאַרלס, דאַרף איך פאָלגן די קיניגין אמת).

ו. דער שטאַט האָט דערפאַר ניט קיין רעכט אַרויפצוצווינגען אויף זיינע בירגער וועלכע ניט איז געזעצן אָדער פאַראָרדענונגען, וואָס געפינען זיך אין סתירה צו זייער רעליגיעזן געוויסן. אמת, איינע פון די צומיינסט כאַראַקטעריסטישע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע אייגנשאַפטן פונם שטאַט איז גראָד זיין כוח און זיין רעכט צו צווינגען. אָן צוואַנג, אָן דעם רעכט אויסצואיבן צוואַנג איז אוממעגלעך אפילו זיך פאָרצושטעלן די עקזיסטענץ פון אַ שטאַט. אויב אָבער, ווי עס איז אַנגעמערקט געוואָרן אין די פריערדיקע טעזיסן, דעם שטאַט׳ס וועזן און ווערט איז אַ רעלאַטיווער און די ספערע, אין וועלכער ער פונקציאָנירט, איז אַ סעקולער־עמפּירישע, דאַרף אויך זיין אויטאָריטעט אויסצואיבן צוואַנג זיין באַגרענעצט אויף יענע שטחים פון לעבן, אויף וועלכע עס ווערן ניט געשאַפן קיין קאָנפליקטן מיטן רעליגיעזן באַוואוסטזיין אָדער געוויסן (אין אַלגעמיינע שטריכן קאָנען יענע שטחים כאַראַקטעריזירט ווערן ווי פּאָליציי־שוץ, די אויסטיילונג פון גערעכטיקייט אין ציווילע און קרימינעלע פּראָצעסן, עפנטלעכע סאַניטאַציע און היגיענע, סאָציאַלע זיכערקייט, בילדונג און דערציאונג, אויף וויפיל זיי זיינען ניט פאַרבונדן מיט אַרויפצווינגען באַשטימטע רעליגיעזע אָדער אַנטי־רעליגיעזע שטעלונגען, צוגרייטונג פון דער יוגנט צו פּראָדוקטיווער באַטייליקונג אין עקאָנאָמישן לעבן אאַז״וו).

דער מאָדערנער דעמאָקראַטישער שטאַט ווייזט אַרויס אַ טענדענץ אויסצומיידן אין אַ געוויסער מאָס האַנדלונגען, וואָס זיינען עלול ערנסט צו פאַרלעצן דאָס רעליגיעזע געוויסן פון באַשטימטע בירגער־גרופּן. קוועיקערס, למשל, אין ענגלאַנד און אין די פאַראייניקטע שטאַטן, זיינען בדרך כלל באַפרייט פון מיליטער־דינסט, ווייל דאָס באַנוצן זיך מיט געווער איז קעגן זייער רעליגיעזער אמונה. נאַטירלעך נעמט זיך דער שטאַט דאָס רעכט אויך קוועיקערס צו מאָבילי‌זירן פאַר דער דורכפירונג פון געוויסע אַרבעטן. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו רעגיסטרירן, אַז מ׳היט זיך אַלץ מער און מער (יעדנפאַלס אין דער אַנגלאָ־סאַקסישער וועלט) צו מאָביליזירן געוויסנס־קעגנער פון מלחמה פאַר אַרבעטן אין דער וואָפן־אינדוסטריע. די טענדענץ איז זיי אַוועקצושיקן אויף אַזעלכע אַרבעטן, וואָס וואָלטן געווען נויטיק און וויכטיק אויך אין אַ וועלט אָן מלחמות: אַגריקולטור, סאַניטאַרע און מעדיצינישע טעטיקייטן,

אַנשטאַלטן פאַר סאָציאַלן וואוילזיין אא״וו. אויף אַזאַ אופן ווערט אויסגעמיטן אַ קאָנפליקט מיט זייער רעליגיעזן געוויסן.

ז. רעליגיע (אין דעם פאַל — אָרגאַניזירטע רעליגיע), פון דער אַנדער־ער זייט — און דאָ קומען מיר צום זיבעטן און לעצטן טעזיס — אויב זי וויל בלייבן געטריי צו איר אור־וועזן און צו איר ספּעציפישער אויפגאַבע, טאָר ניט נוצן אָדער זוכן צו נוצן דעם שטאַט און זיינע אינסטרומענטן פאַר אירע צוועקן. פונקט ווי דער סימן בולט פונם שטאַט איז מאַכט און די מעגלעכקייט אויסצואיבן די מאַכט אַלס צוואַנג, אַזוי איז די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון רעליגיע איר אָריענטאַציע אויף פרייהייט פונם יחיד. מ׳קאָן ניט פאָדערן פון וועמען עס זאָל ניט זיין אַ באַשטימטע איבערצייגונג, אויב יענעמס שכל (זאָל דאָס זיין זיין שכל הישר אָדער זיין פאַרקרומטער שכל) רעוואָלטירט קעגן אַזאַ איבערצייגונג; מ׳קאָן פון קיינעם ניט פאָדערן קיין באַשטימטן גלויבן, אויב אין דער טאָטאַליטעט פון זיין פערזענלעכקייט „גלויבט זיך עס אים ניט״, און די געצוואונגענע דורכפירונג פון אַ רעליגיעזער צערעמאָניע, אָן כוונה און אָן דער איבערלעבעניש פון דער סימבאָליק וואָס דריקט זיך אויס אין דער צערעמאָניע, האָט ניט קיין רעליגיעזן ווערט — איז אין גרונט אַנטי־רעליגיעז. דאָס וואָס עס ווערט אין אונזער פּאָליטישן זשאַרגאָן באַצייכנט ווי דער טעאָקראַטישער שטאַט איז, אין אַ טיפערן חשבון, אַן אַנטי־רעליגיעזער, גאָטלאָזער שטאַט. אַרמיי און פּאָליצײַ ווי די אַרויסהעלפערס פאַרשמעלערן גאָט׳ס ממשלה, ניט זיי פאַרברייטערן זי. אין גרונט איז זייער „הילף״ אַ באַליידיקונג פאַרן עצם באַגריף פון געטלעכער הערשאַפט איבערן שיקזאַל פון וועלט און מענטש. יענע מאַכט, וואָס אויף איר פרעטענדירט די רעליגיע, גייט האַנט־אין־האַנט מיט פּאָליטישער מאַכטלאָזיקייט. די אָפּטיילונג פון קירך, פון יעדער אָרגאַניזירטער רעליגיע, פונם שטאַט, איז דערפאַר אין גרונט אַ רעליגיעזע אידייע.

1952